# ספר יזכור גוניונדז

*

# יזכור בוך גאניאנדז



הוצא על־ידי ועדי יוצאי גוניונדז בארצות־הברית ובישראל
ארויסגעגעבן דורך די קאמיטעטן פון גאניאנדזער לאנדסלייט אין אמעריקע און אין ישראל

תל־אביב • טבת תש״ך • יאנואר 1960

די רעדאקציע אין אמעריקע:

מ. ש. (אידל) בן־מאיר ז״ל – רעדאקטאר

רעדאקציע־קאמיטעט

משה באכראך

קלמן באכראך

משה מאלאזאווסקי

מיירים רובין

המערכת בישראל:

א. ל. פאיאנס – העורך

ועד־המערכת

דוד בכרך

שרה ברקאית

משה גואלמן

פישל יצחקי

משה לוין

יחזקאל פרץ צ׳רניאק

מפת גוניונדז והסביבה




באברע
מתים געסל
1 די שול
2 דער בית המדרש
3 די נייע העברייאישע שולע
4 די אלטע "
5 די אלטע פוילישע שולע
6 דער „החלוץ"
7 די קאפליצקע
8 דער טארטאק
9 דער וואסער מיל פון ראורע
10 " " " דאלקא
11 " " " גוזי
12 די נייע פוילישע שולע
13 די טיפלע און דעם גלח'ס הויף




בעארבעט און צוזאמענגעשטעלט דורך טוביה עברי (יעוורייסקי), לויטן זכרון

# פאָרוואָרט

הלוואי ווערן נאָר אויפגעשריבן מיינע ווערטער,
הלוואי ווערן זיי אין אַ בוך פאַרצייכנט!
(איוב יט, כג)

**דער מורא'דיקער יידישער חורבן** אין אייראָפּע בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה — אַ חורבן וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער געשיכטע, סיי לויט זיין פאַרנעם און סיי לויט זיין אכזריות — האָט געבראַכט צו דער אַנטשטייאונג פון אַ גרויסער חורבן-ליטעראַטור. עס זיינען דערשינען און עס האַלטן נאָך אין דערשיינען, דורך ספּעציעלע פאַרלאַגן (ווי „ערים ואמהות בישראל", „אנציקלופדיה של גלויות" א. אַנ.) און דער עיקר דורך לאַנדסמאַנשאַפטן, פיל מאָנאָגראַפיעס און יזכור-ביכער וועגן די חרוב-געוואָרענע גרויסע און קלענערע יידישע קהילות אין אייראָפּע.

אונדזער חורבן-ליטעראַטור שטעלט מיט זיך פאָר דאָס גרוילעך-טרויעריקע בילד פון אַ ריזן בית-עולם אָנגעפילט מיט גרויסע און קליינע מצבות, יעדע מצבה מיט איר באַזונדער יחוסדיקן נאָמען און כאַראַקטער און מיט דער אייגנאַרטיקער באַשרייבונג פון אַ רייך יידיש לעבן און זיין שווידערלעך-טראַגישן אומקום.

אַ שטיינערנע מצבה ווערט אָפּגעמעקט און צעשטערט אין שטראָם פון דער צייט, — אָבער אַ גייסטיקער דענקמאָל אין דער פאָרם פון אַ ספר פאַרבלייבט לדורות.

מיט אונדזער יזכור-בוך ווילן מיר פאַראייביקן אונדזער ליב און טייער שטעטל גאָניאָנדז, — ביישטייערן אַ קאַפּיטל צו דער גרויסער בלוטיקער געשיכטע פון לעצטן יידישן חורבן.

די פיר אָפּטיילונגען פון יזכור-בוך שפּיגלען אָפּ דאָס געזעלשאַפטלעכע און גייסטיקע לעבן פון אונדזער היימשטאָט אין די לעצטע דורות בלויז אין אַ באַשיידענער מאָס, ווייל עס פעלן אונדז, צום באַדויערן, מאַטעריאַלן, דאָקומענטן און באַלייכטונגען פון פיל איטערעסאַנטע געביטן פון אַלט-גאָניאָנדזער לעבן.

ווי אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך האָט גאָניאָנדז געהאַט אירע עליות און ירידות, אויפבוי און שרפות, גוטע און שיינע דערגרייכונגען פון אייניקייט און ברידערלעכקייט און אויך מחלוקת און קריגערייען.

גאָניאָנדז האָט אַרויסגעגעבן פאַרדינסטפולע פערזענלעכקייטן אויף פאַרשיידענע געביטן מיט אַ בכבודיקן נאָמען אין דער יידישער וועלט, — האָט אויך פאַרמאָגט אינטערעסאַנטע פאָלקס-טיפּן. ס'איז געווען אַ לעבעדיק שטעטל מיט מעלות און חסרונות, גרויסקייט און קליינקייט, שטורמישקייט און שטילקייט, ליכט און שאָטן, ווי דאָס לעבן אַליין.

פון חושכ'דיקן תהום פון אומקום שטראַלן אָבער אַרויס, געלייטערט און געהייליקט, די שיינע, גוטע, ערלעכע און ליכטיקע זייטן.

מיט געבויגענע קעפּ און טיפן טרויער שטעלן מיר מיט אונדזער יזכור-בוך אַ גייסטיקן דענקמאָל פאַר אונדזער אומפאַרגעסלעכער חרובער היימשטאָט.

**מ. ש. בן-מאיר (ז"ל)**

# הקדמה

מִי־יִתֵּן אֵפוֹ וְיִכָּתְבוּן מִלָּי,
מִי־יִתֵּן בַּסֵּפֶר וְיֻחָקוּ!
(איוב יט, כג)

**החורבן היהודי האיום** באירופה בשנות מלחמת-העולם השניה — חורבן שאין דומה לו בהיסטוריה, בין בהיקפו בין באכזריותו — גרם לצמיחתה של ספרות-חורבן גדולה. הופיעו ועדיין מופיעים והולכים, ע"י הוצאות ספרים מיוחדות (כגון „ערים ואמהות בישראל", „אנציקלופדיה של גלויות" ואחרות), ובעיקר ע"י ארגונים של בני-עיר, מונוגרפיות וספרי-יזכור רבים על קהילות יהודיות גדולות וקטנות שנחרבו באירופה.

ספרות-החורבן שלנו מהווה תמונה איומה-עגומה של בית-קברות ענקי ממולא מצבות גדולות וקטנות, מצבה מצבה ושמה המיוחס ואופיה העצמי, עם תיאור מיוחד של חיים יהודיים עשירים ואָבדנם הנורא-הטראגי.

מצבת-אבן נמחית ונהרסת בזרם הזמן, — אולם גַּלְעֵד בצורת ספר יישאר לדורות.

בספר-יזכור שלנו רוצים אנו להנציח את עיירתנו האהובה והיקרה גוניונדז, להוסיף פרק לפרשת-הדמים הגדולה של החורבן היהודי האחרון.

ארבעת המדורים של ספר-יזכור משקפים את החיים החברתיים והרוחניים של עיירתנו בדורות האחרונים רק במידה מצומצמת, הואיל וחסרים לנו, לדאבוננו, חומר, תעודות והארות משטחים מעניינים רבים של חיי גוניונדז הישנים.

ככל הערים והעיירות היהודיות היו לה לגוניונדז עליות וירידות, בנין ושריפות, הישגים טובים ונאים של אַחדות ואחווה וגם מחלוקות ומריבות.

גוֹניוֹנדז העמידה אישים רבי-זכויות בתחומים שונים, בעלי שם מכובד בעולם היהודי, ואף היו בה טיפוסים עממיים מעניינים. זו היתה עיירה חיה, בעלת מעלות וחסרונות, גדלות וקטנות, סער ודממה, אור וצל, כמו החיים עצמם.

אולם מתוך התהום האפלה של האבדון קוֹרנים, מזוקקים ומקודשים, הצדדים היפים, הטובים, המאירים והמזהירים.

בראשים מורכנים וביגון עמוק אנו מציבים בספר-יזכור שלנו עמוד-זיכרון רוחני לעיירתנו הבלתי-נשכחת שנחרבה.

**מ. ש. בן־מאיר (ז"ל)**

עברית: אל"ף




תצלומים מגוניונדז — גאָניאָנדזער בילדער

משה באַכראַך, לאָס אַנדזשעלעס (קאַליפאָרניע)

## גאָניאָנדז



איך בין זיך משער, אַז יעדער אמת׳ער גאָניאָנדזער פילט אַזוי ווי איך און אַז אים (אָדער איר) איז „שווער" צו שרייבן וועגן גאָניאָנדז, אָבער אַ יזכור־בוך איז אַ דאָקומענט לדורות און אַ גייסטיקע מצבה נאָך אַן עדה — און די מי דאַרף אונדז זיין ליב, ווייל די אחריות איז גרויס.

---

אַ שטעטל, ווי אַ מענטש, האָט איר אייגענע פיזיאָנאָמיע, זי איז מיט עפּעס אַנדערש פון אירע שוועסטער שטעטלעך. איז מיט וואָס איז גאָניאָנדז אנדערש? מיט וואָס, אייגנטלעך, האָט אונדזער שטעטל זיך אונטערשיידט — און אויסגעצייכנט — פון די אַרומיקע שטעטלעך?

ביי די אומות העולם צייכנט זיך אויס אַ שטאָט געוויינטלעך מיט שיינע בנינים, פּאַרקן, גערטנער, מאָנומענטן און קונסטווערק, וואָס אַפּעלירן צו די עסטעטישע חושים. ביי אונדז יידן איז אָבער אַלץ, פון קדמונים אָן, צוגעשפּיצט צו גייסטיקייט און גוטע מידות, און אין דעם זין האָט, דוכט מיר, גאָניאָנדז זיך אויסגעצייכנט.

זיכער האָט גאָניאָנדז אין פרט פון „מאַניערן" געהאַט איר פּאָרציע קליינשטעטלדיקייט. געוויס האָט אונדזער שטעטל צו יעדער צייט געהאַט אירע אַזויגערופענע „דזשיקאַנעס". אָבער דאָס געהערט ניט צו די קערנער. און די גאָניאָנדז וואָס מיר, פון די לעצטע עטלעכע דורות, האָבן געקענט, האָט פאַרמאָגט אַ סך קערנדיקס.

צום שבח פון די טאַטעס און מאַמעס דאַרף צוגערעכנט ווערן, אַז זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע מאָס טאָלעראַנץ צו די זין און טעכטער דורך דערלויבן, און צומאָל דערמוטיקן, זאַכן און „פּאָראָנדקעס" וואָס אין אַנדערע שטעטלעך וואָלט מען עס געווען באַקעמפט.

אין אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו גאָט איז גאָניאָנדז געווען „מיט לייט צוגלייך", און דאָך האָבן יחידים, וואָס זיינען געווען פאַרוואָרצלט אין טראַדיציאָנעלער יידישקייט, און צו ווענען אַלע האָבן אַרויפגעקוקט מיט צוטרוי און דרך־ארץ, געהאָלפן אַרויפצופירן די שטעטל אויף די וועגן פון מאָדערנער העברעאישער דערציאונג, פון ציוניזם, פון בילדונג, פון טעאַטער־שפּיל און צולעצט — פון דער חלוצישער באַוועגונג, וואָס האָט מיטגעריסן אפילו די עלטערן און געגעבן דעם טאָן אין דעם לעבן פון דער שטעטל — און פון דער סביבה.

✶

עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז די גאָניאָנדזער העברעאישע שולע איז אָנערקענט געוואָרן אַלס די ערשטע „תרבות"־שולע פון

גאַנץ פוילן. און עס איז סימבאָליש, אַז פון דעם פרייסישן אָקופּאַציע־קאָמענדאַנט און דער דערבייאיקער צעשאָסענער רוסישער פעסטונג אָסאָוויעץ האָבן גאָניאָנדזער יידן אין די ערשטע טעג פון אָקופּאַציע און כאַאָס, אין הערבסט פון יאָר 1915, פאַרלאַנגט פאַר דער שטעטל בלויז די בענקלעך פון דער רוסישער „שקאָלע".

מיר שיינט אַז נאָר אין גאָניאָנדז האָט עס געקענט פּאַסירן, אַז אַ געוועזענעם נאָוואָראָדאָקער ישיבה־בחור, וואָס איז געשטאָרבן שוין ווי א מאָדערנער איד, און דערצו נאָך אלס בחור — יהושע ראָזענבלום (גאָלדע עליע אָשער'ס) — זאָל מען טראָגן צום „היי־ליקן אָרט" דורך אַרומקרייזן דעם בית־המדרש צוערשט... און עס גלויבט זיך קוים אַז אין וועלכער ס'איז פון די אַרומיקע שטעטלעך האָט עס געקענט צו יענער צייט פּאַסירן, אַז אויף דער תעודה (גראַדואירונגס־סערטיפיקאַט) פון דעם ערשטן מחזור (אַרויסלאָז) פון די תלמידים וואָס האָבן געענדיקט די מאָדערנע העברעאישע שולע, זאָל זיך אויך חתמ'ענען דער רב פון שטעטל, ווי ס'האָט געטאָן דער גאָניאָנדזער רב, הרב צבי הערש וואָלף ז"ל.

מיט זאַפטיק יידיש לעבן האָט עס גע־שפּרודלט אין אַלע יידישע שטעט און שטעט־לעך, אָבער אונדזער שטעטל האָט געהאַט דעם מזל דערמיט, וואָס דורות האָבן איינע די אַנדערע טאָלערירט און אין אַ סך פּרטים צווישן זיך קאָאָפּערירט.

זאָלן אַלע פון אונדז, וואָס האָבן אַ מאָל זיך באַטייליקט אין לעבן און שאַפן פון שטעטל, באַטראַכטען ווי אַ זכות וואָס זיי קענען איצט זיך באַטייליקן אין דעם יזכור־בוך און אין מעגלעך מאַכן זיין דערשיינונג.



**ראשי הקהילה**

ערשטע ריי, שטייענדיק (פון רעכטס): עליע־הערשל ניעוואָדאָווסקי, יהושע צוויקליץ, משה פורמאַן, זיידל סידראַנסקי, יחזקאל פרץ טשערניאַק, חנה (?).
צווייטע ריי, זיצנדיק: שמעון יעווריסקי, יאָסל אָלשאַניצקי, חיים טרעשטשאַנסקי, לייזער טראַכימאָווסקי, הענאָך געלבאָרד, יעקב טרעשטשאַנסקי, מישקאָווסקי (חיים קאָפּעלמאַנ'ס איידעם), לייבל מאַנקאָווסקי, ד"ר בלום, וואָלף פּיעקאַרסקי, זעליג ניעוואָדאָווסקי, סענדער מילטשאַן, חיים קאָפּעלמאַן, אפרים האַלפּערן, ביילאַך, יעקב רובין, לייזער טאָדאָראָוויטש, ראובן געלבאָרד, גדליה טרעשטשאַנסקי.

א. מילטשאַן, תל־אביב

# אונדזער היימשטאָט

## (היסטאָרישע נאָטיצן)

צום אייביקן זכרון פון מיינע ליבע אומפאַרגעסלעכע שוועסטער און שוואָגער פרידה בת ר׳ משה און צבי בר׳ מאיר ווילענסקי מיט זייערע קינדער: מלכה, יוסף און יולעק, ע״ה, וועלכע זיינען אומגעקומען אין טרעבלינקע, אין נאָוועמבער, 1942.

אונדזער היימשטאָט גאָניאָנדז האָט אַ רייכע היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט. לויט אַלטע דאָקומענטן זאָל גאָניאָנדז האָבן עקזיסטירט שוין אין 13־טן יאָרהונדערט. און אַ דאַנק איר געאָגראַפישער לאַגע ווי אַ פאַרבינדונגס־פונקט דורך לאַנד און וואַסער צווישן פוילן, ליטע און פרייסן זאָל אונדזער שטעטל האָבן געשפּילט אַן אָנגעזעענע סטראַטעגישע און עקאָנאָמישע ראָלע. דורות לאַנג איז גאָניאָנדז געווען אַ קאַמף־פלאַץ צווישן פרייסישע קרייץ־ריטער און ליטווישע און מאַזאָוויעצקער (פוילישע) פירשטן, — אַ פאַקט וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך צופעליקע אויסגראָבונגען פון מענטשלעכע ביינער און גאַנצע סקעלעטן, ווי אויך אַלטע מטבעות און וואָפן־טיילן, אין פאַרשיידענע פלעצער פון שטאָט. חדר־יינגלעך האָבן ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות און „סטאָריעס" וועגן פאַרזונקענע הייזער און קברים אין צענטער פון שטאָט. די קינדערשע מעשיות זיינען ניט געווען קיין אויסגעטראַכטע פאַנטאַזיעס, נאָר גלגולים פון היסטאָרישע פאַקטן.

אונטער דער פריציש־גלחישער הערשאַפט אין 14־טן יאָרהונדערט איז אויך גאָניאָנדז באַשאָנקען געוואָרן מיט דער אַזויגערופענער „פריווילעגיע": „נישט צו טאָלערירן קיין יידן". יידן פלעגן אָבער קומען אין שטאָט נישט אָפיציעל ביז די שטאָט איז אין 1425 אַריבער צו ליטע. אין 1547 האָט גאָניאָנדז באַקומען די מאַגדעבורגער רעכט, וואָס דערלויבט יידן זיך באַזעצן אין שטאָט און זיך באַשעפטיקן מיט האַנדל און מלאכה. די שטאָט אַנטוויקלט זיך, אָבער דער וווילשטאַנד דויערט ניט לאַנג. אָנהייב 17־טן יאָרהונדערט האָט קעניג קאַרל דער 12־טער פון שוועדן אונטערגענומען זיין מאַרש אויף רוסלאַנד און זיין וועג האָט געפירט פון פרייסן איבער גאָניאָנדז. עס זיינען פאַרבליבן רואינעס פון בריקן וואָס זיין אַרמיי האָט אויפגעשטעלט איבערן טייך באָבר ביים דאָרף שאָשניע. אויך האָבן די רוסן, פאַר אַן אָנדענק, אַ נאָמען געגעבן איינע פון די פאָרטיפיקאַציעס אין פעסטונג אָסאָוויעץ „שוועדסקי פאָרט". דער שוועדישער דורכמאַרש און שפּעטערדיקער צוריקגאַנג, נאָך זייער מפלה אין דער באַרימטער שלאַכט ביי פּאָלטאַוואַ, האָט געבראַכט אויף גאָניאָנדז הונגער און עפּידעמיעס, פון וועלכע אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג איז אומגעקומען.

אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט נאָכן אָנשלוס צו פרייסן, האָט גאָניאָנדז אויפגעלעבט אויף אַלע געביטן. אין צענטער פון גרויסן מאַרק איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גרויסער ראָטהויז און אַ צעכהויז דערביי — אויסצובילדן האַנטווערקער. אויפן „שולבארג" האָבן די פרייסן אויפגעבויט אַ שלאָס מיט קעניגלעכע עמבלעמען, ווי אויך מאַגאַזינען און הייזער פאַר דער דינערשאַפט. כדי צו פאַרקירצן דעם וואַסער־וועג קיין פרייסן איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ קאַנאַל פון דער רעכטער זייט פון טייך באָבר צו דער פרייסישער שטעטל ליק. די תבואות פון די גאָניאָנדזער שפייכלערס פלעגן אָפגעשיקט ווערן אויף ספּעציעלע שיפן („בערלינקעס") דירעקט קיין פרייסן. די רוסישע כראָניקער פון יענער צייט באַצייכענען גאָניאָנדז ווי אַ באַדייטנדן תבואה־פאָרט ביים טייך באָבר.

נאָך די מלחמות און דער צעטיילונג פון פוילן (1795) איז גאָניאָנדז אַריבער צו רוס־



**גאָניאָנדזער שטאָט־ראַט**

ערשטע ריי (פֿון רעכטס צו לינקס): הירש לוריע, אה. אל. לעווין, אפרים האַלפּערן, טוביה מאָטל כהן, בערל רודסקי, יעקב טיקאָצקי, משה לעווין.
צווייטע ריי: קלימאַשעווסקי, כאַצקל ביאַלאָסטאָצקי, קליצקי, דייטשער אַמט־פאָרשטייער, חיים קאָפּעלמאַן, יאַן פּאָטאָצקי.

לאַנד. דער ראָטהויז, און די סקלאַדן אויפֿן שולבארג, זיינען סוף 19־טן יאָרהונדערט צעשטערט געוואָרן דורך דער רוסישער מאַכט.

אונטער רוסישער הערשאַפט האָט די עקאָנאָמישע לאַגע פון גאָניאָנדז פון צייט צו צייט זיך געביטן. די שטאָט ווערט אויפגעלעבט מיטן בוי פון דער באַן־ליניע גראַיעווע—בריסק, וואָס פאַרבינדט איר מיט דער ברייטער וועלט — רוסלאַנד פון איין זייט און דייטשלאַנד פון דער צווייטער. נאָכדעם ווערט אויפגעבויט די פעסטונג אָסאָוויעץ, וואָס איז געוואָרן אַ שטענדיקער קוואַל פאַר פאַרשיידנאַרטיקע יידישע פרנסות.

די אויפגעבויטע פעסטונג האָט צוגעצויגן יידישע „פּאָדריאַטשיקעס" (ליפעראַנטן) און פאַך־לייט פון אַנדערע מקומות (ווי, צום ביישפּיל, דער מיליטערישער שניידער קאַנטאָראָווסקי און דער פאָטאָגראַף קאַראַסיק). די יידישע באַפעלקערונג אין גאָניאָנדז האָט שנעל זיך צוגעפּאַסט צו דער ניי־געשאַפענער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און האָט פאַרבונדן געשעפטלעכע באַציאונגען מיט די מיליטערישע פאַרוואַלטונגען פון אָסאָוויעץ, צושטעלנדיק פאַרשיידענע מאַטעריאַלן און פּראָדוקטן. וויכטיקע גאָניאָנדזער ליפעראַנטן זיינען געווען: אַ. באַיקאָווסקי (אלי אשר'ס); משה וויינטרויב; חיים קאָברינסקי (חיים פּאָליאַקס); משה קאַטינקאָ; יעקב רודסקי; משה שילעווסקי; משה קראַמקאָווקער א. אַ.

גאָניאָנדז באַזאָרגט די פעסטונג מיט האַנטווערקער, גלעזערס, בלעכערס, שמידן, קופּערשמידן, זייגערמאַכערס, שניידערס, שוסטערס א. אַ. יעדן זונטיק פלעגן קומען פון אָסאָוויעץ גרופּעס סאָלדאַטן פאַרקויפן זייערע פּראָסטע מיליטערישע שטיוול, וועש און צודאַטן און איינקויפן קליידונג און זאַכן פון אַ בעסערער ציווילער אויסאַרבעטונג. עס פלעגן אויך קומען מיליטער לייט פון די קאַזאַרמעס פון דאָווגאַרע און מאָנקי. מיטאָג־צייט פלעגן פול ווערן אַלע יידישע קראָמען, טיי־הייזער און שענקען און די פרנסה פלעגט אַריינקומען בשפע. צייטנווייז פלעגט די אָרדענונג געשטערט ווערן דורך אַ שיכור, אָדער אַ גרופּע שיכורים, און יידן פלעגן אָפּקומען מיט אַ ביסל שרעק... די מיליטערישע פּאַטרולן פלעגן אויפּפּאַסן אויף דער אָרדענונג אין שטאָט.

אויב דער זונטיקדיקער האַנדל איז געווען בעיקר פאַר מיליטער־לייט, איז דער מאָנטיקדיקער מאַרק באַשטימט געווען פאַר די פויערן

פון דאָרף, וועלכע פלעגן ברענגען אין שטאָט אַריין זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן און פאַרן פדיון איינהאַנדלען אַלע מינים שטאָטישע סחורות פאַר זייער געברויך. ביידע מערק, דער „נייער" און דער „אַלטער", פלעגן ווערן אָנגעפילט מיט וואָגנס תבואה, קאַרטאָפל, עופות, שעפסן א. ד. ג. דער אַלטער מאַרק איז געווען דער האַנדלס־פּלאַץ פון פערד און בהמות. צו די מאַרק־טעג, און באַזונדערס צו די ירידים, וועלכע פלעגן פאָרקומען דריי־פיר מאָל אַ יאָר, פלעגן זיך צונויפפאָרן סוחרים פון תבואה, פערד און בהמות פון נאָענטע און ווייטערע מקומות, אפילו פון די פוילישע שטעטלעך און דערפער פון יענער זייט באָבר.

אַ דאַנק דער פאַרבינדונג פון באָבר מיט די טייכן נאַרעוו און בוג, איבער וועלכע עס פלעגן זומער־צייט שווימען לאַנגע פליטן געהילץ קיין דייטשלאַנד, אַנטוויקלט זיך אין גאָניאָנדז דער האָלץ האַנדל. די באַדייטנדסטע האָלץ־סוחרים זיינען געווען: כאַצקל ביאַליסטאָצקי (דער רייכסטער בעל־הבית אין שטעטל, אייגנטימער פון דער פאַראָווער מיל און טאַרטאַק), אַלטער ישראל'ס, ישראל יצחק פאַרבער, יאַנקל שמערקעס, די ברידער רייגראָדסקי פון דאָליסטאָווע א. אַנ. די האָלץ סוחרים פלעגן אויך צוגרייטן פאַרטיקע בנינים פאַרן דאָרף מחמת די אָפטע שריפות אין די אַרומיקע דערפער. פון הייזער־בוי האָבן געצויגן זייער חיונה פיל בעל־מלאכות, ווי: סטאָלאַרעס, מולאַרעס, גלעזערס, שינדל־מאַכערס א. ד. ג. אַ פיינע פרנסה האָבן אויך געהאַט די יידישע מילנערס, וועלכע האָבן געהאַט אַ חזקה אויף די פריצישע ווינט־ און וואַסער־מילן אויסערן שטאָט.

די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג

### פּאַיען־באַנק

ערשטע ריי (פון רעכטס): באָיאַרסקי, וואָלף רייגראָדסקי, סימענאָוו.
צווייטע ריי: ש. זאַכאַריאַש, זעליג פּאָליאַק, ש. ליפשטיין, יהודה מחבר, הירש לוריע, יהושע צוויקליץ.
דריטע ריי: זאַלישאַנסקי, חיים קאָפּעלמאַן, הלל ביאַלי, וואָלף פיעקאַרסקי, זעליג ניעוואָדאָווסקי, יחזקאל פרץ טשערניאַק, מרדכי קליאַפּ.





מאָנטיקדיקער מאַרק

אין גאָניאָנדז האָט זיך געענדערט אין פאַרשיידענע צייטן, לויט די אומשטענדן. לויט דער סטאַטיסטיק, זיינען אין 1847 געווען אין שטאָט 1337 אידן אויף דער אַלגעמיינער צאָל 2050 נפשות. אין 1897 האָט די שטאָט געציילט 2056 יידן (אַלגעמיינע צאָל 3436). אין 1921 זיינען אין גאָניאָנדז געווען 1135 יידן אין דער אַלגעמיינער צאָל 2642. די פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידן קען מען צושרייבן צו צווייערליי סיבות: עמיגראַציע און מלחמה. די צוויי גרויסע שריפות, אין 1906 און 1911, האָבן פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע קיין אַמעריקע. מאַנכע עמיגראַנטן פלעגן צוריקקומען פון אַמעריקע מיט אָפּגעשפאָרט געלט, זיך בויען הייזער און עפענען געשעפטן. דער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין יענער מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אום תשעה באב 1914, האָט גאָניאָנדז שטאַרק געליטן צוליבן נאָענטן פראָנט און דער באָמבאַרדירונג פון דער פעסטונג אָסאָוויעץ דורך די דייטשן. די יידישע באַפעלקערונג איז נאָך ראש־השנה געצוווּנגען צו אַנטלויפן, און אין יענע טעג איז די ליידיקע שטאָט צערויבט געוואָרן דורך די רוסישע פראָנט־סאָלדאַטן. דער ווינטער איז, נאָכן דייטשישן צוריקטריט, געווען אַ רואיקער, אָבער פורים צייט האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע דייטשישע אָפענסיווע אויף אַלע פראָנטן און אין גאָניאָנדז איז אַנטשטאַנען אַ בהלה.

אין יענע טעג איז טראַגיש אומגעקומען דער יונגער אידעאַליסט, געוועזענער ישיבה־בחור אין סלאָבאָדקע, יצחק לייב וויטקאָווסקי (לייזער אייזיק׳ס יינגסטער זון). יצחק לייב איז אַרעסטירט געוואָרן מחמת אַ פאַלשער מסירה און איז אָפּגעפירט געוואָרן קיין אָסאָוויעץ, ווו ער איז געטויט געוואָרן פון אַ דייטשישער באָמבע. דער טראַגישער פאַל האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן ישוב, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן פון שטאָט. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז גאָניאָנדז געטראָפן געוואָרן פון דער אנטיסעמיטישער גזירה פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסישער אַרמיי, ניקאָליי ניקאָלייעוויטש, און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג הינטער די קריגס־פראָנטן איז פאַרטריבן געוואָרן פון די היימען. פיל גאָניאָנדזער

האָבן אויסגעוואַנדערט אין ביאַליסטאָק און אין די אַרומיקע שטעטלעך: קנישין, יאַשינאָווקע א. אַנ. אַ סך זיינען אַוועק קיין צענטראַל רוס־לאַנד, פונוואַנען זיי האָבן זיך אומגעקערט נאָך דער רעוואָלוציע.

אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זיינען פיל גאָניאָנדזער יידן געווען באַשעפטיקט אין דער צעשטערטער פעסטונג און אויך ביים פאַרריכטן די וועגן. די יידישע באַפעלקערונג איז שטאַרק פאַראָרימט געוואָרן, אָבער דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך גוט אַנטוויקלט.

אונטער דער הערשאַפט פון דער נייער פוילן האָט גאָניאָנדז איבערגעלעבט שווערע צייטן פון גייסטיקע און עקאָנאָמישע ליידן. די עמיגראַציע האָט זיך פאַרגרעסערט און ווער ס'האָט געהאַט די מעגלעכקייט האָט אויסגעוואַנדערט. די דינאַמישע חלוצישע יוגנט איז עולה געווען אין ארץ־ישראל.




שטעמפל פון פאָסט

אַ גאַס אין גאָניאָנדז



# היסטארישע אויסצוגן

**א באשטעטיקונג פון גאניאנדזער קהל אין יאר 1835**
**אז 4 גאניאנדזער תושבים האבן זיך ביי אים געמאלדן**


Mordchay Aronowicz, Szmul Zyskinowicz, Salomon Zelmanowicz i Mejer Ayzykowicz zapisały się u Kahału Goniądzkiego w czym tenże Kahał podpisuje się z przyłożeniem pieczęci Kahalnej. Dan w Goniądzu Dnia 3go July 1835 Roku
Jitzko Abramowicz



**איבערזעצונג:**

מרדכי אַראָנאָוויטש, שמואל זיסקינאָוויטש, שלמה זעלמאַנאָוויטש און מאיר אייזיקאָוויטש האבן זיך געמאָלדן ביים גאָניאָנדזער קהל אויף וואָס דער זעלביקער קהל שרייבט זיך אונטער מיט דער צולייגונג פון קהל'שן שטעמפל. געגעבן אין גאָניאָנדז דעם 3־טן יולי, יאָר 1835.

איטשקאָ אַבראַמאָוויטש

**אויפשריפט פון שטעמפל:**

קהל עדת ישורון דק"ק גאָנענז

# גאניאנדז אין מיטלאלטער

אויף פּאָדלאַשע זיינען אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט געווען ניט קיין סך שטעט פּריוואַטע. די וויכטיקסטע פון זיי האָבן געהערט צו דער קעניגין באָרי, צ.ב.ש. בריאַנסק, ביעלסק, סוראַזש.

אין גאָניאָנדז־רייגראָדער הערשאַפט פון די פירשטן ראַדזיוויללאָוו זיינען געווען קוים עט־לעכע גאַנץ קליינע שטעטלעך, וועלכע האָבן פאַרהעלטענישמעסיק שפּעטער זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. רייגראָד, באַזיצנדיק וואָיטן וועלכע האָבן באַקומען זייערע אַמטן בירושה, און גאָניאָנדז ווערן שוין אָנגערופן שטעטלעך אין די אַקטן פון יאָר 1536.

אין יאָר 1547 באַקומט גאָניאָנדז מאַגדע־בורגער מוניציפּאַל־רעכט און אַ מאַגיסטראַט, וועלכער שטעלט זיך צונויף פון אַ בירגער־מייסטער און דריי ראַט־געבער. 19 יאָר שפּע־טער האָט אויך רייגראָד, זייענדיק צו יענער צייט דאָס אייגנטום פון פירשט קישטשיני, באַקומען מאַגדעבורגער רעכט.

די ליטווישע הערשאַפט האָט ניט אָנגענומען אויך קיין אידישע אונטערטאַנען, אָבער אויף וויפל אונדז איז באַקאַנט זיינען אַזוינע ניט געווען אין גאָניאָנדז־רייגראָדער געביט פון דער ליטווישער הערשאַפט. אפילו אין דעם באַוווּסטן היסטאָרישן ווערק פון פּראָפעסאָר בערשאַדסקי איבער אידן, און אויך ניט צווישן די אַזוי זאָרגפעלטיק צונויפגעקליבענע דורך אים מאַטעריאַלן, האָבן מיר ניט געפונען קיין מינדסטן רמז ניט וועגן גאָניאָנדזער און ניט וועגן רייגראָדער אידן (זייט 16).

(באַראַנאָווסקי טאַדעאוש — וועגן די פּאָרקו־מענישן פון פעאָדאַליזם אויף פּאָדלאַשע, ראַדזיווי־לאָווער רייגראָד־גאָניאָנדזער הערשאַפט, אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט. סיגנאַטור — 11 — 187־476 ב.נ.)

*

גאָניאָנדז אין 14־טן יאָרהונדערט האָט גע־דינט אַלס אָביעקט פון קריגערייען צווישן די מאַזאָוויעצקער און ליטווישע פירשטן.

גאָניאָנדז, ווערנדיק פון ביידע צדדים באַ־פאַלן, איז מערערע מאָל אַריבער פון איין מאַכט צו דער צווייטער און די שטאָט האָט פון דעם שטאַרק געליטן; די שטאָט ליגט קעגנ־איבער דעם טייך באָבר — ביעבזשע.

ניט דעם גאַנצן אייגנטלעכן געביט פון אויבער־פּאָדלאַשע האָט זיך ליטווע איינגעגעבן צו פאַרכאַפּן.

די מאַזאָוויעצקער פירשטן, וועלכע האָבן קאָלאָניזירט דעם געביט גלייכצייטיק מיט רוס־לאַנד פון מערב, האָבן זיך ניט געלאָזן פול־שטענדיק אַרויסשטויסן פון יענע אָפּשניטן — און דעריבער זיך געהאַלטן אין גאָניאָנדז. און די געדימינאָוויטשעס, ד. ה. די ליטווישע פירשטן, האָבן זיך געמוזט מיט זיי רעכענען.

אַזוי־אַרום האָט מען אויך געפּרוּווט אין יאָר 1358 פעסטשטעלן קעגנזייטיקע גרענעצן.

(אויסצוג פון בוך „פּאָדלאַשע אַמאָל און היינט", נאָוועמבער 1928, N1־2. סיגנאַטור פּ. 2442 ב.נ.)

# היסטארישע ידיעות וועגן גאניאנדז

אַ דייטשישער געאָגראַפישער פאָרשער פון דער צייט פון דער הערשאַפט פון בראַניצקיס אלמנה אין ביאַליסטאָק, א. ק. פאָן האָלשע, אין זיין בוך פון יאָר 1800, בשעת די פּרייסן האָבן אָנגעהויבן אין זייער אַנעקסיע־צייט צו רעגירן אין ביאַליסטאָקער דעפּאַרטעמענט, — באַ־קלאָגט זיך און זאָגט מיט פאַרביטערונג וועגן ביאַליסטאָקער דעפּאַרטעמענט:

„עס איז אַ פעלער: דאָס רוב שטעט זיינען אָנגעוויזן אויף ערד־אַרבעט און אין די אַגראַרע שטעט הערשט אין אַלגעמיין ניט קיין אינדוס־טריע; די פּועל־יוצאס דערפון זיינען, וואָס די אידן, וואָס פאַרנעמען זיך ניט מיט קיין ערד־אַרבעט, האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין אַלע צווייגן פון דערנערונג, און פיל בירגער האָבן זיך געמוזט אַרויסציען פון די שטעט אין די

פאָרשטעט, אין די דערפער און ווערן פויערים. דאָס רוב שטעט האָבן די פּריווילעגיע אויף ברויערײ און בראַנפן־ברויזעריי, אָבער מען געפינט זעלטן אַ קריסטלעכן בירגער, וואָס באַשעפטיקט זיך דערמיט.

צוזאַמען מיטן שענק איז דאָס געוואָרן אַ ירושה פון די אידן; קריסטן פאַרנעמען זיך גאָרניט מיט האַנדל, און עס געפינען זיך צווישן זיי ווייניק פּראָפעסיאָנאַלן, אָבער אַקעגן־זשע פאַרנעמען זיך אידן מיט פאַרשיידענע מלאכות. ווייל מלאכות פאָדערן ניט קיין גרויסע קערפּערלעכע אָנשטרענגונג. אַ ביישפּיל דערפון איז די שטאָט גאָניאָנדז, וואָס לויט די פאַראַנענע ידיעות איז מיט 150—200 יאָר צוריק געווען אַ בליענדיקע שטאָט פון אַריבער 600 בירגער־הייזער און זי האָט געהאַט די פּריווילעגיע, וואָס אַ איד האָט ניט געטאָרט אין איר וווינען, איז זי דורך שריפות און מגיפות אינגאַנצן חרוב געוואָרן*. נאָר לעצטנס האָבן זיך די בירגער אָנגעהויבן צוריק אַריינקלייבן אין איר"...

(א. ש. הערשבערג — פנקס ביאַליס־טאָק, ניו־יאָרק 1949, ב. 1, ז"ז 50־51)

## גאָניאָנדזער רבנים

תולדות הרב הקדוש מוהר"ר טוביה הי"ד בהר"ר יוסף שלמה זצ"ל בכרך.... דור השביעי לר' נתן מתתיהו, ארבעה בנים ושתי בנות.

א) הרב המאוה"ג מו"ה פנחס ליב אב"ד בק"ק גאָניאָנדז ואורלה, אשתו היתה בת הרב ר' משה בהרב ר' שמחה, שיבוא על מקומו לבית אבותיו בהרחבת הדעת...

דור השמיני

* דאָס איז באמת אַ הודאת בעל הדין, אַז אָן אידן האָט דעמאָלט קיין שטאָט אין דעם קרייז ניט געקענט האָבן קיין קיום.

...ד) הרב המאה"ג מו"ה גדלי' הכהן אב"ד בק"ק גאָניאָנדז. ספר „דעת קדושים", פטרבורג 1897, עמודים 37, 39.

(צוגעשיקט פון אידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע)

## גאָניאָנדזער סטאַטיסטיק

אַלגעמיינע צאָל איינוווינער 2,644; אונטער־נעמונגען 127, פון זיי טעטיק 117; צאָל באַ־שעפטיקטע פּערזאָנען 204, פון זיי — אייגנ־טימער 57,4%; מיטהעלפנדיקע פאַמיליען־מיט־גלידער 22,1%; לוין־אַרבעטער 20,5%, פון די לוין־אַרבעטער זענען 88,1% אידן.

„אידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונ־גען אין פּוילן", לויט דער אַנקעטע פון 1921, וואַרשע 1922, דריטער באַנד.
(צוגעשיקט פון אידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע)

## גוניונדז

גוניונדז עיר בממשל הרוסי, פלך גרודנה, מחוז ביאליסטוק, על הגדה השמאלית של נהר בובר — — — 57 קילומטר צפונית־מערבית לעיר־המחוז ביאליסטוק. תחנת־רכבת בקו מסילת הברזל ברסט־ליטובסק—פרוסטקין, ממסילות־הברזל הרוסיות הדרומיות־מערביות ע"י הגבול הפולני.

לפי הספירה נמצאו שם 3309 תושבים בשנת 1882. היא מצטיינת במיוחד במסחר הטרנזיט: דרכה עוברות סירות. זוהי נקודה חשובה מאוד.

התחבורה מתקיימת במיוחד על נהר בובר, המסוגל למעבר סירות ודוברות עצים. תחת השלטון הפולני מקבלת גוניונדז בשנת 1547 את הפריבלגיות המגדבורגיות.

בשנת 1807 — הועברה העיר לממשל רוסי.

(מתוך אנציקלופדיה בשפה הגרמנית משנת 1884, שהוצאה ע"י ברוקהויז־מאיר).

# חברה
# געזעלשאַפט

פישל יצחקי־טרעשטשאַנסקי / תל־אביב

## פאַרטייען אין גאָניאָנדז

אונדזער שטעטל גאָניאָנדז, ווי איך געדענק איר אין דער לעצטער תקופה — אין די יאָרן 1925—1935 — איז געווען וואַך אויף פיל געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. בכלל דוכט מיר אַז גאָניאָנדז האָט זיך אַביסל גרויס געהאַלטן אַנטקעגן איר „פּראָווינץ״. איך ווייס ניט צי זי האָט געהאַט אַ גרונט דערצו. אלנפאַלס, אין געוויסע הינזיכטן איז גאָניאָנדז געווען די ערשטע. די העברעאישע שולע אונדזערע איז געגרינדעט געוואָרן פריער ווי אין גאַנץ פּוילן. אויך די ערשטע וואָס זיינען געפאָרן אין ארץ־ישראל פון אונדזער געגנט, גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען געווען גאָניאָנדזער, ווי: אפרים האַלפּערן („אפרים דער שרייבער״), מרדכי דער בעקער, לייבל שכנא׳ס, גדליה גרינשפּאַן, כאַשקע באַכראַך, שלום לוריע און פיל אַנדערע.

אין אונדזער שטעטל, ווי בכלל דעמאָלט אויף דער אידישער גאַס, זיינען געווען פּאַרטייען און לאַגערן, פון רעכטס און לינקס. בראש פון די פּאַרטייען זיינען געשטאַנען פאַרשיידענע עסקנים און כלל־טוער. איך בין ניט אימשטאַנד זיי צו שילדערן ווי געהעריק, וועל איך נאָר עטלעכע פון זיי דערמאָנען אין קורצע ווערטער. כ׳וועל אָנהויבן פון די קלענערע פּאַרטייען.

### דער „בונד״

בראש איז געשטאַנען לייבל מאַנקאָווסקי, וואָס איז געווען דער אויטאָריטעט פון „בונד״ אין שטעטל. איך געדענק אים ווייניק. אין זיכרון איז מיר פאַרבליבן בלויז דער רושם פון דער גרויסער לוויה וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אים, מיט די פיל קרענץ בלומען, — וואָס איז געווען אַ זעלטנהייט אויף אַ אידישער לוויה אין שטעטל, און איבערהויפּט דאָס וואָס צווישן די אידישע רעדעס האָט אויך געהאַלטן אַ קורצע רעדע אַ פּוילישער לערער אין נאָמען פון דער פּוילישער באַפעלקערונג.

פון די טעטיקסטע בונדיסטן איז געווען העניאַך דער שניידער (געלבאָרד — איטשע דעם וואַסערפירערס זון), אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן „דער ליכטיקער טאָג״. דער צונאָמען נעמט זיך פון יאָר 1920, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די פּויליש־רוסישע מלחמה און די באָלשעוויקעס זיינען אַריין אין שטעטל. אין איינעם פון די ערשטע טעג, נאָכדעם ווי ס׳איז געגרינדעט געוואָרן דער אָרטיקער „רעווקאָם״ (רעוואָלוציאָני קאָמיטעט), איז פאַררופן געוואָרן אַ גרויסער מיטינג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, אידן און קריסטן, אונטערן פרייען הימל. אַלס פאָרשטייער פון די אידן האָט גערעדט העניאַך דער שניידער. זיין רעדע האָט ער פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „היינט איז פאַר אונדז אידן געקומען דער ליכטיקער טאָג!״ האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „דער ליכטיקער טאָג״...

העניאַך איז געווען סאָליד און איבערגעגעבן זיין פּאַרטיי. ער איז כמעט שטענדיק אַרויסגעטראָטן אַלס אָפּאָנענט אויף ציוניסטישע אסיפות, אין נאָמען פון „בונד״.

אויב העניאַך איז געווען דער אָפּאָנענט, איז דער בונדיסט אַלטער מאַכנאָווסקי געווען דער

„צווישנרופער". ער פלעגט שיטן מיט צווישנרופן אויף פאַרזאַמלונגען. ער איז געווען פון פאַך אַ בעקער, אייזיק אביעזר'ס אַן איידעם און אַ צוגעקומענער אין שטעטל. ער איז געווען אַ פאָלקס־טיפ, און מ'פלעגט אים אָפט זען אין גאַס מיט אַ צעקנייטשטער „פאָלקס צייטונג" אין האַנט, די היטל שטענדיק אָן אַ זייט, און זיין לאַנגער נאָז ווי אויך אַ טייל פון פנים אויסגעשמירט אין מעל. אַזוי גייענדיק פלעגט ער פאַרפירן אַ דיסקוסיע מיטן ערשטן און בעסטן, ווען ער האָט זיך אפילו געאיילט צו דער אַרבעט אין „פעקאַרניע"...

אַן אַנדער טיפ פון „בונד", איז געווען יאָסל אָלשאַניצקי („יאָסל כינקעס"). ער איז געווען



יאָסל אָלשאַניצקי

עטלעכע יאָר פאָרשטייער פון בונד אין שטאָטראַט. ער האָט געהאַט אַ פילבאַרע אידישע נשמה און געשריבן פאָלקס־לידלעך (אייניקע פון זיי זיינען געווען געדרוקט אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס").

## די קאָמוניסטן

פון די אינטערעסאַנטע פיגורן ביי די „רויטע" איז געווען משה טיוקעל — אַ צוגעקומענער. אין זיין פריסטער יוגנט איז ער אָנגעקומען אין גאָניאָנדז אַרבעטן ביי שמעון דעם שערער, און דערנאָך איז ער געוואָרן זיינער אַן איידעם. איך דערמאָן זיך אין זיין ערשטן

אויפטריט אין דער טעאַטער־פאָרשטעלונג פון פינסקי'ס פיעסע „די פאַמיליע צבי", וואָס ער האָט געשפילט מיט אַ גרויסער פאַרשטענדעניש. ער האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט און אָנגעפירט אַ גאַנצע גרופּע און איז געווען דער מורה־דרך פון קאָמוניסטישן שולחן־ערוך אין שטעטל.

צו דער גרופּע האָט געהערט זיידל אַלטשולד (נאָטקע דעם חוכר'ס זון). זיין פאַרטייאַרבעט איז געווען אויף אַן אַנדער געביט. ער איז געווען דער „סטאַר" פון די טעאַטערפאָרשטעלונגען וואָס זיינען אייגעאָרדנט געוואָרן אין שטעטל און וואָס זייער הכנסה פלעגט גיין פאַר פאַרטיי־צוועקן.

געשפילט טעאַטער האָט מען אין שטעטל ניט אויסשליסלעך צוליב קונסט. דער הויפּטגורם איז געווען אַ פאַרטייאישער. אַ באַווייז איז דער פאַקט, וואָס פאָרשטעלונגען זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פון אַלע פאַרטייען באַזונדער, פון „רעכטע" און פון „לינקע".

ביים שפילן האָבן זיך אַרויסגעוויזן די „סטאַרס" און די „פרימאַדאָנעס". צו אַזאַ פאָרשטעלונג האָט מען זיך געגרייט וואָכנלאַנג, און אין דעם באַשטימטן טאָג פון דער פאָרשטעלונג (תמיד איז עס געווען שבת־צונאַכט) האָט מען געפילט אַז גאַנץ שטעטל גרייט זיך. אין דעם שבת פאַר דער פאָרשטעלונג האָט יונג און אַלט געכאַפּט אַ לענגערן דרימל נאָכן טשאָלנט. ווייל די פאָרשטעלונגען פלעגן זיך ניט אָנהויבן פריער פון 11—12 אַזייגער ביינאַכט, און ענדיקן פלעגן זיי זיך 4 אַזייגער פאַרטאָג...

דער אינטערעס איז געווען גרויס, טראָצדעם וואָס אַלע האָבן געוווסט פריער ווער וואָס עס שפילט און ווי אַזוי ער (אָדער זי) שפילט, און וואָס אַלע זיינען פון פריער געווען באַקאַנט מיט די פרטים פון די דעקאָראַציעס און מיט די קליידער פון די אַרטיסטן. ווייל אַלץ איז דאָך צונויפגעקליבן געוואָרן פון גאַנצן שטעטל — אַ סורדוט ווי אַ טלית קטן, אַן אַלטע „קאָמאָדע" ווי אַ צעבראָכענער טיש...

יעדע פאָרשטעלונג האָט געגעבן דער שטעטל שטאָף אויף וואָכנלאַנגע שמועסן...



זעליק ניעוואָדאָוווסקי

## די ציוניסטן

גאָניאָנדז איז בעיקר געווען אַ ציוניסטישע שטעטל. בראש פון די „אַלגעמיינע" ציוניסטן איז געשטאַנען זעליק ניעוואָדאָוווסקי (זעליק ליישקעס). ער איז געווען ניט בלויז אַ ציוניסטישער עסקן, נאָר אויך דער אַלגעמיינער שטאָטישער עסקן. אומעטום איז ער געווען אַ פאַרטרעטער: אין דער העברעאישער שולע, אין שטאָט־ראַט, קהילה, באַנק א. אַ. וו. זעליק איז געווען אַ „מקורב למלכות", אין די בעסטע באַציאונגען מיטן פאָליציי־קאָמיסאַר און מיטן בירגערמייסטער פון שטעטל, ווי אויך מיטן סטאַראָסטאָ פון ביאַליסטאָק. ביי אַ ציוניסטישן מיטינג איז זעליק, פאַרשטייט זיך, געווען אויבן־אָן, און אַז ער האָט געפירט דעם מיטינג איז מען געווען זיכער אַז ווי שטאַרק ער זאָל ניט געשטערט ווערן פון קעגנער וועט פאָליציי דעם מיטינג ניט אויפלייזן...

זעליק האָט געהאַט אַ דעה ניט נאָר אין ציוניסטישע ענינים, אָדער בכלל אין שטעטלשע אָנגעלעגנהייטן, נאָר אויך אין בית־המדרש און אין שול. עס דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד פון יענער צייט. דאָס איז געווען בערך אין 1927, נאָכדעם ווי עס איז אויסגעוויילט געוואָרן דער נייער רב אין שטעטל, הרב שלאָמאָוויטש. אין אַ געוויסן שבת האָבן אַ גרופּע חלוצים געמאַכט אַן אויספלוג אין נאָענטן וואַלד. די גרופּע איז אַרויס אין געאָרדנטע רייען. דער נייער רב האָט עס באַמערקט, איז ער אַרויס אויפן גאַס מיט אַ טייל אידן — און ווען די חלוצים האָבן זיך דערנענטערט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין דער ברייט פון גאַס און אָנגעהויבן מוסר'ן און האָט ניט געלאָזן דורכגיין. פאַרשטייט זיך אַז די חלוצים האָבן זיך ניט געוואָלט לאָזן דיקטירן פון רב. עס איז געוואָרן אַ טומל — און דאָ באַווייזט זיך זעליק ניעוואָדאָוווסקי און ער ווענדט זיך מיט כעס צום רב בזה הלשון: „רבי, איר וועט ביי אונדז זאָגן אַ דעה נאָר אין בית־המדרש, — אויסערן בית־המדרש וועט איר זיך ניט אַריינמישן. זייט זשע מוחל און גייט אַריין אין שטוב". אין דער ערשטער מינוט איז דער טומל געוואָרן נאָך גרעסער, אָבער זעליק'ס ווערטער האָבן דעצידירט, און נאָך אַ פּאָר ווערטער־אויסטוישן פון ביידע צדדים איז דער רב מיט זיינע מענטשן טאַקע אַריין אין שטוב — און די חלוצים האָבן מיט נצחון אַרויסגעמאַרשירט פון שטאָט (דער עפּיזאָד איז באַשריבן געוואָרן אין „פּראָווינץ שפּיגל" פון אַ וואַרשעווער צייטונג).

צו די (אַלגעמיינע) ציונים האָט אויך געהערט וואָלף פּעקאַרסקי (מושקע'ס אַ זון). ער איז געווען אַ „לאַווניק" אין שטאָט־ראַט, און דער איינציקער אידישער רעגירונגס־בעאַמ־

וואָלף פּעקאַרסקי





אָשר שיראַטעס

טער וואָס האָט באַקומען זיין פענסיע פון שטאָט־ראַט. ער איז געווען אַ שתדלן פאַר אידן אין זייערע קלענערע און גרעסערע דאגות.

איינער פון די ציוניסטישע „טיפן" איז גע־וועזן אשר שיראטעס (ישראל דעם שוואַרצנ'ס זון), אַ לערער אין דער העברעאישער שולע. ער איז געווען פון ערשטן מחזור (אַרויסלאָז) פון דער העברעאישער שולע (אין 1918), און אַ דאַנק זיינע פעדאַגאָגישע פעאיקייטן איז ער געוואָרן לערער אין דער שולע. ער איז געווען דער רעזשיסער פון די ציוניסטישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען און אויך פון די קינדער פאָר־שטעלונגען פון דער העברעאישער שולע. ער איז געווען דער אָנערקענטער רעצענזענט און מבין פון טעאַטער אין שטעטל. אשר האָט אויך געגעבן פיל פאָרלעזונגען אויף דערדאָ־זיקער טעמע. ער האָט אַליין אויך זיך באַטיי־ליקט אין די הויפּט־ראָלן פון פאַרשיידענע פיעסן: „גאָט, מענטש און טייוול", „כאַשע די יתומה", „דער מטורף", א. אַנ. דעם „מטורף" האָט ער געשפּילט מיט אַזויפיל האַרץ, אַז אין שטעטל האָט מען אים דערנאָך גוטמוטיק גע־רופן: „דער מטורף".

דער יסוד פון דער ציוניסטישער דערצי־אונג איז געווען די העברעאישע שולע. דאָרט האָט געלערנט, זיך דערצויגן און געוואַקסן דער גאַנצער יונגער דור. בלויז אייניקע, וואָס מ'קען איבערציילן אויף די פינגער, האָבן גע־לערנט אין דער פוילישער שולע, און ס'רוב פון זיי זיינען עס געווען די וואָס האָבן געוואָלט, נאָכן ענדיקן די העברעאישע שולע, זיך פאַר־פולקאָמען אין דער פוילישער שפּראַך. און ווען אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן די אידישע שולע, האָט דאָרט גע־לערנט אַ קליינע צאָל קינדער.

## די חלוצישע באַוועגונג

אַ דאַנק דעם איינפלוס פון דער העברע־אישער שולע איז די ציוניסטיש־חלוצישע השפעה געווען גרויס אין גאָניאָנדז. פריער איז געשאַפן געוואָרן די „החלוץ" אָרגאַניזאַציע און נאָכדעם דער „החלוץ הצעיר" (דער יונ־גער חלוץ). שוין פון פריסטן עלטער — פון 10—11 יאָר — זיינען די קינדער געווען אָר־גאַניזירט אין „החלוץ הצעיר", וואָס האָט דערגענצט און פאַרטיפט זייער חלוצישע דער־ציאונג. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין די סיסטעמאַטישע שמועסן, קורסן, קעסטל־אָוונטן א.אַ.וו. (אגב, ביי אייניקע קעסטל־אָוונטן, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט אונדזערע קעגנער, איז זייער באַטייליקונג אין דער דיסקוסיע דער־לויבט געוואָרן נאָר מיטן תנאי אַז זיי זאָלן, אַזוי ווי מיר, ריידן העברעאיש).

עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן זומער־קאָלאָניעס וואָס די אויפגאַבע איז דאָרט גע־ווען, ערשטנס, זיך צוגעוווינען צו אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען ווי אין שטאָט, און צוויי־טנס, דאָרט מער אינטענסיוו צו שטודירן חלו־צישע און ארץ־ישראלדיקע פּראָבלעמען. עס פלעגן אויך איינגעאָרדנט ווערן אויספלוגן אין די נאָנטסטע שטעטלעך, און עס איז אפילו אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ העקטאָגראַפישער זשור־נאַל, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער גאַנצער אומגעגנט.

אַ סך צוזאַמענפאָרן פון די אַרומיקע שטעט־לעך זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין גאָנ־יאָנדז. ספּעציעל האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק די פייערונג וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן צום צען־יאָריקן יובילעאום פון „החלוץ הצעיר", אין יולי 1934. עס האָבן זיך אין דער

פּייערונג בּאַטייליקט אַלע סניפים פון אומגעגנט. די הכנות זיינען געווען גרויס, ווייל באָר צוגרייטן עסן פאַר עטלעכע הונדערט פּערזאָן האָט געפאָדערט זייער פיל אַרבּעט. אין הויז פון יעדער חבר איז אַריינגענומען געוואָרן אַ גאַסט. ס׳איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ קיך וואָס דאָרט האָבּן אויך מאַמעס צוגעהאָלפן צוגרייטן די מיטאָגן, וואָס זיינען סערווירט געוואָרן אויף גרויסע טישן אין בּאַגלייטונג פון חלוצישער געזאַנג.

די גאַנצע שטעטל האָט דעמאָלט אויסגעזען יום־טוב׳דיק ווי קיינמאָל ניט פריער. אַלע געסט זיינען געווען אָנגעטאָן אין ווייסע בּלוזקעס. עטלעכע בּאַלקאָנען אין הויפּט־מאַרק זיינען געווען ספּעציעל בּאַפּוצט און דעקאָרירט מיט ציוניסטישע בילדער, לאָזונגען און פאָנען. אין אָוונט איז די שטעטל געווען שטאַרק בּאַלויכטן. צו יענער צייט האָט גאָניאָנדז פאַרמאָגט אַ פינף־זעקס גרויסע גאַז־לאָמפּן, וואָס פלעגן אָנגעצונדן ווערן בלויז אין די לאַנגע פינסטערע נעכט. אָבער אין דעם אָוונט פון דער פייערונג זיינען אין שטעטל אָנגעצונדן געוואָרן אַלע לאָמפּן (אויף אונדזער חשבון).

זיבּן אַזייגער פאַרנאַכט האָט מען געהערט דעם מיליטערישן טרומייטער וואָס האָט געגעבּן דעם סיגנאַל אַז די פייערונג הויבּט זיך אָן. פון אַלע ווינקלען און הויפן, ווו עס איז געווען איינגעאָרדנט יעדע גרופּע בּאַזונדער, האָבּן מיר מאַרשירט צום אַלטן מאַרק, פונוואַנען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער פייערלעכער מאַניפעסטאַציע־צוג. בראש איז געגאַנגען אַן אָרקעסטער, — ספּעציעל געלאַדן פון ביאַליסטאָק, — נאָך אים האָט מאַרשירט דער לאַנגער צוג, מיט פאַקלען, איבּער אַלע גאָניאָנדזער גאַסן, און בּיי די זייטן האָבּן געהיט די אָרדנונג די סדרנים (אָרדנונגס־היטער), רייטנדיק אויף פערד.

פאַרשטייט זיך, אַז דער צוג איז בּאַגלייט געוואָרן פון גאַנץ שטעטל, פון יונג און אַלט, ביז אויפן שול־בּאַרג, ווו ער איז אויפגעלייזט געוואָרן. אין פּראָגראַם פון יענעם אָוונט און אויפצומאָרגן איז געווען: אַ פאָרשטעלונג פון דער דראַמאַטישער סטודיע פון חלוצישן קיבוץ אין ביאַליסטאָק, רעדעס און בּאַגריסונגען, ספּאָרט פאַרווייליונגען און נאָך פייערלעכקייטן.

גאַנץ גאָניאָנדז האָט די צוויי טעג פון דער פייערונג פון דעם צען־יאָריקן יובילעאום פון „החלוץ הצעיר״ פאַרגעסן די דאגות פרנסה און מיטגעלעבּט דעם יום־טוב, וואָס איז געווען אייגנאַרטיק, — ניט ווי אַלע ימים־טובים, ניט ווי אַ חתונה, נאָר עפּעס אַזוינס וואָס חזר׳ט זיך ניט איבּער...

עס איז דעריבּער קיין וואונדער ניט וואָס אַ בּאַדייטנדיקער טייל פון גאָניאָנדזער יוגנט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין חלוצישן גייסט, געפינט זיך דאָ, אין ארץ־ישראל. ווען ניט היטלער און די מלחמה וואָלט שוין אַ גרויסער טייל פון אונדזער שטעטל געווען מיט אונדז דאָ, ווו יעדער איינער האָט געהאַט עמיצן פון דער משפחה — אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער — און צו וואָס מ׳איז דערצויגן געוואָרן און געשטרעבּט במשך פון לאַנגע יאָרן.

תל־אביב, 1945

(פון „גאָניאָנדזער—טרעסטינער בּיולעטין״, אַרויסגעגעבּן אין אַמעריקע)

יחזקאל־פרץ טשערניאַק, תל־אביב

# ציוניזם אין גאַניאָנדז

## (א קאַפּיטל זכרונות)



ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער יינגל, איז צו אונדז אַ מאָל געקומען יאָסל שיימעס מיט אַ ווייס־בלויער פּושקע אויף וועלכער ס'איז געווען אויסגעמאָלט אַ מגן־דוד און אַן אויפשריפט „קרן קימת לישראל", און געזאָגט, אַז פרייטיק דאַרף איך גיין מיט דער פּושקע איבערן שטאָט קלייבן געלט פאַרן „נאַציאָנאַל פאָנד", דאָס הייסט אויסלייזן די ערד אין ארץ־ישראל. אין דער זעלבער צייט האָב איך געהערט, אַז פּינחס דעם רב'ס איז געגאַנגען פּורים איבערן שטאָט מיט אַ „ביכל" פאַרשרייבן מיטגלידער אין „אָדעסער ועד", וועלכע האָבן געדאַרפט, אין לויף פון יאָר, צאָלן אין ראַטעס — דריי רובל. כ'געדענק, מ'האָט געזאָגט, אַז חיים דינקעס, מלך פּעקאַרסקי, אפרים אליהו־נחמיה'ס, יאַנקל זעליג־אייזיקס און נאָך אַנדערע, האָבן זיך פאַרשריבן אַלס מיטגלידער. דערביי האָט מען צוגעגעבן, אַז דער גרינדער פון דער אגודה, איז אַלטער סופּראַסקי, וועלכער האָט געוווינט אין קורסק און פלעגט קומען אין גאָניאָנדז צוויי מאָל אַ יאָר, אויף די ימים־טובים. מיט דער פּושקע פלעגט מען זיך בייטן — אַלע פרייטיק אַן אַנדער יינגל. אַ סך האָבן ניט געוואָלט געבן, נאָר דאָס זיינען געווען אָדער אָרימע אָדער קאַרגע. איינער פון די „גיבורים" אין שטעטל און דערצו אַ פּיקח, אַלטער ישראל'ס, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן, אַלטער פאָדריוועך, פלעגט נאָך חוזק מאַכן פון דער פּושקע מיט די קלייבערס, האָט מען זיך מיט אים דערפאַר אָפּגערעכנט אויף אַזאַ מין אופן: אַלטער ישראל'ס האָט זייער ליב געהאַט דעם עמוד און ער האָט געהאַט די חזקה שבת־

צונאַכט פאַר ראש־השנה, זאָגן די ערשטע סליחות. האָבן זיך די חברה בחורים־ציוניסטן (וואָס איז באַשטאַנען פון: דוד יאַנקל רודסקיס, הערשל כינעס, הערשל־לייבל חיים־מאיר'ס, יצחק דער דיינ'טעס, חייקל שלמה־יאָסל'ס, יאָסל שיימעס, לייזער זעליג, מאיר דעם זייגער־מייסטערס, ישראל־יוסף בערל זעליג־אייזיקס און אַ כאָפּטע קליינוואַרג) צונויפגעקליבן הינטערן עמוד און ווען אַלטער האָט גענומען ציקלען דעם „במוצאי מנוחה", האָט מען אָנגעהויבן קלאַפּן אין די סטענדערס און געמאַכט אַזאַ טומל, אַז ער האָט געמוזט אויפהערן. דעמאָלט האָבן די בחורים געזאָגט דעם עולם, אַז מ'וועט ניט לאָזן אַלטערן דאַוונעןביים עמוד, אַזוי לאַנג ווי ער וועט ניט געבן אין נאַציאָנאַל־פאָנד פּושקע. און כמעט אַלע מתפללים וואָס פלעגן געבן אין פּושקע, האָבן די בחורים געגעבן גערעכט. ס'איז געוואָרן אַ טומל. אַלטער ישראל'ס האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט די „גאָלעבראָדעס". אויף מאָרגן איז ער טאַקע אַוועק צום אוריאַדניק, אַ דיקער „פאָניע" מיט גרויסע וואָנסן, האָט אָנגעגעבן די נעמען פון די בחורים מיט דער גאַנצער מעשה. פאַרן אוריאַדניק איז דאָס געווען אַן עסק. ער האָט פאַרשטאַנען אז ער וועט שוין דערפון עפּעס האָבן אין יד אַריין און ער האָט די בחורים גערופן צו זיך. נאָר פאַרן גיין צום אוריאַדניק האָט חברה צו אים געשיקט מיט משה־גרשון




ע ר ש ט ע ר י י (פון רעכטס): מאיר טרעשטשאַנסקי, גאַרבער, פישל פורמאַן, חיה געלבאָרד, מרדכי ריבאַק, שיינע מאַרקוס, שלום ניעוואָדאָווסקי.

צ ו ו י י ט ע ר י י: חנא (כאָנע) מאַכאַי, זאַנדבערג (העברעאישער לערער), ביילקע קליאַפּ, גאָלדע רובין, משה גאָעלמאַן.

ד ר י ט ע ר י י: רבקה קאָברינסקי, רבקה לוריע.

דעם שוסטער אַ פּאָר פיינע שטיוול מיט האַרטע כאָלעוועס, ערשט דעמאָלט זיינען זיי געגאַנגען. דער „אדון" האָט זיי געזאָגט אַביסל מוסר, אַז ס'איז אַ גרויסע עבירה שטערן די אָרדנונג אין אַ „סאָבראַניע". נאָר דאָס מאָל איז ער זיי מוחל. דער עסק האָט געקאָסט דריי רובל. אָבער אַלטער ישראל'ס האָט זיך אונטערגעגעבן און פון דעמאָלט־אָן אָנגעפאַנגען געבן אַ קאָפּיקע פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד, און אַלץ האָט זיך אויס־געלאָזט צום גוטן.

אין יענער צייט איז אַלטער סופראַסקי גע־קומען פון קורסק קיין גאָניאָנדז און האָט געגרינדעט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, דער עיקר פון פאָלקס־מענטשן און בעלי־מלאכות: שמואל־בער מאַלאַזאָווסקי, באָרושקע דער שניי־דער, ניסן דער שניידער, לייזער דער שמיד און אַנדערע. מ'האָט געדונגען אַ לאָקאַל ביי סאיקע דעם פורמאַן, נעבן ר' בנימין דעם סופר, און אַלע שבת פלעגט מען דאָרט לערנען חומש און סוואַרבע (עשרים וארבע). אַ צייט האָט מיט זיי געלערנט גרשון־ברוך. היסטאָריע פלעגט פאַר זיי פאַרלייענען יצחק דער דיינ'טעס. אַ שטיקל צייט האָט זיי געגעבן לעקציעס גדאַלקע דער לערער.

אַלע צוזאַמען האָבן געאַרבעט פאַרן ציו־ניזם. צום פערטן קאָנגרעס האָט גאָניאָנדז געשיקט אַ דעלעגאַט — יאַנקל רודסקי, וועל־כער האָט אויך פאַרטראָטן גראַיעווע. ווען מ'האָט דעם יאָר איינגעאָרדנט אַ ציוניסטישן מנין ביי שמעון כאַדאָראָווסקי, האָט יאַנקל רודסקי דערציילט וואָס ער האָט געהערט און געזען אין באַזעל.

יאַנקל רודסקי איז געווען אַ „חכם" און קענער, האָט אָבער געהאַט אימתא דציבורא. ער האָט געקענט דערציילן אַ מעשה שיין און קלוג, אָבער ניט רעדן פאַרן עולם. זיין התפעלות איז

געוועזן אָן אַ שיעור און אָנגעהויבן האָט ער פריער מיט דער גרויסקייט און חכמה פון די קלענערע, פון „אייזערנעם גענעראַל", ווי מ'האָט דאָרט גערופן אוסישקינען און ד"ר נורדוי. נאָר אַלץ איז ווי אַ טראָפּן קעגן ים אין פאַרגלייך מיט הערצל'ען און זיין שיינקייט, חכמה און גרויסקייט. וויפל ער האָט זיך ניט באַמיט צו רעדן מיט אים אַ פּאָר ווערטער, אָדער אים געבן „שלום", האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: ער האָט אָפּגעוואַרט הערצל'ען אין... קאָרידאָר און אים געגעבן שלום. ווען ער האָט דאָס דערציילט האָבן אים געגלאַנצט די קלוגע אויגן און ביי אַלע אַרומיקע האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן.

פון דעמאָלט־אָן פלעגט גאָניאָנדז איינאָרדענען שמחת־תורה ציוניסטישע מנינים און מ'פלעגט פאַרקויפן עליות און דאָס געלט געשענקט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. גאָניאָנדז פלעגט שיקן יערלעך זעקס הונדערט רובל פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. מיר האָבן געהאַט אַ שווערן קאַמף מיטן שול־גבאי ר' ליישקע. ער פלעגט אונדז ניט לאָזן שטעלן ערב יום־כיפור די קערה פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. שפּעטער האָט ער שוין מוותר געווען. אָבער מיר האָבן געוואָלט אויך שטעלן אַ קערה פאַר „גאולה תתנו לארץ", און „רכישת מקומות הקדושים", ווייל די מנדבים האָבן מסכים געווען מיט אַלע ציוניסטישע פאָנדן.



שטעמפּל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

מיר פלעגן פירן מיט אים אַ קאַמף און אים ביסלעכווייז צוגעוווינט אָנטקעגן צו קומען אונדזערע פאָדערונגען. אָבער זיין זון זעליג איז געוואָרן אַן איבערגעגעבענער טוער פאַרן ציוניזם.

אין דער נאַציאָנאַל־פאָנד פושקע פלעגט אויך געבן רייזע דעם בונדיסט לייבל מאַנקאָווסקי'ס ווייב, און ווען זיינע בונדישע חברים האָבן צו אים געהאַט טענות, פלעגט ער זיי ענטפערן, אַז ער טאָלערירט אירע מיינונגען, ווייל זי איז גלייכבערעכטיקט צו געבן פאַר וועלכן צוועק זי געפינט פאַר נויטיק. דאָס איז כלל ניט געווען קיין שוואַכקייט פון לייבל מאַנקאָווסקי'ן, ער איז געווען אַן ערלעכער אַרבעטער־פירער און זייער אַ שטאָלצער ייד.



פּראָפ' ד"ר אינזש. **מרדכי ל. אבשלום**

# אגודת „צעירי ציון"

ס'וואָלט געווען אומפאַרגעבלעך ווען שרייבנדיק די זכרונות וועגען גאָניאָנדז, וואָלטן מיר פאַרגעסן צו דערמאָנען די עקזיסטענץ פון דער אגודה „צעירי ציון". די אגודה איז געגרינדעט געוואָרן, אויף אַן אינדירעקטן אופן, אַ דאַנק די ציונים כלליים, וואָס האָבן זיך פאַרמירט דורך דעם חבר ר' יעקב רודסקי. ווען אונדזער אומפאַרגעסלעכער מנהיג, ד"ר ט. הערצל, האָט צונויפגערופן אין באַזעל דעם פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס, איז פון אונדזער שטאָט גאָניאָנדז געפאָרן אַהין אַלס דעלעגאַט דער חבר ר' יעקב רודסקי ע"ה. און ווען ער איז געקומען צוריק, האָט ער אין אַ ענגערן קרייז פון אידן איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון קאָנגרעס און זיינע פאַרשיידענע אָנטיילנעמער. אַלע וואָס האָבן אָנטייל גענומען זיינען געווען איבערצייגט, אַז ד"ר הערצל איז אַ ווירקלעכער נביא, געשיקט מן השמים צו העלפן אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל ענדלעך אויסגעלייזט ווערן פון זיין כמעט צוויי טויזנט יעריקן גלות.

אויף דער פאַרזאַמלונג זיינען בייגעווען: ר' יעקב רודסקי, ר' פנחס קאָמענעצקי, ר' חיים קאָפּעלמאַן, ר' שמעון כאַדאַראָווסקי, ר' משה הלוי (דער לעצטער געפינט זיך היינט אין תל־אביב).

די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט ביסלעכוויז געשאַפן געוויסע אינסטיטוציעס פאַר וועלכע מען האָט געמוזט אַרבעטן און, איבערהויפט, אַנטוויקלען דעם אידעאַל פון פּאָליטישן ציוניזם. אַזוי־אַרום זיינען געשאַפן געוואָרן: די אינסטיטוציע פון קרן קיימת לישראל, אויף צו אויסלייזן דעם באָדן פון ארץ־ישראל; און דער קאָלאָניאַל־באַנק אויף צו אונטערשטיצן פינאַנציעל די ערשטע קאָלאָניסטן. אויסערדעם האָט מען געדאַרפט אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן גייסט צווישן דער יוגנט.

מען האָט אויך געדאַרפט צוציען אַ גרעסערן עולם אַלס אַבאָנענטן פון די צייטונגען: „הצפירה", „הזמן"; פון זשורנאַל „השילוח"; אַריינברענגען נייע לער־מעטאָדן אין דעם אַלטן חדר און אים טראַנספאָרמירן אין אַ חדר מתוקן. די אַרבעטן זיינען, פאַרשטייט זיך, אַרויפגעפאַלן אויף די ציונים כלליים וועלכע, אגב אורחא דאַרף דערמאָנט ווערן, זיינען געווען העכסט אָנגעזעענע מענטשן, בעלי־בתים פון שטאָט, וואָס פלעגן הנאה האָבן פון לערנען אַלע נאַכט אין בית־המדרש אַ בלאַט גמרא; אויסערדעם האָבן זיי קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו דאַווענען דריי מאָל אַ טאָג. דידאַזיקע אידן האָבן אָבער געהאַט גרויסע שוועריקייטן צו יענער צייט אין רוסלאַנד: זיי זיינען געווען עסוקים בפרנסה. אַזוי־אַרום, זיינען ביסלעכוויז געפאַלן אָט די נאַציאָנאַלע אַרבעטן אויף דער יוגנט, וואָס פלעגט מיט ענטוזיאַזם אויסהערן די שמועסן פון די אַלטע חברים שבת, בין־מנחה־למעריב, און האָט זיך ביסלעכוויז צוגעגרייט צו דער קאַמפּאַניע פון גאולת הארץ והעם.

פאַרן אָנפאַנגען די אַרבעט, האָט די יוגנט געשאַפן אַן אגודה מיטן נאָמען „צעירי ציון". אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן אָנטייל גענומען פאָלגנדיקע חברים: יוסף הערציג; יואל מאיר הכהן; יוסף באָבראָווסקי; משה מאַלאָזאָווסקי; יהושע ראָזענבלום; יחזקאל פרץ טשערניאַק; זונדל בן עקיבא; חנן שילעווסקי און מרדכי ל. אבשלום (אין יענער צייט האָט ער געטראָגן דעם פאַמיליען־נאָמען פרידמאַן־פורמאַן), וועלכער איז דערוויילט געוואָרן אַלס ערשטער נשיא פון דער אגודה. די הויפּט־אַרבעטן פון דער אגודה זיינען באַשטאַנען אין זאַמלען געלט פאַרן קק"ל. אַזוי פלעגן יעדן פרייטיק אַרויסגיין איבערן שטאָט חברים מיט פושקעס און קלייבן געלט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. אַנדערע זיינען געגאַנגען פאַרקויפן אַקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק (וואָס איז געווען אַ העכסט שווערע אַרבעט); פאַרקויפן מאַרקעס פון קרן קיימת א. ד. ג. יעדעס מאָל, ווען אַ מגיד אין בית־המדרש פלעגט אַנטוויקלען דעם ציוניסטישן געדאַנק אין זיין דרשה, פלעגן די חברים

יחזקאל־פרץ טשערניאַק

# די ביבליאָטעק

איך געדענק, ווען כ'בין נאָך אַ קינד געווען, פלעגט צופאָרן צום בית־מדרש אַ בויד, געשפּאַנט צו אַן אויסגעדאַרט פערדל, אָנגעמוליעט די האַלדז פון כאָמאָנט, וואַרפנדיק דעם קאָפּ הין און צוריק. פון בויד פלעגט אַרויסקריכן אַ איד, אַ מוכר ספרים, און פלעגט אויספּאַקן זיינע סחורות אין בית המדרש: תפילין, מזוזות, ציציות, סידורים'לעך, מחזורים, משניות, „יאָרצייטן", שיר המעלות'ן פאַר יולדות און אַנדערע זאַכן. דאָס איז אַלץ געווען ביודעים. בסתר האָט ער אויך געהאַנדלט מיט ראָמאַנען פון שמ"ר און אַנדערע. און ווייל עס זיינען קיין בעלנים ניט געווען צו קויפן, פלעגט ער זיי געבן לייענען „אויף פּריקאַט". קיין שטאָט ביבליאָטעק איז אין גאָניאָנדז ניט געווען, הגם קולטורעל איז גאָניאָנדז געשטאַנען העכער ווי די אַרומיקע שטעטלעך. האָבן זיך אין יענער צייט צונויפגעקליבן עטלעכע בחורים — דוד יאַנקל רודסקיס, יצחק דער דיינ'טעס, הערשל וויגאָדסקי (כינעס זון), הערשל־לייב חיים מאיר'ס, חייקל שלמה־יאָסלס, יאָסל שיימעס, משה דער קלעוויאַנקער און אַנדערע — און האָבן געגרינדעט אַ ביבליאָטעק.

די ערשטע ביבליאָטעק איז געווען ביי שלמה־יאָסלען אין אַ באַזונדער צימערל, פאַר וועלכן מ'האָט אים געצאָלט דירה־געלט. די ביבליאָטעק איז פון אָנהויב באַשטאַנען פון געשענקטע, און אַ טייל געקויפטע, אידישע און רוסישע ביכער, און פון גאָר אַ קליינער צאָל לשון־קודש'דיקע. די ביבליאָטעק האָט אויך אויסגעשריבן די ערשטע אידישע צייטונג, וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין פּעטערבורג, „דער פריינד". און די גאַנצע שטעטל פלעגט זיך באַנוצן מיט דער צייטונג. ביז אַלע פלעגן דורכלייענען די צייטונג פלעגט דויערן עטלעכע ייאָכן.

דער אָפּיציעלער שטעמפּל פון דער ביבליאָטעק איז געווען „געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק אין גאָניאָנדז" (אָבשצעסטווענניאַיאַ ביבליאָטעקאַ וו גאָניאָנדזע). די אויבנדערמאָנטע בחורים זיינען אויך געווען די גרינדער פון דער יונגער ציוניסטישער באַוועגונג. אַזוי־אַרום האָט די גאַנצע ציוניסטישע טעטיקייט זיך קאָנצענטרירט אין ביבליאָטעק לאָקאַל.

פון שלמה־יאָסלען איז די ביבליאָטעק אַריבער אין אַ נייעם פיינעם צימער, ביי מאָטקע קלאַפּ'ן. דאָרטן האָט שוין די ביבליאָטעק געקריגן אַ נייעם נאָמען „בית עקד הספרים בגוניונדז". דער שטעמפּל איז שוין געווען אַ מער אָנגעזעענער — אין דער פאָרם פון אַ בוך.

דאָס איז געווען נאָך הערצל'ס טויט. פון מאָטקע קלאַפּ'ן האָט מען, אין 1904, די ביבליאָטעק אַריבערגעפירט צו ר' בנימין דעם סופר. דעמאָלט איז אין דער ביבליאָטעק שוין געווען אַריבער פיר טויזנט ביכער. דעם ערשטן אָרט האָט פאַרנומען אידיש, דערנאָך רוסיש און העברעאיש. אין דער ערשטער צייט פון נאָך דער גרינדונג פלעגן די גרינדער „דיזשורירן" טעגלעך אין ביבליאָטעק; אכטונג צו געבן אויף די ביכער, געבן אָנווייזונגען וואָס ווער זאָל לייענען.

בערך אין 1910—1911 איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן די אָנפירערס פון דער ביבליאָטעק פון דער ציוניסטישער יוגנט מיט די פאָרשטייער פון בונד, וועלכע האָבן געפאָדערט, אויסער זייער אָנטייל אין דער לייטונג פון דער ביבליאָטעק אויך אַריינצונעמען בונדיסטישע ליטעראַטור. ס'איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אַבאָנענטן פון ביבליאָטעק און די פאָדערונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. לייבל מאַנקאָווסקי, דער דאַמאָלסדיקער פאָרשטייער פון בונד, האָט פונדעסטוועגן מסכים געווען בלייבן אין דער פאַרוואַלטונג. דערמיט האָט זיך דער סכסוך געענדיקט.

די ביבליאָטעק האָט זיך זייער גוט אַנטוויקלט ביז דער מלחמה אין 1914. ווען מ'האָט



**פאַרוואַלטונג פון תרבות־ביבליאָטעק אין יאָר 1925**

ע ר ש ט ע ר י י (פון רעכטס): פישל יצחקי, שלום ניעוואָדאָווסקי, פישל פורמאַן, חיה געלבאָרד, מאיר טרעשטשאַנסקי,ביילקע קליאַפּ.

צ ו ו י י ט ע ר י י: גרוניע קליאַפּ, רבקה קאָברינסקי, חיה באַכראַך.




**פארוואלטונג פון דער תרבות־ביבליאטעק אין יאר 1931**

ע ר ש ט ע ר י י (פון רעכטס): יהודית ביאַלאָסטאָצקי, פייגלביינשטיין, פעשע גאַרבער, ליבע פרידמאַן, רחל רובין.

צ ו ו י ט ע ר י י: חיה פלאַסקאָווסקי, רחל גאָניאָנדזקי, פרומע האַלפערן.

אָנגעפאַנגען באַמבאַרדירן גאַניאָנדז האָט מען די ביבליאָטעק אַריבערגעפירט צו משה באַנד־קעס אין געוועלבטן קעלער. אַן אויפרייס פון אַ באָמבע נאָענט נעבן קעלער האָט אַ טייל ביכער פאַרברענט. אַ טייל פון די בעסערע בי־כער האָבן מיר פאַרפאַקט אין קאַסטנס און מיטגענומען אין וואַנדער וועג, פריער אין קני־שין, יאַשינאָווקע, און דערנאָך אין ביאַליסטאָק. סוף 1915, ווען גאַניאָנדזער האָבן זיך צוריק־געקערט אַהיים האָט מען געבראַכט די ביכער פאַרפאַקט אין די קאַסטנס און געגרינדעט די נייע ביבליאָטעק ביי ביילקע פעשעס אויפן צווייטן שטאָק. די געבליבענע ביכער פון משה באַנדקעס קעלער האָבן געדינט אַלס יסוד פאַר די ביבליאָטעקן אין די אַרומיקע שטעטלעך. ביז דעם חורבן פון גאַניאָנדז איז די ביבליאָ־טעק געווען דער צענטער פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע. די ביבליאָטעק איז באַ־רייכערט געוואָרן מיט פיל נייע אידישע און העברעאישע ביכער.



פאַרוואַלטונג פון י. ח. ברענער־ביבליאטעק אין יאר 1934

ערשטע ריי (פון רעכטס):
ישעיה בוראק,
שיינע רייגראָדסקי,
דוד ליכטענשטיין,

צווייטע ריי:
רחל טראַכימאָווסקי,
ראובן טרעשטשאנסקי,
רחל חזן.

יחזקאל פּרץ טשערניאַק

# דער דראַמאַטישער קרייז

גאָניאָנדזער אינטעליגענטע יוגנט האָט געהאַט אַ לעבעדיקן אינטערעס אין אַלערליי קולטור־טעטיקייטן. צוזאַמען מיטן אינטערעס אין ליטעראַטור, העברעאיש, אידיש און רוסיש, האָט זיך אַנטוויקלט אַ באַזונדער ליבשאַפט צו מוזיק און טעאַטער. פון צייט צו צייט פלעגן געגרינדעט ווערן כאָרן, וועלכע פלעגן אויפטרעטן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, ווי צב״ש אויף די ציוניסטישע שמחת־תורה־מניינים און חנוכה־בעלער, מיט אַ פּראָגראַם פון העברעאישע און אידישע לידער.

אידישע פאָרשטעלונגען זענען אויפגעפירט געוואָרן אין גאָניאָנדז אין פאַרשיידענע צייטן ביי יעדער מעגלעכקייט אין דער צייט פון צאַרישן רעזשים. אין די אונטערנעמונגען האָבן זיך באַטייליקט בחורים און מיידלעך פון אַלע פאַרטייאישע ריכטונגען. שוין ביים אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט, בערך מיט 60 יאָר צוריק, איז אונטער דער אָנפירונג פון משה קאָפּל אברהמ׳קעס געגרינדעט געוואָרן אַן אַמאַטאָרישע דראַמאַטישע גרופּע. די איינציקע פאָרשטעלונג וואָס דידאָזיקע גרופּע האָט אויפגעפירט איז געוועזן „דוד אין דער וויסטע״, אָדער „דוד און גלית״, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט: משה קאָפּל אברהמ׳קעס, הערשל כינעס זון (ווייגאָדסקי), לוי חיים דינקעס (קאָפּלמאַן), סיאָמקע יודקאָווסקי (דער אַקושערקעס זון), חיים הערש לעווין, פּסח, זרח און יאָסל שיימעס א. אַנ. די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין איטשע אַנשלס שפּייכלער...

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מען אין דעם זעלבן שפּייכלער געשפּילט די קאָמעדיע „די צוויי קוני לעמלעך״ פון א. גאָלדפאַדן, אונטער דער לייטונג פון רעזניקן — אַ געהילף ביים פאָטאָגראַף קאַראַסיק. די באַטייליקטע זיינען געוועזן: ישראל־יוסף רודסקי (אין דער ראָל פון ר׳ פּנחסל), יחזקאל טשערניאַק (אין דער... פרויען ראָל „קאַראָלינע״), אהרן רודסקי (אין דער ראָל פון דער פרוי „ליבעלע די נייטאָרין״). עס זיינען דעמאָלט ניט געווען די נויטיקע טאַלאַנטן־מיידלעך צו שפּילן די פרויען ראָלן.

דער דראַמאַטישער קרייז ווערט אַ סטאַבילע אינסטיטוציע אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען די אידישע באַפעלקערונג אין די באַזעצטע געביטן האָט באַקומען די מעגלעכקייט צו שאַפן אידישע קולטור און קונסט־פאַריינען.

אין ביאַליסטאָק און אין אַ צאָל אנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געגרינדעט אידישע דראַמאַטישע קרייזן, וועלכע האָבן צוגעצויגן צו זיך פּראָפעסיאָנעלע שוישפּילער און געהאָלפן צו אַנטוויקלען פיל יונגע אַרטיסטישע טאַלאַנטן.

די פאָרשטעלונגען האָבן אַ חוץ פאַרוויילונג געהאַט אויך דעם ציל צו שאַפן פינאַנציעלע מיטלען פאַר געוויסע קולטור־אינסטיטוציעס, ווי שול, ביבליאָטעק, ווי אויך פאַר אידישע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּישע צוועקן.

אין 1915 איז אין יאנקל רודסקיס ברויערייאויפגעפירט געוואָרן „די שחיטה״ פון יעקב גאָרדין אונטער דער לייטונג פון גאָלדבערג (אַן אָנגעשטעלטער ביי אברהם רודסקי). די פאָרשטעלונג איז געווען זייער אַ געלונגענע און האָט אַריינגעבראַכט אין שטעטל אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג אין אידישער טעאַטער־קונסט. מיט אַ יאָר שפּעטער איז אויפגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג די פּיעסע „גאָט, מענטש און טייוול״. דערנאָך זענען געקומען די פּיעסן: „די יתומה״, „קרייצער סאָנאַטע״, „די טעג פון אונדזער לעבן״ (פון לעאָניד אַנדרייעוו). שפּעטער איז געשפּילט געוואָרן „יאַנקל בוילע״, „דער מטורף״ און אויך „דער בטלן״ פון י. ל. פּרץ.

אין די פאָרשטעלונגען האָבן זיך באַטייליקט די מיטגלידער פון דראַמאַטישן קרייז:

איטקע מערעס (האַלפערן), זעליג פּאָלאַק, אברהם רודסקי, חיה רובין, שמעון האַלפּערן ע"ה, חנא מאכיי, איטקע דעם רב'ס א. אַ. איטקע רודסקי, יחזקאל טשערניאַק, גאָלדבערג, אַ גרויסן טייל אין, איינאָרדנען די פאָרשטע־לונגען האָט געהאַט לייבל מאַנקאָווסקי און די טעכנישע צוגרייטונגען זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך משה'קע פורמאַן.

די לעצטע פאָרשטעלונגען זענען שוין אַראַנזשירט געוואָרן אונטער דער לייטונג פון זיידקע אַלטשולד א. אַ.

אַזוי האָט דער דראַמאַטישער קרייז אין אַלע צייטן פיל בייגעטראָגן צו דעם געזעל־שאַפטלעכן קולטורעלן לעבן אין אונדזער לי־בער גאָניאָנדז.

# חינוך
# דערציאונג

## נצנוצי השכלה בגוניונדז

(מזכרונות ר' אפרים הלפרן ז"ל)

נולדתי בגוניונדז להו־רי אליהו־נחמיה בן שמ־עון הלפרן וחנה־חיה בת ר' משה הלל. אבי ז"ל היה מן המשכילים, איש יודע ספר ולשונות, והיה מעורב עם חוגי האינטליגנציה הרוסית בעיירתנו. הוא התפרנס בקושי מן ההוראה, ולכן נטתה גם אמי שכם ועזרה בפרנסה ובכו־חות משותפים כלכלו משפחתם.



בהיותי בן שתים־עשרה גמרתי לימודי ב„חדר" ואבי ז"ל המשיך ללמדני לימודי־קודש וגם לימודי־חול.

בעיירתנו היה קיים בית־ספר רוסי יסודי בן שלוש כתות ובו למדו רק תלמידים מבני הפולנים. החלטתי להיות התלמיד היהודי הרא־שון בבית־הספר הממלכתי בעיירה שלנו, והיות שאבי ז"ל היה מקורב למנהל בית־הספר, הש־תדל שיקבלני בתור תלמיד, ובקשתו נתמלאה. הייתי היהודי הראשון והיחיד בין מאת התלמידים והתלמידות הקתוליים, אבל נשאתי את בדידותי בדומיה. ה„אוצ'יטל" (המורה) הסביר לי פנים, מפני שהיה רגיל להיפגש עם אבי ז"ל בכל יום ויום אצל מנהל הדואר או אצל הכומר הקתולי, יוזף מאַלישאָוויץ', שידע שפת עבר על בוריה והיה מחסידי אומות העולם. הוא היה אוהב־ישראל מובהק וסבל הרבה מבני עדתו על סובלנותו כלפי היהודים.

ילדי העברים בני גילי החלו לקנא בי שאני תלמיד בית־הספר והביעו לפני את רצונם להיות גם הם בין תלמידי בית־הספר.

בעזרת אבי ז"ל השתדלתי לטובת כל חברי אלה שיקבלום לבית־הספר. השתדלותי הוכתרה בהצלחה. לשנת־הלימודים הבאה הגיע מספר התלמידים היהודים לשמונה־עשר, על אפם ועל חמתם של הקתולים המתנגדים.

כך התחיל רוח ההשכלה לפעם את עיירתנו.

דוד באכראך, פּתח־תקוה

# דער „חדר מתוקן"

די גאָניאָנדזער העברעאישע שולע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (אין 1915) בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, און וואָס האָט עקזיסטירט ביז צום „חורבן", האָט, ווי באַוווסט, זיך אויסגעצייכנט מיט איר זייער הויכן ניוואָ. אַלע גאָניאָנדזער יוגנטלעכע וואָס זיינען עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין דעם צייט־אָפּשניט זיינען פּאַקטיש געוועזענע תלמידים פון יענער שולע.

אָבער היסטאָריש איז דאָס ניט געווען די ערשטע העברעאישע שולע אין אונדזער שטעטל. די סאַמע ערשטע העברעאישע שולע אין גאָניאָנדז איז אייגנטלעך געווען גדאלקע קאָזלאָווסקי'ס חדר מתוקן, ווו מען האָט געלערנט „לשון קודש". מיט גדאלקעס שולע האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע ווענדונג אין פּרט פון חינוך אין גאָניאָנדז. עקזיסטירט האָט די שולע פון אַרום 1901 ביז נאָענט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. וועגן דער שולע קען איך שרייבן פון אינטימער באַקאַנטשאַפט, ווייל איך בין געווען איינער פון אירע ערשטע תלמידים.

די גרינדונג פון דעם „חדר מתוקן" האָט ממש באַטייט אַ „רעוואָלוציע" אין אונדזער שטעטל. אמת, עס איז ניט געווען קיין אַקטיווע קעגנערשאַפט צו דער אָפּווייכונג פון דעם „חדר" פון אַלטן שניט, אָבער עס זיינען געווען גענוג מענטשן אין שטעטל וואָס האָבן זיך צו דעם באַצויגן מיט חשד. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די גרינדער און אונטערשטיצער פון דעם „חדר מתוקן" זיינען אַליין געווען פרומע אידן.

אין 1957 איז עס שווער זיך פאָרצושטעלן וויפל געוואַגטקייט און אָנשטרענגונג עס האָט זיך געפאָדערט מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אַז בלויז עטלעכע מענטשן זאָלן קענען איינברעכן די „כינעזישע" וואַנט וואָס דער טראַדיציאָנעלער „חדר" האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, סיי ווי אַ פעסטונג פאַר אידישקייט — פון אינעווייניק און סיי ווי אַ שוץ קעגן פרעמדע איינפלוסן — פון דרויסן.





אין חדר האָט — אין בעסטן פאַל — אַ קינד געקענט אויסלערנען חומש מיט רש"י, אַביסל נ"ך (נביאים־כתובים) און אַמאָל אויך אַ בלאַט גמרא. די ידיעה אין „לשון קודש" וואָס אַ קינד האָט זיך דאָרטן געקענט דערווערבן איז געווען זייער אַ באַגרענעצטע (אין געציילטע חדרים האָט מען געלערנט די קינדער שרייבן אידיש, חשבון און אַמאָל אויך רוסיש. די צוגאָב־„בילדונג" האָט געזאָלט אויסלערנען אַ קינד שרייבן אַן אידישן בריוו און אַ רוסישן אַדרעס. צו דעם צוועק פלעגט אין געוויסע חדרים אַריינקומען אַ לערער אויף אַ שעה אין טאָג).

אַזאַ פאַרנעם אין חינוך האָט אַ צאָל מענטשן אין גאָניאָנדז ניט באַפרידיקט. באַזונדערס אומצופרידן איז געווען אפרים האַלפערן ז"ל, ביי וועמען עס איז אונטערגעוואָקסן אַ זון — זיין בכור יוסף, וועלכן ער האָט געוואָלט געבן אַ מער מאָדערנע דערציאונג אין לשון קודש. אָט די אומצופרידנקייט האָט געבראַכט צו דער גרינדונג פון דעם חדר מתוקן.

עס איז באַוווסט אַז פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך האָט גאָניאָנדז זיך אויסגעצייכנט מיט דעם גייסט פון השכלה, וואָס האָט דאָרטן געהערשט. עס איז שווער מיט זיכערקייט צו זאָגן ווי אַזוי דאָס איז צו גאָניאָנדז „געקומען". אַ סברה אַז די נאָענטקייט צום „קרעפּאָסטש" אָסאָוויעץ מיט דער גרויסער צאָל רוסישע מיליטער־לייט, פון וועמען די שטעטל האָט געצויגן פרנסה, האָט אַריינגעבראַכט „נייע ווינטן" אין גאָניאָנדז. אָבער איין זאַך איז

זיכער — אַז דער ציוניסטישער גייסט וואָס האָט באַהערשט דאָס שטעטל זינט דער דערשיינונג פון דאָקטאָר הערצל איז געווען דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר. וואָרום ציוניזם האָט מחייב געווען צוויי זאַכן: ישוב ארץ ישראל און די אויפלעבונג פון העברעאיש.

זינט יענער צייט איז שוין אַ קיימא לן פון העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט, אָבער איך געדענק ווי אַ צאָל יונגעלייט פלעגן אַרומשפּאַצירן אויפן שולבאַרג מיט העברעאישע ביכער אין די הענט... אייניקע פון זיי געדענק איך נאָך ביי די נעמען, ווי: ר' גדליה דעם רב'ס פיר זין — משה־מאיר, פנחס, זלמן און וועלוול; דער „דיינ'טעס" פיר זין; דוד רודסקי, און משה לעווין (קלעוויאנקער). (אברהם דער דיינ'טעס און משה לעווין לעבן איצט אין ישראל).

אויך יהושע סופּראַסקי'ן געדענק איך ווי דורך אַ חלום. ער איז באַצייטנס אַוועק אין „טיף רוסלאַנד" — אין קורסק. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ ציוניסטישער פירער (אויף זיין נאָמען עקזיסטירט אַ קאָלאָניע וואָס הייסט נוה יהושע, ביי רמת־גן).

אויך אויף ציוניזם האָבן די פרומע אין שטעטל געקוקט מיט חשד, ווייל דאָס האָט ביי זיי געמיינט דוחק זיין דעם קץ. אָבער דער גייסט פון דער צייט האָט גובר געווען: גאַניאָנדז איז געוואָרן ציוניסטיש און דער חדר מתוקן איז געגרינדעט געוואָרן און איז פאַרבליבן אַ פּערמאַנענטע אינסטיטוציע, פּאַראַלעל מיט די חדרים.

גדאַלקע קאָזלאָווסקי איז געווען איינער פון די יינגערע צווישן די משכילים און אַ מלמד'ס אַ זון (זיין טאַטע איז געווען חיים־הערש דער מלמד) און אפרים האָט אים אויסגעקליבן פאַר דעם פּאַסיקן לערער אין דעם חדר מתוקן. דער אויסוואַל איז געווען אַ גוטער. גדאַלקע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פּעאיקער פּעדאַגאָג. די תלמידים האָבן אים ליב געהאַט און רעספּעקטירט און ממילא זיך „צוגעהערט" צו אים.

עס איז פּאַרשפּאַרט צו זאָגן, אַז דער חדר מתוקן איז בעצם געווען אַ רעליגיעזער און אַז מען האָט דאָרטן געלערנט אין היטלען. דעם פרימאָרגן האָבן מיר אָנגעפאַנגען מיט דאַווענען שחרית אויפן קול — מיט דער ריכטיקער „נגינה", פאַרשטייט זיך. נאָכדעם האָבן מיר געלערנט תורה (חומש) און נ"ך (נביאים־כתובים). חומש האָבן מיר געלערנט לויט די טעקסט ביכער פון מ. ב. שניידער, ווו אַלע נייע ווערטער פון יעדן פרק זיינען געווען איבערגעזעצט אין אידיש. דערביי זיינען אויך געווען די „נטיות" פון די שמות און די „גזרות" פון די פעלים. גאַנצע העפטן פלעגן מיר אויספילן מיט די שטענדיקע איבונגען, און די גירסא דינקותא האָט זיכער אויף אַ סך פון אונדז געהאַט אַ פעולה אין דער קענטשאַפט פון העברעאיש. אין דיזעלבע לערנביכער זיינען אויך געווען מעשיות אין אידיש וואָס די תלמידים האָבן געדאַרפט איבערזעצן אין העברעאיש. די גערעדטע שפּראַך אין שולע איז, פאַרשטייט זיך, געווען אידיש.

גדאַלקע פלעגט ממש פאַנגען די הערצער פון די קינדער דורך פאַרלייענען פאַר זיי מעשיות פון די העברעאישע קינדער צייטונגען: „עולם קטן" און „החבר". העברעאיש געזאַנג איז געווען אַ וויכטיקער „געגנשטאַנד" אין גדאַלקע'ס שולע. אַלע שירי ציון וואָס זיינען דעמאָלט געווען פּאָפּולער האָבן מיר דאָרטן געזונגען.

געזעסן זיינען מיר אויף מאָדערנע שולבענקלעך וואָס מיר פלעגן רופן „סקאַמעיקעס" — אויף רוסיש. דידאָזיקע בענקלעך האָבן געהאָלפן שאַפן דעם כאַראַקטער און די אַטמאָספערע פון אַ „שולע". אין מיטן לערנען פלעגן זיין רעגולערע הפסקות און דער קלאַנג פון אַ גלעקל פלעגט אונדז צוריקרופן צום לערנען. אַז אַ יינגל פלעגט קריגן אַ שטראָף איז עס אויך געווען אויף אַ „מאָדערנעם" אופן — מיט אַ „לינייקע" (סרגל), אָדער דורך אַריינגעשטעלט ווערן אין ווינקל. ווען אין שולע איז געווען מער ווי איין יינגל מיטן זעלבן נאָמען פלעגט מען צוגעבן צום נאָמען אַן אלף, אַ בית, אַ גימל און אַזוי ווייטער (למשל: משה אלף, משה בית).

אין מער ווי איין אויסערלעכן פרט האָט מען זיך נוהג געווען לויט דעם סדר פון דער רוסישער „שקאָלע". מיר זיינען, למשל, אויך

געגאַנגען אַהיים האַלב־פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג, און מיר פלעגן האָבן אַ סך היים־אַרבעט צו טאָן, ווי: שרייבן נטיות, לערנען אויף אויסנווייניק שירים און שטיקער תנ"ך, און איבערזעצונגען (תרגומים) פון אידיש אויף העברעאיש. פאַקטיש האָבן גדאַלקע'ס תלמידים ניט געהאַט מער פרייע צייט ווי די יינגלעך פון די חדרים.

וווּנדערלעכע איבערלעבונגען זיינען פאַר אונדז געווען די שפּאַצירן אויסערן שטאָט, וואָס זיינען אויך געווען אַ טייל פונעם לערן־פּראָגראַם. מאַרשירן פלעגן מיר פּאָרווייז, לויט אַ „מיליטערישן" סדר. און ווי נאָר מיר פלעגן אַרויסקומען אויסערן שטאָט פלעגן מיר אָנפאַנגען זינגען. „חושו אחים, חושו" איז געווען דער פּאָפּולערסטער מאַרש־ליד. אויף איינעם פון די שפּאַצירן, געדענק איך, האָט אונדז דער הייסער ציוניסט זיידקע טיקאָצקי מכבד געווען מיט אַ פולן קאָשיק קאַרשן...

אין מיין כיתה האָבן געלערנט: יוסף האַלפּערן, יעקב מוראַינסקי (יאַנקל יויסקעס), יצחק בייקאָווסקי, זוסקע מחבר, סענדער מילטשאַן, משה קאַנטאָראָווסקי און זיידקע טיקאָצקי'ס צוויי זין — צאַלקע און לייזער. אין אַ העכערער כיתה האָבן, צווישן אַנדערע, געלערנט: זעליק נעוואָדאָווסקי און משה'קע פורמאַן (יצחק יאָסקעס). די צוויי „גרויסע בחורים" וואָס זיינען געווען אַ „כיתה" פאַר זיך אַליין זיינען געווען: מאָטיע לייב פרידמאַן (פעשע דער סטאָזנאָווער'ס. רופט זיך איצט — מרדכי ל. אבשלום; לעבט אין אַרגענטינע) און הלל ביאַלי (חיה צירל'ס). זיי פלעגן שוין צוהעלפן גדאַלקען אין דער שול אַרבעט.

נאָכדעם ווי גדאַלקע האָט זיך געשטעלט צום פּריזיוו און מען האָט אים „אָפּגעגעבן" פאַר אַ סאָלדאַט האָט אפרים אַראָפּגעבראַכט אַ לערער פון סוכאָוואָליע. געהייסן האָט ער לייבל ווייַנשטיין, אָבער אין שטעטל האָט מען אים גערופן, „לייבל סוכאָוואָליער".

ווען גדאַלקע איז אין 1906 צוריקגעקומען פון דער רוסישער אַרמיי האָט ער פונדאָסניי איבערגענומען די שולע און איר אָנגעפירט מיט גרויס דערפאָלג, ביז נאָענט צו דער ערשטער וועלט מלחמה. ווען ער האָט זיך איבערגעצויגן ווייט אין רוסלאַנד, וווּ ער האָט געהאַט „ווּוינרעכט" אַלס רעזולטאַט פון זיין באַטייליקן זיך אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. מיט גדאַלקע'ס אַוועקפאָרן פון גאָניאָנדז איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דער קאַפּיטל „חדר מתוקן". דער וועג איז שוין דעמאָלט געווען אויסגעפלאַסטערט פאַר אַ מאָדערנעם „בית־ספר".

„השומר־הצעיר" פון גראַיעווע באַזוכט דעם „החלוץ־הצעיר" אין גאָניאנדז, 13.8.28.
פאָטאָגראַפירט אויפן טייך.



משה לוין

# תולדות בית־הספר העממי העברי בגוניונדז

עם התפשטות התנועה הציונית בארצות הגולה, התעורר הרעיון של תחיית השפה העברית. „ברור הדבר" — אמרו חלוצי הרעיון — „כי אי־אפשר לתאר את חידוש החיים הלאומיים של העם העברי בארץ־ישראל בלעדי תחיית השפה הלאומית כנחלת כל העם". הרעיון הנעלה הזה התעורר גם בלבם של אחדים מצעירי בני עמנו בעיירתנו הקטנה גוניונדז במחוז ביאליסטוק, שהיתה שייכת אז לרוסיה.

בעת ההיא — בשנים הראשונות של המאה ה־20, — היתה בעיירתנו קבוצה של חמישה עשר בני נוער, בערך, אחדים מהם תלמידי ישיבת ביאליסטוק ולומז'ה, — אשר החלו לעסוק בשקידה, מלבד בלימוד הגמרא, גם בלימודים „חיצוניים".

מקום הלימוד היה בבית־המדרש, שבו היו בני הנוער הללו מבלים את זמנם בלימוד הגמרא. אחרי גמרם את שיעורם בתלמוד היו מוציאים ממחבואם את הספרים „החיצוניים" ולומדים בשקידה ובהתלהבות את השפה העברית, ספרותה ודקדוקה, תנ"ך, שפות זרות, ביחוד השפה הרוסית ודקדוקה. אחר־כך החלו ללמוד גם מתימטיקה, טבע וגיאוגרפיה.

בין חברי הקבוצה הזאת הצטיין בידיעותיו יצחק יפה, שאליו היו פונים כל המתלמדים בשאלותיהם בענינים בלתי מובנים להם. כעבור זמן־מה נתקבל יצחק בתור תלמיד בקורסים הפדגוגיים בגרודנה, בגמרו שם את לימודיו עלה





לארץ ונתמנה למנהל בית־הספר היסודי ברחובות.

חברי הקבוצה הזאת, אשר הלכו והתקדמו בידיעותיהם, השפיעו גם על יתר בני העיירה, והם החלו להתעניין בספרות העברית. מספר הקוראים עברית הלך וגדל. נוסדה ספריה קטנה, שבה היו הצעירים נאספים בערבים והיו מבלים את זמנם בקריאה ובוויכוחים על ענינים שעמדו אז ברומו של העולם העברי.

במשך העת נתעוררה אצל המתלמדים השאיפה לחדש בפיהם את השפה העברית, ואחדים מהם קיבלו על עצמם להגשימה בחיים, למרות לעגם של חברים אחדים קטני אמונה, אשר אמרו, כי אין כל אפשרות להשתמש בשפה העברית בדיבור החי. „איך אפשר" — אמרו — „לדבר בשפה זו על ענינים רגילים בחיי הבית והרחוב אם אין בה, למשל מלים ל„זייגער", „גאזעט", „אייזנבאַן" וכדומה". על זה ענה להם חברנו היקר יואל מאיר כהן ז"ל, שהצטיין בשאר־רוח ובידיעת השפה העברית וספרותה: „האם משום שאינכם יודעים את שפתנו, מפני שאתם מתעצלים ללמדה, נסתלק משאיפתנו הנעלה? הסבירו לי, בבקשה, במה נופל, למשל, השם „מורה־שעות" — מהשם הפולני „זייגער", השם „כתב־עת" * — מהשם הרוסי „גאזעטא", או השם „מסילת־ברזל" — מהשם הגרמני „אייזנ־

* המונחים „שעון", „עתון" עדיין לא היו קיימים אז.



בין המורים יושבים אורחים־בוחנים מביאליסטוק

באן" וכדומה. אם תשתדלו, חברים, ללמוד לדעת את שפתנו הלאומית תיווכחו, כי טועים אתם בחשבכם, שחסרות לנו המלים, אשר אנחנו צרי־כים להשתמש בהן בחיים היום־יומיים. בספרותנו העברית החדשה כבר נמצאות מלים רבות הדרו־שות לדיבור החי, וסופרינו הולכים ומחדשים מלים לצרכי יום־יום כמתכונתה של לשוננו וברוחה: העיקר הוא, שצריכים ללמוד לדעת את הספרות הזאת".

שיחות כאלו, שהתגלגלו לעתים קרובות, השפיעו הרבה על בני עיירתנו והמריצו אותם ללמוד בשקידה את השפה העברית וספרותה.

באותו הזמן נוסד בעיירתנו „חדר מתוקן", שבו הכניסו את לימוד השפה העברית ודקדוקה בתור מקצוע מיוחד.

אחד מתלמידיו הראשונים של ה„חדר המתוקן" ההוא היה חברנו היקר יוסף הלפרן, שאביו אפרים ז"ל היה ממיסדיו. אמנם, הלימוד היה בעזרת התרגום לאידיש, בכל זאת היה בייסוד „החדר" משום חידוש גדול בזה, שהנהיגו בו את לימוד השפה העברית בתור מקצוע מיוחד. דבר זה נחשב להתקדמות חשובה בחינוך ילדי העיירה.

בימים ההם (1906—1910), לאחר כשלון המהפכה ברוסיה, שנגמרה בפרעות ביהודים, גברה ההתעוררות בתנועה הציונית. רבים מבני הנוער העברי בעיירתנו התחברו אל האגודות „צעירי ציון" ו„פועלי ציון", אשר עמדו במאבק קשה עם חברי ה„בונד", שהתנגדו לרעיון הלאומי. כך גדלה והתפשטה ביניהם השאיפה לידיעת השפה העברית. מספר הצעירים, אשר התעורר בהם הרצון לדבר ביניהם עברית הלך וגדל. בייחוד התפשטו ידיעת השפה העברית והדיבור העברי בין תלמידי, אשר התחלתי ללמד אותם לפי השיטה החדשה, שנקראה אז „עברית בעברית".

בעת הראשונה התנהל הלימוד הזה בכבדות. הילדים התקשו בהבנת הביאורים ודיבורם היה מגומגם ומלאכותי. קשה היה להם להביע את מחשבתם בדברים פשוטים וברורים, הואיל



שמעון הלפרן

וחסרו להם המלים והמבטאים הנחוצים לכך.

אבל כעבור זמן לא רב כאילו באה מהפכה פתאומית בשימוש הילדים בשפה העברית. הם החלו להבין את ביאורי וגם לענות על שאלות בלי קושי מיוחד. תשובותיהם היו קצרות, אך ברורות ומובנות. התקדמות זו הביאה לידי כך, שהילדים החלו לדבר ביניהם עברית בלי הת־אמצות מיוחדת.

השינוי הפתאומי הזה לטובה, שבא בהתפת־חות הדיבור העברי בפי תלמידי, עודד את רוחי ואת רוח אשתי הצעירה שגם היא היתה תלמידתי.

„מהיום הזה והלאה" — אמרה אשתי — „יהיה ביתנו בית עברי אמיתי שבו ידברו אך בשפה העברית", ואת החלטתה זו הוציאה אל הפועל בכל תוקף. גם כל חברינו, שהיו נאספים לעתים קרובות בביתנו היו מוכרחים לדבר רק עברית.

אחר־כך, כאשר נולדה לנו בתנו הבכורה, שולמית ע"ה, החלטנו, כי „שפת־אמא" שלה תהיה העברית. את החלטתנו הגשמנו במלואה. כך היה ביתנו הבית העברי הראשון בארצות הגולה ובתנו שולמית היתה הילדה הראשונה בארצות הגולה, אשר גדלה והתחנכה בשפתנו הלאומית.

כשנה לאחר שפרצה מלחמת־העולם הרא־שונה, נכבשה עיירתנו גוניונדז על־ידי הגרמנים (1915). בימים ההם עדיין היה יחסם של הגר־מנים אל בני עמנו הוגן ותרבותי. אחרי הכיבוש חזרו לעיירתנו רוב תושביה היהודים, אשר גורשו ממנה על־ידי הרוסים. בחזרם התעוררה בעיירה שאלת חינוך הילדים; כי רק „מלמדים" אחדים חזרו ולא יכלו לטפל בכל ילדי העיירה. מצד אחר, היו הורים רבים, שדעתם לא היתה נוחה בכלל מסדר הלימודים ב„חדרים". מלבד זאת התעוררה גם שאלת חינוך הבנות, שקודם לכן למדו בבית־הספר הרוסי. בתחילה היססתי לבוא לפניהם בהצעה שלי — לפתוח בית־ספר, מחשש, שמא לא יהיה לאל ידי להוציא את הרעיון הזה אל הפועל. אולם כעבור זמן־מה באו אלי הורים אחדים, ביניהם מר אפרים הלפרן ז"ל, בהצעה לקחת את „המכשלה הזאת" (כפי שהתבטאו אז) תחת ידי. לאחר שבירדתי להם את הקשיים שבענין הזה אמרתי להם, כי אתן להם את תשובתי בעוד יום יומיים.

עוד באותו ערב הזמנתי אלי שניים מתלמידי הטובים: יואל מאיר כהן ושמעון הלפרן, ז"ל, שהצטיינו בידיעותיהם בלימודים העבריים והכל־ליים, מסרתי להם את הצעת ההורים ושאלתים, אם הם מסכימים להשתתף עמי בייסוד בית־הספר ולעבוד בו בתור מורים. הסברתי להם גם את הקשיים הגדולים העומדים לפנינו בגשתנו להגשמת הרעיון של יסוד בית־ספר עממי עברי בעוד שאין לנו ספרי לימוד אף לאחד מן הלי־מודים הכלליים — לא לחשבון, לא לטבע ולא

יואל מאיר כהן





לגיאוגרפיה. האם נוכל ליצור יש מאין? אולם על אף כל הקשיים האלה מוטלת עלינו החובה להתאמץ בכל כוחנו להוציא את הרעיון הזה אל הפועל וליסד בית ספר עברי תקין ומסודר, כמו שיש לכל עמי העולם. אם הדבר הזה יעלה בידנו, הלא תהיה זו מהפכה שלמה בסדרי החי־נוך של ילדי היהודים בארצות הגולה, כי ממנו יראו וכן יעשו היהודים גם בערים אחרות בגולה. על זאת ענו לי שניהם, שהם ירגישו עצמם מאושרים בזכות להשתתף בייסוד בית הספר העברי הראשון בגולה, והם מוכנים להקדיש את כל מרצם ויכלתם לעבודה הלאומית החשובה הזאת. אחר־כך שוחחנו על ענינים מעשיים שונים בנוגע לסידורים בבית־הספר וקיבלנו החלטות שונות. ביניהן היתה גם ההחלטה, כי בבית־הספר הזה ילמדו הבנים והבנות ביחד.

למחרת התאספו בביתי ההורים, ואני מסרתי להם, כי אני יחד עם יואל מאיר כהן ושמעון הלפרן מקבלים עלינו את עבודת ההוראה בבית־הספר, העומד להיפתח בעיירתנו. כן הודעתי להם על ההחלטות השונות, אשר קיבלנו בישיבתנו אמש. מלבד זה בישרתי להם, כי יש לי הרשות ממר יעקב רודסקי (שעדיין לא חזר לביתו) לפתוח את בית־הספר בביתו, שבו גרתי גם אני באותה שעה.

בישיבה זו הודיע אחד ההורים, כי כבר יש לו מן המוכן הספסלים הנחוצים לבית־הספר, וכי למחר בבוקר יביאם ויסדרם בשלושת החד־רים הנמצאים בביתו של מר יעקב רודסקי. עוד הורים אחדים קיבלו על עצמם לספק לבית־הספר את מכשירי הלימוד הנחוצים, לפי הרשימה שהוגשה להם על־ידי המורים.

למחר בבוקר, עוד קודם שגמרו לסדר את הספסלים בחדרי בית־הספר, כבר החלו ההורים לבוא לרשום את ילדיהם. במשך שנים שלושה ימים נרשמו למעלה משמונים ילדים — בנים ובנות.

לאחר שבחַנּוּ את הילדים חילקנו אותם לשלוש כיתות. רק ילדים אחדים נשארו מחוץ לביה״ס, מאחר שלא התאימו אף לאחת מהכי־תות שנפתחו. קשה היה לנו לצער את ההורים ולשלוח את ילדיהם הביתה, אך גם לקבלם לא

יכולנו. היה מצב לא נעים כלל. אולם אשתי הצילתנו מאי־הנעימות הזאת: היא התנדבה לטפל בילדים האלה, עד אשר ימצאו דרך לסדר אותם.

אחרי הבחינות היתה למורים ישיבה, שבה דנו על דרכי ההוראה. בנוגע לשפת־הלימודים לא היו בינינו שום חילוקי־דעות. ברור היה לכולנו, כי אנחנו מתחילים תיכף ללמד לפי שיטת „עברית בעברית", זאת אומרת, הביאו־רים צריכים להיות רק בשפה העברית, בלי להשתמש כלל באידיש. אולם, היה ויכוח ביחס לשיטות ולדרכים שבהן אפשר להוציא את הדבר הזה אל הפועל? איך ינהל המורה את שיעורו, בעוד שהילדים אינם מבינים את דבריו? אחרי רוב ויכוחים באנו לידי החלטות מסוימות על האמצעים הטובים והמתאימים, שבהם צריך המורה להשתמש, כדי שיקל לילד להבין את דבריו. בתוך השאר הוחלט להושיב בכל כיתה אחדים מתלמידי אשר ידעו כבר קצת עברית, שהם יוכלו לענות על שאלות המורה, ואחריהם יימצאו בודאי גם בין הילדים החדשים כאלה, שיהיו מסוגלים לחזור על תשובותיהם של הרא־שונים. בדרך זו יתחילו לאט לאט כל הילדים להשתתף בשיעור. כן החלטנו, כי פעם בשבוע יתן אחד המורים שיעור לדוגמה, ואחרי השיעור תהיה לנו ישיבה, שבה ידונו על טיב השיעור, על מעלותיו וחסרונותיו, וכיצד לתקן שגיאות ופגימות.

ההחלטות הביאו תועלת מרובה: הן הקלו בהרבה את עבודת ההוראה ולכן השתדלו המו־רים להגשים אותן בקפדנות יתרה.

ברכה מרובה ביותר הביאו השיעורים לדוגמה והביקורת שהיתה אחריהם. הם קידמו הרבה את עבודת ההוראה של המורים, שכן כל אחד מהם השתדל להמציא אי־אלו חידושים בדרכי ההוראה, אשר הועילו הרבה להקל על התל־מידים את הבנת הדבר הנלמד.

בכל יום אחרי הלימודים היו המורים נאספים והיו מכינים ביחד את השיעורים ליום המחרת. באותו הזמן התחלתי בהכנת ספרי לימוד לגי־אוגרפיה וטבע, שיצאו לאור אחר־כך בהוצאת „צנטרל" בוורשה. בעבודה זו עסקתי לאחר שגמרנו את עבודתנו בהכנת השיעורים היום־יומיים.

בכלל היינו שבעים רצון מעבודתנו הקשה, כי הרגשנו, שאנחנו ממלאים תפקיד לאומי חשוב ויוצרים יצירה חדשה בעלת ערך גדול ונשגב; אנו בונים בית־ספר לאומי, בית־ספר אמיתי, ממש כמו שיש לכל שאר העמים הנאורים בעולם.

גם תלמידינו היו מרוצים מאוד מהלימודים. הם שקדו על לימודיהם בחשק גדול והתקדמו בידיעותיהם העבריות והכלליות יפה מאוד.

תלמידים רבים ידעו את שיעוריהם על פה, כגון פרקי תנ"ך, שירים ומאמרים שונים, דברים מסוימים בגיאוגרפיה, בטבע וכדומה. היו ילדים שכעבור כמה חדשים לאחר שנפתח בית־הספר התחילו לדבר ביניהם עברית גם מחוץ לבית־הספר, אף־על־פי שהמורים לא דרשו מהם את הדבר הזה.

על דבר המשמעת לא התעוררה אף פעם כל שאלה. לא קרה אף מקרה אחד שמורה התאונן על ליקויים בהקשבת תלמידיו או בשקידתם על הלימודים. הנהגתם היתה מצוינת, ותמיד התיחסו אל המורים באהבה ובכבוד. עד היום עולה זכרם לעתים קרובות על לבי, המלא אהבה וגעגועים על כל תלמידי ותלמידותי היקרים האלה, הנפוצים כיום בארצות שונות על פני כדור האדמה. תקותי חזקה שגם הם לא שכחו אותי כליל.

באותם הימים בא אל עיירתנו צעיר אחד בשם ירוחם לוין, מראשי „צעירי ציון" בביא־ליסטוק (אח"כ — תושב העיר עפולה בארצנו).

הצעיר הזה שהצטיין בידיעת השפה העב־רית בא אל ביתי ואמר, כי הגיעה אליו השמועה על דבר יסוד בית־ספר עברי בעיירתנו, ולכן בא לראות בעיניו את הפלא הגדול אשר לא האמין בו למשמע אזניו. לאחר שביקר באחד השיעורים בבית־הספר אמר: „אני נרעש ונפעם מאוד מכל אשר ראיתי ושמעתי כאן היום. בשעה שהקשבתי לשיעורים היה נדמה לי, כי אני רואה ושומע את כל זה בחלום, ונזכרתי את אשר סיפרה לי פעם זקנתי, כי יש שהאדם רואה דברים בחזון הלילה באופן ברור כל כך, עד שנדמה לו כי הוא רואה זאת בהקיץ. רק כאשר

באתי בדברים עם הילדים, שמעתי את דיבורם השוטף והיפה בעברית ונוכחתי לדעת, כי לא בחלום אני רואה ושומע את כל אלה, כי אם על סף בית־ספר עברי עממי אמיתי אני עומד. אני בטוח, כי המוסד הזה יביא שינוי כביר לטובה בשיטת החינוך של ילדינו בהרבה מאר־צות הגולה. תחזקנה ידיכם, חברים יקרים, והיו ברוכים".

כאשר סיפרתי לירוחם לוין, בהמשך שיחתנו, על הקשיים שיש לנו ביצירת המונחים ללימודים כלליים שונים, אמר, כי שני צעירים מביאליס־טוק, שלמדו בגימנסיה „הרצליה" ביפו חזרו הביתה בימים האחרונים. צעירים אלו הביאו אתם רשימות של לימודיהם, ובהן נמצא לכל הפחות חלק מן המונחים הנחוצים לנו. את הרשימות הללו ישלח לנו אחרי שובו הביתה. כעבור ימים אחדים קיבלנו ממנו את הרשימות, ומצאנו בהן אך מעט מזה, שהיה נחוץ לנו, אולם גם ה„מעט" הזה הביא לנו תועלת מרובה.

בשנה השניה לקיומו של בית־ספרנו גדל מספר תלמידינו והגיע ל־120. פתחנו כיתה חדשה וקיבלנו בתור מורה את יהונתן ניימן ז"ל, שהיה צעיר מאוד לפי גילו ועוד יותר לפי מראהו. אך בהיותו בעל כשרונות מיהר להס־תגל, בעזרת חבריו, לעבודת ההוראה, וכעבור זמן לא רב היה למורה טוב.

לאחר שנפתחה כיתה חדשה וגם נוספו תלמי־דים לשאר הכיתות, היו החדרים, שבהם למדנו, קטנים מהכיל את כל הילדים. גם היו הורים אשר התאוננו, כי קשה לילדיהם הקטנים ללכת בימי החורף אל בית־הספר, הנמצא בקצה העיירה, על שפת הנהר. לכן העברנו את בית־ספרנו לדירה אחרת, במרכז העיירה. בדירה החדשה היו החדרים גדולים ויפים יותר מאשר בדירה הקודמת — צורת בית־ספר ממש.

בהעברת בית־הספר לדירה החדשה עזר לנו חברנו יחזקאל פרץ צ׳רניאק, שמהעת ההיא התחיל להתענין בבית־הספר ופעל הרבה מאוד לטובתו.

באחד הימים, לאחר שבית־הספר התבסס, נכנס אל כיתתי, בשעת לימוד התנ"ך, בן־אדם בעל סבר פנים יפות בברכת „בוקר טוב" בגר־



מנית, הציג את עצמו לפני בתור אינספקטור על בתי־הספר באיזור הכיבוש, ואמר לי: „אתם לומדים בוודאי תנ״ך, כי הילדים חובשים כובעים". והוא שם את כובעו על ראשו ושאל באיזה ענין אנחנו עוסקים. לאחר שעניתי לו, אמר שאני יכול להמשיך בשיעורי. הוא הקשיב כחצי שעה ואמר לי שהוא רוצה לתהות על קנקנם של הילדים. אני לא התנגדתי, והוא שאל את הילדים שאלות שונות מהתוכן שלמדו. הילדים ענו לו בעברית ואני תרגמתי לו את תשובותיהם לגרמנית. בשיעור הבא בחן את הילדים בחשבון ואחר־כך ביקר גם בשאר הכיתות.

בגמר הלימודים, אחרי שהילדים הלכו הביתה, נתן האינספקטור סקירה על כל מה שמצא בבית־הספר, הראה על הליקויים שמצא בשיעורים והסביר כיצד צריכים לתקן את הפגימות הללו. הוא נתן לנו שיעור יקר־ערך בהוראה. אני הודיתי לו על הערותיו ועל ביאוריו וביקשתי ממנו שיבקרנו ביום הששי הבא בעת השיעור לדוגמה.

לבסוף אמר לנו: „בארו לי, בבקשה, למה לכם כל הטורח הגדול הזה, להכין רשימות לכל המקצועות הכלליים, שאתם מלמדים? אני יכול להמציא לכם את ספרי הלימוד הנחוצים ללימודים האלה, ולא תצטרכו להשקיע עבודה רבה כל כך בהכנת השיעורים האלה". על זה עניתי לו: „אנחנו מודים מקרב לבנו על רצונך הטוב לבוא לעזרתנו, אבל את הצעתך איננו יכולים לקבל, מפני שאנחנו רוצים ללמד את ילדינו בשפתנו הלאומית ולא בשפה של עם אחר. ואני חושב, כי אדם כמוך יכול להבין אותנו מבלי כל ביאורים יתירים". „אני מבין לרוחכם" — ענה — ו„אני לוקח את הצעתי בחזרה". אחר־כך נפרד מאתנו ב„להתראות ביום הששי".

ביום הששי בא האינספקטור בשעה הקבועה. יואל מאיר כהן נתן את השיעור לדוגמה בחשבון, ובהיגמר השיעור הלכו הילדים הביתה, ואנחנו ישבנו אל השולחן כמנהגנו. אני אמרתי אל האינספקטור: „לפנים, בעת שישבנו בארצנו, היה אצלנו בית משפט גדול, שבו ישבו 71 שופטים. את המשפטים היו חורצים על פי רוב דעות. היו שואלים את כל אחד ואחד לחוות דעתו על הענין, שבו דנו. כדי שהשופטים הצעירים לא יהיו מושפעים מחוות דעתם של הזקנים היו תמיד מתחילים לשאול לדעתו של הקטן וגומרים בגדול. אולם הפעם אני רוצה לשנות את המנהג הזה ולשאול בראשונה לחות דעתו של הגדול, כדי שהקטנים ישמעו וילמדו.

האינספקטור אמר, כי ראשית הוא רוצה להעיר, כי המנהגים והסדרים בבתי־הספר בגרמניה הם אחרים לגמרי. שם שוררת בבתי־הספר משמעת קפדנית. הילדים עושים הכול לפי פקודותיו של המורה. גם הכניסה אל חדר הכיתה, גם הישיבה על הספסלים, גם הוצאת הספרים, פתיחתם וכו׳ נעשות על פי הפקודות: אחת, שתים, שלוש. אף־על־פי שהנהגת תלמידיכם כאן היא, כפי שראיתי, טובה מאוד, בכל זאת צריכים להנהיג גם בבית־ספרכם דיוק וסדר טוב יותר. אולם על זה נדבר בפעם אחרת. גם אופן הלימוד אצלנו איננו דומה לזה שלכם. כדי שתוכלו להבין אותי אדגים לפניכם שיעור בלימוד השפה. אתם תהיו התלמידים ואני — המורה.

בשיעורו זה נוכחנו לדעת, כי לפנינו עומד מורה מומחה בעל ידיעות רחבות ועמוקות בתורת ההוראה ועלינו להשתדל לנצל את ההזדמנות וללמוד ממנו את כל מה שיואיל ללמד אותנו. בהיגמר השיעור הבענו לו את התפעלותנו מכשרונו הנעלה בהוראה וביקשנו ממנו, כי יוסיף לעזור לנו בעבודתנו, בידיעותיו המרובות, מנסיונו הגדול ובהבנתו העמוקה. גם הוא היה שבע־רצון מאוד ונפרד מאתנו באהבה בהבטיחו, כי יוסיף לבקרנו ולעזור לנו בכל מה שיוכל. הוא עמד בהבטחתו, ואנחנו השתדלנו להיות תלמידים טובים וללמד על פי שיטתו את תלמידינו.

כעבור זמן־מה באו אל עיירתנו פליטי מלחמה. בין הפליטים האלה היה צעיר אחד בשם שמואל סקלוט אשר למד בקורסים הפדגוגיים העבריים בגרודנה. הזמנתי אותו בתור מורה לבית־ספרנו. הצעיר הזה היה בעל השכלה פדגוגית, הצטיין בידיעותיו במקצועות העבריים והכלליים, גם היתה לו ידיעה הגונה בזמרה ובנגינה (בקונצרטינה) וקצת גם בציור. מהעת שהתחיל לעבוד בבית הספר, הכניס בו רוח חיים. לעתים



# תעודה

צפורה בת בנימין יוסף באיור

תלמוד
עברית
חשבון

המורים

תעודת־גמר של תלמידת ביה״ס העממי העברי — מחזור א׳

לא רחוקות היינו יוצאים עם הילדים לטיולים בסביבות העיירה ולפעמים גם אל היער.

בטיולים האלה למדו הילדים להכיר כל מיני צמחים אשר צמחו בסביבה. היו גם ילדים שלמדו להגדיר את הצמחים בעזרת „מגדיר", שתרגמנוהו ממגדירים ברוסית ובגרמנית. בגי־אוגרפיה ותורת הצמחים למדו לפי רשימות מספרי הלימוד — שהיו מוכנים כבר לדפוס. חשבון והנדסה לימדנו לפי רשימות שתרגמנו מספרי לימוד גרמניים ורוסיים.

המורים רכשו להם ניסיון רב בהוראת כל הלימודים. כל מורה נכנס אל שיעורו כשהיה מוכן בכול — גם בידיעת המקצוע וגם במכ־שירי הלימוד שהיו נחוצים לו, כגון: מפות, תמונות, צמחים, פרחים וכדומה. רמת־הלימודים בבית־ספרנו היתה גבוהה הרבה יותר מזו שבבית־הספר הפולני, שנפתח זמן רב אחרי יסוד בית־ספרנו. אף ילד יהודי אחד לא עבר מבית־ספרנו אל בית־הספר הפולני.

באחד הימים, כאשר האינספקטור ביקר בבית ספרנו, מסר לי מכתב, שבו מזמינים אותי אל המשרד הפדגוגי המחוזי, שהיה בעיר שצ'וצ'ין. בבואי לשם נתן לי מנהל המשרד תעודה, שמינו אותי למנהל בית־הספר העברי בגוניונדז.

„את התעודה הזאת אנחנו נותנים לך" — אמר לי מנהל המשרד — „על פי המלצתו של האינספקטור ראדבן, אשר הילל אותך מאוד ואמר, כי אתה ראוי למשרה זו". התעודה הזאת היתה חשובה והביאה תועלת לבית־הספר, כאשר השלטון עבר לאחר זמן לידי הפולנים.

בשנה השלישית לקיומו של בית־הספר היו בכיתתי הגבוהה 21 תלמידים — בנים ובנות, שכמעט כולם למדו אצלי עוד קודם שנפתח בית־הספר. רובם הצטיינו בידיעותיהם בכל

הלימודים, ביחוד — בידיעת השפה העברית. כולם הרבו בקריאת ספרים ודברו ביניהם אך עברית. היו ביניהם כאלה, אשר החלו לדבר עברית גם אל אנשים צדדיים. בהיכנסם, למשל, אל איזו חנות לקנות דבר־מה, היו פונים אל החנווני בעברית. קרה מקרה שילדים אחדים נכנסו אל אחת החנויות ובקשו מהחנווני אי־אלה דברים, שרצו לקנות. החנווני שלא הבין עברית, אמר להם, כי איננו יודע מה שהם רוצים, והציע לפניהם, כי יתנו לו רשימת השמות של הדברים שהם רגילים לקנות אצלו, והוא ילמד אותם על פה ויוכל למלא את בקשתם. הילדים עשו כהצעתו, והחנווני מילא את הבטחתו.

מסירות הילדים לשפה העברית השפיעה הרבה על בני הנוער שבעיירתנו. רבים מהם החלו לקרוא ספרים עבריים, ועל־ידי כך הת־קרבו לרעיון הציוני ותחיית לשוננו הלאומית. השפעה גדולה מאוד על תלמידינו ועל צעירינו היתה ביחוד לשלושת הספרים, שהובאו על־ידינו אל הספריה שנוסדה בעיירתנו: „אהבת ציון" של אברהם מאפו, „שירת הזמיר" של בוקי בן יגלי, „מסע לארץ ישראל בשנת ת"ת" של א. ל. לוינסקי.

התיאורים הנהדרים מחיי בני עמנו בימים מקדם וכן תיאורי הנופים מרהיבי העין של ארצנו, שבספר „אהבת ציון", העמיקו לחדור אל לבותיהם של בנינו ובנותינו, ועוררו בהם אהבה בלי מצרים לארצנו היקרה. רבים מתל־מידינו ידעו חלק גדול מהתיאורים הנפלאים הללו על פה.

בספר „שירת הזמיר" מסופר על נער עירוני, שבא אל הכפר ושמע בפעם הראשונה את שירת הזמיר הנפלאה. בהיותו מוקסם מהשירה הזאת הוא נעקר מן המציאות, עובר למצב של הזיה ורואה לפניו בדמיונו מראות ומחזות שונים מאורח חייהם ומנהגיהם של אבותינו בימי קדם בארצנו, כגון: עליה לרגל, הבאת בכורים, ניסוך המים בחג הסוכות וכדומה. המחזות האלה עוררו במעמקי נפשם של קוראינו הצעירים געגועים עזים לחידוש חיי עמנו בארץ אבותינו.

הספר השלישי „מסע לארץ ישראל בשנת ת"ת" הוא אוטופיה — תיאור דמיוני מחיי העם העברי, היושב בארץ־ישראל העצמאית בשנת ת"ת. בספר זה מסופר על מורה עברי הגר בארץ רוסיה ונוסע עם אשתו לבלות את „ירח הדבש" בארץ־ישראל, שהיא מדינה עברית עצמאית.

כל תושבי המדינה הזאת הם יהודים ונשיא יהודי עומד בראשה. את הארץ הזאת רכשו היהודים לא בחרב ולא בחנית, כי אם בכספם קנו אותה.

מעשה ידם העיקרי של היהודים — עבודת האדמה. אין אף תושב אחד במדינה הזאת, שאיננו עובד את האדמה. האדמה, שהיא נחלת האומה כולה מחולקת בין כל התושבים במידה שווה — חלקת אדמה מסוימת לכל נפש. כל אחד מתפרנס מיגיע כפיו. אין מנצלים ואין מנוצלים. אין עניים ואין עשירים. אין פועלים ואין אדונים. כל אחד פועל לעצמו ואדון לעצמו, כלומר, כולם שווים.

כל התושבים קובעים עתים לתורה ולמדע, והם אנשים כנים וישרים, החיים באחווה וריעות איש עם רעהו. בארץ שורר משפט צדק על פי חוקי תורת משה, שכולם נאמנים לה. בארץ שולטת אך שפה אחת — היא השפה העברית.

תיאורי החיים האידיאליים האלה במדינה העברית העתידה להיווסד „במהרה בימינו" (לפי השמועה על הצהרת בלפור, שהסתננה אלינו מעבר לקו החזית), הציתו בלבם של נערינו ונערותינו אש „אהבה עזה כמות" לרעיון „התחיה" שלנו. לעתים לא רחוקות אפשר היה לראות נער או נערה השקועים בקריאת אחד הספרים האלה ועל לחייהם מתגלגלים ויורדים נטפי דמעות — דמעות געגועים, דמעות ילדי תום יקרים ונעימים, הנכספים למולדת.

אופיינית לרגשותיהם של תלמידינו בימים ההם היא העובדה שלהלן: פעם דקלמה אחת התלמידות לפני הילדים בכיתה את שירו של פרוג „כוס הדמעות", שבו שואל הילד את אמו: „האמת הדבר, שסיפר אבי־אבי, כי לפני אלוה, במרומי גבוה עומדה כוס פלאות עמוקה", שאל תוכה מוריד ה' דמעה אחת בכל פעם כשאיזו צרה באה על עם ישראל. „ועת כוס הפלאות תמלא בדמעות, אז יבוא המשיח"... האם עונה, כי זה נכון, והילד שואל בשניה: „ומתי, הו,



בנין בית־הספר העברי על הר בית־הכנסת

אמא, כוס זו, כוס הפלאות, מתי תמלא עד שפתה בדמעות? או אולי כל דמעה ודמעה יורדת ברבות השנים מתיבשת ואובדת? או אולי... או אולי תחתיתה נקובה? וכל דמעה ודמעה באה, מיד זבה?" וכאשר הגיעה הילדה אל סוף המשפט הזה, גדלה התרגשותה כל כך, עד שהתעלפה.

המקרה הזה מראה מה עזים ועמוקים היו רגשי הכיסופים של תלמידינו לגאולת עמנו וארצנו — עד כלות־הנפש ממש.

בבואי בבוקר אחד אל בית־הספר מצאתי את מר ראדבן יושב ומחכה לי. על שאלתי מדוע הקדים הפעם כל כך לבוא, ענה, כי היום מוס־רים הגרמנים את בתי־הספר אשר בשטח הכי־בוש לפולנים, והוא בא להיפרד מאתנו. גדול מאוד היה צערי, וכן צערם של שאר המורים שבאו בינתיים, על הפרידה הפתאומית מהאדם היקר הזה, אשר לקח חלק חשוב בשכלולו הפד־גוגי של בית־ספרנו. אחר־כך נכנס אל הכיתה הגבוהה, לימד את הילדים לדקלם שיר מתוך ספר הלימוד הגרמני ונפרד מהם באהבה רבה. גם מאתנו, המורים, נפרד בלבביות יתירה ובצאתו אמר לנו: „אולי לא ניפגש עוד, אבל האהבה, אשר שררה בינינו לא תימחה כל כך מהר מעל לוח לבי". „גם אהבתנו אליך תשכון בלבנו זמן רב", עניתי לו.

כעבור שבועיים, בערך, מיום פרידתו של מר ראדבן, נאספו המורים לפנות־ערב בבית־הספר לישיבה, שבה דנו על ענינים שונים, הנוגעים לסידור הלימודים. פתאום נפתחה הדלת ופולני צעיר נכנס פנימה, ובלי אמירת שלום אמר: „אני הנני האינספקטור על בתי־הספר במחוז זה ובאתי לראות את בית־ספרכם. האם אתם המורים? ומיהו המנהל? „כן, אדון אינ־ספקטור" — עניתי — „אלה הם המורים, ואני הנני המנהל". — האם יכול אני לראות את תעודותיכם? הגשתי לו את תעודתי. הוא עיין בה ואמר: אני הייתי שבע רצון יותר לראות אצלך תעודה פולנית". „בבקשה, אדוני" — אמרתי — „גם אני אהיה שבע רצון מאוד, אם תואיל לתת לי תעודה כזו בפולנית".

מבלי ענות על דברי הצביע על יהונתן ואמר: „האם גם זה הוא מורה? שמע נא —

אמר אליו, בכתבו על הלוח ״(a+b) — באר לי כיצד פותרים את התרגיל הזה?״

יהונתן (שהחויר קצת) קם ממקומו והתחיל לגשת אל הלוח. אולם אני עצרתי בעדו, ואמרתי לאינספקטור, שבוודאי יש לו הזכות לבחון את המורים העובדים בפיקוחו. אולם אין זה נכון להעמיד למבחן אך מורה אחד, גם אם הוא הצעיר בכולם. הלא על־ידי כך מרגיש המורה את עצמו נעלב מאוד. אם יש ברצונו ישב אתנו קצת ונשוחח בענין זה...

„אין לי פנאי לשבת, כי עלי למהר ללכת אל האדון הכומר שלנו. בבקשה להראות לי את הדרך המובילה אל ביתו". הוא אמר „להתר־אות", יצא את החדר ואני הלכתי אתו להורות לפניו את הדרך אל בית הכומר. בשובי מצאתי את המורים עצובים מאוד. אנחנו שוחחנו קצת על המאורע המעציב הזה, וחזרנו לשיחתנו הקודמת על דבר סידור הלימודים.

מכיוון שתלמידי הכיתה הגבוהה בבית ספרנו היו מפותחים יפה וכבר רכשו להם את הידיעות של בית־ספר עממי (לפי תכנית הלימודים של מחלקה ד׳ בגימנסיה העברית ביפו), החלטנו להוציא בסוף שנת־הלימודים תרע"ח את המחזור הראשון של בית־הספר העברי בגוניונדז.

אחרי שקבענו את היום, שבו תתקיימנה הבחינות הודעתי על זה לחברנו ירוחם לוין בביאליסטוק. כעבור ימים אחדים קיבלנו ממנו תשובה, כי צעירים אחדים יבואו אלינו להשתתף בבחינות.

ביום הקבוע באו אלינו שלושה צעירים, אשר נשלחו על־ידי הסתדרות „צעירי ציון" בביאליסטוק. בבחינות הללו, שהיו גם בעל־פה וגם בכתב, הצטיינו כל תלמידינו ותלמידותינו בידיעותיהם בכל המקצועות גם בעבריים וגם בכלליים. שמחתם של הילדים, ההורים, המורים וגם של האורחים היתה גדולה מאוד.

אחרי הבחינות מסרו לי האורחים הזמנה מהסתדרות „צעירי ציון" לבוא אל ביאליסטוק ולפתוח שם בית־ספר עברי. אחרי שהתיעצתי עם חברי המורים בענין זה, אמרו לי, כי אסור לי לסרב לקבל את ההזמנה הזאת, מפני שקיומו של בית־הספר בגוניונדז הוא כבר בטוח, וחטא לאומי גדול הוא להשאיר עיר כביאליסטוק, המונה למעלה מששים אלף יהודים, בלי בית־ספר עברי, ולכן מוטלת עלי החובה להוציא את הדבר הזה אל הפועל. גם דעתה של אשתי היתה כדעת חבר המורים.

בהיפרדי מחברי המורים בצאתי לביאליסטוק, ביקשו ממני כי אעביר אותם אל ביאליסטוק ואשלח במקומם אל בית־הספר בגוניונדז מורים אחרים. הבטחתי להם שאשתדל למלא את בקשתם, וכעבור זמן לא רב שלחתי אל בית־הספר בגוניונדז שני מורים טובים והעברתי את שני חברי: יואל מאיר כהן ושמואל סקלוט אל „בית־הספר העממי העברי הראשון בביא־ליסטוק", אשר נוסד על ידי בעזרת „צעירי ציון" ו„המזרחי".



# די העברעאישע שולע אין גאניאנדז

(אויסצוג פון משה לעווינ׳ס אַרטיקל „תולדות ביה״ס העממי העברי בגוניונדז")

די העברעאישע באַוועגונג אין גאָניאָנדז איז אַנטשטאַנען אין אָנפאַנג פון יאָרהונדערט צוזאַמען מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ציו־ניסטישער באַוועגונג. ווי אַ יונגע באַוועגונג זיינען מיר, אירע הויפּט־טוער, געווען יונגע מענטשן, אַרום פופצן ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן לערנענדיק אין בית־מדרש אָנגעהויבן אַריינקוקן אין „ביכלעך". דער פירנדיקער מיט־גליד פון אונדזער גרופּע איז געווען יצחק יפה, וועלכער איז שפּעטער אַוועק לערנען אין די גראָדנער העברעאישע לערער־קורסן און איז נאָכן גראַדואירן געוואָרן דער מנהל פון אַ שולע אין רחובות, ארץ־ישראל.

פון לערנען העברעאיש און דקדוק זיינען מיר אַריבער צו רעדן העברעאיש. דערנאָך איז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק פון שאַפן אַ מאָדערנע שולע אויף העברעאיש, אַ „חדר מתוקן". איינער פון די גרינדער פון דער שולע איז געווען אפרים האַלפערן. איך בין באַ־שטימט געוואָרן צו זיין דער לערער. מיין פרוי, וועלכע איז אויך געווען איינע פון מיינע תלמידות, האָט מיר אַ סך דערמוטיקט אין דער אַרבעט. אַדאַנק איר אַנטשלאָסנקייט איז אונ־דזער היים געוואָרן אַ צענטער פון העברעאיש, מיר האָבן אפילו גערעדט העברעאיש מיט אונדזערע קינדער, אַ זעלטנקייט צו יענער צייט.

די מלחמה פון 1914 האָט איבערגעשלאָגן אונדזער אַרבעט אויף אַ ווייל. אַרום אַ יאָר שפּעטער איז שוין גאָניאָנדז געווען אונטער דער דייטשער הערשאַפט. אַזוי גיך ווי דאָס לעבן איז נאָרמאַליזירט געוואָרן איז אַרויפ־געשווומען איבעראַנייס די פראַגע פון אַ שולע, און נאָך מיט מער שאַרפקייט ווי פריער, וואָרום די רוסישע שולע האָט זיך געהאַט פאַרמאַכט און אַ סך קינדער האָבן ניט געהאַט ווו צו לערנען.



משה לעווין און זיין פרוי חמדה (כינקע)

איך בין באַאויפטראַגט געוואָרן צו עפענען איבעראַנייס די העברעאישע שולע. מיט דער הילף פון צוויי פון מיינע בעסטע תלמידים, יואל מאיר כהן און שמעון האַלפערן, שפּעטער אויך יונתן ניימאַן און שמואל סקליוט, האָב איך אָנגעהויבן די אַרבעט פון אויפבויען אַ מאָדערנע העברעאישע שולע, ווו אַלע לימודים, יידישע און אַלגעמיינע, זאָלן געלערנט ווערן אויף העברעאיש.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט ענטוזיאַזם און די צאָל קינדער, יינגלעך און מיידלעך, איז געוואַקסן פון זמן צו זמן. די הויפּט שוועריקייט איז געווען אין דעם וואָס ס׳זיינען ניט געווען קיין טעקסט־ביכער אין נאַטור־וויסן און געאָ־גראַפיע. מיר האָבן, בכן, געמוזט אַליין צו־נויפשטעלן שריפטלעכע קאָנספּעקטן פון די־דאָזיקע לימודים, וועלכע דער וואַרשעווער פאַרלאַג „צענטראַל" האָט שפּעטער אַרויסגע־געבן און פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פוילן.

מיטן וואַקסן פון דער שולע איז געוואַקסן אויך די אחריות. איינער פון די הויפּט טוער איז דעמאָלט געווען יחזקאל־פּרץ טשערניאַק. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער שולע און אַ סך געטאָן צו איר דערהאַלטונג אין די שווערסטע צייטן.

אין פּעדאַגאָגישע פראַגן איז אונדז געקומען צו־הילף אַ דייטשער שול־אינספּעקטאָר, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו אונדזער שולע זייער סימפּאַטיש. אַ דאַנק אים האָט מען מיר אַרויסגערופן פון דער קרייז־פאַרוואַלטונג איבער שולן אין שטשוטשין און מיר געגעבן אַן אָפיציעלן סערטיפיקאַט אַלס מנהל פון דער גאָניאָנדזער שולע.

דער איבערגאַנג פון דער דייטשער הערשאַפט צו דער פוילישער איז ניט געווען קיין פריילעכער. די באַציאונג פון דעם נייעם פּוילישן אינספּעקטאָר איז געווען אַ באַליידיקנדיקע און גרינגשעצנדיקע. מחמת דעם איבערבייט האָבן מיר באַשלאָסן באַלד איינצואָרדנען די ערשטע גראַדואירונג פון דער שולע (פון וועלכער עס געפינט זיך אַ בילד אין דעם בוך אויף זייט 36—135). אַ קורצע צייט נאָכדעם בין איך איינגעלאַדן געוואָרן פון דער ביאַליסטאָקער צעירי־ציון אָרגאַניזאַציע צו קומען קיין ביאַליסטאָק און גרינדן דאָרטן אַ שולע לויטן מוסטער פון אונדזער שולע אין גאָניאָנדז. איך האָב דעם פאָרשלאַג אָנגענומען און מיט דעם האָט זיך געענדיקט מיין פאַרבינדונג מיט דער שולע אין אונדזער שטעטל.

די לוויה פון לערער שמעון האַלפּערן ז״ל



ירוחם לוין ז"ל

# מוסד־פלא

השם „גוניונדז" שמור בזכרוני מיום השרפה שפרצה בעיירה זו (בחול־המועד פסח תרס"ו): כבאי־אש מביאליסטוק, העיר שבה גרתי, הוזעקו לשם והיתה חרדה לגורל העיירה. הורי היו בעלי חנות של מנופקטורה והיה להם קשר מסחרי עם בעלי החנויות למנופקטורה בגוניונדז בימים שלפני מלחמת־העולם הראשונה: טייבה גלצ׳ינסקי וחיה־רחל לוריה (לשתיהן היו תחילה חנויות במבצר אוסוביץ), הרשל לוריה, זרח נֶמוי, אלתר זימנוך, יהודה הרציג (כובען) ובניו, בתו שפרינצה גופשטיין, פשה פרידמן (סטאזנעווער). בנה מוטיעֶה־לייב, נודע לי כציוני נלהב, והיה זה תמוה מאוד, כשבלילה אחד עקר מגוניונדז ל... ארגנטינה.

בימי הכיבוש הגרמני של המלחמה העולמית הראשונה ישבתי שנים אחדות בסוכובוליה, הסמוכה לגוניונדז. מאַרחי היה נוסע לגוניונדז באיסור, כי היא סופחה לחבל פולין (גנרל־גוברנמנט פון בזלר) והמשטר הפוליטי היה שם נוח יותר. הנסיעה לגוניונדז היתה בעגלת־חורף של איכר מישובי הספר. המטרה היתה: יום־השוק. כשבאתי בחורף תרע"ו לגוניונדז, מצאתי אפתעה נעימה: בית־ספר עברי שלם גם ללימודים כלליים, שלא היתה אז דוגמתו בכל מחוז ביאליסטוק. המנהל — משה לוין. המורים: יואל־מאיר כהן, שמואל סקליוּט (למד בקורסים הפדגוגיים בגרודנה), שמעון הלפרן ויונתן ניימן. עם שני המורים הצעירים הללו הייתי מיודד. לשמעון היה סבא בסוכובוליה ושם נפגשנו בקיץ, ויונתן ישב בביאליסטוק בשנה הראשונה למלחמה. מפי המורים נודע לי הקושי העיקרי שהיו מתלבטים בו: מחסור בספרי־לימוד ונתיקות ממרכזים תרבותיים עבריים, כי הנסיעה לביאליסטוק היתה אסורה בלי רשיון מיוחד, ווארשה רחוקה. גם בוארשה עדיין לא היה קיים בית־ספר בשפת־לימודים עברית למקצועות הכלליים. גילו לי שהמנהל מחבר ספר־לימוד לגיאוגרפיה, אך הוא מתקשה בקביעת המונחים המקצועיים. לקחתי עלי את התיווך בין ביאליסטוק לגוניונדז, כי הייתי בא לעתים קרובות מסוכובוליה לביאליסטוק. קיבלתי משני תלמידים לשעבר של הגימנסיה „הרצליה" בתל־אביב, שגרו בביאליסטוק (יעקב ראוויץ׳ וישבעם ליפשיץ), את מחברות הרשימות שלהם בגיאוגרפיה והעברתין למשה לוין והקלתי על ידי כך על מחבר ספר־הלימוד את קביעת המונחים המקצועיים. מלבד זאת נתתי יד לייסוד אגודה להשתלמות עצמית „השחר" בין התלמידים מהכיתות הגבוהות. מהתקופה ההיא נשארה לי מזכרת: תצלומים של שני תלמידים (קלמן בכרך וזיידקה גריץ). המורים יונתן ושמעון עזרו לאגודה הצעירה. בינתיים פרסמתי בחוגי „צעירי ציון" בביאליסטוק את דבר קיום מוסד־הפלא — בית־ספר שלם בעברית. שלושה מורים, מן הצמרת של „צעירי ציון" (שמעון ראבידוביץ, אלימלך מגיד ויעקב ראוויץ׳) הוזמנו להיות הבוחנים למחזור הראשון של בית־הספר. עם המהפכה בגרמניה נפתח גם בביאליסטוק השער לבית־הספר העברי, והחליטו למנות את משה לוין למשרה זו.

*

בגוניונדז ישבה בימי הכיבוש צפורה וולף בבית אביה הרב והיתה „מחוסרת עבודה". הצעתי לפניה תפקיד של „מתבוננת" (עוזרת לגננת) בגן־הילדים העברי „ילדות" בביאליסטוק והיא קיבלה את ההצעה. זה שימש לה „סמינר" ראשון (בהדרכת הגננת המצוינת רבקה רובין, אשתו של ד"ר ישראל רובין־רבקאי ז"ל), ובמשך הזמן היתה לאחת הגננות הטובות ביותר בביאליסטוק.

משה גואלמן, תל־אביב

# בית־ספר חלוצי

בית־הספר בגוניונדז היה הראשון לבתי־הספר העבריים השלמים, שהיוו אחר־כך את רשת בתי־הספר של „תרבות". דבר זה מצאתי באנציקלופדיה באידיש, שהופיעה בהוצאת „ייוו"א" בווילנה. אכן, היה זה בית־ספר חלוצי במלוא מובנה של המלה. קשה לדבר כיום על „ציונות" ו„חלוציות", ביחוד אל הדור הצעיר בארץ. אך רוח החלוציות היה מורגש בגוניונדז בשנות עבודתי שם, בין השנים 1921—1925, גם אצל העסקנים וביחוד אצל המורים. היתה לנו ישיבה פדגוגית קבועה בכל שבוע בחדר־המורים, שבה היה נמסר דין־וחשבון על המצב בכיתה, והיינו דנים ומתווכחים בבעיות של דרכים ומגמות בהוראה ובחינוך, המתאימות לדור הצעיר בגולה. רבים חיו אז באשליה של „אוטונומיה", ז"א באפשרות לחיות בפולניה חיים יהודיים מלאים ברוח ובתרבות, ואף־על־פי־כן היתה ארץ־ישראל יסוד מוסד לכל עבודת החינוך שלנו. הזמן היה סמוך לאחר הצהרת בלפור ובעצם העליה השלישית, ייסוד הסתדרות „החלוץ" בגולה וצמיחת ארגוני נוער למיניהם בכל מקום ומקום. גם בגוניונדז כבר התקיים ארגון „החלוץ" והוזמנתי כמה פעמים לנאום ולהרצות לפני הנוער הזה בצהרי ימי שבתות, בבית פרטי (ארגון זה היה בלתי ליגלי ואסור היה לו לסדר אספות פומביות). תוכן דברי אז היה, עד כמה שאני זוכר, הרחבת הענינים, שהייתי מלמד את תלמידי בבית־הספר, אלא בהדגשה מיוחדת של ארץ־ישראל, של רוח „החלוץ" והכשרתו לארץ. הגולה צריכה היתה



געווען ווייט פון ציוניסטישן געדאַנק, ווי די פאַמיליעס פון שמעון יעווורייסקי, ברומער, טיוקל, טאָדאָראָוויטש, א. אַנד. שמעון יעוו־רייסקי, איז געווען טעטיק אין בונד, ביי וואַלן און אין דער אידישער שולע. טיוקל איז געווען די פירנדיקע פערזאָן פון דער לינקער יוגנט־גרופע.

אין דאָל האָט אויך געוווינט שעפסל דער שוסטער. זיין שטאַרקער באַגער איז געווען פאָרן אין ארץ־ישראל. ער האָט אפילו געוואָלט אַריינגיין אַלס חבר אין „החלוץ". זיין ליבע צום לאַנד ציט זיך מן־הסתם פון דער פריסטער יוגנט. ער האָט אפשר געזען ארץ־ישראל אין ליכט פונעם חומש וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר. זיין פאַרלאַנג איז אָבער ניט דערפילט געוואָרן, מחמת זיין עלטער האָט דער „החלוץ" אים ניט געקענט אָננעמען אַלס מיטגליד, און קיין סערטיפיקאַט אין יענער צייט האָט ער אַוודאי ניט געקענט באַקומען.

ווייטער אין דאָל, נאָענט צום טייך, איז געשטאַנען יאַנקל רודסקי׳ס פיוואָווארניע (ביר־ברויערײ). בלויז די ריזיקע הויז איז געבליבן פון יאַנקל רודסקי׳ס פרווו אויפצובויען אַ גרויסע ברויערײ אין שטעטל. פיל ענערגיע, שווונג און אויך געלט זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין דאָזיקן ניט געלונגענעם פרווו. דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר רודסקין, וועלכער האָט געהאַט אַ ברייטן וועלטלעכן צו־גאַנג צום לעבן. ער איז געווען פון די שענסטע און אינטערעסאַנטסטע אידישע פערזאָנען מיט זיין אַלזייטיקייט. אַ מענטש פול מיט צויבער, אַ סינטעז פון תורה און בילדונג, מאָדערן און גלייכצייטיק אַ מוסמך אויף רבנות. פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט. באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט אין פערטן ציוניסטישן קאָנ־גרעס אין באַזעל. פון זיין פאַמיליע געפינט זיך דאָ, אויסער זיין אייניקל צבי, אויך זיין טאָכטער חנה רודסקי מיט איר מאַן און זון, וועלכע זיינען לעצטנס אָנגעקומען פון פוילן נאָך פאַרשיידענע גלגולים.

*

אַרויפגייענדיק פון דאָל, באַגעגנט מען די הויז פון קאַטינקע. דאָרט האָט געוווינט אַמאָל פייגל שילעווסקי. איר טאָכטער חנה און אייניקל אביגיל געפינען זיך אין ישראל.

ווייטער — ביילקע פעשעס פיעקאַרניע (בעקערײ). אויפן צווייטן שטאָק פון איר הויז איז יאָרנלאַנג געווען דער לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פון „החלוץ", „הה־לוץ הצעיר" און די תרבות־ביבליאָטעק. דאָרט זיינען פאָרגעקומען די ציוניסטישע פאָרטראַגן, מיט דער באַטייליקונג פון שליחים פון וואַרשע און פון ארץ־ישראל, ווי אויך די דיסקוסיעס צווישן פאַרטייען. דאָרט איז אויך פאָרגעקומען שמחת־תורה דער ציוניסטישער מנין, פאַרזאַמ־לונגען פון קרן־קיימת־לישראל און פון דער ליגע פאַר דאָס אַרבעטנדיקע ארץ־ישראל. דער קלאַנג פון די ארץ־ישראלדיקע לידער, האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן שטעטל.

אין אונטערשטן שטאָק פון הויז, ביי בייל־קע פעשעס, האָט געוווינט איר שוועסטער העניע מיט אירע קינדער. זיי זיינען נאָך דער ער־שטער וועלט־מלחמה געקומען פון רוסלאַנד און געווען דורכגעדרונגען מיט דאָרטיקע רע־וואָלוציאָנערע ווינטן. זיי האָבן געגעבן דעם הויפט־שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון לינקן לאַגער אין שטעטל. צוויי קעגנזעצלעכע אָריענ־טאַציעס, צוויי לאַגערן — צופעליק אונטער איין דאַך...

פון ביילקע פעשעס פאַמיליע געפינט זיך דאָ איר זון אברהמ׳ל.

אין שכנות — די הויז פון אַלטער טרעש־טשאַנסקי. ביי אים האָט געוווינט וואָלף פע־קאַרסקי. געווען ראַטמאַן און לאַווניק אין מאַ־גיסטראַט (שטאָט־ראַט) און דער איינציקער אידישער באַאַמטער פון דער אַרומיקער פראָ־ווינץ, וואָס האָט געהאַט באַקומען זיין געהאַלט פון דער רעגירונג.

וואָלף איז געווען פון די פירנדיקע אידישע פערזאָנען אין שטעטל. אַ דאַנק זיין פיקחות פלעגט מען קומען צו אים מיט אַ שווערער בוררות. ער איז געווען פון די אַקטיווע ציוניס־טישע עסקנים אין דער העברעאישער שולע, אין באַנק, פאַרן קרן־היסוד א. אַנד. ניט ער, ניט די פרוי און קינדער האָבן זוכה געווען עולה צו זיין אין ישראל.

אַ וואַנט איבער אַ וואַנט — מושקע ראָזענ־צווייג מיט אירע צוויי טעכטער. די יינגערע טאָכטער דאָרע איז געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער ביבליאָטעק און אין יאָר 1925 געפאָרן אין ארץ־ישראל. וווינט אין כפר־ויתקין. די מוטער מיט הינדען זיינען עולה געווען אין יאָר 1935. די מוטער איז דאָ גע־שטאָרבן און די טאָכטער הינדע געפינט זיך אין ירושלים.

די ווייטערדיקע הויז איז געווען טוביה־מאָטל'ס, און פון דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן די בית־המדרש געסל. אין דער געסל זיינען כמעט ניט געווען קיין פאַמיליעס וואָס אימיצער פון זיי איז עולה געווען אין ישראל, אויסער משה דינקעס טאָכטער, גרוניע, וואָס געפינט זיך אין קיבוץ גליל־ים, ביידאַן גיטל און פיע־כאָטעס טאָכטער, וועלכע וווינען אין רמת־גן.

אין בית־המדרש געסל האָט געוווינט הרב וואָלף און זיין פאַמיליע. ער איז געווען פון די מאָדערנע אידישע רבנים, קלוג און שאַרפזי־ניק. געהערט צו „מזרחי" און אַליין פאַרשפּרייט שקלים צום ציוניסטישן קאָנגרעס. געשמ'ט פאַר אַ גרויסן בורר און זיך אינטערעסירט אין לעבן פון שטעטל, און איבערהויפט געדאגה'ט פאַר די וואָס האָבן געדאַרפט האָבן „מתן בסתר", מעות־חיטים (קימחא דפסחא), און בכלל אַ גרעסערע הילף. דאָ אין ישראל געפינט זיך זיין טאָכטער אידאַ, די פרוי פון יאָסל הערציג, וועלכער גיט אין בוך אַ ספּעציעלע אָפּהאַנד־לונג וועגן הרב וואָלף.

*

אַרויסגייענדיק פון בית־המדרש געסל, לינקס, הויבט זיך אָן אַ ריי הייזער, איינע נאָך דער אַנדערער. פון יעדער איינער פון זיי, געפינט זיך אימיצער אין ישראל.

אין דער ערשטער הויז, האָט געוווינט ריווע־צירל יפה. דער עלטערער זון נחום, איז צוזאַמען מיט דעם גרעסטן טייל יוגנט, אַנט־לאָפן פון גאָניאָנדז אין יאָר 1920, נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס זיינען אָפּגעטראָטן פון שטאָט, און פאַרן אַריינמאַרשירן פון פוילישן מיליטער, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שטאַרקן פחד אויף דער אידישער יוגנט. ווען נחום איז צוריק־געקומען אין שטאָט, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך מנהגים פון דער גרויסער מאָדערנער וועלט. ווי צום ביישפּיל: גיין אין גאַס אָן אַ היטל... ער איז געווען פון די וואָס האָבן אויפגעטראָטן אין די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס זייער איינקונפט איז באַשטימט געווען פאַר קולטורעלע אָדער ציוניסטישע צוועקן.

זיין צווייטער ברודער יאַנקל־משה איז גע־ווען אין „החלוץ". שטענדיק פול מיט הומאָר און וויץ. ביידע ברידער געפינען זיך אין ישראל.

זייער שטוב האָט זיך געגרענעצט מיט דער שטוב פון מאַניע צוקערט. איר עלטערער זון, ישראל, האָט שטודירט אין איטאַליע, און דאָרט אומגעקומען. דער יינגערער ברודער העזשאַק (צבי) איז געווען פון די גרינדער און אַקטיווע טוער פון דער רעוויזיאָניסטישער יוגנט־אָר־גאַניזאַציע „ביתר". ער צוזאַמען מיט זיין מוטער מאַניע געפינען זיך אין ישראל.

אין ווייטערדיקער הויז — חיים קאַפּלמאַן, איינער פון די שענסטע און חשובסטע בעלי־בתים אין שטאָט. אַ גרויסער נדבן. פון די ערשטע חברים פון אָדעסער קאָמיטעט אין שטאָט. פון זיין גאַנצער פאַמיליע געפינט זיך דאָ בלויז זיין טאָכטער סאָניע.

אין דער זעלבער הויז האָט געוווינט משה זילבערשטיין, איינער פון די מנהלים פון דער העברעאישער שולע אין גאָניאָנדז. אין משך

משה זילבערשטיין



פון זיין לאַנגיעריקער אַרבעט אין שולע, איז ער געוואָרן שוין אַ גאָניאָנדזער תושב. אויסער אין שולע, איז זילבערשטיין געווען זייער אַקטיוו אין שטאָט אויף אַלע געביטן פון דער ציוניסטישער אַרבעט. עס זיינען געבליבן אין זיכרון זיינע עפנטלעכע אויפטרעטונגען און גרינדלעכע אויפקלערונגען פון אַלע ציוניסטישע און ארץ־ישראלדיקע פּראָבלעמען. באַזונדערס געדענקן זיך זיינע אינטערעסאַנטע פאָרטראַגן וועגן דער אידישער און העברעאישער ליטעראַטור, וואָס זיינען געווען אינהאַלטסרייך, געגעבן אין אַ שיינער פאָרם און שפּראַך, און האָבן צוגעצויגן צוהערער פון רעכטס און לינקס. אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך איבערגעגעבן מיט דער גאַנצער נשמה פאַרן נייעם בנין פון דער העברעאישער שולע.

די שוועריקייטן פון דער עליה נאָך ישראל, האָבן ניט דערמעגלעכט אים און זיין פאַמיליע עולה צו זיין, טראָץ זיינע גרויסע אָנשטרענגונגען אין דער ריכטונג.

אין שכנות — די הויז פון אברהם און גנענדל געלבאָרד, פון די חשובע בעלי־בתים אין שטאָט. עטלעכע פון דער משפחה געפינען זיך אין לאַנד. חיה און יהודית אין כנרת, גרשון אין רמת־הכובש. גרשון איז געווען פון די גרינדער פון „החלוץ הצעיר״, טעטיק אין דער חלוצישער באַוועגונג, און אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „החלוץ הצעיר״ אין וואַרשע.

נאָך זייער הויז, אין הויף, האָט געוווינט די פאַמיליע שלום הירשפעלד, איינער פון זיינע יינגסטע קינדער, לייזער, געפינט זיך דאָ אין לאַנד.

ווייטער — די הויז פון דבורה רייגראָדסקי. דבורה האָט די גאַנצע יאָרן געטראָגן דעם עול פון די געשעפטן. איר שטוב איז געווען אַן „אָפענע״, מיט אַ ברייטער האַנט פאַר אַלע, גרייט שטענדיק צום טאָן אַ טובה. געשיקט די קינדער לערנען אין דער העברעאישער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק. אין יאָר 1924 איז איר טאָכטער יונה אָפּגעפאָרן אין ארץ־ישראל און שפּעטער איז אויך געקומען דבורה מיט שרה׳ן און מלכה׳ן.

אין שכנות האָט געוווינט שרה ביינשטיין, די בעקערקע. אויך אַליין, מיט אייגענע כוחות, געפירט די גאַנצע בעקעריי. די עלטערע צוויי זין געפינען זיך אין אַמעריקע, און די טאָכטער צפורה, וואָס איז געווען אַקטיוו אין „החלוץ״ און קרן קיימת, געפינט זיך דאָ אין ישראל.

די שמאָלע געסל, נאָך שרה דער בעקערקע, האָט געפירט צו עטלעכע הייזער, וואָס אין איינער פון זיי האָט געוווינט אַרקע דער בלעכער. זיין טאָכטער שפרה געפינט זיך אין ישראל.

אין דער זעלבער געסל, נענטער צו דאָליסטאָווער גאַס, האָט יאָרנלאַנג געוווינט איינער פון די פאַרדינסטפולע לערער פון דער העברעאישער שולע, מרדכי ניעלאָוויצקי און זיין פרוי ביילקע פון טרעסטינע.

ניעלאָוויצקי, וואָס שטאַמט פון ווילנע, איז געקומען אין גאָניאָנדז ביים אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן, און איז געוואָרן דערציער פון צווייטן מחזור (אַרויסלאָז) פון דער שולע.

ער איז געווען בולט מיט זיין ספּעציעלן צוגאַנג צום שילער. זיך באַמיט ניט שאַפן קיין ווייטע דיסטאַנץ צו אים, נאָר פאַרקערט, געזוכט דעם וועג פון דערנענטערן און זיין אַ חבר און פריינט.

ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט דעם חלוצישן גייסט, וואָס האָט אין יענע יאָרן באַהערשט אַ גרויסן טייל פון דער אידישער יוגנט אין פוילן, און געשטעלט זיך די אויפגאַבע צו דערציען זיינע תלמידים אין גייסט פון חלוצישע אידעען.

אַ דאַנק אים, איז טאַקע זיין שול־קלאַס געווען דער יסוד פון דער נייגעשאַפענער „החלוץ״ אָרגאַניזאַציע. ס׳רוב זיינע תלמידים זיינען געווען די ערשטע פון דער חלוצישער עליה אין שטאָט, ווי שלום לוריע, משה און שאול זאַקימאָוויטש, אריה חטיבה, בערל בעריס, יאַנקל־משה יפה, גיטל פרידמאַן, חיה געלבאָרד, זיוה קאָברינסקי א. אַנד. וועלכע זיינען נאָכן ענדיקן די שולע אַוועק גלייך אויף הכשרה און עולה געווען אין ארץ־ישראל.

אין משך פון דער צייט איז ניעלאָוויצקי

געוואָרן כמעט ווי אַ שטאָט־בירגער אין שטעטל, דער הויפּט־עסקן און געזעלשאַפטלעכער טוער. זיך באַטייליקט אין די לויפנדיקע ענינים פון דער חלוצישער און ציוניסטישער אַרבעט און אויפגעטראָטן, פון מאָל צו מאָל, מיט פאָרטראַגן וועגן ארץ־ישראל׳דיקע ענינים און ליטעראַרישע טעמען.

אפילו אין דער צייט, ווען ער האָט אינמיטן איבערגעריסן אויף אַ געוויסע צייט זיין אַרבעט אין שולע, און געאַרבעט אין דער הויפּט־צענטראַלע פון קרן־קיימת לישראל אין וואַרשע, האָט ער אָפט באַזוכט גאַניאַנדז, ווייל זי איז געווען פאַר אים אַזוי נאָענט און אייגן ווי אַ געבורט־שטעטל...

ניעלאָוויצקי און זיין פרוי ביילקע געפינען זיך אין ישראל. זייערע פאַמיליעס אין ווילנע און אין טרעסטינע זיינען דאָרט אומגעקומען.

★

פון דאָרט הויבט זיך שוין אָן דאַליסטאָוווער גאַס. נאָך צערעלעס הויז האָט אַמאָל געוווינט אפרים האַלפערין מיט זיין פאַמיליע.

ר׳ אפרים איז געווען פון די ערשטע משכילים אין שטאָט און פון די ערשטע אין אָדעסער ועד. פון די שענסטע און בכבודיקסטע אידן. געווען בירגער־מייסטער אין דער דייטשער אָקופּאַציע. אין יאָר 1915 געווען צווישן די גרינדער פון דער העברעאישער שולע. אויך געווען פון די ערשטע וואָס זיינען עולה געווען, מיט דער פאַמיליע, אין ארץ־ישראל.

זיין עלטערער זון יוסף, איז געקומען אין ישראל נאָך פאַר זיין פאַמיליע. אין יאָר 1912 ווען ער איז געווען אויף אַ חתונה אין ביאַליסטאָק מיט דער נאַציאָנאַל־פאָנד פּושקע איז ער אַרעסטירט געוואָרן. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון דעמאָלטיקן ביאַליסטאָקער ראַבינער ד״ר יוסף מאָהילעווער ז״ל (אַן אייניקל פון הרב ר׳ שמואל מאָהילעווער ז״ל; דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע רחביה, ירושלים), באַפרייט געוואָרן, און אַ קורצע צייט נאָכדעם עולה געווען אין ארץ־ישראל.

דער צווייטער זון, שמעון, פון די ערשטע העברעאישע לערער, איז געווען באַגאַבט מיט גרויסע פעאיקייטן. געשטאָרבן זייער יונג.

די איבעריקע קינדער: גאָלדע, נחמה, מאיר און אלחנן געפינען זיך אין ישראל.

ווייטער — די הויז פון פאַמיליע טאוואַלינסקי. די טאָכטער מלכה איז פון די ערשטע העברעאישע לערערינס אין חוץ־לארץ און דאָהי פּרעבעליסטין ביז היינט. די צווייטע טאָכטער חנה׳קע, וואָס האָט געענדיקט מיטן ערשטן מחזור פון דער העברעאישער שולע אין גאַניאַנדז, איז אויך אַ פּרעבעליסטין. אויך געפינט זיך דאָ די דריטע טאָכטער חיה־רחל.

אַ פּאָר הייזער ווייטער — ראובן דער שוסטער. זיין טאָכטער חנה איז געווען פון די ערשטע חלוצות, וואָס זיינען עולה געווען אין ארץ־ישראל. זי מיט איר פאַמיליע וווינען אין קרית־חיים. שפּעטער האָט זי אַראָפּגעבראַכט איר פאָטער. ער איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק.

ווייטער — די פאַמיליע איזראעלסקי. ביי זיי איז געווען אַ לענגערע צייט די העברעאישע שולע. דער יינגסטער זון אייזיק געפינט זיך דאָ אין ישראל. נאָך זיי האָט געוווינט גדליה דער סטאָליאַר. זיין עלטערער זון, בערל, איז געווען פון די ערשטע חלוצים. ער האָט אַראָפּגעבראַכט זיינע עלטערן. פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דאָ אויך געקומען דער יינגסטער זון דוד.

פון דער הויז און ווייטער גייען מיר אַריבער עטלעכע הייזער און קומען צו דער הויז פון בערטשוק פאָלאַק (קאָברינסקי). זייער טאָכטער זיווה (זעלדע), איז געווען פון די ערשטע חלוצות. זי געפינט זיך אין תל־אביב.

ווידער עטלעכע הייזער, און מיר קומען צו דער לעצטער הויז פון דאַליסטאָוווער גאַס. דאָס איז די הויז פון רבקה רחל משה׳ס (זאַקימאָוויטש).

דער עלטסטער זון משה איז געווען פון די „החלוץ״ גרינדער אין שטאָט. געפרוווט אומלעגאַל אַריינקומען אין ארץ־ישראל און דעפּאָרטירט געוואָרן פון דער רומענישער גרענעץ. געפרוווט נאָכאַמאָל און דאָסמאָל מיט דערפאָלג. נאָך אים איז געקומען שאול, דערנאָך נחום, און צום סוף די עלטערן מיט מאַשע־

גיטלען. די עלטערן זיינען געווען צוזאַמען מיט נחומען אין קיבוץ אילת השחר. ר׳ אלעזר מיט רבקה׳ן האָבן בכבודיק געלעבט אין קיבוץ, גע־אַכטעט פון גאַנצן קיבוץ, יונג און אַלט. אלעזר׳ס חזנישע ניגונים און קאָמפּאָזיציעס פון די ימים־נוראים׳דיקע תפילות ביים גאָניאָנדזער עמוד אין שול, האָבן אויך דאָ ביי אַלעמען אויס־גענומען.

אַפּאָר יאָר נאָכן טויט פון ר׳ אלעזר׳ן, איז טראַגיש אומגעקומען, אויפן וועג פון דער זי־כערהייט, זיין יינגסטער און באַליבטער זון נחום. מיט אַ יאָר צוריק איז געשטאָרבן, אין טיפן עלטער, די מוטער רבקה. היינט־צוטאָג געפינען זיך משה און שאול אין חיפה, מאַשע־גיטל — אין אילת־השחר, און נחום׳ס פאַמיליע אין קיבוץ הגושרים.

אין דער הויז פון זאַקימאָוויטש, האָט זיך אַריינגעצויגן נאָך זייער אָפּפאָר די פאַמיליע פון נתן לעווין. זייער זון מלך (מיילאך, אָדער ווי מען האָט אים גערופן מיילאך שאַטאַן) איז געווען פּאָפּולער אין שטעטל אויף זיין שטיי־גער. אַליין אַ שטיק קוועק־זילבער, ליב געהאַט אַ טאַנץ, אַ זונג און אַ שפּרונג, לייכט און זאָרג־לאָז, און היימיש באַפריינדט מיט אַלע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין שטעטל.

דערצויגן אין דער העברעאישער שולע, געווען אין החלוץ, אויף הכשרה. זיך געקהל׳ט און געווען זייער טעטיק אין ציוניסטישע עני־נים. ער איז אויך אויפגעטראָטן אין די טעאַטער־פאָרשטעלונגען פאַר ציוניסטישע צוועקן. אין די צייטן ווען די עליה קיין ארץ־ישראל איז געווען פאַרמאַכט, האָט ער געפּרוווט זיין מזל און אַוועקגעפאָרן נאָך אורוגוויי. דאָרט איז אים ניט געלונגען זיך איינצואָרדענען און געקומען צוריק.

אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען אַ העב־רעאישער לערער אין די אַרומיקע שטעטלעך און אומגעקומען דאָרט צוזאַמען מיט זיין פאַ־מיליע.

מיט רבקה רחל משה׳ס הויז, האָט זיך געענדיקט די אידישע גאָניאָנדז. פונדאַנען און ווייטער איז שוין געווען די קריסטלעכע באַפעל־קערונג, און צווישן זיי האָבן געוווינט עטלעכע אידן: דיאָדקע דער מלמד (פורמאַן). זיין עלטערע טאָכטער, חיה, איז געווען אַ הויפּט קראַנקן־שוועסטער, און מיט אַ צייט צוריק גע־שטאָרבן. נאָך צוויי טעכטער, פעשקע און שרה, געפינען זיך אין ישראל. אויך האָט דאָרט גע־וווינט שמואל דער שמיד. אַ ציוניסט און אַ נדבן. זיין טאָכטער, חיה־איטקע, מיט דער פאַמיליע, זיינען פון די לעצטע פליטים, וואָס זיינען געקומען אין לאַנד.

פון דאָרט האָט געפירט דער וועג צו קלע־וויאַנקע, ווו עס איז געבוירן געוואָרן משה לעווין, פון די פאַרדינסטפולע פערזאָנען פאַרן העברעאישן שול־וועזן, ניט נאָר אין גאָניאָנדז, אויך אין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט געגרינדעט די ערשטע העברעאישע שולע, און אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג פון דער העברעאישער דערציאונג אין פוילן, און דערנאָך אין קאַנאַדע. אין דעם בוך איז דאָ וועגן אים אַ ספּעציעלע אָפּשאַצונג. משה לעווין מיט זיין פרוי און קינדער געפינען זיך אין ישראל.



צוריקגייענדיק פון דאַליסטאָווער גאַס, פון דער צווייטער זייט, דערגייסטו, נאָך פיל היי־זער, ביז אַ העלפט גאַס, ווו ס׳האָט געוווינט סענדער יאַשווילער. זיין טאָכטער, זעלדע, גע־פינט זיך אין ישראל.

עטלעכע הייזער ווייטער — די פאַמיליע טאָקאַר. דער זון, יעקב טאָקאַר, איז געווען פון די וואָס זיינען געפאַלן צוזאַמען מיט טרומ־פעלדאָרן ביים פאַרטיידיקן תל־חי.

אין שכנות האָט געוווינט ליבקע די אלמנה (רובין). איר זון אברהם רובין געפינט זיך אין פּתח־תקווה. דאָרט האָט אויך געוווינט משה־מיכל דער פאַרבער (יאַראָשעווסקי). זייער זון, ישראל־דוד ירדני, איז עולה געווען אין ארץ־ישראל נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און איז דאָ אַ באַקאַנטער לערער.

ווייטער — די הויז פון לייבל ריבאַק. אַ פאַרצווייגטע משפחה. נאָכן טויט פון פאָטער, איז דער עלטסטער זון, חיים, געוואָרן דער געשעפט־פירער און געדאגה׳ט, ווי אַ פאָטער, פאַר אַלע קינדער. דאָ געפינט זיך די טאָכטער

חיה־ליבע, וואָס האָט געהייראַט מיט חנא מאַכיי, און אויך די יינגסטע טאָכטער, יאָשפע.

אין דער צווייטער הויז האָט געוווינט חיים׳ס ברודער, יאַנקל ריבאַק. זיין טאָכטער קיילע, געפינט זיך דאָ אין ישראל. אויך געפינט זיך דאָ די טאָכטער פון משה שעווץ.

פון דאָרט קומען מיר צום ראָג פון מאַרק, ווו ס׳איז געשטאַנען באַרסקי׳ס מויער. מיט יאָרן צוריק האָט געוווינט אויף דעם פּלאַץ דער גאַניאַנדזוער דיין. זיין זון, אברהם יפה, איז פון די פאַרדינסטפולע פערזאַנען אויפן געביט פון העברעאישער דערציאונג. געענדיקט די ערשטע העברעאישע לערער־קורסן אין גראָדנע. באַוואונט אין דער רוסישער און העברעאישער ליטעראַטור, און באַטייליקט זיך אין זשורנאַלן וועגן דערציאונגס־פּראָבלעמען. ער און זיין פאַמיליע געפינען זיך אין לאַנד.

נאָך באַרסקי — יודל באַיאַרסקי, פון די ציוניסטישע טוער, מערי האַלפּערן, קרעפּכן ביז דער שטוב פון פענסקי. בערל פענסקי איז טראַגיש אומגעקומען, פאַרנדיק אין ביאַליסטאָק, נאָך אין די נאָרמאַלע יאָרן. דאָ געפינט זיך זיין טאָכטער חנה.

פון דאָרט קומען מיר צו דער פאַמיליע שיינעגזאָן. דער עלטערער זון, אלימלך, איז געווען פון די ערשטע חלוצים, וואָס זיינען עולה געווען אין יאָר 1924. שפּעטער איז אויך געקומען די מוטער מיטן צווייטן ברודער לייבל.

פון דער הויז האָט זיך אָנגעהויבן די אַזוי־גערופענע מתים־געסל, וואָס ציילט אַ פּאָר הייזער. אין איינער פון זיי האָט געוווינט יאַנקל יאַנאָווסקי, אַ באַשיידענער און ערלעכער איד. זיין טאָכטער רבקה געפינט זיך דאָ אין רמת־הכובש. דאָרט, אין געסל, האָט אויך געוווינט באַבקע די אלמנה (ביאַליסטאָצקי). איר עלטסטער זון מאָטיע, האָט עמיגרירט אין אורוגוואַי. די איבעריקע ברידער, אהרון און יאַנקל, האָבן אויך עמיגרירט אַהין. דערנאָך האָבן די קינדער אַריבער גענומען די מוטער מיט דער שוועסטער יהודית.

דער איינציקער פון דער משפחה, וואָס האָט זיך אייגעקשנט און ניט געוואָלט מיטפאָרן, איז געווען דער יינגסטער זון מאיר, וואָס געפינט זיך דאָ אין לאַנד. ער איז פאַרהייראַט מיט מלכה, עטל מושקעס טאָכטער. לעצטנס, איז געקומען פון אורוגוואַי יהודית, מאיר׳ס שוועסטער, און צוזאַמען מיט איר מאַן און פאַמיליע זיך איינגעאָרדנט אין ישראל.

*

אין ראָג פון מאַרק, ביי אַרקע ביילאַך אין הויז, איז געווען די אידישע ביבליאָטעק. דאָרט איז געווען דער זאַמלפּונקט פון דעם לינקן טייל יוגנט אין שטאָט. עקסטרעם־לינקע פּאַרטייען זיינען געווען פאַרבאָטן אונטערן פוילישן רעזשים. די אַרבעט האָט זיך דעריבער געפירט אונטערן נאָמען פון דער ביבליאָטעק, ווו עס פלעגן פון מאָל צו מאָל פאָרקומען פאָרלעזונגען, וואָס זיינען געווען כלומרשט אויף ליטעראַרישע טעמען. די ביבליאָטעק איז געווען רייך מיט ביכער, יעדער ניי־דערשינענער בוך איז גלייך געקויפט געוואָרן. די מעגלעכקייט פון איינשאַפן די ביכער איז געגעבן געוואָרן אַ דאַנק די איינקונפטן פון די טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס זיינען געווען אויף אַ געהעריקער קינסטלערישער מדרגה און האָבן געהאַט אַ קולטורעלן ווערט.

איינער וואָס איז געווען אַקטיוו אין דער קולטורעלער אַרבעט און זיך באַטייליקט אין טעאַטער־פאָרשטעלונגען, איז געווען דוד טרעשטשאַנסקי, וועלכער געפינט זיך דאָ אין לאַנד.

אין שכנות, אין הויף, האָט געוווינט האָגע, אברהם אָרקי־איסר׳ס טאָכטער (האַלפּערן). אין איר הויז איז געווען די ערשטע העברעאישע שולע. אירע צוויי טעכטער, פרומע און רחל, וואָס זיינען געווען אַקטיוו אין „החלוץ" און „החלוץ הצעיר", געפינען זיך אין ישראל.

דאָרט האָט אויך געוווינט ניסן טראַץ. דער ברודער, אהרן פרידמאַן, איז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געפאָרן אין ארץ־ישראל. ער געפינט זיך אין קיבוץ עין־חרוד, איז אַן איינפלוסרייכער און פירנדיקער חבר אין דער קיבוצישער באַוועגונג. אויך געפינט זיך דאָ, אין ראשון־לציון, יאַנקל טראַצ׳ס טאָכטער.

אַביסל ווייטער — די פאַמיליע פון חייקל יעווריייסקי. די איינציקע משפחה, וואָס האָט

זיך אויסבאַהאַלטן אין דער צייט פון דער נאַצישער אַקציע אין גאָניאָנדז, און וואָס איז אַריבער אַלע שבעה מדורי גיהינום פון יענע שווערע און גרויזאַמע היטלער־יאָרן. דאָ אין לאַנד זיינען געקומען די צוויי ברידער: טוביה און זלמן און אויך די ייִנגערע שוועסטער קיילע. וועגן די איבערלעבונגען אין יענע יאָרן גיט איבער אין דאָזיקן בוך, דער עלטערער זון, טוביה, אַ גרעסערע באַשרייבונג אונטערן נאָמען „חורבן גאָניאָנדז".

דאָרט האָט אויך געוווינט דיאָדיע דער בעקער. זיין זון יאָסל, וואָס האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין לאַנד, איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. אין דער זעלבער הויז האָט געוווינט זרח מילטשאַן און פאַמיליע. געווען אַ ציוניסט, און שטענדיקער בעל־תפילה אין ציוניסטישן מנין. זיינער אַ ברודער איז געקומען אין ארץ־ישראל נאָך אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און אויפגעשטעלט אַ פאַרצווייגטע און גרויסע משפחה. ער געפינט זיך אין רחובות. דאָרט געפינט זיך זרח׳ס עלטערער זון, לייזער. דער ייִנגערער זון, זיידל, איז פון די לעצטע פליטים וואָס איז געקומען אין ישראל.

אַ הויז ווייטער, האָט געוווינט שמחה דער פאַכטער (חטיבה). אַ ערלעכער פאָלקס־מענטש, אַרענדאַר פון סעדער און ערד, ביי פּוילישע פּריצים. ליב געהאַט די ערד־אַרבעט און דערצויגן אויך די קינדער אין גייסט פון ליבע צו דער לאַנדווירטשאַפט. זיין זון אריה איז געווען פון די גרינדער און אַקטיווע חברים אין „החלוץ". געפאָרן עטלעכע מאָל אומלעגאַל, ביז ס׳איז אים געלונגען אַריינצוקומען אין לאַנד. געפינט זיך אין כפר ויתקין, און איז טאַקע פון די בייע אידישע פאַרמער אין לאַנד. אויך געפינט זיך דאָ זיין שוועסטער חיה.

דאָ געפינט זיך אויך משה פורמאַן, אַ זון פון יצחק יאָסקעס, אַ גבאי אין בית־המדרש. משה אַליין איז געווען אַ ציוניסט און טעכנישער לייטער פון אַלע פאָרשטעלונגען פאַר ציוניסטישע צוועקן.

אין דער שמאָלער געסל, ביי יצחק יאָסקעס, האָט געוווינט איטשע ביאַלי. פון די מתפללים ביים עמוד אין בית־המדרש. זיינע צוויי טעכטער און זון געפינען זיך אין ישראל.

אין שכנות — די הויז פון משה־לייזער גראָדזענסקי. זיין זון מרדכי־איטשע איז געווען פון די מאָבילעזירטע פּוילישע זעלנער וואָס זיינען אַוועק אין רוסלאַנד. נאָכן חורבן איז ער געקומען אין ישראל, און מיט עטלעכע יאָר צוריק דאָ געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ פרוי.

אין דער צווייטער הויז האָט געוווינט נאָטקע דער חוכר (אַלטשולער) און פאַמיליע. נאָטקע דער חוכר האָט יאָרנלאַנג געהאַלטן די „קאָראָבקע" אין שטעטל. געווען פון די חשובע בעלי־בתים. אים פלעגט מען זען שפּאַצירנדיק איבער די גאָניאָנדזער גאַסן בהרחבה׳דיק, מיט פאַרלייגטע הענד אויף הינטן, האָבנדיק הנאה פון גאָט׳ס וועלטל.

זיין זון זיידל, פול מיט ענערגיע, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער און פּאַרטייאישער אַרבעט. פאַרנומען זיך מיט ספּאָרט און, בעיקר, אָרגאַניזירט אין די ראַמען פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אויף וועלכער ער אַליין איז אויפגעטראָטן מיט הויפּט־ראָלן. דער ניוואָ פון די־דאָזיקע פאָרשטעלונגען איז געווען פיל העכער ווי פון געוויינלעכע אַמאַטאָרן־שפּילער.

זיידל איז פון די געציילטע פליטים פון אונדזער שטעטל. מיט עטלעכע יאָר צוריק געמאַכט אַ באַזוך אין ישראל.



פון דאָרט גייען מיר צום ראָג, ווו עס שטייט די הויז פון יאַנקל טיקאָצקי, גייען אַריבער די הויז פון זלמן ביאַליסטאָצקי און קומען צו מרדכי דעם בעקער. זיינע צוויי טעכטער געפינען זיך דאָ. איינע אין חדרה און די צווייטע אין כפר הרואה. ווייטער, נאָך דער הויז פון אַלטער דעם אייזנקרעמער, פייגע־רחל און גאָרנאָסטייסקי, קומען מיר צו דער הויז פון דער פאַמיליע טשערניאַק.

כאַצקל פרץ טשערניאַק איז געווען פון די בכבודיקע און פּאָפּולערסטע פערזאָנען אין שטאָט. טעטיק אויפן ציוניסטישן געביט און אין דער העברעאישער שולע. געווען פון די גרינדער און פירער פון באַנק, וואָס האָט פי־

באַנסיעל מיטגעהאָלפן אַלע סוחרים און קליינהענדלער. אַ באַזונדער נייגונג געהאַט צום טעאַטער. אַ דאַנק זיין שיינער שטים און טעאַטראַלישע פעאיקייטן זיינען אַלע פאָרשטעלונגען, וואָס זיינען רעזשיסירט געוואָרן דורך אים, אין וועלכע ער אַליין האָט געשפילט די הויפּטראָלן — געשטאַנען אויף אַ געהעריקן קינסטלערישן ניוואָ.

ער, זיין פרוי און די קינדער, געפינען זיך אין ישראל. אין די לעצטע יאָרן זיינען אַהער געקומען די עלטערן, וועלכע זיינען דאָ געשטאָרבן אין טיפן עלטער.

פון דער הויז און ווייטער האָט זיך שוין אָנגעהויבן די רעזידענץ פון קאָשציאָל, דער גלח און זיין פּריוואַטע וווינונג מיטן גרויסן גאָרטן, וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלב טיפלע־גאַס.



נאָכן קאָשציאָל, אַקעגנאיבער, צווישן די גויישע הייזער, האָט געוווינט די פאַמיליע פון אברהמ׳ל פאַרבער. זייער זון, ראובן, וואָס איז געווען אקטיוו אין „החלוץ”, געפינט זיך אין תל־אביב.

פון פאַרבערס הויז — צוריק אין שטאָט, גייסטו פאַרביי די הויז פון לייבל ריינעס דעם שמיד. אין שכנות האָט געוווינט יאַנקל דער שמיד (רובין), פון די בכבודיקע אידן, אַ גבאי אין בית־המדרש און בעל־תפילה, פון די ראשי

יאַנקל רובין (דער שמיד)



הקהילה און איינער פון די שטאַרקסטע חסידים פון יעקב רודסקי. זיין זון לייזער, איז געווען פון די קעמפער אין ביאַליסטאָקער געטאָ, און געפאַלן אַלס פאַרטיזאַן, צוויי וואָכן איידער עס האָט זיך געענדיקט די מלחמה. דאָ אין לאַנד געפינען זיך זיינע צוויי טעכטער, חנה און לאה.

דאָרט איז די הויז פון אייזיק יאַנקל משה׳ס דער גלעזער (ראַווער). זיין זון זכריה, איז געווען אין „החלוץ” און געפינט זיך אין ישראל. אין שכנות — די הויז פון אברהם ראַוועך, ווו עס איז יאָרנלאַנג געווען די אידישע שולע.

פון דאָרט גייסטו אַריבער צו ראובן דעם שוסטער, שמעון לאַנדוי, לייבל דעם שוסטער, סידראַנסקי און משה־פייוול ביאַלאָסוקענסקי.

משה־פייוול איז געווען פון די אַקטיווע „בונד”־טוער. ווען די באָלשעוויקעס זיינען אין 20־טן יאָר געווען אַ קורצע צייט אין פוילן, איז משה־פייוול געווען צווישן די פאַרטרויאונגס־מענטשן פון דער שטעטלדיקער באָלשעוויסטישער מאַכט. כדי צו היטן די אָרדנונג האָט ער באַקומען געווער. מיט שטאָלץ פלעגט ער גיין מיטן ביקס איבער די גאַסן און ניט איינער פון דער יוגנט האָט אים מקנא געווען, איבערהויפּט זיין זון אַליין.

משה־פייוול׳ס ברודער, אברהם־מאיר, איז געווען פון די גרינדער פון „החלוץ”. אַ פּאָר יאָר געווען לערער אין דער העברעאישער שולע און שפּעטער אין אַנדערע העברעאישע שולן אין פוילן. פאַרשפּרייט און געפּריידיקט אומעטום דעם געדאַנק פון ארץ־ישראל. אָבער ניט זוכה געווען אַליין צו קומען אין לאַנד.

אין שכנות — לייבל צלאל׳ס — טיקאָצקי. זיין ייִנגסטער זון, פסח, איז פון די לעצטע פליטים וואָס איז געקומען אין ישראל.

נאָכדעם איטשע אַנשל׳ס, משה־גרשון דער שוסטער און אַלטער זימנאָך. דעם לעצטנס זון, חיים, איז אין דער צווייטער וועלט־מלחמה מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער ארמיי, געווען אין רוסלאַנד, און געקומען אין לאַנד מיט גענעראַל אַנדערסעס פּוילישע אַרמיי. זיין ברודער, מאָטל, וואָס איז געווען אַ העברעאישער לערער, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פאַמיליע.



מאָטקע קליאַפּ

זייער הויז האָט זיך געגרענעצט מיט דער הויז פון מאָטקע קליאַפּ. פון די בכבוד׳דיקע משפחות. אַלע קינדער זיינען געווען אַקטיוו אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. די עלטסטע טאָכ־טער, ביילקע, האָט אָפּגעגעבן איר גאַנצע ענער־גיע פאַר דער אַרבעט פון קרן־קיימת, פון וועלכער זי איז געשטאַנען בראש די גאַנצע צייט. די צווייטע טאָכטער, גרוניע, און איר ברודער גרשון, זיינען געווען פון די אקטיווע טוער פון החלוץ הצעיר. ביידע געפינען זיך אין ישראל. די צוויי יינגערע ברידער מיט די עלטערן זיינען דאָרט אומגעקומען.

אין שכנות — די פאַמיליע באַכראַך, פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע משפחות אין שטאָט. יעדער איינער פון די קינדער איז געווען אַקטיוו אויף זיין שטייגער: אין דער העברעאישער שולע, אין ביבליאָטעק, אָדער אין ציוניסטישע פאָנדן. דוד, משה און קלמן זיינען געפאָרן אין אַמעריקע. זייער שוועסטער קיילע, וועלכע האָט געהייראַט מיט דעם העברעאישן לערער מ. גאָעלמאַן, איז מיט איר מאַן אָפּגעפאָרן אין קאַנאַדע. חסיה און נאָכדעם די מוטער מיט חיה׳ן, זיינען געפאָרן אין ארץ־ישראל. אין יאָר 1934 איז דוד געקומען אַהער פון אַמעריקע און אין די לעצטע יאָרן איז אויך קיילע געקומען מיט דער פאַמיליע פון קאַנאַדע און זיך באַ־זעצט אין ישראל.

נאָכן אָפּפאָר פון פאַמיליע באַכראַך, האָט זיך אַריינגעצויגן אין זייער הויז הרב שלאָמאָ־וויטש. אַ לענגערע צייט נאָכן טויט פון הרב וואָלף, ביזן אָנקום פון הרב שלאָמאָוויטש, האָט זיך אין שטעטל געפירט אַ גרויסע מחלוקת, וואָס האָט צעטיילט די קהילה אויף צוויי צדדים: דער צד פון הרב שלאָמאָוויטש און דער צד פון יעקב רודסקי. וועגן זיי ביידע, זיינען דאָ אין דאָזיקן בוך ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען.

אין דער הויז, אויפן צווייטן שטאָק, האָט געוווינט דוד־לייזער סימכאָוויטש. זיינע צוויי טעכטער געפינען זיך אין לאַנד.

ווייטער — דער מויער פון זרח ניעמאָי. אויפן צווייטן שטאָק איז אַ לענגערע צייט געווען די העבראישע שולע און די ציוניסטישע ביבליאָטעק, און טיילמאָל אויך טעאַטער־פאָר־שטעלונגען. פון ניעמאָי׳ס פאַמיליע איז קיין איינער ניטאָ אין ישראל.

נאָך ניעמאָי גייסטו פאַרביי די הויז פון חנה סוראַזסקי, דעם פוילישן אַפּטייק, גערזאָן און קומסט צו חיים לייזשקעס (ניעוואָדאָווסקי). זיין זון, אליהו־הערשל, איז אויך געווען צווישן די מאָביליזירטע סאָלדאַטן און אַ דאַנק דעם ניצול געוואָרן און געקומען אין ישראל.

טיר ביי טיר האָט געוווינט זיין ברודער זעליג ניעוואָדאָווסקי, וועלכער איז געווען פון די פירנדיקע און פּאָפּולערסטע פערזאָנען אין שטאָט. ער איז געווען טעטיק אין אַלע ציוניס־טישע און אַלגעמיינע שטעטלדיקע ענינים. זעליג איז געווען באַליבט און געאַכטעט פון דער גאָניאָנדזער באַפעלקערונג. ער האָט שטענדיק רעפּרעזענטירט אַלס ערשטער פאָרשטייער אין מאַגיסטראַט, קהילה, באַנק, און אין די ציוניס־טישע אינסטיטוציעס. זיין גאַנץ לעבן האָט זעליג געקעמפט פאַרן ציוניסטישן געדאַנק און זיך אומדערמידלעך איבערגעגעבן צו דער ציוניסטישער אַרבעט. ער האָט געפירט די וואַל־אַקציעס צום פוילישן סיים, שטאָט־ראַט און קהילה. אויפגעטרעטן אויף אַלע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען און וואַל־מיטינגען, און מיט פיל איבערצייגונגס־קראַפט אויפגעקלערט, אויף זיין לאָגישן שטייגער, אין אַ זאַפטיקן אידיש, די ציוניסטישע אידייען און אינטערעסן.




מאַרק־גאַס

זעליג איז שטענדיק געווען פאַרשלונגען אין דער טאָג־טעגלעכער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט: באַזאָרגן די העברעאישע שולע מיט לערער, מיט געלט־מיטלען, מיט אַן אייגענער געביידע. ער איז געשטאַנען בראש פון אַלע געלט־אַקציעס פון קרן־היסוד און קרן־קיימת, אויפגענומען אַלע ציוניסטישע שליחים און אויך געהאַט צייט פאַר אַ שתדלנות פאַר אַ איד ביים פאָליציי־קאָמיסאַר אָדער סטאַראָסטע. מיט איין וואָרט: אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט ציוניסטישע אַרבעט אין שטעטל, וויכטיקע ווי פשוטע, טאָג־טעגלעכע, איז אַדורך זעליגס האַנט.

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אז ער, וואָס האָט פאַרקערפּערט מיט זיך אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיטן ארץ־ישראל׳דיקן געדאַנק, זאָל אַליין טראַגיש אומקומען דאָרט, מיט זיין פאַמיליע, און ניט זוכה זיין צום קומען אין לאַנד, פאַר וועלכער ער האָט זיך אַזויפיל מוסר־נפש געווען.

נאָך אים האָט געוווינט אָשר שיראָטאָס. דערצויגן געוואָרן אין דער העברעאישער שולע און געענדיקט מיטן ערשטן מחזור. דערנאָך געווען איינער פון די פּעאיקסטע לערער אין דער זעלבער שולע. געהאַט אַ נייגונג צו טעאַטער. רעזשיסירט אַלע קינדער־פאָרשטעלונגען אין שולע, און אויך פון דערוואַקסענע, און ניט איינמאָל זיך אַליין באַטייליקט, אַרויסווייזנדיק פיל באַגאַבטקייט. אויך ער, וואָס איז געווען פון די וואָס האָבן געלעבט מיטן ארץ־ישראלדיקן געדאַנק, האָט ניט זוכה געווען, מחמת פאַרשידענע סיבות, צו קומען אין ארץ־ישראל. אין די לעצטע יאָרן געהייראַט מיט שפרה ריבאַק און געהאַט אַ קינד. ער מיט דער משפחה זיינען אומגעקומען דאָרט.

אין שכנות — די פאַמיליע פון אהרון גרינבערג, וואָס האָט ליקווידירט איר געשעפט און געקומען אַהער. זייערע צוויי טעכטער געפינען זיך דאָ, דינה אין ירושלים און אסתר אין חיפה.

נעבן זיי — ראובן דער קירזשנער. זיין טאָכטער יהודית מיט דער פאַמיליע געפינען זיך אין ישראל.

אין דער זעלבער ריי הייזער — לייבל מאָנקאָווסקי און פאַמיליע. ער איז געווען דער איבערגעגעבנסטער פירער פון „בונד״. דעמאָלט

האָט דער „בונד" געשפּילט אַ חשובע ראָלע אין אידישן לעבן פון שטעטל. אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג האָט געהערט צום „בונד". לייבל, וועלכער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון „בונד", האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו דער פּאַרטיי, האָט געגרינדעט די אידישע שולע און ביבליאָטעק, פאַרשפּרייט די „פאָלקס־צייטונג", אָרגאַניזירט די אומלעגאַלע ערשטע מאי־פאַרזאַמלונגען, און געווען פאַרטראָטן אַ געוויסע צייט אין שטאָטראַט. אַ חשובער פּונקט אין דער פּראָגראַם פון „בונד" איז געווען דער קאַמף קעגן ציוניזם און דער העברעאישער שולע...

נאָך לאַנגע שוועריקייטן איז לייבלען געלונגען צו עפענען די אידישע שולע און מיט גרויסע אָנשטרענגונגען איר אויסצוהאַלטן.

לייבל איז געווען אַן ערלעכער פּאַרטיימענטש, ביי וועמען דער אמת איז געשטאַנען העכער פון דער פּאַרטיי.

ווער וואָלט געקענט זיך פאָרשטעלן אין יענער צייט, אַז לייבל דער איבערגעגעבענער חבר פון „בונד", וועלכער האָט אַלס אַזעלכער באַקעמפט דעם ציוניזם און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, אַז גראָד ער וועט האָבן זין „פאַרברענטע" ציוניסטן... זיין יינגערער זון יאַנקל איז געווען אַן אַקטיווער ציוניסטישער טוער, און זיין עלטערער זון ראובן איז אַ פּאָליציי־אָפיציר אין דער אידישער־ציוניסטישער מדינה וואָס איז אַזוי שטאַרק דורך זיין פאָטער באַקעמפט געוואָרן...

יאָ, דער גורל פאַרמאָגט צייטנווייז ניט ווייניק הומאָר!...

---

דער אויבנדערמאָנטער איבערבליק האָט אונדז אויף אַ ווייל אומגעקערט צו דער אַמאָליקער אַלטער היים. עס זיינען פאַר אונדזערע אויגן אַדורכגעגאַנגען אַ טייל פאַמיליעס נאָענטע און ווייטע, וואָס זייערע קינדער און משפּחה געפינען זיך אין ישראל.

דערדאָזיקער איבערבליק האָט, פאַרשטייט זיך, ניט פּרעטענדירט צו געבן אַ גענויע שילדערונג פון די אַלע אויבנדערמאָנטע, וואָס כמעט יעדער איינער פון זיי איז געווען אַ פּרק פאַר זיך.

אַלע וואָס געפינען זיך דאָ אין לאַנד, זיינען אַ טייל פון די אלע אומגעקומענע פאַמיליעס, דעריעניקער טייל וואָס האָט געפונען זיין וועג אין ישראל, און במשך פון יאָרן זיך איינגעוואָרצלט אין דער היגער ווירקלעכקייט, פאַר און אין דער נייער אידישער מדינה.

די גאָניאָנדזער לאַנדסלייט דאָהי פאַראייניקט דער בשותפותדיקער עבר פון דער היים־שטעטל. זיי זיינען צוגעבונדען צום שורש פון דער אַמאָליקער ליבער שטעטעלע, פון וועלכער זיי האָבן געירשנט די אידישע גוטע מידות פון אונדזערע טאַטעס־מאַמעס, וואָס האָבן פאַרקערפערט מיט זיך די בעסטע אייגנשאַפטן פון גוטער פאָלקסטימלעכקייט, קעגנזייטיקע הילף, אָפּפערווילקייט, גוטסקייט, ערלעכקייט און פשטות.



דער לעצטער גרוס פון די צוויי גאָניאָנדזער: חנה יאַנקל רודסקי'ס טאָכטער, און עליע גאַמזאָן, וואָס האָבן באַזוכט די חרובע שטעטל אין יאָר 1955, איז זייער אַ טרויעריקער.

זיי דערציילן, אז בלויז איינצלנע הייזער זיינען געבליבן גאַנץ, און אין זיי זיצן גויים, וועלכע זיינען געווען שותפים אין דער פאַרטיליקונג פון אונדזערע נאָענטסטע.

ליידיק זיינען די גאַסן, ניטאָ קיין לעבעדיקער אידישער נפש, חרוב די שול, ניטאָ קיין זכר פון בית־המדרש און פון דער שולע. אַלץ איז אַוועק מיט רויך, אָפּגעמעקט און אָפּגעווישט. אפילו דער בית־עלמין איז אָן אַ פּאַרקאַן און צעאַקערט. בלויז זיבן מצבות האָבן זיי געפונען דאָרט, צעבראָכענע און אָפּגעמעקטע. נאָר אויף איין מצבה האָבן זיי מיט שוועריקייט געקענט איבערלייענען די אויפשריפט: פ"נ יעקב רודסקי, ציוני בלב ונפש.

זיבן צעבראָכענע מצבות זיינען געבליבן פון אַ גאַנצער עדה אידן, וועלכע האָבן געלעבט אין שטעטל הונדערטער יאָרן, געשפּרודלט מיט לעבן און שאַפן, פול מיט גלויבן און האָפענונגען אויף אַ בעסערן מאָרגן.

די איינציקע אויפשריפט אויף איינער פון די איבערגעבליבענע מצבות, איז אַ שטומע עדות פון דער ריכטיקייט פונעם וועג, וואָס האָט אין אַלע צייטן געפירט אַ באַדייטנדיקן טייל פון שטאָט אין ארץ־ישראל. דער איינציקער וועג וואָס איז אויך פאַרבליבן פאַר די לעצטע צוויי פּליטים, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף די חורבות פון אונדזער היים־שטעטל, וואָס האָט אַמאָל עקזיסטירט, געלעבט, געוויִרט — און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אויף אייביק...

## אזכרה שנערכה בתל־אביב



אזכרה־אוונט וואס איז פארגעקומען אין תל־אביב

# פעולות־עזרה
# הילפס־ארבעט

מיירים רובין, ניו־יאָרק

## גאַניאַנדזער הילפס־טעטיקייט אין אמעריקע

די צדקה־אַקטיוויטעטן פון די גאָניאָנדזער אין אַמעריקע האָבן זיך אָנגעפאַנגען בערך מיט פופציק יאָר צוריק. ווי אברהם ווארשאה פון דעטראָיט גיט אונדז איבער האָבן אין יאָר 1908 די גאָניאָנדזער אין אַמעריקע צונויפגעזאַמעלט די סומע פון 600 דאָלער, און דאָס אַריינגעשיקט אין גאָניאָנדז כדי צו גרינדן אַ לייַ און שפּאָר־קאַסע. דאָס געלט האָבן זיי אַריינגעשיקט צום רב, און לויטן רוסישן קורס האָט דאָס באַטראָפן 1200 רובל. דער רב מיט די בעלי־בתים האָבן אויסגעקליבן פנחס דעם רב׳ס אַלס קאַסירער און פאַרוואַלטער.

פיל געדענקען נאָך ווי גאָניאָנדזער אידן פלעגן גיין באָרגן געלט אָן פּראָצענט. די „ביינקל״, אַזוי האָט מען זי גערופן, האָט עקזיסטירט ביז דעם ערשטן וועלט־קריג.

די אַלטע גאָניאָנדזער אין אַמעריקע האָבן אויך געזאָרגט פאַר זייערע לאַנדסלייט אין גאָניאָנדז. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען קיין באַנק און פּאָסט־אָפיס אין אַמעריקע האָבן נאָך ניט אָנגענומען קיין געלט פאַר פּוילן, האָבן די גאָניאָנדזער און טרעסטינער „יאָנג מען סאָסייעטי״ אַרויסגעשיקט אַ ספּעציעלן דעלעגאַט, דאָקטאָר בלום, אַז ער זאָל פּערזענלעך ברענגען דאָס געלט פאַר די אָרימעלייט און פאַר קרובים. ווען די צייט איז געוואָרן נאָרמאַל און די פּוילישע וואַלוטע סטאַביליזירט, איז צווישן די ערשטע גאָניאָנדזער עמיגראַנטן אַהער געקומען בנימין דער סופר מיט זיינע קינדער.



בנימין איז געגאַנגען צו די אַלטע גאָניאָנדזער, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער גאָניאָנדזער שול אויף רידזש סטריט אין ניו־יאָרק, אַז זיי זאָלן זיך באַשטייערן פאַר די גאָניאָנדזער אָרימעלייט אויף מעות־חטים. האָבן זיי אים געבעטן אויסלייגן דערווייל אייגענע הונדערט דאָלער. דעם הונדערטער האָט מען אים ניט אָפּגעגעבן... אָבער די יונגע גאָניאָנדזער, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער גאָניאָנדזער און טרעסטינער „יאָנג מען סאָסייעטי״ האָבן צוגעגעבן זייערע 200 דאָלער, אַזוי אַז עס איז געוואָרן אַ טראַדיציע ביי יונגע גאָניאָנדזער פון „יאָנג מענס סאָסייעטי״ אויף אַלע ערב פסח צו שיקן פאַר מעות־חטים 3 הונדערט דאָלער פאַר די גאָניאָנדזער און 3



**ד״ר סימאָן בלום אין גאָניאָנדז**

ערשטע ריי (פון רעכטס): זיידל סידראַנסקי, מישקאָווסקי (חיים קאָפּעלמאַנס איידעם), יחזקאל פּרץ טשערניאַק, סענדער מילטשאַן, לייזער טאָדאָראָוויטש.

צווייטע ריי: משה פּורמאַן, זעליג ניעוואדאָווסקי, וואָלף פּיעקאַרסקי, ד״ר בלום, חיים קאָפּעלמאַן, אפרים האַלפּערן, יעקב רובין, ביילאַך, אברהם געלבאָרד, עזריאל הויסמאַן,

דריטע ריי: טרעשטשאַנסקי, יאָסל אָלשאַניצקי, לייזער טראַכימאָווסקי, יעקב טרעשטשאַנסקי, לייבל מאַנקאָווסקי, העניאַך געלבאָרד, חיים טרעשטשאַנסקי, שמעון יעווריייסקי, חנה(?).

פערטע ריי: יהושע צוויקליץ, אלי־הירש ניעוואדאָווסקי.

הונדערט דאָלער פאַר טרעסטינער. די טראַדיציע האַלט נאָך אָן ביז היינטיקן טאָג: זיי גיבן דידאָזיקע סומע אַלע יאָר צום גאָניאָנדזער הילפס־קאָמיטעט און אויך צום טרעסטינער הילפס־קאָמיטעט.

אין יאָר 1927 האָט די „גאָניאָנדזער ליידיס אָקזילערי״ אין ניו־יאָרק, מיט דער הילף פון דער גאָניאָנדזער און טרעסטינער סאָסייעטי, באַשלאָסן אויפצובויען אויפן שולבאַרג אַ שולע מיט דער העברעאישער און אידישער אונטערריכט־שפּראַך און נאָך עטלעכע יאָר איז די געביידע פאַרענדיקט געוואָרן. זיי האָבן אויך אויסגעהאַלטן די שולע מיט שכר־לימוד פאַר די לערער, קליידער און אומזיסטע מיטאָגן פאַר די אָרימע קינדער.

די שולע האָט עקזיסטירט ביזן חורבן דורך די נאַציס.

אין יאָר 1938 האָט מען אין גאָניאָנדז אַרעסטירט אַ גרופּע יונגוואַרג פון 15 פּערזאָן, ווייל זיי האָבן געהאַט דעם קוראַזש צוריק צושלאָגן די גויים וועלכע האָבן זיך צעבושעוועט און געשלאָגן גאָניאָנדזער אידן.

די פּוילישע פּאָליציי האָט פּרייגעלאָזן די גויים און די אידן אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין ביאַליסטאָקער טורמע. די עלטערן פון די אַרעסטירטע האָבן זיך געווענדט צו אונדז אין ניו־יאָרק, אַז מיר זאָלן שאַפן געלט פאַר אַ גוטן לאָיער (אַדוואָקאַט), כדי צו באַפרייען זייערע קינדער.

די גאָניאָנדזער און טרעסטינער סאָסייעטי האָט זיך באַגעשטייערט מיט 25 דאָלער און מען האָט צונויפגעזאַמעלט אַ סומע פון 150 דאָלער און אָפּגעשיקט טעלעגראַפיש. אין דער הילפס־אַרבעט האָט זיך אויסגעצייכנט

בנימין דער סופר, ע"ה, וועלכער איז געווען אַן אינסטיטוציע פאַר זיך אַליין. אַחוץ געלט פלעגט ער אויך קלייבן געניצטע קליידער און שיך, מאַכן פעקלעך און אַפּשיקן צו די אָרימע־לייט און אָרימע כלות.

פון יאָר 1920 ביז 1939 האָט ער אַליין איבערגעשיקט 1400 דאָלער און 150 פעקלעך קליידער.

בנימין פלעגט גיין ערב ראש־השנה אויף דעם גאָניאָנדזער בית־עולם (סעמעטערי) מאַכן „אל מלא רחמים׳ס". אויך פלעגט ער גיין אויף חתונות קלייבן געלט, און דאָס געלט אַפּשיקן צו גאָניאָנדזער אָרימעלייט.

איינמאָל, ווען מיר אַלע זיינע טעכטער און איידעמס זיינען געווען אויף אַ חתונה און געגעסן ביי איין טיש, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז געגאַנגען קלייבן נדבות ביי גאָנ־יאָנדזער לאַנדסלייט.

**אַ נאָטיץ דערשינען אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" אין סעפּטעמבער 1938, צוגעשיקט פון דוד פאָרמאַן.**

אין גאָניאָנדז מאַכן אַנטיסעמיטן אַ בלבול אויף אַ איד, אַז ער האָט באַליידיקט פילסודס־קי׳ס נאָמען, און עס קומט צו אָנפאַלן אויף אידן.

צו דער „היינטיקער נייעס" שרייבט מען פון גאָניאָנדז:

ביי אונדז אין שטאָט האָבן אַנטיסעמיטן גע־מאַכט אַ בלבול אויף דעם אידישן איינוווינער קאָטליאַר, אַז ער האָט באַליידיקט דעם נאָמען פון פילסודסקי׳ן. די אַנטיסעמיטן האָבן קאָטליאַרן פאַרוווּנדעט דעם קאָפּ. דער לערער פון דער העברעאישער שול, אָשר סיראָטעס, צוזאַמען מיט אַנדערע אידן האָבן זיך אָנגענומען פאַרן באַפאַ־לענעם אידן. עס איז געקומען צו אַ געשלעג, אין וועלכן עס זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן ביידע צדדים. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט פאָלגנדע אידן:

אָשר סיראָטעס, מאַקס יאַנאַצקי, לייב ריבאַק, נחום שעוועץ, גדליה גראָדזיענסקי, משה גראָד־זיענסקי, פסח פישער, יאַנקל ריבאַק, מאיר טרעשטשאַנסקי און בעריש ראָזענטאַל.

די אַרעסטירטע זיינען געבראַכט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק צום אויספאָרשונגס ריכטער.

איך האָב אים געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז עס איז ניט שיין אויף אַ חתונה צו בעטן נדבות. האָט ער מיר געענטפערט: „דאַרפסט פאַר־שטיין, איך האָב געזאַמלט 35 דאָלער. פון די 35 דאָלער וועלן האָבן 7 אָרימע פאַמיליעס אַוואַק צייט פרנסה. זיינען זיי ניט בילכער ווי מיין כבוד?"

אויך זיין געטרייע פרוי האָט אים פיל מיט־געהאָלפן אין מאַכן די פעקלעך.

אין יאָר 1946, ווען די גאָניאָנדזער אין ניו־יאָרק האָבן זיך דערוווּסט וועגן אידישן חורבן, איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו שאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פון אַ גרויסן מאַסשטאַב, וואָס זאָל אַריינעמען ניט נאָר די גאָניאָנדזער, וועל־כע געהערן צו דער „יאָנג מען סאָסייעטי", נאָר אויך די גאָניאָנדזער „ליידיס אָקזילערי" אין ניו־יאָרק, און אויך אַלע גאָניאָנדזער וואָס באַלאַנגען ניט צו דער „סאָסייעטי", אויך פון אַלע שטעט אין אַמעריקע, ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, דעטראָיט, לאָס אַנדזשעלעס, מאָנטרעאָל, א.אַ.וו.

די ערשטע גרינדער פון קאָמיטעט האָבן אויס־געקליבן גדאַלקע (גוסטאַוו) סייד אַלס טשערמאַן, משה באַכראַך אַלס סעקרעטאַר, לואיס גאָלד־בערג אַלס טרעזשורער און משה מאַלאַזאָווסקי, בנימין דעם סופר, מיירים רובין, הילקע גראָד־זענסקי און שלום גראַבאַרד אַלס עקזעקוטיוו מיטגלידער.

בנימין דער סופר האָט אונדז איבערגעגעבן די אַדרעסן פון פיל גאָניאָנדזער אין אַמעריקע, קאַנאַדע און דרום אַמעריקע.

אין יענער צייט האָבן מיר גאָרניט געוווּסט ווער פון די גאָניאָנדזער אידן עס האָט זיך געראַטעוועט.

דעם איינציקן גרוס פון אַ גאָניאָנדזער האָט באַקומען משה מאַלאַזאָווסקי פון זיינעם אַ שכנ׳ס זון, וועלכער איז געווען אין דער אַמערי־קאַנער אַרמיי אין דייטשלאַנד. ער האָט דאָרטן געטראָפן אַ קראַנקן אין אַ לאַגער, וואָס האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף משה׳קע מאַלאַזאָווסקי׳ן פון גאָניאָנדז. דאָס איז געווען זיידקע (נאָטקע דעם חוכר׳ס אַ זון) אַלטשולער. משה האָט אים באַלד געשריבן אַ בריוו, און באַלד באַקומען אַן ענטפער. ער האָט געבעטן אַז מען זאָל



שרה סייד
פאַרזיצערין



הילקע גראַדזענסקי
וויצע־פאַרזיצער



מיירים רובין
עקזעקוטיוו סעקרעטאַר



ד״ד פאַרמאַן
מיטגליד

# הילפס־קאָמיטעט
# אין ניו־יורק



משה מאַלאַזאָווסקי
וויצע־פאַרזיצער





אויסגעפינען זיינע קרובים, וואָס ער האָט דאָ אין ניו־יאָרק.

פון בנימין דעם סופר האָבן מיר זיך דער־וווסט אַז נאָטקע דער חוכר שטאַמט פון לאָמזשע. מיר האָבן אויסגעפונען פון דער לאָמ־זשער סאָסייעטי די אַדרעסן פון זיידקעס קרו־בים. מיר זיינען באַלד געגאַנגען צו זיי און אָנגעזאָגט די בשורה אַז זייערער אַ קרוב האָט זיך געראַטעוועט, נאָר זיי האָבן אונדז אויפ־גענומען זייער קאַלט. מיר האָבן איינגעזען אַז מיר קענען זיך אויף זיי ניט פאַרלאָזן און מיר האָבן אים באַלד אַרויסגעשיקט אַ שפּייז־פּעקל קיין דייטשלאַנד.

דערווייל האָט זיידקע אויסגעפונען נאָך גאָניאָנדזער וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט, און מיר האָבן זיי באַלד געשיקט שפּייז־פּעקלעך.

דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ יזכור־אָוונט אין ביאַליסטאָקער צענטער אין נאָוועמבער 1946, וואָס מען האָט אַנאָנסירט אין די צייטונגען. אומגעריכט זיינען געקומען צום יזכור־אָוונט 2 גאָניאָנדזער פּליטים (הערשל בעקער — חתונה געהאַט אין גאָניאָנדז, און די 2־טע אַ שטוטשינער, אַ קרובה פון די שי־לעווסקיס).

בעת זיי האָבן פאַר אונדז געשילדערט וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט אונדזערע ליבע על־טערן, קרובים און פריינט, איז ניט געווען קיין מענטש אין זאַל וואָס האָט ניט פאַרגאָסן טרערן.

אויפן יזכור־אָוונט האָט מען געשאַפן 1800 דאָלער.

אין יענער צייט האָבן מיר זיך דערוווסט פון נאָך 10 גאָניאָנדזער פּליטים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דייטשע לאַגערן.

נאָך דעם אָוונט האָט אונדזער קאָמיטעט זיך פאַרגרעסערט. עס איז צוגעקומען אונדזער טייערער, ליבער גאָניאָנדזער לאַנדסמאַן יוסף (מענדעלעס) באָבראָווסקי ע״ה, פון נאָרפאָלק, קאָנעטיקוט, וועלכער איז געוואָרן ווייס־טשער־מאַן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר שוין געהאַט די אַדרעסן פון 20 פּליטים.

מיר אָנערקענען אַלע די איבערגעגעבענע באָבעלע אַרבעט פון משה באַכראַך פאַר שרייבן טרייסט־בריוו צו אַלע גאָניאָנדזער פּליטים, און זיין האַרציקע פרוי חיה, פאַר צוגרייטן קליידער און שפּייז־פּעקלעך. דער שרייבער פון די שורות האָט זיי פיל געהאָלפן ביים קויפן, פּאַקן און אָפּשיקן די פּעקלעך פון דעם ערשטן טאָג אָן ווי דער קאָמיטעט האָט זיך געגרינדעט. מיר פלעגן גיין איבער די סטאָרס מיט אַ קינדער־וועגעלע, אויפקויפן שפּייז און קליידער, מאַכן פּעקלעך או אָפּשיקן קיין דייטשלאַנד דורך פּאָסט.

אין 1947 זיינען שוין אָנגעקומען גאָניאָנדזער פּליטים פון סאָוויעט־רוסלאַנד. מיר האָבן אויך אַדאָפּטירט גאָניאָנדזער „אייניקלעך".

איינמאָל האָבן מיר גערופן אַ מיטינג ביים לואיס גאָלדבערג אין אָפיס. עס זיינען גע־קומען צום מיטינג גדליה סייד, יוסף מענ־דעלס, משה באַכראַך און דער שרייבער פון די שורות.

משה האָט דערקלערט אַז מיר האָבן ניט קיין געלט אין קאַסע פאַר פּעקלעך, וואָס מיר פלעגן שיקן אַלע 3 וואָכן פאַר 300 דאָלער. רופט זיך אָפּ יוסף צו גדליה׳ן: „דו שרייב אויס אַ טשעק אויף 150 דאָלער, און איך וועל טאָן דאָס זעלבע". מען דאַרף באַמערקן, אַז יוסף און גדליה האָבן שוין פריער צום יזכור־אָוונט זיך באַשטייערט מיט 200 דאָלער.

אין יענע יאָרן פלעגן מיר צונויפזאַמלען פון די גאָניאָנדזער לאַנדסלייט בערך 4,000 דאָלער אַ יאָר. מיר פלעגן דאָס באַלד צעטיילן פאַר די פּליטים.

מיט דער צייט האָבן זיך געגרינדעט גאָנ־יאָנדזער הילפס־קאָמיטעטן אין דעטראָיט — אברהם ווארשאה טשערמאַן, מאַקס שוואַרץ ע״ה, סעקרעטאַר, אליהו גראָדמאַן טרעזשורער; שיקאַגאָ — משה געלבאָרד (דאָלקער) טשער־מאַן, גאָלדע הוירסט־רובין סעקרעטאַר, משה טיקאָצקי (יאַנקל שמערקעס) טרעזשורער; לאָס אַנדזשעלעס — מאיר פאַרבער (שלמה משה שמעונ׳ס) טשערמאַן, מרס. ראיע סאַלאָמאָן (יענטע רחל׳ס) סעקרעטאַר, מאריס פאָרמאַן (משה׳קע נחמה׳ס) טרעזשורער; מאָנטרעאַל — מאַקס באַיער, טשערמאַן און סעקרעטאַר, מרס. רחל באַיער (לייזער׳ס פרוי) און מרס. פּינטשוק טרעזשורערס.



**גאָניאָנדזער הילפס־קאָמיטעט אין דעטראָיט**

זיצנדיק (פון רעכטס): 1. אברהם וואַרשאה (אברהם יונה׳כעס), טשערמאַן; 2. מרס. סיידי וויינער, סעקרעטאַרין; 3. היימאַן וויינער (חנא בנימינ׳ס), מיטגליד.
שטייענדיק: 1. אייב שוואַרץ (אברהמ׳ל אַלטערס), מיטגליד; 2. אלי גראָדמאַן (עליע כאַשקעס), טרעזשורער.



**גאָניאָנדזער הילפס־קאָמיטעט אין שיקאַגאָ**

שטייענדיק (פון רעכטס צו לינקס): 1. לעאָ מיינקעס, וויצע־פּאָרזיצער; 2. מאָריס געלבאָרד (משה׳קע דאָלקער), פאָרזיצער; 3. מאָריס טאָקאַר, טרעזשורער.
זיצנדיק: 1. נעמי מאָנאַרך (חיים זועלוול דעם פּאַרבערס טאָכטער), מיטגליד; 2. פערל ראַפּאָפּאָרט, רעק. סעקרעטאַרין; 3. גאָלדע רובין־הוירסט, סעקרעטאַרין.

ווען משה איז אָפּגעפאָרן אין לאָס אַנדזשעלעס, האָט דער קאָמיטעט דערוויילט איינשטימיק דעם שרייבער פון די שורות אַלס סעקרעטאַר.

בעת משה'ס אָפּפאָרן, פעברואַר, 1949, האָט מען געהאַט צונויפגעזאַמלט די סומע פון 10,000 דאָלער. ביז איצט האָבן מיר געזאַמלט די סומע פון 30,000 דאָלער.

מיט דער צייט זיינען אַלע אונדזערע פּליטים אַוועקגעפאָרן פון דייטשלאַנד. אייניקע פון זיי זיינען געקומען אין אַמעריקע, אַנדערע אין אויסטראַליע. דאָס רוב פון זיי האָט זיך באַזעצט אין מדינת ישראל.

די פּליטים וואָס זיינען עולה געווען אין ישראל האָבן זיך נאָך גענויטיקט אין אונדזער שטיצע.

במשך פון די 10 יאָר עקזיסטענץ פון אונדזער הילפס־קאָמיטעט האָבן מיר געגעבן שטיצע אין צייט און אין פּלאַץ פריער אין דייטשלאַנד, עסטרייך און איצט אין ישראל.

אין מדינת ישראל ווערט דער הילפס־קאָמיטעט אָנגעפירט פון אונדזערע פריינט דוד באַכראַך, פישל יצחקי, כאַצקל פּרץ טשערניאַק און שרה רייגראָדסקי־ברקאי. אונדזער שטיצע צו די לאַנדסלייט אין ישראל איז שטענדיק געשיקט געוואָרן לויט זייער רעקאָמענדאַציע.

ווען מר. און מרס. גדליה סייד האָבן באַזוכט ישראל אין 1950 האָבן די גאָניאָנדזער אין ישראל אייגעאָרדנט פאַר זיי אַ מיטינג. דערמאָלט איז געגרינדעט געוואָרן די ליי־קאַסע מיטן צוועק צו העלפן אונדזערע גאָניאָנדזער אין ישראל.

די קאַסע עקזיסטירט נאָך ביז היינטיקן טאָג מיט דערפאָלג.

גלייכצייטיק שיקן מיר אַריין פון אַמעריקע געוויסע סומעס געלט, יעדן יאָר ספּעציעל פאַר דער ליי־קאַסע. אין דער זעלבער צייט האָבן די גאָניאָנדזער אין ישראל פאַרלאַנגט אַז מיר אין אַמעריקע זאָלן אין אָנדענקונג פון אונדזער שטעטל שאַפן אַ יזכור־בוך. זייער פּלאַן וועגן דאָזיקן בוך איז אונדז זייער געפעלן. מר. און מרס. גדליה סייד און יוסף באַבראָווסקי האָבן אונדז צוגעזאָגט זייער הילף און קאָאָפּעראַציע.

צו אונדזער גרויסן צער זיינען יוסף באָבראָווסקי און גדליה סייד פון אונדז פריצייטיק אַוועקגעריסן געוואָרן, נאָר דעם פּלאַן צו שאַפן דעם בוך האָב איך ניט אויפגעגעבן, און מיט דער הילף פון אונדזער ליבער פאַרזיצערין מרס. שרה סייד, וועלכע האָט מיר געגעבן פיל מוט, ווי אויך ביישטייערונגען אין משך פון 4 יאָר צייט, איז אונדז געלונגען צו שאַפן די נויטיקע סומע פאַרן יזכור־בוך.

אונדזער קאָמיטעט שטייט נאָך פאַר אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט נאָכן דערשיינען פון אונדזער בוך. מיר וועלן זיך באַמיען מיט אַלע מיטלען אים צו פאַרשפּרייטן צווישן אַלע גאָניאָנדזער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווי אויך צווישן אידישע ביבליאָטעקן, אַזוי אַז אונדזער ליבע היימשטאָט זאָל פאַראייביקט ווערן אין דער אידישער היסטאָריע.

גאָניאָנדזער הילפס־קאָמיטעט אין לאָס אַנדזשעלעס



מרס. קאַמעניעץ

# גאָניאָנדזער „ליידיס אַקזילערי"

די גאָניאָנדזער „ליידיס אָקזילערי" אין ניו־יאָרק האָט זיך געגרינדעט מיט 35 יאָר צוריק. איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין די גרינדערין. אַליין נישט קיין גאָניאָנדזער, נאָר די פרוי פון משה מאיר בן הרב גדליה קאַמעניעצקי ע"ה, האָב איך זיך באַלד דערפילט ווי אַ מיטגליד פון דער גרויסער גאָניאָנדזער משפחה אין אַמעריקע.

מיין מאַן משה־מאיר ע"ה, וועלכער איז געקומען אין אַמעריקע אין יאָר 1901 איז געווען פון די ערשטע פּרעזידענטן פון דער גאָניאָנדזער געזעלשאַפט, און זייער אַקטיוו ווי אַ רעדנער און שרייבער, און איך האָב באַשלאָסן אים צו העלפן אין זיינע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג, אין גאָניאָנדזער לאָקאַל אויף דער צווייטער עוועניו, זענען געקומען בלויז דרייצן פרויען, פון וועלכע איך געדענק מרס. אַטלאַס, שוואַרץ, לעווין, שאַפּירא, גראָדזענסקי און רודער.

די מיטגלידער האָבן געצאָלט איין דאָלאַר אַ קוואַרטאַל. אונדזער ערשטע טעטיקייט האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון געזעלשאַפטלעכע פאַרווייַלונגען. מיר פלעגן זיך אָפט צוזאַמענקומען כדי צו פאַרברענגען געמיטלעך און שאַפן פריינטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען. מיט דער צייט האָבן מיר גענומען טראַכטן ווי אַזוי צו העלפן גאָניאָנדזער נויטבאַדערפטיקע, וועלכע לעבן אין אַמעריקע. מיר האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַ ליי־קאַסע, וואָס פלעגט אויסלייען קלענערע און גרעסערע סומעס אָן פּראָצענט. די צייט האָט זיך פאַרבעסערט און אונדזערע מיטגלידערינס האָבן מער אונדזער הילף ניט באַדאַרפט, האָבן מיר באַשלאָסן צו באַזאָרגן מיט הילף די נויטבאַדערפטיקע אין גאָניאָנדז. מיר האָבן באַאויפטראַגט אונדזערן אַ לאַנדסמאַן, וועלכער איז געפאָרן אויף אַ באַזוך אין גאָניאָנדז



גאָניאָנדזער ליידיס אָקזילערי פון ניו־יאָרק

שטייענדיק (פון רעכטס צו לינקס): מרס. ניומאַן, מרס. פ. רובין, מרס. פ.פרידמאַן, מרס. רודער, מרס. ב. ליכטענשטיין, מרס. מ. סאַמועלס, מרס. ר. פּאַפּיראָוו.
זיצנדיק: מרס. ב. גאָלדבערג, מרס. שטראַסער, מרס. ב. לעווין (טרעזשורער), מרס. קאַמעניעץ (עקזעקוטיוו־פּאָרזיצערין), מרס. ל. קאַפּלאַן, סעקרעטאַרין, מרס. ב. שוואַרץ, מרס. אַטלאַס.

ער זאָל אויסגעפינען די בעסטע וועגן ווי אַזוי צו קומען צו הילף אונדזער טייער שטעטל. אונדזער לאַנדסמאַן איז צוריקגעקומען מיט אַן אויספירלעכן באַריכט און האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז די וויכטיקסטע זאַך וואָס גאָניאָנדז האָט נויטיק איז אַן אייגענער בנין פאַר דער העברעאישער און אידישער שולע, ווו די קינדער וועלן אַחוץ די פאַרשיידענע לימודים אויך האָבן אַ שפּיל־פּלאַץ און ספּאָרט־מעגלעכקייטן. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט גרויס ענטוזיאַזם.

מיר האָבן דעמאָלט צוגעקראָגן פיל נייע מיטגלידער, צווישן זיי די ענערגישע און גוטהאַרציקע מרס. סייד, די פרוי פון מר. גדליה סייד ע״ה. מרס. סייד איז ביז היינטיקן טאָג פאַרבליבן די ערן־פּאָרזיצערין פון דער „ליידיס אָקזילערי״ און זי ווייזט אַרויס פון איר נייער היים אין פלאָרידאָ דעם גרעסטן אינטערעס צו אונדזער אַרבעט.

אַ געוויסע צייט האָט די „ליידיס אָקזילערי״ אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל מיטן נאָמען „גאָנאָיאָנדזער שול־באַרג״, אין וועלכן עס זענען דערשינען אַרטיקלען, בריוו, נאָטיצן און מעלדונגען אין שייכות מיט אַלע טעטיקייטן פון אונדזער געזעלשאַפט. דער זשורנאַל איז רעדאַגירט געוואָרן דורך ד״ר מ. מ. קאַמעניעצקי און מ. מאלאָזאָווסקי.

מיר האָבן געזאַמלט פאַר דער שולע די סומע פון צוויי טויזנט דאָלאַר. און גרויס איז געווען אונדזער פרייד ווען מיר האָבן, אין סעפּטעמבער 1933, באַקומען אַן אויספירלעכע שילדערונג פון לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער נייער שולע אויפן שול־באַרג.

איך געפין פאַר נויטיק צו ברענגען אַן אויסצוג פון יענער שילדערונג, וואָס מיר האָבן אָפּגעדרוקט אין „גאָניאָנדזער שול־באַרג״.

„גאָניאָנדזער אידן האָבן אין דעם טאָג איבערגעלעבט די שענסטע און הערלעכסטע מאָמענטן פון זייער לעבן! מיט אַן אָוונט פריער, שבת־צו־נאַכט, האָט די גאַנצע שטעטלשע יוגנט צוזאַמען מיט אַלע שול־קינדער אַרויסמאַרשירט אונטער די קלאַנגען פון. מוזיק מיט אַ פאַקל־צוג איבער אַלע גאַסן, און גאַנץ גאָניאָנדז, קליין און גרויס, האָבן אָנטייל גענומען אין דעם שיינעם צוג — — — פיל האָבן געוויינט פון פרייד, אַז זיי האָבן זוכה געווען צו דערלעבן דעמדאָזיקן גרויסן יום־טוב. „אָט אַזוי בויען אידן אַן אייגענע שול פאַר זייערע קינדער״!

אויף מאָרגן פרי זענען אָנגעקומען פאָרשטייער פון ביאַליסטאָקער און וואַרשעווער אידישע קולטור־אינסטיטוציעס. מיטן אָרקעסטער פון דער ביאַליסטאָקער העברעאישער גימנאַזיע. — — — דער צוג מיטן אָרקעסטער אין דער שפּיץ איז אָנגעקומען אויפן שול־באַרג, ווו דער מאַסיוו־אויסגעבויטער פונדאַמענט האָט אונדז אַלעמען שטיל און צניעותדיק מקבל פנים געווען... ביי דער זייט איז געווען אויפגעשטעלט אַן עסטראַדע באַפּוצט מיט גרינס, אויף וועלכער עס האָבן זיך אויסגעזעצט אַלע מיטגלידער פון בוי־קאָמיטעט צוזאַמען מיט די געסט. דער פאָרזיצער ה׳ זעליג ניעוואָדאָווסקי האָט מיט האַרציקע ווערטער געעפנט דעם יום־טוב. איבערשיקנדיק אין נאָמען פון אַלע די האַרציקסטע ברכות צו די ליבע ברידער און שוועסטער אין ניו־יאָרק. דער עולם האָט געמאַכט אַ שטורמישע אָוואַציע לכבוד דעם גאָניאָנדזער פרויען־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

ס׳איז דערקלערט געוואָרן אויפן אָרט אַ ציגל־אַקציע. ווער עס האָט נישט געזען, ווי אָרימע, קראַנקע אידן, וועלכע זענען געפירט געוואָרן אונטער די אָרעמס זיך צו באַטייליקן אין יום־טוב און מקריב זיין זייער ציגל־קרבן — דער האָט קיין אמתע מסירות־נפש אין זיין לעבן ניט געזען!... דער אידישער נאָבעלער גייסט האָט געשוועבט דאַן איבער אַלץ און אַלעמען — און דאָס איז געווען אונדזער אמתער גרויסער פאָלקס־יום־טוב אין גאָניאָנדז״.

דאָס איז בלויז אַ קליינער אויסצוג פונעם לאַנגען בריוו, וואָס איז געשריבן אין העברעאיש און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אידיש פאַרן „גאָניאָנדזער שול־באַרג״. דער דאָזיקער בריוו האָט אונדז אַ לאַנגע צייט געדינט פאַר אַ קוואַל פון אינספּיראַציע צו אונדזער ווייטערדיקע טעטיקייטן, ווי די געלט־זאַמלונגען פאַר אונדזערע פליטים, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצישן גיהנום, פאַר פעקלעך און צום סוף אויך פאַרן גאָניאָנדזער יזכור־בוך.

# גאניאנדזוער „ליידיס אקזילערי" אין ניו־יאָרק


מרס. מ. גראָדזענסקי
וויצע־פּאָרזיצערין


מרס. ג. פרידמאַן
טרעזשורער


מרס. ה. באַכראַך
מיטגליד


מרס. ק. אַטלאַס
מיטגליד


מרס. לעווין
מיטגליד


מרס. מ. וואָלקאָוו
מיטגליד

דוד באַכראַך, פתח־תקוה—תל־אביב

# הילפס־אַרבעט אין ישראל

אָנגעפאַנגען האָט זיך עס אין מאַרס 1947, ווען מיין ברודער משה באַכראַך האָט מיר צוגעשיקט אַ קליינע סומע געלט צו פאַרטיילן צווישן די זקנים און נויטבאַדערפטיקע פון אונדזער שטעטל און אפילו פאַרצייכנט וועמען צו געבן. עס זיינען שוין דעמאָלט געווען אין לאַנד דריי געראַטעוועטע גאָניאָנדזער יונגעלייט, וועלכע זיינען אַהערגעקומען מיט דער פוילישער אַרמיי פון רוסלאַנד, דורך פערסיען, און זיינען ניט מיטגעגאַנגען ווייטער, אָבער זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט און זיך ניט גענויטיקט אין קיין הילף. מיט דעם שטראָם פון די מעפילים און דערנאָך מיטן אויפקום פון אונדזער מדינה, האָבן זיך באַוויזן אויך אונדזערע פליטים. די ערשטע זיינען געקומען אין מיטן נאַכט, גלייך פון שיף, נאָך מיט די ים־וואַסער אין די שיך. דער אַריינקומען אין לאַנד איז געווען ניט לעגאַל און ס'האָט געמוזט געמאַכט ווערן שנעל און אונטער אַלע אומשטענדן. אין מאַי 1948 ווען די טויערן פון לאַנד האָבן זיך געעפנט, זיינען די פליטים געגאַנגען צוערשט אין אַ מעברה (דורכגאַנגס־לאַגער) און אין אַ קורצע צייט זיינען זיי געווען צעשפרייט איבערן גאַנצן לאַנד: חדרה, רעננה, נתניה, נס־ציונה און רחובות. איך האָב ניט געקענט אָנפירן מיט דער אַרבעט אַליין, האָט מען מיר פאָרגעשלאָגן פון ניו־יאָרק אַז מיר זאָלן גרינדן אַ וועד (קאָמיטעט) פון די פאָלגנדיקע פערזאָנען: כאַצקל־פרץ טשערניאַק און איך — פון עלטערן דור; פישל יצחקי (איטשע געלעס זון) און חיה־שרה רייגראָדסקי — פון יינגערן דור. אַזוי־אַרום איז געשאַפן געוואָרן דער וועד, וועלכער עקזיסטירט ביז היינט.

די אַרבעט טיילט זיך איין אין צוויי פעריאָדן: ביזן וויזיט פון די סיידס דאָ אין לאַנד און דערנאָך. ביז דעם וויזיט פון די סיידס איז די געלט פאַרווענדט געוואָרן אויף דירעקטער שטיצע, צוערשט דאָס נויטווענדיקסטע און דערנאָך אַ צימער וואָס איז געווען זייער אַ שווערער ענין אין יענער צייט פון גרויסער איינוואַנדערונג. מיר האָבן באַזוכט אונדזערע פליטים אין די „מעברות" מערערע מאָל, כדי זיך צו איבערצייגן אין וואָס זיי נויטיקן זיך און וואָס שנעלער זיי אַרויסנעמען פון דאָרט. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן נאָך אַ געוויינלעכן טאָג אַרבעט, און אין די הייסע זומערטעג אין ישראל איז דאָס ניט קיין לייכטע זאַך, אָבער מיר האָבן עס געטאָן באהבה. אויף איייניקע האָבן מיר געמאַכט גרעסערע הוצאות און אויף אַנדערע קלענערע. ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גרעסערער סומע פלעגן מיר זיך צוערשט פאַרבינדן מיט ניו־יאָרק און קריגן אַ באַשטעטיקונג. מיר האָבן קיין איין פליט ניט פאַרזען. מיר האָבן אויך ניט פאַרקוקט די צוויי שוועסטערלעך, טעכטער פון קלמן טרעשטשאַנסקי, אידלס ברודער, וועלכער האָט געוווינט אין בעלגיע. דער צווילינג איז געבאָרן געוואָרן קורץ פאַר דער מלחמה אָבער זייער מוטער איז געשטאָרבן בייַם געבורט. קלמן האָט זיי איבערגעגעבן פאַר דערציאונג צו אַ קריסטלעכע פרוי. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט ער דער קריסטין געגעבן אַ גרויסע סומע געלט, אָבער ווען די געלט האָט זיך געענדיקט האָט זי זיי אַריינגעגעבן אין אַ מאָנאַסטיר. קלמן איז אומגעקומען, אָבער זיינע צוויי זין וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט האָבן נאָך דער מלחמה אויפגעזוכט זייערע שוועסטער. זיי פלעגן זיי אָפט אַרויסנעמען פון מאָנאַסטיר פאַר אַ שפאַציר און איינמאָל האָבן זיי די קינדער ניט צוריקגעבראַכט און מיט דער הילף פון דער אידישער בריגאַדע זיי אַריבערגעפירט אין האָלאַנד און פון דאָרט זיינען זיי געקומען אין ישראל. דאָ האָבן מיר זיי באַקליידט פון קאָפ ביז פוס. זיי זיינען אין ישראל.

ביז 1951 האָבן זיך אַלע ווי ס'איז איינגעאָרדנט, און מיר האָבן געדענקט אַז אונדזער

## דער קאמיטעט אין תל־אביב



פ. טשערניאַק



דוד באַכראַך



פישל יצחקי



שרה רייגראָדסקי־ברקאי

מיסיע האָט זיך געענדיקט. אָבער דעמאָלט זיי־נען דערשינען אונדזערע אומפאַרגעסלעכע טייערע לאַנדסלייט די סיידס מיט אַ נייע אויפגאַבע, אַז מיר זאָלן דאָ גרינדן אַ גמילות־חסדים קאַסע און זיי האָבן טאַקע געבראַכט מיט זיך צו דעם צוועק מזומנים. לויט זייערע ווערטער האָט געשטאַמט דער געדאַנק פון אונדזערע דעטראָיטער.

דאַן איז געקומען פון כינע אַ משפחה פון דריי נפשות: פאָטער, מוטער און טאָכטער. מיר האָבן געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך זיי צו פאַר־לייכטערן און אַרויסנעמען פון דורכגאַנגס־לאַגער. אונדז איז אפילו געלונגען צו קריגן פאַר זיי אַ שיכון (אַן אייגענע דירה) אין קרית ביאַליסטאָק און עס איז גאָרניט געווען קיין לייכטער ענין. מיר האָבן עס פשוט אויסגע־וויינט ביי מר. ראלף וויין פון ניו־יאָרק. אויף דער ערשטער צאָלונג האָבן מיר געקריגן געלט פון קרובים פון דערדאָזיקער משפחה אין אַט־לאַנטאַ און אין ישראל. דער קאָמיטעט איז אויך געווען גרייט זיך צו באַשטייערן. דאָס האָט אונדז פאַרשאַפט מי און עגמת־נפש, אָבער

צום באַדויערן איז עס ניט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג, ווייל אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי באַשלאָסן צו עמיגרירן אין בראַזיל. זיי זיינען אָבער ניט געפאָרן און די הויז האָבן מיר איבערגעגעבן אַ צווייטע פאַמיליע. די געלט וואָס זיי האָבן באַקומען פון זייער פאַמיליע האָבן זיי פאַרברויכט פאַר זיך. ערשט אין אַפּריל 1958 האָבן מיר זיי געליען אַ גרעסערע סומע געלט פאַר אַ שיכון.

מיר האָבן באַקומען אַ שיכון (אַן אייגענע דירה) אין קרית־ביאַליסטאָק פאַר אַ גאָניאָנדזער אייניקל, אַ טאָכטער פון הערשל חיה־וויצעס, משה־פּיוול דעם שוסטערס אַ ברודער. די הויז האָט איר פאַמיליע פּשוט געראַטעוועט. מיר האָבן זיי אויך געליען אויף דער ערשטער צאָלונג. זיי האָבן אָפּגעצאָלט.

עטלעכע ווערטער וועגן אונדזער „פּאַרטי־זאַנקע" סאָניע געלבאָרט. איר פאָטער הייסט לייבל און האָט זיך געהאָדעוועט ביי זיין מומע חיה־רחל לוריא. זיין מוטער חנה׳טשע און חיה־רחל זיינען געווען שוועסטער, געבוירן אין גאָניאָנדז, געהייסן מאַראַנץ. אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט האָט די מוטער חנה׳טשע עמיגרירט אין אַמעריקע מיט צוויי יינגלעך, און נאָך צוויי קליינע יינגלעך: לייבל און מאיר געלאָזן ביי דער שוועסטער. לייבל האָט חתונה געהאַט אין ווילנער געגנט. אין דער מלחמה איז ער מיט זיין ניין־יעריק טעכטערל סאָניע אַוועק אין אַ וואַלד און איבערגעלעבט די מלחמה, די פרוי מיט אַ קליין יינגל זיינען אומגעקומען. קומענדיק אין לאַנד האָבן מיר זיך משתדל געווען און איר אַריינגעגעבן אין דער קינדער־קאָלאָניע שפיה אויפן חשבון פון דער סוכנות. ווען זי האָט געענדיקט די פאָלקס־שול, האָט מען פאַרלאַנגט זי זאָל גיין צום פאָטער. זי האָט אָבער געבעטן מיר זאָלן איר העלפן פאַרזעצן איר לערנען אין אַ סעמינאַר. פונקט דעמאָלט זיינען אַהערגעקומען די סיידס. מרס. שרה האָט גענומען אויף זיך די התחייבות און די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן עס אויסגעפירט אויפן בעסטן אופן. מיר האָבן ניט קיין ווערטער אויסצודריקן דעם יישר־כוח. זי האָט געענדיקט דעם לערער־סעמינאַר און איז איצט זעלבסטשטענדיק. גלייך נאָכן ענדיקן דעם שטודיום האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ בחור פון די שענסטע פאַמיליעס פון ישראל. איר מאַן ענדיקט איצט אינזשינער און זי אַרבעט אַלס לערערין.

דאָס איז בקיצור אַ סך־הכול פון אונדזער אַרבעט דאָ. איך וויל אויך באַמערקן אַז מיר האָבן געהאַט אונדזערע אייגענע זאַמלונגען ווען עס איז געווען נויטיק.

מיר האָבן באַקומען פאָלגנדיקע סומעס:

פון מאַרס 1947 ביז אויגוסט 1951 — 1159 ארץ־ישראלדיקע פונט. פון אויגוסט 1951, מר. און מרס. סיידס וויזיט, ביז 31 דעצעמבער 1957, —.5640 פונט. דריי יאָר סעמינאַר, שכר לימוד און אינטערנאַט פאַר סאָניע געלבאָרט און אַן איינמאָליקע שטיצע פאַר אַ דירה, געשיקט פון ניו־יאָרק פאַר אַ פאַמיליע וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד־פּוילן, צוזאַמען אויסגעגעבן 2085 פונט. בלייבט פאַר דער גמילות־חסד־קאַסע 3555 פונט. מיט דער סומע אָפּערירן מיר אין גמילות־חסדים. קרוב צו 25 מענטשן האָבן געליען, מאַנכע צוויי מאָל און אייניקע דריי מאָל. מען קען רעכענען ביז 50 הלוואות. צום אָנפאַנג איז די הלוואה געווען ביז 150 פונט, איצט מוז די הלוואה זיין גרעסער, אויב עס זאָל האָבן ממשות. מערסטנטייל לייט מען פאַר אַ שיכון אָדער קאָנסטרוקטיווע צוועקן: ווי אַ ניי־מאַשין, אָבער אויך אויף נויטיקע מעבל. בכלל, ס׳איז ניט געווען קיין איין פאַל וואָס מיר האָבן אַנטזאַגט. די הויפּט־באַדינגונג איז: געלט אין קאַסע.

אויסער דעם זיינען געשיקט געוואָרן פון ניו־יאָרקער קאָמיטעט פיל שפּייז־פּעקלעך דירעקט צו די נויטבאַדערפטיקע אין ישראל.

איך קען ניט פאַרענדיקן מיין קורצן באַריכט ניט דערמאָנענדיק אונדזער אונדערמידלעכן פריינט מיירים רובין. אַליין אַ שווער אַרבעטנדיקער, פירט ער אָן מיט דער אַרבעט זינט 1948, זאָרגט פאַר אַלץ און אַלעמען, מיט גרויסער איבערגעבנקייט. מיר ווינטשן אים און זיין פרוי פייגל בנימינ׳ס לאַנגע יאָר, געזונט און פיל נחת פון זייער פאַמיליע. און אַלע ליבע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, דעטראָיט, שיקאַגאָ, סאָוט בענד, לאָס אַנדזשעלעס און ווו זיי זיינען — אַ האַרציקן דאַנק!

# פאָרוואָרט

אין זיין געדיכט „אם יש את נפשך לדעת" האָט חיים נחמן ביאַליק אָנגערופן דעם בית המדרש „בית היוצר לנשמת האומה" — די קוזשניע ווו עס איז אויסגעשמידט געוואָרן די נשמה פון פאָלק. אַ קוזשניע איז אָבער מחייב שמידן; פון זיך אַליין שמידט זיך קיין זאַך ניט אויס. טאָ ווער זיינען עס אין אונדזערע שטעטלעך געווען די „שמידן" וואָס האָבן געפורעמט די נשמה פון פאָלק?

דאָס זיינען געווען די איינציקע אידן, מענער אַזוי גוט ווי פרויען, וואָס האָבן אין גייסטיקן, עטישן און פּאַעטישן זין טאָגטעגלעך געווירקט אין דעם לעבן פון די געמיינדעס און אוממיטלבאַר משפיע געווען אויפן גאַנג פון לעבן אין שטעטל בכלל און אויף סענסיטיווע יחידים בפרט. אַלע צוזאַמען האָבן זיי דעם לעבן כסדר באַריי־כערט, באַפרוכפּערט און פאַרגרינגערט. ווער פון אונדז עס איז געווען באַזונדערס שפּירבאַר, און ספּעציעל דער וואָס האָט געהאַט דעם גליק צו זיין אונטער זייער די־רעקטער השפעה, דער בענטשט זייער אָנדענק.

דער איינפלוס פון אָט די יחידי סגולה איז געווען אַ שטילער, אָבער אין סך־הכל זייער אַן אָנקענטיקער אויך אין גאַניאָנדז.

**משה באַכראַך**

זאב וואָלף קאַמענעצקי, חיפה—ישראל

# מיין פאָטער הרב ר׳ גדליה הכהן קאַמענעצקי ז״ל *

## (ביאָגראַפישע נאָטיצן)

מיין פאָטער, זכרונו לברכה, איז געבוירן געוואָרן אין סעמיאַטיטש, אַ שטאָט אין בריסקער געגנט. זיין זיידע האָט דעמאָלט געפירט צוזאַמען מיט זיין ברודער, דערנאָך ביעלסקער רב, אַ גרויסן האַנדל. זיי פלעגן פירן פון די קאַרפּאַטן־בערג אין גאַליציע אויף שיפלעך זאַלץ קיין דאַנציג. ווען דער טאַטע איז אַלט געוואָרן צוויי יאָר, איז דער זיידע געפאָרן מיט אַ טראַנספּאָרט שיפלעך קיין דאַנציג, איז געוואָרן אַ גרויסער וואַסער אויסגוס אין ווייסל און אַלע שיפלעך מיט די זאַלץ זיינען אונטערגעגאַנגען און זיי האָבן פאַרלאָרן זייער גאַנצן פאַרמעגן. פון גרויס ערגערניש איז דעם טאַטנס מוטער געשטאָרבן, און מיין פאָטער איז געבליבן אַ יונגער יתום.

דער פאָטער מיינער ר׳ גדליה האָט ניט געלערנט אין ישיבות; ער האָט געשטרעבט צו לערנען פון די גרויסע, באַרימטע לומדים, איז ער אַוועקגעפאָרן אין ווילנע, די אַזוי־גערופענע ירושלים דליטא, און דאָרט האָט ער פאַרבראַכט אייניקע יאָר. ווילנע האָט געהאַט גרויסע רבנים, און אויך גרויסע משכילים. אַז ער איז געקומען פון ווילנע האָט מען זיך מיט אים פאַנאַדערגערעדט, האָט מען אָנגעהויבן צו ריידן פון אים, ווי פון אַ „בערלינער״, אַ „פרייער״. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער חתונה געהאַט מיט מיין מאַמען און נאָכדעם האָט מען אים איינגעלאַדן אַלס דיין אין סאָקאָלקע. דאָרט איז ער געזעסן אייניקע יאָר, און דערנאָך איז ער געוואָרן רב אין ווישניעווע, אַ שטעטל ניט ווייט פון וואָלאָזשין.

ווישניעווע איז געווען אַרומגענומען מיט וועלדער. די מאַמע איז געווען צעשראָקן, זעענדיק פונדערווייטן ווי חיות גייען אַרום אין די וועלדער. זי איז דערפון געוואָרן אַזוי נערוועז, אַז זי פלעגט מורא האָבן אַרויסגיין פון שטוב.

זי איז געפאָרן קיין ווילנע צו דאָקטוירים, וועלכע האָבן איר געהייסן פאָרן קיין פראַנצנסבאַד. קומענדיק צוריק האָט זי זיך אויפגעהאַלטן ביי אירע עלטערן אין סוכאָוואָליע און פון דאָרטן געשריבן דעם טאַטן, אַז דאָקטוירים האָבן איר פאַרזאָגט, זי זאָל מער ניט וווינען דאָרט ווו זי האָט געוווינט. דער טאַטע איז באַלד נאָכדעם אַרויסגעפאָרן צו דער מאַמען קיין סוכאָוואָליע. קומענדיק קיין סוכאָוואָליע האָט ער געהערט אַז גאָניאָנדזער רב האָט פאַרלאָזן גאָניאָנדז נאָך אַ גרויסער מחלוקת מיט די חסידים. דער טאַטע איז געפאָרן אין גאָניאָנדז, און איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן אַלס רב.

די גאַנצע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין גאָניאָנדז. 5 יאָר האָט ער איבערגעלעבט אַ שווערע מחלוקת. אָבער נאָך דער מחלוקת האָבן זיך אַלע גערעכנט פאַר זיינע גוטע פריינט. אין כאַראַקטער איז ער געווען אַ זעלטן גוטער מענטש. די מאַמע פלעגט אים

---

* מיר פאַרעפנטלעכן דריי באַשרייבונגען וועגן אַלטן גאָניאָנדזער רב, ר׳ גדליה ז״ל, — איטלעכע מיט אַן אייגנאַרטיקן צוגאַנג און פון אַ באַזונדער אינטערעס. אינדערצייט וואָס זיין זון וואָלף גיט איבער ביאָגראַפישע פאַקטן, שילדערן די אייניקלעך אין דריטן טייל זייער זיידנס פערזענלעכקייט מיט אַ טיפער פסיכאָלאָגישער פאַרשטענדעניש.

די רעדאַקציע

ניט לאָזן האַלטן בײַ זיך קײן געלט, וואָרום ער פלעגט עס אַוועקגעבן דעם ערשטן אורח וואָס פלעגט קומען צו אים. יעדן אורח, וואָס פלעגט קומען צו אים אין בית מדרש, פלעגט ער שיקן אין שטעטלשן רעסטאָראַן, און ער האָט שוין אָפּגערעדט מיט דעם אײגנטימער פון רעסטאָראַן, אַז מען זאָל אים געבן אַ גוטן מיטאָג אויף זײַן רעכענונג. ער פלעגט קײנמאָל ניט אין כעס ווערן אויף אַ מענטשן וואָס האָט זיך אים קעגנגעשטעלט; ער פלעגט אים נאָר געבן צו פאַרשטײן, רואיק און געלאַסן, זײַן מײנונג. געוויינלעך פלעגט ער זיצן אין בית־מדרש ביז אײנס נאָכמיטאָג און אַז ער פלעגט זען אַן אַרבעטער אַרײַנקומען אין בית מדרש, פלעגט ער צוגײן צו אים און אויספרעגן וואָס ס'הערט זיך בײַ אים אין שטוב און ווי עס גײט זײַן אַרבעט און פלעגט אַרומשפּאַצירן מיט אים אין בית־המדרש און שמועסן ווי מיט אַ חשובן בעל־הבית, כאָטש מען פלעגט אים קריטיקירן פאַר זײַן „צופיל אַראָפּלאָזן זיך".

זײַן זיכרון איז געווען אויסערגעוויינלעך, זײַן שכל אַ שאַרפער און אַ גלײַכער. איך גלויב אַז איך וועל ניט זאָגן קײן גוזמא, אַז ער האָט געקענט תלמוד בבלי אויסנווייניק. ער האָט אויך געקענט די אַלטע פילאָסאָפישע ספרים. עס איז ניט געווען קײן פאַל אַז מען זאָל פּראָטעסטירן קעגן זײַן פסק־דין. ער איז געווען באַליבט בײַ אַלע אײנוווינער פון שטאָט, אויך בײַ די קריסטן. גײענדיק אַמאָל אויסערן שטאָט, פלעגן דורכגײענדיקע קריסטן פאַלן פאַר אים אויף די קני. און ווען אַ קריסט פלעגט האָבן אַ טענה צו אַ אידן, פלעגט ער בעסער וועלן גײן צום רב אײדער אין געריכט. די רײַכע קריסטן, ווען זײ פלעגן זען ווי דער טאַטע גײט זיך באָדן, פלעגן מיטגײן און באַגלײטן אים ביזן טײַך און אויך וואַרטן ביז ער וועט אַרויס פון טײַך.

איך געדענק אַ מעשה ווען אַ קריסט איז געקומען צום רב זיך קלאָגן, אַז אַ בעקער האָט אים געדאַרפט צאָלן פאַר קאָרן 5 רובל און אַ פופציק—זעכציק קאָפּיקעס, האָט ער אים די קאָפּיקעס געגעבן און די 5 רובל האָט ער אים ניט געגעבן. גאַנץ פשוט, ער האָט פאַרגעסן צו נעמען מיט זיך די 5 רובל... און אַז דער קריסט איז געקומען נאָך די 5 רובל, האָט ער אים ניט געוואָלט באַצאָלן. דער טאַטע האָט גלײַך געשיקט רופן דעם בעקער און האָט אים אַ פרעג געטאָן, וואָס איז מיט די 5 רובל וואָס דער קריסט זאָגט, אַז דו האָסט אים ניט געגעבן. דער בעקער האָט גאָרניט געענטפערט. האָט אים דער טאַטע געזאָגט ער זאָל באַצאָלן דעם קריסט די 5 רובל. דער בעקער האָט גלײַך אַרויסגענומען די 5 רובל און באַצאָלט דעם קריסט. נאָכדעם ווי ער האָט שוין באַצאָלט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ געווינס, איז אונדזער רב געוואָרן מיט מיר אַ שותּף... דער טאַטע האָט אַ ברײטן שמײכל געטאָן און האָט אים ניט געענטפערט קײן וואָרט.

דער טאַטע איז אַלט געווען 73 יאָר ווען ער איז נפטר געוואָרן ד' סיון, תרס"ז (פרײַטיק מיט זון אונטערגאַנג, 1907).



אברהם יפה, תל־אביב

# הרב מרדכי יפה (דיין) ז״ל

מיין פאָטער, זכרונו לברכה, האָט געשטאַמט פון פיל דורות רבנים, פון וועלכע דער ערשטער איז געווען דער באַרימטער גאון ר׳ מרדכי יפה, באַקאַנט מיטן נאָמען „דער לבוש״ (פאַרקירצט פון ספר „לבוש מלכות״, וואָס ער האָט מחבר געווען). ער איז געבאָרן געוואָרן אין קאָברין, גראָדנער גובערניע, ביי מיין זיידן דעם קאָברינער רב ר׳ יעקב יפה. מיין פאָטער האָט חתונה געהאַט אין עלטער פון פופצן יאָר מיט מיין מוטער דער צדקנית מרת בלומע ע״ה. ווי דער מנהג פאַרצייטן, איז מיין פאָטער עטלעכע יאָר געווען אויף קעסט, געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט. מיין מאַמע ע״ה איז געווען אַן אשת־חיל און האָט מיטגעטראָגן דעם שווערן יאָך פון פרנסה. זי האָט געהאַט דרייצן קינדער, פון וועלכע בלויז זעקס זענען געבליבן לעבן. איך געדענק ווי די מאַמע ע״ה פלעגט אַחוץ די פיר שבת־ליכט אויפן טיש, אָנצינדן נאָך זיבען קליינע ליכטלעך, וועלכע זי פלעגט אַריינשטעלן אין קאַרטאָפל־„לייכטער״ אויפן ראַנד פון קוימען. זי פלעגט ביים ליכט־בענטשן פאַרגיסן טרערן פאַרן לעבן און געזונט פון די לעבעדיקע קינדער און אויך פאַר די נשמות פון די פאַרשניטענע פאַר־דער־צייט.

מיין פאָטער איז נאָך די קעסט אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע יאָר קיין קאָוונע צו לערנען און באַקומען סמיכה פון קאָוונער רב, הרב הגאון רבי יצחק אלחנן ז״ל. וועגן מיין טאַטנס לעבן אין קאָוונע האָט מען דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד: איינמאָל אין אַ הייסן זומער־טאָג, זיצנדיק אין בית־מדרש לאַנגע שעה׳ן ביי דער גמרא, האָט ר׳ יצחק אלחנן פאָרגעלייגט דעם יונגן מתמיד אַרויסצוגיין מיט אים אויסער דער שטאָט כאַפּן אַביסל פרישע לופט. זיי האָבן זיך געזעצט אונטער אַ בוים אָפּרוען און דער מידער ישיבה־מאַן איז איינגעשלאָפן. אַז ער האָט געעפנט די אויגן האָט ער געזען ווי ר׳ יצחק אלחנן זיצט לעבן אים און טרייבט אָפּ מיט זיין טאַשן־טיכל די פליגן פון זיין פנים. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס ער האָט געפילט זעענדיק די פאָטערלעכע ליבשאַפט פון גדול הדור.

קריגנדיק זיין סמיכה אויף רבנות איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס דיין אין גאָניאָנדז. דאָס איז געווען זיין ערשטע רבנות־שטעלע און די לעצטע. מיין פאָטער ע״ה איז געווען אַן איידעלער תלמיד־חכם, אַ שטילער און אַ באַשיידענער און אַ גרויסער רודף־שלום. ער האָט תמיד זיך באַמיט איינצונעמען מיט גוטע און קלוגע רייד ווען אַ פּאָר־פאָלק איז געקומען צו אים זיך גט׳ן. עס איז מיר פאַרבליבן אין זיכרון פון מיין קינדהייט זיין הויכע געשטאַלט, זיין בלאַס פנים מיט דער שיינער באָרד און רבנישן סורדוט, שפּאַצירנדיק איבערן שטוב מיט אַן אָפענעם ספר אין האַנט.

ער איז נפטר געוואָרן זייער יונג אין עלטער פון זעקס און דרייסיק יאָר, י״ט תשרי (חול המועד סוכות) תרנ״א, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד, פון אַ לונגען־אַנטצינדונג. מען האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז איינער פון די קאַמף־לוסטיקע פאַרביסענע חסידים אין גאָניאָנדז, אַ תלמיד־חכם וואָס איז געווען אַ נוקם ונוטר, האָט אים געדראָט אָפּצוגיסן ערב יום־כיפור אין שוויץ־באָד מיט אַ שעפל קאַלט וואַסער. כדי אויסצומיידן דעם בזיון און די מחלוקת איז ער אַוועק זיך טובלען אין טייך — און די ערב־יום־כיפורדיקע טבילה האָט אים געפירט צום קבר.

אַזוי איז דורך אַ טרויעריקן וויץ פון אַ פאַנאַטיקער פאַרשניטן געוואָרן פאַר דער צייט אַן איידעלער תלמיד־חכם. תנצב״ה.

יוסף הערציג, תל־אביב

# הרב צבי וואָלף ז״ל



הרב צבי וואָלף

נאָך דער פטירה פון אַלטן רב ר׳ גדליה הכהן ע״ה, איז אין יאָר 1907 אויסגעקליבן געוואָרן דער קוזניצער רב ר׳ צבי וואָלף צו פאַרנעמען דעם כיסא־הרבנות אין גאָניאָנדז. הרב וואָלף איז געווען אַן אָנציענדיקע אַקטיווע פערזענלעכקייט. די בעלי־בתים אין גאָניאָנדז האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז ניט גענוג, אַז דער רב זאָל זיין אַ תלמיד־חכם, נאָר ער דאַרף קענען אויך אָנפירן מיט דער קהילה און זי רעפּרעזענטירן כלפי חוץ, פאַר די מלוכה־אָרגאַנען. דידאָזיקע צוויי מעלות האָט פאַר־מאָגט הרב וואָלף: ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער און רעפּרע־זענטאַטיווע פיגור. זיין פרוי בליומע איז געווען אַן אמתע אשת־חיל און אַן עזר כנגדו, צו וועלכער אַלע האָבן זיך באַצויגן מיט רעס־פּעקט.

דער רב און די רביצין, ביידע מיט גוטע יידישע הערצער, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין אַקטיוויטעטן פון צדקה. אין גאָניאָנדז האָבן ניט געפעלט קיין נויט־באַדערפטיקע מענטשן, וועלכע האָבן תמיד זיך געראַנגלט פאַר זייער פרנסה. דעם נייעם



רב׳ס שטוב איז געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער אידישער צענטער, ווו מען פלעגט קומען ניט נאָר מיט אַ שאלה, אָדער אַ דין־תורה, נאָר אויך נאָך אַ גוטער עצה אין ענינים פון משפחה און פרנסה. איידער די ליי־קאַסע איז געשאַפן געוואָרן, האָט דעם רב׳ס שטוב באַזאָרגט פיל נויטבאַדערפטיקע מיט גמילות־חסדים. אַליין ניט קיין גביר, פלעגט דער רב באָרגן ביי אַנדערע און געבן הלוואות. די לייערס זענען געוויינלעך ניט געווען פינקטלעך אין אויסצאָלן די הלוואות, האָט דער רב געמוזט מאַכן אַ צווייטע און אַ דריטע הלוואה. עס האָבן מיטגעהאָלפן דערביי אַלע מיטגלידער פון דער משפחה, און באַ־זונדערס די רביצין. די רביצין האָט אויך גוט געוווסט ווער עס נויטיקט זיך אין באַל־דיקער הילף. אַ קראַנקער אָרימאַן דאַרף האָבן אַ שטיקל פלייש, אַן עוף, אַביסל זופּ, אָדער מילך, צי גאָר אַביסל „איינגעמאַכטס״ פאַר דערקוויקונג. און אַז עס איז אַ נויטבאַדערפ־טיקע פרוי געלעגן אין קימפּעט, האָט מען אַרויסגענומען פון שראַנק וועש אָדער אַ ליילאַך און עס צוגעשיקט ווי מתן־בסתר.

בכלל איז דעם רב׳ס שטוב געווען אָפן פאַר אַלעמען. „כל דכפין״ — ווער עס איז אַריין

הרבנית בליומע וואָלף



הונגעריק איז אַרויס אַ זאַטער. ביים טיש זיינען זייער אָפט געזעסן אורחים, וועלכע האָבן תמיד געהאַט דעם גענוס פון דער היימישער און פריינטלעכער באַציאונג.

הרב וואָלף האָט דערפילט דאָס וואָס ער האָט אָנגעצייכנט אין זיין ערשטער דרשה ביים קבלת־פנים אין דער שול, וואָס איז געווען איבערפולט ווי יום־כיפור צו כל־נדרי:

„אַ רב אין אַ שטאָט דאַרף זיין ווי אַ שטאָט־זייגער: הויך געשטעלט און אין מיטן שטאָט. הויך געשטעלט, כדי קיינער זאָל אים ניט קענען ריכטן אַזוי ווי ער וויל... און אין מיטן שטאָט, כדי אַלע זאָלן אים קענען זען און זיך ריכטן נאָך אים אין יעדער צייט"...

הרב וואָלף האָט ניט נושא־פנים געווען די תקיפים פון שטאָט, נאָר ער איז שטענדיק געווען אויפן צד פון גערעכטן און שוואַכערן. דערפאַר האָט ער געהאַט קעגנער, מיט וועלכע ער האָט געפירט אַ קאַמף.

ער איז געווען באַוווּסט ווי אַ גוטער בורר און מען האָט זיך געווענדט צו אים פון אַנדערע שטעט מיט די שווערע קאָמפּליצירטע סכסוכים און דין־תורה׳ס. ער האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן מוח און אַ פענאָמענאַלן זכרון. ער האָט ניט געדאַרפט בלעטערן אין ספרים צו געפינען דעם נויטיקן דין, אָדער תשובה אויף אַ שאלה; נאָר ער האָט גענוי געוווּסט ווו און ווי דער ענין ווערט באַהאַנדלט. ער האָט זיך ניט געניטיקט אין פאַרצייכענען די טענות פון די צדדים ביי אַ דין־תורה, ווייל ער האָט גענוי געדענקט אַלע פרטים. דערצו האָט אים געהאָלפן די „לעבנס־שולע" וואָס ער איז דורכ־געגאַנגען איידער ער האָט פאַרנומען דעם כיסא הרבנות: ער איז אַ צייט געווען אַ סוחר און אַ טעקסטיל־פאַבריקאַנט אין ביאַליסטאָק. זיין סיסטעם איז געווען — צו לאָזן דעם בעל־דין רעדן און זיך אויסטענהן וויפיל זיין האַרץ גלוסט אָן אַן איבעררייס, און דערנאָך אים שטעלן זאַכלעכע פראַגן.

הרב וואָלף איז געווען אַן אויסגעצייכנטער דרשן. ער האָט אָנגעפירט מיט דער „חברה משניות", „חברה שולחן־ערוך" און אַ געוויסע צייט אויך מיט דער „חברה ש״ס", אויף וועל־כער עס האָט יאָרנלאַנג געהאַט אַ חזקה ר׳ יעקב רודסקי. די „חברה משניות" איז באמת געווען אַ דעמאָקראַטישע און איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל עלטערע און יונגע אידן פון פאַרשיידענע שיכטן — בעלי־בתים, הענד־לער און בעלי־מלאכות.

אין גאָניאָנדז איז ניט געווען קיין ישיבה, אָבער הרב וואָלף איז געווען פאַראינטערע־סירט אין די ישיבה־בחורים, וועלכע פלעגן לערנען „אינדערפרעמדס". פאַר די פעאיקע יונגע בחורים, וועלכע האָבן ניט געקאָנט פאָרן „אינדערפרעמדס" האָט דער רב עטלעכע טעג אין וואָך געזאָגט אַ שיעור אין תלמוד (זיינע תלמידים זיינען געווען: זעליג ניעוואָדאָווסקי, יהודה׳ל דעם שוחט׳ס, מיירים וועלוול זאַד־זשאַק׳ס, אידל דעם זייגערמאַכערס, חנא מאכיי, אברהמ׳ל סענדערס א. אַ.). ער האָט אַרויס־געוויזן אַ וואַרעמען אינטערעס צו די פרעמדע בחורים, וועלכע פלעגן קומען אין גאָניאָנדז זיך לערנען שחיטה (גאָניאָנדזער פאָדראַטשי־קעס פלעגן שעכטן פיל בהמות פאַרן רוסישן מיליטער אין דער פעסטונג אָסאָוויעץ, און מען האָט ניט מורא געהאַט פאַרן טריף־ווערן פון אַ בהמה; דעריבער איז גאָניאָנדז געווען אַ פּאַסיקער אָרט פאַר שוחטים־פּראַקטיק).

פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פלעגט דעם רב אָפט אויסקומען צו אינטערווענירן ביי דער רוסישער מאַכט לטובת אידישע סאָלדאַטן אָדער רעזערוויסטן, וועלכע זיינען געקומען אין אָסאָוויעץ אויף עטלעכע וואָכן איבונגען. איינמאָל ערב ראש־השנה האָט דער רב מעכב געווען דאָס מעריב דאַוונען ביז עלף אַ זייגער אינאָוונט, ביז עס זיינען אָנ־געקומען די וואַרשעווער רעזערוויסטן פון אָסאָ־וויעץ. ס׳איז געווען אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט אידן. מען האָט זיך ניט געשטעלט דאַוונען ביז יעדער רעזערוויסט איז באַ־זאָרגט געוואָרן מיט אַן אכסניה און עסן פאַר די צוויי טעג ראש־השנה.

אין יענער צייט פלעגן אָפט קומען הויך־געשטעלטע מיליטער־לייט צום שול־באַרג אין שייכות מיט פאַרטיידיקונגס־פּלענער. דער רב פלעגט קומען זיי באַגריסן און קריגן די פאַר־זיכערונג, אַז רוסישע סאָלדאַטן וועלן ניט שטערן די רו אין שטאָט.

אַז דער קריג איז אויסגעבראָכן, איז איינמאָל אינדערפרי געקומען אויפן שול־באַרג אַ גרופּע שטאַב־אָפיצירן מיטן קריגס־מיניסטער סוכאָמלינאָוו בראש. הרב וואָלף אין דער באַגלייטונג פון ר׳ בנימין דעם סופר, זיינען געקומען אויפן שול־באַרג און האָבן געעפנט פאַר זיי די שול. אויף סוכאָמלינאָוו׳ס אַ באַמערקונג „עס איז טונקל, און ס׳איז שווער צו זען דעם האָריזאָנט״, — האָט הרב וואָלף זיך אָפּגערופן — „דערפאַר וועט זיין ליכטיק אין גאַנץ רוסלאַנד״... און דער קריגס־מיניסטער האָט אים געדריקט די האַנט מיט אַ דאַנק פאַר זיין גוטן ווונש (עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָכן צוזאַמענברוך פון דער צאַרישער מאַכט האָט ר׳ מאיר דער זייגערמאַכער געזאָגט, אַז עס איז מקויים געוואָרן דעם רב׳ס ברכה...)

ביים גירוש פון דער אידישער באַפעלקערונג פון די פראָנט ליניעס אין 1914, איז דער רב מיט זיין משפחה אַריבערגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק, וואָס איז געווען פאַרפלייצט מיט פליטים פון די אַרומיקע שטעטלעך. ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַרבעט לטובת די היימלאָזע און אין דער ערשטער ריי מיט „עניי עירך״ — די גאָניאָנדזער.

הרב וואָלף האָט באַקומען אַ הויכן אַמט אין ביאַליסטאָקער ראַבינאַט און וואָלט געקאָנט לעבן בכבוד אין דער גרויסער שטאָט, אָבער אַז עס האָט זיך געמאַכט די געלעגנהייט זיך אומצוקערן אין גאָניאָנדז איז ער צוריקגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע. דעמאָלט האָט פּאַסירט דער אומגליק און זיין איבערגעגעבענע פרוי איז געשטאָרבן. מען האָט איר געבראַכט צו קבורה אויפן גאָניאָנדזער בית־עולם. דעם רב׳ס געזונטצושטאַנד האָט פון יענעם טאָג אָן זיך שטאַרק פאַרערגערט. ער האָט געליטן אַ לענגערע צייט פון צוקער־קראַנקהייט און בעת אַ באַזוך ביי זיין ברודער אין ביאַליסטאָק איז ער שטאַרק קראַנק געוואָרן און אויסגעגאַנגען. ער איז נפטר געוואָרן י״ח סיון תרפ״ד (1924) אין עלטער פון 58 יאָר און איז געקומען צו קבורה אין ביאַליסטאָק.

גאָניאָנדזער אידן האָבן שטאַרק באַוויינט און מספיד געווען זייער גייסטיקן פאָרשטייער דעם תלמיד־חכם און וועלטלעכן מענטש. זיין שיינע געשטאַלט, זיין ציכטיקייט און ריינקייט, זיין ענערגישער גאַנג און ווירדיקער אַרט ריידן זיינען געבליבן אומפאַרגעסלעך פאַר אַלע וואָס האָבן אים געקענט.

יהי זכרו ברוך.

דער שול־באַרג



# הרב ישראל שלומאָוויטש ז"ל

אונדזער פאָטער, הרב ר' ישראל שלומאָוויטש ז"ל, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרמ"א אין יאַנאָווע נעבן קאָוונע. ער האָט געשטאַמט פון די אָנגעזעענסטע משפחות פון שטעטל. נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן איז דער פאָטער געפאָרן לערנען אין דער וועלט־באַרימטער ישיבה „כנסת ישראל" אין סלאַבאַדקע, וווּ ער איז גלייך אָנערקענט געוואָרן ווי איינער פון די עמודי הישיבה.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין בקיאות און חריפות אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט באַקומען דעם צונאָמען „דער קליינער קצות החושן". אויך האָט ער גע'שמ'ט מיט זיינע מידות טובות.

זייענדיק אין דער ישיבה האָט ער געעפנט אַן אייגענע גמילות־חסדים־קאַסע און יעדן אָוונט נאָך מעריב פלעגט ער אַרויסגעבן הלוו־אות צו די בני הישיבה. דאָס געלט פלעגט ער אַליין לייען פאַר דעם צוועק.

אין ישיבה האָט דער פאָטער געלערנט ביז דער חתונה. אַ מפורסם ווי אַ גדול בתורה ומוסר, האָט ער באַקומען סמיכה פון גדול־הדור הרב הגאון ר' אלי' ברוך קאַמיי, מירער רב און ראש ישיבה, פון הרב הגאון ר' איסר זלמן מלצר, סלוצקער רב, און פון גדול הדור דער טעלזער רב און ראש הישיבה, ר' אליעזר גאָרדאָן (ר' לייזער טעלזער).

דער פאָטער האָט חתונה געהאַט אין יאָר תרס"ט. אונדזער מוטער איז געווען אַ טאָכטער פון האָראָדאָקער שוחט ר' אלי' ראַפּאָפּאָרט, אַ מופלג אין תורה און יראת־שמים. נאָך דער חתונה איז דער פאָטער געזעסן אַ קורצע צייט אין האָראָדאָק און געלערנט מיט אַן אויסער־געוויינלעכער התמדה, אַזוי ווי אין ישיבה, בערך 16—18 שעה אַ מעת לעת. פון האָראָדאָק איז ער געפאָרן לערנען אין גראָדנע.

שפּעטער האָט אונדזער פאָטער זצ"ל פאַר־נומען דעם כיסא הרבנות אין אַמסטיבאָווע. נאָך אַ קורצער צייט איז ער אָנגעקומען אין מיישעגאָלע, נעבן ווילנע.



הרב ישראל שלומאָוויטש

ער פלעגט זאָגן אַ שיעור אין ראַמיילעס ישיבה אין ווילנע און אין דער זעלבער צייט געדרוקט דעם ספר „בית ישראל" חלק ראשון (דערשינען אין תרפ"ו). דער ספר איז שנעל געוואָרן אָנגענומען ביי אַלע גדולי התורה און בני הישיבה.

אין יאָר 1925 האָט אונדזער פאָטער לויט דער עצה פון מנהיג הדור, הגאון ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, אויסגעקליבן גאָניאָנדז פון עט־לעכע שטעטלעס וואָס מען האָט אים אָנגעבאָטן.

אין יענער צייט זיינען אין גאָניאָנדז געווען זייער פיל שיינע בעלי־בתים, לומדים און אָנ־געזעענע אידן ביי וועלכע דער פאָטער איז גלייך באַליבט געוואָרן.

אין גאָניאָנדז האָט זיך דער פאָטער גלייך גענומען אויפשטעלן און אויפלעבן פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, ווי גמילות חסדים קאַסע, חברה־קדישא און אזוי ווייטער. אויך האָט דער פאָ־טער באַנייט די אינסטיטוציע „לינת הצדק", וועלכע האָט שטאַרק אויפגעבליט און אַרויס־געהאָלפן זייער פיל אָרעמע און קראַנקע משפחות.

בכלל פלעגט זיך דער פאָטער זייער פיל פאַרנעמען אין אַרויסהעלפן אַלע נויטבאַדערפ־

טיקע. עס איז ניט געווען עמיצער וועלכער האָט געדאַרפט עפּעס און איז אַרויסגעגאַנגען אָן הילף. אָפט פלעגט ער ניט אַרויסגיין פון בית־המדרש ביז ער האָט איינגעאָרדנט אַלע אורחים און אָרימעלייט.

איך געפין פאַר נויטיק צו דערמאָנען, אַז אין אַלע נויטן פון שטעטל פלעגט הנדיב היקר ר׳ בנימין סופר ז״ל זייער פיל העלפן. ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס געטאָן גוטס פאַר אַלעמען. דער פאָטער פלעגט שטיין שטענדיק אין פאַרבינדונג מיט אים, ווי אויך מיט דער „ליידיס אָקזילערי" פון די גאָניאָנ־דזער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.

אויפן געביט פון רעליגיעז־קולטורעלן לעבן האָט דער פאָטער זייער פיל געטאָן. ער האָט געשאַפן און געלערנט מיט פיל חברה׳ס: „חברה ש״ס", „חברה משניות", „חברה משנה תורה" און „חפץ חיים". אויך האָט ער זייער פיל געאַרבעט און געקעמפט אויפן גע־ביט פון חינוך. ער האָט געשאַפן אייגענע חדרים און אָנגעשטעלט מלמדים פון אַנדערע שטעט ווייל די שולע אין גאָניאָנדז איז, לויט זיין מיינונג, געווען צו פריי.

אָבער אונדזער פאָטער האָט שטענדיק גע־שטרעבט צו גרינדן אַ ישיבה אין גאָניאָנדז, וואָס ער האָט ליידער ניט זוכה געווען.

אין 1938—1939 האָט דער פאָטער גע־דרוקט דעם ספר „בית ישראל" חלק שני, וואָס איז, צום באַדויערן, פאַרבליבן אין דרוק און ניט דערשינען מחמת דער מלחמה. אַנדערע כתבים זיינע, אַ חיבור אויף עטלעכע מסכתות, זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען.

אין אָנהויב מלחמה, 1939, איידער די נאַציס זיינען אַריין און אַלע זיינען פון שטאָט אַנטלאָפן, איז אויך אונדזער גאַנצע משפחה אַוועק קיין האָראָדאָק. ווען די רוסן זיינען אַריין האָט זיך דער פאָטער אומגעקערט, ווייל ער האָט געהאַלטן אַז מען טאָר ניט איבער־לאָזן דאָס שטעטל אויף הפקר, כאָטש מיר זיינען געווען קעגן דעם. מיר זיינען געלאָפן קיין ווילנע, וואָס איז דעמאָלט איבערגעגאַנגען צו ליטע, און מיר האָבן געוואָלט, אַז אַלע זאָלן פאָרן צוזאַמען. אָבער דער פאָטער האָט לכתחילה ניט מסכים געווען דערצו. דערנאָך איז שוין געווען צו שפּעט.

די משפחה פון הרב שלומאָוויטש



משה באַכראַך

# משה לעווין—פּיאָנער פון העברעאישן שול-וועזן אין פוילן

מער ווי איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערן פון ניט קיין גאָניאָנדזער, אַז אין גאָניאָנדז איז געווען אַ גרעסערע שפע פון אידעאַליזם ווי אין אַנדערע שטעטלעך — און איך בין נוטה מסכים צו זיין מיט זיי אויפן סמך פון מיין אייגענער דערפאַרונג. איך וויל נאָך צוגעבן, אַז אין גאָניאָנדז איז געווען אַ גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער קלימאַט, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט צוזאַמענאַרבעט און קעגנזייטיקן רעספּעקט צווישן תלמידי־חכמים און פשוט׳ע אידן, אָרטאָדאָקסן און פרייע, און צווישן אינטעליגענטן און בעלי־מלאכות. איר האָט אין גאָניאָנדז געטראָפן פרומע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געהאָלפן פּלאַנירן און דורכזעצן אין דער פּראַקטיק דעם פּרינציפּ פון מאָדערנעם חינוך, סיי אין אינהאַלט און סיי אין פאָרם — און פאַר מיידלעך מיט אינגלעך צוגלייך. מיר האָבן אויך געהאָט אַזעלכע „פריידענקער" וואָס האָבן שטאַרק געשעצט די פרומע און טאַלענטע תלמידי־חכמים און מיט זיי דיסקוסטירט וועגן אידישע ענינים מיט קעגנזייטיקן רעספּעקט.

פאַר אַ פּראָווינץ שטעטל איז דאָס זיכער געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. איך מיין אַז מיר האָבן דאָ געהאָט צו פאַרדאַנקען געוויסע יחידים, וואָס האָבן געווירקט צווישן אונדז מיט אַ מין טאַלענטירטער גייסטיקער באַציאונג צו מענטשן און אידייען.

איך וויל פאַרצייכענען אין ספר הזכרון פון גאָניאָנדז איין מענטשן וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ זעלטענע קאָמבינאַציע: פּראַקטישן אידעאַליזם. דאָס איז משה לעווין, וועמען מיר פלעגן היימישלעך רופן: משה׳קע קלעוויאַנקער.

העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט איז משה לעווין אידענטיפיצירט מיט העברעאישן חינוך. צוערשט קענען מיר אים ווי אַ פּריוואַטן לערער, נאָכדעם ווי אַ גרינדער און אָנפירער פון העברעאישע שולעס, ווי אַ לערער פון לערער, ווי





משה לעווין

אַ שרייבער פון טעקסט־ביכער, און — ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם אַלעמען — ווי אַ דערציער פון צוויי דורות קולטורעלע אידן אין העברעאיש און ציוניסטישן גייסט.

ווי יעדער זעלבסטגעבילדעטער מענטש, האָט משה לעווין תמיד געלערנט און קיינמאָל פון ערגעץ ניט „גראַדואירט" — ווען די ראָם פלעגט ווערן צו ענג פאַר זיין אויסגעברייטערטן האָריזאָנט פלעגט ער זי אויסברייטערן, און ווי אַ מחנך האָט ער זיך געהאַלטן ביים כלל אַז „מי השילוח הולכים לאט".

שטיל און אַרבעטזאַם איז ער אַלע יאָרן געווען, צוערשט אַלס פּיאָנער פון מאָדערנעם העברעאישן חינוך אין גאָניאָנדז, שפּעטער אַלס אָנערקענטער פּעדאַגאָג אין ביאַליסטאָק, נאָכדעם אין קאַנאַדע, און איצט, אין יאָר 1957, אין ישראל, ווו אין דער רייפער עלטער פון שבעים ומעלה איז ער אַ מחבר פון טעקסט ביכער.

אָבער די קרוין־שאַפונג פון משה לעווין איז בלי שום ספק געווען די גאָניאָנדזער העברעאישע שולע פאַר אידישער און אַלגעמיינער בילדונג.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, אין הערבסט פון יאָר 1915, גלייך ביים אָנפאַנג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די מיליטערישע קאָמענדאַנטור האָט זיך נאָך ניט געהאַט אָריענטירט אין דעם לעבן פון דער טיילווייז צעשאָסענער שטעטל, און משה לעווין, דער פּראַקטישער אידעאַליסט, האָט גלייך אויסגעפּלאַנירט און אָנגעהויבן אָר־גאַניזירן אַ העברעאישע שולע — מיט דעם מאַטעריאַל וואָס ער האָט געפונען, אָדער באַ־שלאָסן צו שאַפן, אויפן אָרט.

אפרים האַלפּערן ז״ל האָט נושא חן געווען ביים קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג אין אָסאָ־וויעץ און ער האָט משמעות איבערצייגט דעם „יעקע״, אַז יענער וועט טאָן אַ „ציוויליזאַטאָ־רישע״ זאַך אויב ער וועט דערלויבן צונעמען פאַר דער שטעטל די שול־בענקלעך פון דער „שקאָלע״, וואָס די רוסן האָבן דאָרטן פריער געהאַט פאַר זייערע קינדער. אפשר האָט אים אפרים אָפּגעקויפט מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט, אַז מען וועט אין דער שולע לערנען דייטש...

איין דערפאַרענעם לערער האָט משה לעווין גלייך פון אָנפאַנג געהאַט אין יואל מאיר כהן (פייגע רחל׳ס), און צוויי יונגע אינטעליגענטע בחורימלעך האָט ער אין דער אַרבעט גופא אויסגעשולט. דאָס זיינען געווען, די פאַר דער צייט פאַרשניטעטע, שמעון האַלפּערן און יהונתן ניימאַן. דער מזל האָט לעווינען — אין דער שטעטל — צוגעשפּילט און צווישן די עוואַ־קואירטע אידן פון בריסקער ראַיאָן, וואָס די דייטשישע מיליטערישע מאַכט האָט פאַרשיקט הינטערן פראָנט, איז גראָד אין גאַניאָנדז אָנגע־קומען אַ דערפאַרענער העברעאישער לערער, אַ קורסאַנט פון די גראָדנער העברעאישער פּע־דאַגאָגישע קורסן, וואָס האָט נאָך דערצו גע־קענט אָנפירן מיט אַ כאָר. דאָס איז געווען שמואל סקליוט.

ווי דורך אַ כישוף איז אין אַ פאַרהעלטעניש־מעסיק קורצער צייט, אונטער משה לעווינ׳ס אָנפירונג, די שטעטל פול געוואָרן מיט דעם קלאַנג און געזאַנג פון העברעאיש. אין אַ משך פון עטלעכע יאָר איז העברעאיש געוואָרן אַ פליסיק גערעדטע שפּראַך ביי דער שול־יוגנט פון גאַניאָנדז. דער ניוואָ פון אַלגעמיינער ביל־דונג איז נאָכאַנאַנד געשטיגן.

די העברעאישע שולע איז געוואָרן דער „ליבלינג״ פון שטעטל, און די השפעה פון דעם נייעם גייסט, וואָס די שולע האָט אַריינגע־בראַכט, האָט זיך אויסגעווירקט אויף יונג און אַלט. איך קען ניט פאַרגעסן ווי איינמאָל, אין מיטן דאַווענען, אין בית־המדרש, רופט מיך אָפּ אָן אַ זייט אַ איד אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, און ברומט פאַר מיר אויס אַ שיר (אַ ליד), וואָס זיינע קינדער האָבן „געבראַכט אַהיים״ פון דער שולע...

די גאַניאָנדזער שולע איז געוואָרן אַ מוס־טער פאַר דער גאַנצער אומגעגנט און האָט מיט יאָרן שפּעטער באַקומען די פאַרדינטע אָנערקענונג דערקלערט צו ווערן פאַר דער ערשטער „תרבות״ שולע פון גאַנץ פוילן!

זעלטן אַ מענטש איז זוכה צו זען אַן אידע־אַל אַזוי פאַרווירקלעכט ווי משה לעווין האָט עס געזען אין דער גאַניאָנדזער העברעאישער שולע, פון וועלכער ער איז געווען סיי דער גרינדער און סיי דער מנהל.



משה באַכראַך

# בנימין דער סופר ז״ל

ווער עס איז אויסגעוואָקסן אין גאָניאָנדז בימי בנימין הסופר קען ניט זיין „אָביעקטיוו״ ביים שרייבן וועגן בנימינ׳ען. ווילנדיק־ניט־ווילנדיק וועט דער שרייבער באַרירן מאָמענטן פון זיין אייגענעם לעבן וואָס זיינען בעבותות אהבה פאַרבונדן מיט בנימינ׳ען. דאָס דער־קלערט זיך דערמיט, וואָס בעת די שול איז געווען דער פּאָר — די פּראַכט — פון גאָניאָנדז, איז בנימין געווען דער צויבער־שליסל צו דערדאָזיקער פּראַכט.




בנימין סופר

בנימין האָט געהאַט דעם גאָט־געבענטשטן טאַלאַנט צו קענען אָנצינדן ליכטלעך פון קדושה, יום־טוב׳דיקייט און עקסטאַטישע פרייד אין די הערצער פון אַ גאַנצער געמיינדע אידן אין משך פון יאָרצענדליקער. ער איז בשעתו גע־ווען דער „שר״ איבער די רעליגיעז־פייערלעכע מאָמענטן אין גאָניאָנדז של מעלה, וואָס איר פּרוזדור איז געווען די שול. איז דערפאַר קיין חידוש ניט, אַז בנימין איז שוין ביים לעבן געווען אַ פאָלקסהעלד און אַ לעגענדע.



בנימין דער סופר און זיין פאַמיליע

אידל טרעשטשאַנסקי האָט אין זיין ליד „די שול״ געגעבן אַ פּאָעטישן אויסדרוק צו די געפילן פון אומצייליקע גאַניאַנדזער צו דער שול „מיט אירע טויזנט חנ׳ען — — — ווו רוען טוט די געטלעכקייט אַליין״. אָבער דער מענטש וואָס האָט מיט דעם טאַלאַנט און ענ־טוזיאַזם פון אַן אינספּירירטן קינסטלער די „טויזנט חנ׳ען״ געמאַכט צו וויברירן און פלאַ־טערן אין דער שול — דאָס איז געווען בנימין. אונטער זיין השפעה האָט דער גאַנצער „אַנ־סאַמבל״ — די בעלי־תפילות, דער חזן מיט די משוררים, און די עדה קדושה מתפללים — העכסט איינדרוקספול געשפּילט די פרום־אי־דישע סימפאָניע אין דער גאַניאַנדזער שול.

אוודאי זיינען געווען גבאים און „וואַזשנע בעלי־בתים״ וואָס האָבן בנימינ׳ען געזאָגט דעות. בנימין האָט אָבער באַוויזן אין יעדן קלענסטן פּרט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער שול אויף אַזויפיל אַריינצוגעבן זיין פּער־זענלעכקייט, אַז די גבאים מיט די בעלי־בתים זיינען טאָטאַל פאַרשאָטנט געוואָרן. אַלע אין שול זיינען געווען צופרידן צו זיין בנימינ׳ס „אונטערטאַנען״.

פאַר דער מאָגערער פּרנסה וואָס בנימין האָט געצויגן פון דער אַרבעט אַרום דער שול, איז ער מער ווי פאַרגיטיקט געוואָרן דורך די שעפערישע מאָמענטן וואָס ער האָט איבער־געלעבט. אַזוי איז עס דאָך מיט יעדן עכטן קינסטלער, פאַר וועמען די אמתע באַלוינונג איז זיין שאַפונג גופא.

איך געדענק דעם „פּאָגראָם״ אויף דער גאַנ־יאַנדזער שול דורך לאָקאַלע פּוילישע שקצים אין יאָר 1912. דאָס „בילד״ פון אַ צעריסענער ספר־תורה אויף דער ערד, ביי וועלכער עס זיינען געשטאַנען עלטערע אידן און געוויינט אויפן קול ווי קינדער, וועט פון מיין גע־דעכעניש קיינמאָל ניט אויסוועפן. אָבער דער אומגליקלעכסטער פון אַלעמען איז דאַמאָלס געווען בנימין. זיין שול, זיינע ספר־תורה׳ס און זיינע כלי־קודש זאָלן אַזוי פאַרשוועכט ווערן!

בנימין האָט אַרויסגעוויזן נאָך אַ שטריך וואָס האָט אים פאַרדינט די ליבע און די אַכפּערונג וועלכע די מערסטע גאַניאַנדזער האָבן צו אים געפילט. ער האָט ממש פאָטערלעך ליב געהאַט אַלץ און אַלעמען וואָס האָט גע־האַט אַ שייכות צו גאַניאַנדז. און צו בנימינ׳ס

גאָניאָנדזער פּאַראַפּיע האָבּן געהערט אַלע אַרומיקע שטעטלעך, איינשליסנדיק אפילו בּיאַליסטאָק...

דורך דעם רויטער־פּאַטשיילקע־מעטאָדע פון זאַמלען און שיקן הילף צו נויטבּאַדערפטיקע אין גאָניאָנדז און אומגעגנט האָט בנימין, פון אַמעריקע, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, אַ סך מענטשן געהאָלפן און דערמוטיקט. עס זיינען דאָך אין דעם עמק־הבכא אויף יענער זייט ים געווען אַזויפיל מענטשן וואָס האָבּן ניט געהאַט קיין קאָנטאַקט מיט קרובים אין אַמעריקע — איז ער געוואָרן זייער „קרוב".

בנימין האָט געפירט אַ פּינקטלעכע, כאָטש פּרימיטיווע, בּוכהאַלטעריע סיי פון די געזאַמלטע געלט און סיי פון דער פּאַרטיילונג אויף יענער זייט ים — לויט זיינע אינסטרוקציעס, פאַרשטייט זיך. ער פלעגט ממש „איבּערלעבּן" די קלאָג־בּריוו און אויך די דאַנק־בּריוו פון זיינע „קאָרעספּאָנדענטן". מיט דער צייט איז פאַר די ליידנדיקע אויף יענער זייט ים בנימין געוואָרן אַ לעגענדע און פאַר אונדז „אַמעריקאַנער" — אַ פאָלקסהעלד.

זיינע לעצטע חדשים האָט בנימין „פאַרבּראַכט" אין דעם בּיאַליסטאָקער מושב־זקנים, וואָס אויף איסט בּראָדוויי אין ניו־יאָרק, ווו מען האָט אים זייער בכבוד'יק בּאַהאַנדלט. ער איז אַ סך יאָרן געווען אַ גרויסער „פּאַטריאָט" פון דער אינסטיטוציע און ער פלעגט זיין דאָרט אַן אָפטער בּאַזוכער. י"ט כסלו, תשי"ד (דעם 26־טן נאָוועמבּער, 1953) איז בנימין נפטר געוואָרן. די „אינסטיטוציע" בנימין האָט זיך אויפגעלייזט, אָבּער זיין אָנדענק לעבּט.

ירוחם לוין ז"ל, עפולה

# ר' אפרים הלפרן ז"ל

אף כי העיירה היתה שקועה בדאגות פרנסה, נמצא בגוניונדז חֶבֶר אנשים שהיו עוסקים באמונה בעבודה ציבורית וציונית שלא על מנת לקבל פרס.

הימים — ימי הכיבוש הגרמני בשעת מלחמת־העולם הראשונה. מטעמים פוליטיים ניתקו השלטונות הגרמניים את העיירה גוניונדז מחבל גרודנו, מחוז ביאליסטוק (דרום־ליטא בפי הגרמנים) וסיפחוה מבחינה אדמיניסטרטיבית אל „חבל וארשה" (גנרל־גוברנמנט פון בזלר). מחוז וארשה היה נתון מראשית כינונו בצלה של עצמאות, כרמז לשלטון־פולין לעתיד־לבוא.

ובגוניונדז זו נוצלה הפסבדו־עצמאות לשם ייסוד בית־ספר עברי שלם ומלא, בעוד שבחבל דרום ליטא לא הורשה ייסוד בית־ספר שכזה. סמוך לכיבושם בחרו השלטונות הגרמנים בר' אפרים הלפרן, עסקן נכבד ומכובד בגוניונדז, ומינוהו לראש־העדה (בירגרמייסטר). מורה בן מורה, מעורב בין הבריות ומקורב לד"ר מטמן מיסד גימנסיה הרצליה ביפו, ורמת־גן שליד תל־אביב, שלח ר' אפרים עוד בשנת 1912



אפרים הלפרן

את יוסף הלפרן בנו בכורו ללמוד בגימנסיה. כן עמד לשלוח לשם גם את בנו השני שמעון, אך המלחמה העולמית הראשונה 1914—1918 עיכבתהו. ר' אפרים היה מסור בלב ונפש לרעיון בית־ספר עברי שלם ועצמאי בגולה,

למוד־נסיון מבית־ספרו של המורה גדליהו קוזלובסקי, שנוסד בגוניונדז בשנת 1903, ביזמתו ומאמצו של ר׳ אפרים.

אחרי טיפול מאומץ במשך חדשים מספר בבעיית „מה נאכל?" העז הבירגרמייסטר היהודי ופתח באחד בינואר 1916 בית־ספר עממי עברי ראשון בפולין בשפת הלימודים עברית לכל המקצועות.

בית מבשל השכר (פיוואָווארניע) של יעקב רודסקי הותקן לבית־ספר זמני. באותם ימים הרסו הגרמנים את המבצר אוסובייץ, ור׳ אפרים פנה אל השלטון והשיג ממנו רשיון בכתב להשתמש בחמרי בנין מהריסות המבצר לכל סוגיהם חינם אין כסף, ולהעביר את הריהוט הנחוץ בשביל בית־הספר מחרבות בתי־הספר הרוסיים שבמבצר.

בית־הספר העברי הראשון בגוניונדז התקיים בהרכב מוריו כל ימי הכיבוש הגרמני. מנהלו מר משה לוין, מורה ותיק לעברית, חיבר את ספר הלימוד שלו הראשון ללימוד גיאוגרפיה בשפה העברית, לעזרתו נמצאו מורים מבין חניכיו ותלמידיו ומורה אחד שנתקע בעיירה עם שיבוש הדרכים בפרוץ המלחמה.

מנהל בית־הספר בגוניונדז, ביה"ס העברי הראשון בפולין, מר משה לוין ועמו שני מורים, יואל מאיר כהן ז"ל ושמואל סקליוט, עברו בשנת תרע"ט אל בית־הספר העממי העברי, שנוסד בביאליסטוק, וכך זכו להיות גם שם מחלוצי החינוך העברי השלם.

אחד ממוריו הכשרוניים ביותר, שמעון הלפרן, בנו של ר׳ אפרים הלפרן, נקטף בעודו באיבו בשילהי מלחמת־העולם הראשונה בשעת מגפת טיפוס־הבהרות. ר׳ אפרים הלפרן עלה ארצה עם ילדיו בשנת תרפ"א ומאז ישב בתל־אביב, ועוד זכה לקחת חלק בשמחת בשורת המדינה משאת־נפשו ושיא מאוויי לבו. כל ימיו התאבל ר׳ אפרים על חורבן העם והארץ, ובאחרית ימיו זכה לשמוח באותו ליל מוצאי־שבת בשמחת־הכלל ובריקודי העם בתל־אביב. הוא נסתלק שבע־ימים בכ"ט טבת שנת תש"ח באחד מן הלילות הקודרים שעברו על תל־אביב, כשהמטירו עליה הערבים ממסגד חסן־בק מטר יריות.

יהי זכרו ברוך!

משה באַכראַך

# יעקב רודסקי ז"ל



יעקב רודסקי

יעקב רודסקי איז געווען אַ תלמודיסט, אַ סוחר, און אַ „וועלט חכם". אָבער ווי אַלע וועלט־חכמים איז ער געווען קלוג פאַר דער וועלט און ניט פאַר זיך און פאַר זיין משפחה.

אַ בילד־שיינער מאַן, אַ פּיקח און אַ מאַגנעטישע פערזענלעכקייט — איז יעקב רודסקי געווען פון דעם שטאָף פון וועלכן עס קומען אַרויס ביי לייטן פירער און דיפּלאָמאַטן. האָט ער טאַקע גאָניאָנדז צוגעגעבן פּרעסטיזש, און מען האָט געפילט, אַז ווען מען זאָל ניט דאַרפן איז דאָ אַ יעקב רודסקי, וואָס קען אפילו צו מלכות אָנקומען. ער איז טאַקע געפאָרן פון גאָניאָנדז צו דעם פערטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל. דאָרטן האָט ער אויף אַ טשיקאַווון אופן אַזוי מאַנעווּרירט אַז ער האָט זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט דאָקטאָר הערצל און געקראָגן פון אים שלום־עליכם.

אָבער אין גאָניאָנדז האָט יעקב רודסקי געבויט און חרוב געמאַכט אַזעלכע וועלטן, וואָס האָבן זיינע כוחות און פעאיקייטן צעטרענצלט.

ער האָט, למשל, געבויט דעם „קרעפּאַשטש״ אין אָסאָוויעץ, און האָט חרוב געמאַכט דעם טאָ...־באַרג אין גאָניאָנדז — אויף צו בויען אַ ביר־ברויעריי, וואָס האָט, אגב, ניט „אָנגע־ריסן״. ער האָט אויף דער ברויעריי פאַר־שווענדט אַ פאַרמעגן און דער באַרג האָט פאַרלאָרן זיין „פנים״, אָבער דערפאַר איז דער פאַרנעם געווען אַ וואַזשנער, און דאָס איז גע־ווען דער עיקר...

אין דעם גלאַנץ־פּעריאָד פון גאָניאָנדז — „פאַרן רוס״ — האָט יעקב רודסקי אָנגעפירט מיט חברה ש״ס — און עס האָט אים געפּאַסט. אָבער ווען ער האָט שפּעטער, בעת דער ירידה פון גאָניאָנדז — „פאַרן פּאָליאַק״ — געוואָלט ווערן רב אין שטעטל — האָט עס אים ניט געפּאַסט.

יעקב רודסקי איז געווען אַ וואַזשנער סוחר, אָבער ניט קיין גרויסער גביר. איר האָט אַלע־מאָל געהאַט דעם איינדרוק אַז דער פאַרנעם פון אַן אונטערנעמונג איז געווען פאַר אים וויכטיקער ווי די אויסזיכט אויף פּראָפיט. און טראָצדעם וואָס ער איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ גרויסן גביר אין שטעטל האָט ער זיך ניט געפירט מעשה־גביר. אויף דעם האָט אים שוין קיין צייט און קיין געדולד ניט געקלעקט... מיט איין וואָרט: יעקב רודסקי האָט גערודערט אַ וועלט, ביז די וועלט איז — אין 1914 — צוזאַמענגעבראָכן און ער איז געבליבן אָן אַ קנעלונג. ער האָט פאַרלאָזן גאָניאָנדז און מען האָט פון אים ניט געהערט ביז נאָך דער מלחמה. ווען ער איז צוריקגעקומען אין גאָנ־יאָנדז איז ער שוין געווען ווי אַן אָדלער וועמעס פליגלען עס זיינען אונטערגעשאָסן. ער האָט זיך ווידער געקהל׳ט, אָבער עס איז ניט געווען דאָס וואָס אַמאָל, ווייל ער איז איצט שוין געווען אַן אביון און אַליין אָפּ־הענגיק פון קהל...

יעקב רודסקי האָט פאַרענדיקט זיינע יאָרן אין גאָניאָנדז אין עלנט און נויט, נאָך פאַרן אונטערגאַנג פון דער שטעטל.

משה באַכראַך

# גדליה (גדאַלקע) סייד ז״ל

גדאַלקע סייד האָבן מיר אין ניו־יאָרק גע־קענט ווי אַ שטילן מענטשן וואָס האָט זיך ניט געקהל׳ט. ער איז געווען אַ פּעאיקער געשעפטסמאַן און אַ מעורב עם הבריות, אָבער אַרויסרעדן אַ וואָרט אויף אַן אסיפה האָט ער ניט געקענט. עס ווייזט אויס אַז די שוידער־בשורות פון דעם אומקום פון גאַנץ גאָניאָנדז האָבן אים געגעבן אַ שטויס אַריינצוואַרפן זיך אין דער הילפסאַרבעט לטובת די איינציקע גאָניאָנדזער וואָס האָבן זיך געראַטעוועט. זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז ער האָט זיך גענוי־טיקט אין אַ סך הילף צו קענען אָרגאַניזירן אַ הילפסקאָמיטעט.

ביי דער גאָניאָנדזער „לײדיס אָקזילערי״ (ניו־יאָרקער פרויען פאַראיין), וואָס האָט זיך געהאַט אויסגעצייכנט מיט הילף פאַר גאָניאָנדז בשעתה, האָט סייד לייכט געפועלט אַז זיי זאָלן ווי אַ קערפּערשאַפט זיך איינגלידערן אין דעם



גדליה סייד

געפּלאַנטן קאָמיטעט, און ווען ער האָט זיך געווענדט צו מיר נאָך „טעכנישער״ הילף האָב



די 2 בילדער זיינען אויפגענומען געוואָרן בעת דעם באַזוך פון גדליה סייד (ז"ל) און פרוי אין ישראל, 1951



איך אָן שהיות אים צוגעזאָגט צו שטעלן זיך אין דינסט פון דער זאַך, בתנאי אַז דאָס זאָל ניט זיין פאַרבונדן מיט צופיל „פאַרלאַמענ־טאַרישע" דברים בטלים. דערמיט האָב איך

געמיינט, אַז מען זאָל דערקלערן דעם הילפס־קאָמיטעט ווי אַ פאַקט און נאָכדעם צוציען מענטשן ווי צו עפּעס וואָס עקזיסטירט און פונקציאָנירט שוין (דאָ איז נויטיק צו באַ־

מערקן, אַז די גאָניאָנדזער־טרעסטינער לאַנדס־מאַנשאַפט האָט ווי אַ קערפּערשאַפט זיך ניט געקענט אָנשליסן אָן אַ הילפסקאָמיטעט בלויז פאַר גאָניאָנדזער, האָט מען בכן געמוזט טראַכטן וועגן גאָניאָנדזער יחידים — ווו זיי זאָלן זיך ניט געפינען.

סייד האָט וואָס אַן אמת, פון אָנפאַנג זיך געשראָקן פאַר דער „עפנטלעכער מיינונג", וואָס קען נאָך פרעגן „מי שמך?" ווער האָט דיר „אויטאָריזירט" צו אָרגאַניזירן אַ גאָניאָנדזער הילפסקאָמיטעט? אָבער די אומשטענדן האָבן געפאָדערט באַלדיקע אַקטיוויטעט, האָבן מיר אָנגעפאַנגען אַליין טאָן די אַרבעט. און ווי דער שטייגער איז — האָבן מענטשן זיך ניט געקימערט אויב אימיצער אַנדערש איז זיי מוציא מיט שווערער אַרבעט. און די אַרבעט איז גלייך פון אָנפאַנג געווען פאַרצווייגט און שווער, כאָטש דער אָפּרוף איז געווען אַן אויסגעצייכנטער. סייד האָט געקראָגן קוראַזש; מען האָט כסדר געטראַכט אין טערמינען פון טאָן און ניט אסיפות.

יש קונה עולמו במצוה אחת, עס טרעפט אַז אַ מענטש פאַרגיטיקט זיך — און דעם כלל — מיט איין הייליקער אַרבעט פאַר אַ גאַנץ לעבן פון וואָכעדיקער אַרבעט. דאָס האָט גדאַלקע סייד דערגרייכט אין אַ פולער מאָס מיט זיין גרויסן אויפטו — דורך דעם הילפס־קאָמיטעט.

יוסף בן אפרים הלפרן, תל־אביב

# יעקב טוקר מגיבורי תל־חי ז"ל

יעקב טוקר, בן אברהם־קלמן וחיה־גיטל, איש גוניונדז, נפל בגיבורים בהגינו ברובהו על שער הכניסה הראשי לחצר תל־חי.

חבר יקיר לי יעקב, כי זכור אזכרנו מימי שחר טל ילדותנו, כחבר מקהלתו של חזן עייר־תנו ר' נחום ז"ל. יעקב נתברך בקול אַלט צלול, דק ונעים לאוזן. עליו היה מוטל התפקיד של כל הרציטטיבים בסולו, בתפילות הימים הנוראים ובשלוש הרגלים. יפי־תארו ופניו העדינים היו שובים לב ונפש.

מצבת תל־חי



דרכינו נפרדו בתקופת בחרותנו. הוא עזב את גוניונדז, עיירת מולדתנו, ונסע לאמריקה, אל אחיו הבכור, ואני — עליתי לארץ־ישראל.

מאז לא נפגשנו, אף לא התכתבנו.

אחר תקופת 1914—1919 (הימים ימי שחרור הגדודים 38—39 לקלעי המלך, שהקולונל מרגר־לין ז״ל פקד על פיזורם, ויעקב טוקר היה בשורותיהם). חזרתי מהגלות שבמצרים ליפו. משם שמתי פעמי ירושלימה. עד לוד היו נוס־עים אז ברכבת צרת־פסים. בלוד היו הולכים ברגל כשני קילומטרים עד תחנת הרכבת רחבת־הפסים. פסי הרכבת היו תפוסים קרונות משא למאותיהם, עמוסי ציוד צבאי ותחמושת קלה וכבדה.

בלכתי יחידי, שקוע במחשבותי, בין שורות הקרונות, נתקל פתאום מבטי בחייל יהודי במדי הצבא הבריטי, שצעד לקראתי.

עמדנו שנינו, אני במקומי והוא במקומו, ולאחר הצצה קלה התמלטה מפי רק המלה: „יענקב!״ — כפי שהיינו רגילים בילדותנו לבטא שם זה — והחייל שניצב לנגדי קרא אף הוא בתמהון־לבב: „יוסף!״ זו היתה פגישתנו הראשונה בארץ־ישראל.

התחבקנו והתנשקנו וסיפרנו איש לרעהו את כל המוצאות אותנו בשנות היפרדותנו. מאז לא זזה ידו מתוך ידי. לעתים קרובות מאוד היה בא לבקרנו בביתנו שבנווה־שלום והיה מבלה בחברת בני משפחתי ימים וחדשים. הדבר היה בשילהי שנת 1919, ארץ ישראל עדיין היתה סגורה ומסוגרת וכונתה בלשון רשמית: „שטח האויב הנכבש״, אין יוצא ואין בא. ניצני החיילים המשוחררים נראו בארץ, טרומפלדור היה פעיל בין משוחררי הגדודים. קולו היה נשמע בשורותיהם וכולם מקשיבים לו. שמו הלך לפניו. הוא היה כבר אז נישא על כל שפתיים על ידי חברינו לנשק — שרידי „גדוד הפרדים בגליפולי״ — משנת 1915, שנלחמו בפיקודו ובפיקוד הקולונל פטרסון.

והימים — ימי תל־חי. טרומפלדור נזעק וצץ במקום התורפה. מתל־חי יצאה קריאתו לכל החיילים המשוחררים בכל מקום שהם מפוזרים בארץ, לתפוס נשקם בידיהם ולבוא לעזרת תל־חי, להגן עליה בדמם ונפשם.

מביתי שבנווה־שלום יצא יעקב יקירנו לתחנת הרכבת שבנווה־שלום כדי להגיע לגליל לקריאתו של יוסף הגלילי (טרומפלדור) — כפי שכונה אז בפי העם. ביום ראשון בבוקר השכם נפרד יעקב מעלינו בלבביות רבה, כשילקוטו על גבו ורובהו בידו. ליווינוהו לתחנת הרכבת. אחרי הצהריים, בשעה ארבע, חזר יעקב והופיע בביתנו שבנווה־שלום, על ציודו ותחמושתו.

מופתעים היינו ועמדנו נדהמים. יעקב הר־גיענו וסיפר לנו, כי מלוד היו נאלצים, הוא ועוד חברים רבים כמוהו, שהיו עולים הגלילה, לחזור, מכיון שהגשמים הסוחפים, שירדו במשך הלילה, גרמו שטפונות עזים, וקטע נרחב של פסי הרכבת לחיפה, בין תחנת כפר גיגיס ותחנת ראש־העין, נסתחף, והקשר ברכבת עם חיפה נותק.

אותו דבר קרה למחרת ביום שני, וגם ביום שלישי — יצא לדרכו, הגיע עד לוד וחזר אלינו לנווה־שלום. רק ביום הרביעי תוקנה הרכבת והקשר בין יהודה והגליל הוקם. אז יצא יעקב לדרכו... האחרונה, לתל־חי.

שם מת מות גיבורים. שמו מתנוסס על מצבת תל־חי לזכר עולם.

## מכתב מבן־עירנו אהרון פרידמן על מותו של יעקב טוקר ז״ל

מחניים, ט״ו אדר תר״פ

מר יוסף הלפרן,

בצער עמוק אני כותב לך את המכתב. בוודאי ידוע לך כבר מהעתונות שבן עירנו טוקר נהרג בהגינו על תל־חי. חובתנו עכשיו לדאוג שאת הכסף שהוא צריך לקבל מהמחנה לשלוח הביתה. דיברתי על־אודות זה עם א. גולומב והוא אמר לי שזה אפשר להוציא לפועל, אבל היות שאני נמצא במחנים, אינני יכול להתעסק בזה — תקבל אתה עליך את הענין, תמסור לו לגולומב (אם תסכים לסדר את הענין), שאני מוסר לך את הדבר. כדאי להודיע את המאורע לגוניונדז, אם אפשר להיזהר שזה לא ייוודע לאמו. אולי זה יעורר רצון אצל בני עירנו לעלות לארץ.

עוד מכתבים מהבית לא קיבלתי.

בכבוד ובידידות, (—) **א. פרידמן**

דוד באכראך, פתח־תקוה

# יעקב טאקער ז״ל

(אַ קראַנץ זכרונות צום אָנדענק פון מיין יוגנט־חבר, געפאַלן צווישן די העלדן פון תל־חי, י״א אדר תר״פ)

איך געדענק זיין פאָטער משה־קלמן דעם טאָקער. אַ קראַנקער, תמיד געהוסט און געווישט דעם פנים מיט אַ רויטער טיכל. ער איז געווען אַ „עין־יעקב"־איד פון ניסן דעם שניידער׳ס תלמידים. אַזוי האָט ער אויסגעהוסט זיין נשמה און זיין זון יעקב איז געבליבן, גאַנץ יונג, אַ יתום. ער איז געוואָרן דער „שפייזער" פון דער משפחה — אַ מאַמע מיט צוויי שוועסטער.

מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין חדר ביי מאָטיען. אַ שיינע שטימע האָט ער געהאַט און ער איז געווען פון די בעסטע משוררים ביים חזן ר׳ נחום ע״ה. ער איז געווען דער אַלט סאָלאָ־זינגער און זיינע ניגונים פלעגט ער „אויסטאָקן" מיט אַ פיינעם חוש פאַר נגינה. זיין הילכיקער קול האָט זיך געלאָזט הערן ביים גמרא לערנען און קינדער יינגערע פלעגן אים צאָלן אַ קאָפּיקע פאַר איבערחזרן מיט זיי אַ שטיקל גמרא.

איינמאָל האָט אידל מאיר דעם זייגער־מאַכערס געבראַכט אַ שאַך אין חדר. איז דאָס שפיל שטאַרק געפעלן געוואָרן די חדר־אינגלעך און מען האָט באַשלאָסן מאַכן אַן אייגענעם שאַך. ווער זשע וועט עס מאַכן? נאַטירלעך, יעקב טאָקער. מען האָט צוזאַמענגענומען קאָפּיקעס פאַר יעקב׳ן, וועלכער האָט ביסלעכווייז אויסגעטאָקט אַלע כלים, אויף זיין טאָקעריי. דאָס פלעגט געמאַכט ווערן אין אָוונט ביים שיין פון אַ לעמפל. די קעלט אין שטוב איז געווען אומדערטרעגלעך. די שויבן באַדעקט מיט פראָסט. די אָרעמע טאָקאַרקע האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו הייצן. אָבער יעקב האָט דעם שאַך אויסגעטאָקט מיט די אייגענע הענט און אַלע זיינען געווען שטאָלץ מיט זייער חבר דעם „קינסטלער".

---

צווישן פורים און פסח פלעגט זיך אין גאָניאָנדז עפענען אַ נייע פרנסה — מצה באַקן, און דאָס האָט געהייסן „פאָדריאַד". אַזעלכע „פאָדריאַדן" געדענק איך דריי: ביי די יתומים גרשון דעם סאָטניק׳ס קרובים, ביי גרשון דעם סטאָליאַר נעבן בית־מדרש און אין יאָסל סאָיקעס אַ הויז ווו ס׳איז געווען אַן אַלטע בעקעריי פון נחמה יאָסקעס. די בעקעריי האָט אָנגעפירט מירקע פייוול מייטשוקס צוזאמען מיט מאַשע שמעון יאַנקלס... מירקע איז אַ גאַנצן זומער געשטאַנען אין מאַרק מיט אַ מולטער פרוכט. ווינטער פלעגט זי פאַרקויפן „אָבזשירקעס" און פון דעם איז קיין פרנסה ניט געווען -- איז נאָך פורים געקומען דער „פאָדריאַד". יעקב טאָקער איז דאָרטן געווען אָנגעשטעלט אַלס מצה־רעדלער. זיינע אַרבעטשעהן זיינען געווען פון זעקס אינדערפרי ביז שפעט אין אָוונט, און ער האָט קיינמאָל ניט געטאָרט פאַרפעלן. איך האָב דעמאָלט געלערנט אין חדר ביים פעטער שלמה משה שמעונ׳ס, וועלכער האָט געוווינט אין סאָיקעס אַ הויז. פלעג איך זיך אַריינכאַפן זען יעקב׳ן רעדלען און גלייכצייטיק זיך לערנען די מלאכה. — יעקב איז געווען פאַראינטערעסירט מיר אויסצולערנען, כדי ער זאָל קענען אָפּכאַפּן דעם אָטעם כאָטש אויף עטלעכע מינוט... איך פלעג אַרבעטן מיט ציטערניש, דער טאַטע זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז איך גנב׳ע זיך אַרויס פון חדר, און אויך די משגיחים — דער רב מיט גרשון ברוכ׳ן — זאָלן מיך ניט כאַפּן. אָבער איך האָב גערעדלט מיטן תנאי, אַז מיין אַרבעט זאָל צוגעשריבן ווערן צו יעקב׳ס חשבון.

---

אין פרילינג 1920 איז געשטאָרבן אונדזער חבר, יאַנקל שמערקעס אַ זון. די חברה־קדישא האָט געגעבן די הסכמה, אַז מיר, זיינע חברים, זאָל טראָגן זיין מיטה צום בית־עולם. אויף צוריקוועגס דערציילט אונדז סענדער מילטשאַן, אַז די טאָקערקע האָט געקריגן אַ בריוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַז איר זון יעקב איז געפאַלן אין קאַמף אין

ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט יוסף טרומפּעלדאָר און נאָך זעקס חברים באַשיצנדיק דעם איינזאַמען ישוב תל־חי אין גליל העליון.

---

ליבער טייערער יעקב! דו ביסט געפאַלן ווי אַ העלד, פאַרטיידיקנדיק דאָס אידישע לאַנד און דעם אידישן כבוד!

אין דיין זכות און אין זכות פון דיינע געפאַלענע חברים, וועלכע האָבן באַשיצט אַן איינזאַמען אידישן ישוב, איז דער גאַנצער גליל העליון אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און געבליבן אין אידישע הענט.

דיין טויט איז ווירדיקער און טרייסטפולער ווי דער טויט פון אונדזערע מיליאָנען ברידער שוועסטער, וועלכע זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און גאַז־קאַמערן. דיין חבר טרומפּעלדאָרס לעצטע ווערטער „טוב למות בעד ארצנו" — עס איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד — זיינען געזאָגט געוואָרן אויך אין דיין נאָמען. דו ביסט געפאַלן אין תל־חי דער ערשטער, לויפנדיק צו פאַרשפּאַרן דעם טויער אנטקעגן די ווילדע אַראַבישע באַנדעס. דו האָסט געוויזן אַ מוסטער פון מסירות־נפש און העלדישקייט און מיר וועלן דיין נאָמען תמיד דערמאָנען מיט יראת־הכבוד.

און גאַניאַנדזער זיינען שטאָלץ: דער פיינער משורר, דער שאַך־טאַקער־קינסטלער, דער מצה־רעדלער איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער אידישער גיבור פאַרן גאַנצן פאָלק און לאַנד ישראל!

ישראל דוד ירדני (יארושעווסקי)

# יעקב טוקר ז"ל

ממעמקי זכרונותי עולה דמותו לעיני רוחי. הנה הוא עומד לפני ילד כבן שמונה—תשע שנים, אדום־לחיים, קטן, כובע מעוך על ראשו, ראשו מורכן קצת וגיחוך קל על פניו. הנה אני פוסע פסיעה אחת ואני בביתו — חדר אחד ארוך ורחב, מוט נתון במאונך בקורת הסיפון ועליו כרוך חבל ולמטה, קצת מורם מעל הרצפה, מוט שני. בין שני המוטות שני בולי עץ ובתוכם נעוצים מעין מגופות של ברזל מחודד. באמצע החדר סדן־עץ ועליו קרדומות — זהו בית־המלאכה של אביו לתעשיית פלכים. בתוך ערבוביה של שבבים וגלגלים נעשית המלאכה בכל חומה — מכינים פלכים לטווית חוטי אריג בשביל הסתיו, ראשית העונה.

הבית היה מלא בוגרים וילדים, והוא, יעקב — בן־הזקונים. אביו ר' אברהם קלמן היה חולה במחלת־ריאות קשה, ובחורף היה מוטל שבועות במיטה. יעקב נכנס לעבודה בהיותו רך בשנים, וגם בחדשי השנה המעטים אשר למד ב„חדר" הייתי רואה אותו עומד ליד אביו, אחרי הצהריים, ומגלגל במוט ומחרט את הגלגלים לפלכים. כבוגר נשא בעול הפרנסה. וכשנעשתה אמו „חלבנית" — הייתי רואה תכופות את יעקב נושא שני כדים מלאים חלב. ידעתי, יחד עם אמו נכח בהשכמה בשעת חליבת הפרות של „הגוי" (מהלך 4—5 קילומטר מהעיירה) כדין הקונה חלב מן הנכרי. אחר־כך היה מחלק את החלב ללקוחות בבתיהם.

פעם בא אלי בהצעה: הוא יעמוד תמיד לשרתני, בתנאי, שאלמד אותו חומש ורש"י וקצת עברית. מאז היה בא אלי בבית־הצביעה, עוזר לי בעבודתי ואחר־כך הייתי מלמד אותו. שמחנו לראות כי מתקדם הוא בלימודיו.

זוכר אני אותו מסדרון ארוך, אשר דרכו היה צריך יעקב לעבור למען הגיע אל דוד שמריל „מלמד". מצד שמאל מאפיה, „מאפיה של פשה ובנותיה", והלחם הטרי מגרה ומרגיז את היצר. והשבח והתהילה לפשה ולבנותיה אשר שברו לא פעם את רעבונו של יעקב.

— תני לי בקופיקה לחם טרי!

פשה שקלה — ונתנה לו.

— בהקפה! — אומר יעקב מבויש קצת ולבו נוקפו.

ולמחרת היה אורב לדלת הפתוחה של המאפיה ובראותו שלא פשה אלא בילקה עומדת

ליד השולחן, לקח גם ממנה בהקפה. מערים ולוקח.

והנה מת אביו של יעקב, ויעקב כבן חמש עשרה אז, עדיין אינו יודע את המקצוע על בוריו — לעשות פלך חדש לכל הרכבו, ובאחד הימים נסע לעיירה קרובה קוריצ׳ין להשתלם שם במקצוע.

מאז לא הוספתי לראותו הרבה, כי היה בא רק לפרקים רחוקים לראות את אמו ואת הבית, ובהגיע יומו להיקרא לצבא קם והיגר לאמריקה.

פעם בשבתי בתחנת־הרכבת בלוד, מחכה לרכבת ההולכת לירושלים, והנה לקראתי איש־צבא לבוש מדים, נופל על צוארי:

— יעקב!

מאמריקה בא עם הגדוד העברי.

הוא מספר לי על הסיכויים לקבל עבודה בירושלים במקצועו. הוא לא יעזוב את הארץ.

באיזו דרך עברה עליו הרוח? נזכרתי: לאביו היה אח בירושלים. פעמיים בא אל העיירה בתור שד״ר. פעם אחת בערב, נכנסתי לביתו של טוקר וראיתי זקן שגבות סמוכות עוטרות את עיניו, זקנו לבן ושערותיו כחניתות נטויות. הוא מספר על הכותל המערבי, הילדים יושבים מסביב לשולחן ומקשיבים. פיו של יעקב פעור ועיניו תקועות בזקן ומצחית כובעו שמוטה הצדה.

בהגנה על תל־חי, י״א באדר תר״פ, נפל יעקב בגיבורים.

אכן, את הארץ לא עזב.

רחובות

א. בן־מאיר

# יונתן ניימאן ז״ל

אַ שיינע ליכטיקע נשמה.

ווער געדענקט אים דען ניט? דעם אַלטן רב׳ס אַן אייניקל, אַן איידעלער, אַפיינפילנ־דיקער, אַ גייסטרייכער.

זיין רבנישער יחוס האָט אים קיין ווילטאָג ניט פאַרשאַפט, — ניט אין די פּאַריתום׳טע קינדער יאָרן און ניט אין זיין יוגנט, ווען ער האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה געלעבט ווי אַ פּליט אין ביאַליסטאָק און שפּעטער — ווי אַ לערער פון דער העברעאישער פּאָלקס־שול אין גאָניאָנדז, ווו ער האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ און איז געווען ביי אַלעמען באַליבט.

זיין צאַרטער גוף האָט לאַנג ניט אויסגע־האַלטן, און אַז די שווערע מלחמה־יאָרן זיינען אַריבער איז ער קראַנק געוואָרן אויף טובער־קולאָז.

זיינע געטרייע גוטע שוועסטערס האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען אים צו ראַטעווען, געשיקט אין סאַנאַטאָריעס אין דייטשלאַנד און אין דער שווייץ און דערנאָך, אין 1921, אים געבראַכט קיין אַמעריקע. עטלעכע יאָר איז ער געווען אויף קוראַציע אין די בעסטע סאַנאַ־



יונתן ניימאן

טאָריעס, פריער אין אַרבעטער־רינג סאַנאַטאָריע אַרום ניו־יאָרק, שפּעטער אין דענווער, קאָלאָ־ראַדאָ און אין קאַליפאָרניע, שוועבנדיק צווישן „בעסער״ און „ערגער״.

יונתן האָט געוווסט אַז זיינע טעג זיינען געציילטע און ער האָט מקבל געווען זיין גורל

# אויפן קבר פון נתן ניומאַן (יונתן ניימאַן)

(סאָנעט)

די טעג און יאָרן גייען, גייען, נתן ניומאַן,
און כ'שטיי אָט ווידער בײַ דיין קבר'דיקער בייט.
די בלויע ראָקי־בערג אין זייער נצח'קייט — — —
זיי זיינען היינט ניט רעדעוודיק — זיי אַלע שטומען.
צי זיינען זיי ניט גערן וואָס איך בין געקומען? — —
איך נעם אַ הויפן זעמדלעך דיינע און איך שפּרייט
פאַנאַנדער זיי — ווערט גלייך די שטומקייט העל
דערפרייט
ווי זי וואָלט אַ דערוואַכונגס־קול אין זיך פאַרנומען.
דיין טויט האָב איך באַקאַנט געמאַכט דורך אַ באַלאַדע,
און מענטשן האָבן דיך דורכדעם באַקומען ליב,
און דאָך פאַרמייד איך ניט צו בעטן איצט: פאַרגיב
פאַר איבערלאָזן דיך עק וועלט אין קאָלאָראַדע.
פאַרגיב אויך וואָס איך וועק־אויף אומגעריכט דיין רו,
און מיינע שורות פערצן מיט באַווייליקייט נעם־צו.

ה. לייוויק

דענווער, מאַי 5, 1948

באהבה. ער איז אויסגעגאַנגען ביים פולן באַווסטזיין דעם 25־טן מערץ, 1933 (כ"ז אדר, תרצ"ג) אין דענווער סאַנאַטאָריום.

דער באַרימטער פּאָעט ה. לייוויק, ייבדל לחיים, וועלכער האָט אין יאָר 1932 זיך באַפריינדעט מיט יונתן, איז געווען ביי זיין גסיסה און האָט זיך באַטייליקט אין זיין לוויה און קבורה. ער האָט דערנאָך געשאַפן די איינציקאַרטיקע „באַלאַדע פון דענווער סאַנאַטאָריום". — אַ פּערל אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָס איז פיל מאָל געוואָרן איבערגעדרוקט און אויך איבערזעצט אויף העברעאיש דורך א. שלאָנסקי.

לייוויק האָט אין 1948 באַזוכט יונתנ'ס קבר און האָט זיין איינדרוק פאַראייביקט אין אַ סאָנעט א. נ. „אויפן קבר פון נתן ניומאַן (יונתן ניימאַן)".

יונתן האָט איבערגעלאָזט אַ טאָג־בוך — אַ קליין העפט, ווו ער האָט פאַרשריבן זיינע גרויסע איבערלעבונגען: פאַמיליע זכרונות פון די קינדער־יאָרן, איינדרוקן פון פריינט, קאַפּיטלעך פון האַרציקע אינהאַלטסרייכע בריוו צו זיין געטרייער שוועסטער, מיינונגען וועגן אידישע און העברעאישע ווערק און שרייבער, שטימונגען פון קראַנקן־בעט און אויך עטלעכע אָריגינעלע לירישע לידער און פרייע איבערזעצונגען.

פון טאָג־בוך, געשריבן אין אַ פיינעם געצוימטן סטיל מיט אַ טיפן געפיל און קלאָרן פאַרשטאַנד, שטראַלט אַרויס די ליכטיקע פערזענלעכקייט פון אַ יונגן קלוגן מענטש, וואָס האָט ליב דאָס לעבן און וואָס דערנענטערט זיך צו זיין סוף סטאָאיש רואיק אָן טענות צו גאָט און צו דער וועלט.

„איך בין נישט געגאַנגען באַזוכן אייער ברודער פון רחמנות וועגן — האָט בשעתו געזאָגט צו יונתנ'ס שוועסטער דער דיכטער ה. לייוויק — נאָר איך בין געקומען צו אים לערנען, וויאַזוי אַ מענטש קען ווערן געלייטערט דורך ליידן".

מיר בויגן די קעפּ פאַר זיין גייסטיקער גבורה. ניימאַנס געלייטערטע נשמה איז פאַראייביקט געוואָרן אין אַ גרויס און דערהויבן ווערק פון אַ וועלט־באַרימטן אידישן פּאָעט. מיט דער טיפסטער אָנערקענונג, און מיט דער פריינטלעכער הסכמה פון מחבר, נעמען מיר אַריין אין אונדזער יזכור־בוך דעם פיינעם האַרציקן סאָנעט.

יונתן ניימאַן

## ווי ביינאַכט...

ווי ביינאַכט עס פאַלן שטערן
ווערן שטיל און שנעל פאַרלאָרן
אַזוי פאַלן מיינע פונקען
שוין פאַר יאָרן און פאַר יאָרן.

בריוו און קרעכצן, שטילע טרערן,
נישט דערגאַנגען, שטיל געזונקען.
ס׳וועט זיי קיינער נישט דערהערן.
— — — — — — — —

מיינע פענסטער זיינען אָפן
בלויז צו מערב און צו צפון,
בלויז פון חושך, שקיעה, קעלטן
בלויז פון זיי באַשטייען מיינע וועלטן.

(געשריבן אין דער פינסטער
נאָך אַ בלוטשטורץ)

## דער זיידע ז״ל...

(אויסצוגן פון יונתן ניימאַנ׳ס נאָטיץ־בוך)

וואָס פאַר אַ ליכטיקע פערזענלעכקייט ער איז געווען! נעם איך אַוועק די נעגאַטיווע זייט — זיין אומטאָלעראַנץ צו אידישע אפיקורסים — איז ער געווען „כולו יושר״. קריסטן זיינען וואָס זיי זיינען, אָבער... אידן, בני־ברית, צו וועמען גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט, אַז זיי זאָלן זינדיקן — דאָס איז ניט צו טאָלערירן...

---

אַ דין תורה ביים זיידן: אַ איד האָט פאַרקויפט דעם צווייטן זיינע אַ „קדושה״ פאַר צוויי גילדן. קומט ער אַהיים, שרייט דאָס ווייב, אַז זי וויל בעסער די קדושה... דער קונה וויל אָבער דאָס געלט ניט צוריקגעבן. גייט מען צום רב. דער זיידע פסקנט, אַז די קניה איז קיין קניה ניט און זידלט אויס ביידע אידן: „מיט גאָט־זאַכן האַנדלט מען ניט!״

---

דעם זיידנס חוש פאַר הומאָר: ביי אַ לעקאַך־און־בראָנפן אין הויז פון גביר פון שטעטל, זאָגט דער גביר צום זיידן: „רבי, איך בין דאָך עפּעס אַ גדול״... ענטפערט דער זיידע



תוך כדי דיבור: „אין דער ליטע רופט מען אַ גראָשן — אַ גדול״...

---

...וועלוול און זלמן שפּילן שאָך. דער זיידע זיצט און לערנט. מיטאַמאָל הייבט ער אויף דעם קאָפּ, דערלאַנגט אַ קוק אויפן שאָך־ברעטל און ווייזט איינעם אַ גאַנג. פּראָטעסטירט דער ברודער: „סטייטש, טאַטע, סטייטש! ענטפערט דער זיידע: „נישקשה, נישקשה, אַ שוואַכן דאַרף מען העלפן״...

---

ווען איך בין געקומען צו מאַטיע דעם מלמד אין חדר, האָט מיר מאַטיע אַזוי געזאָגט: „דיין זיידע ז״ל האָט מיר אָנגעזאָגט: „מאַטיע, דו הערסט, ביי מיר שלאָגט מען ניט קיין קינדער״.

---

אין זיינע יינגלשע יאָרן איז דער זיידע געווען אַ גרויסער שטיפער. ער האָט געהאַט פאַרגעניגן צו רייטן אויף אַ באָק. — דערפאַר האָט ער זיך ניט געערגערט, ווען מיין ברודער חנן האָט אָפט ניט געוואָלט גיין אין חדר.

---

די מאַמע האָט דעם זיידן פאַרגעטערט. ווען זי איז געווען אַ קליין מיידל האָט זי געוואָלט זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן רוסיש. אַ ביכל האָט געקאָסט 15 קאָפּיקעס, האָט די באָבע זיך איינגעעקשנט: מען דאַרף ניט. דער זיידע האָט ענדלעך געהייסן דער באָבען געבן די 15 קאָפּיקעס. ער האָט דערציילט דער מאַמען, אַז אין זיינע יינגלשע יאָרן האָט מען זיך „געלערנט שרייבן רוסיש״ מיט קרייד אויף דער פּאָדלאָגע. און אַז די פּאָדלאָגע איז שוין געווען פאַרשריבן, פלעגט מען אָפּוואַשן מיט אַ נאַסער שמאַטע און ווידער שרייבן.

---

דער זיידע איז געווען שטאַרק רעספּעקטירט ביי די קריסטלעכע גאָספּאָדאַרעס. אַז זיי האָבן זיך דערוווסט אַז איך בין „סטאַרעגאָ ראַבינאַ וונוק״ (דעם אַלטן רבס אַן אייניקל) האָבן זיי געקריגן צו מיר צוטרוי. אַ פּנים זיי האָבן געגלויבט אַז אַן אייניקל פון אַזאַ רב דאַרף זיין אַן אָרנטלעכער בחור...

אברהם יפה, תל־אביב

# יהושע (אלטר) סופראסקי ז"ל



יהושע סופראַסקי

נולד בגוֹניוֹנדז לאביו ר' אליהו סופראַסקי. קיבל חינוך מסורתי ב„חדר", „נתמשׂכל" והתחיל ללמוד עברית ורוסית. היה אוֹטוֹדידקט ומתמיד גדול. הרבה לקרוא בספרות ובעתונות הרוסית והעברית שבימים ההם. מרוב לימודיו התחיל חש בחזהו. רופא העיירה, דוקטור קנפינסקי, יעץ לו לטייל ולרוץ בימי החורף בשדות השלג בסביבות העיירה.

סופראסקי היה שייך לדור צעירי העיירה — ראשונים להשכלה וציונות, כגון: זאב קמינצקי, פעיל בציונות ונואם באספות, או שמעון לוי"ס, למדן ומשכיל ומנהל תעמולה לציונות והשכלה בבית־המדרש, ששם היה מבלה שעות רבות בלימוד תלמוד ופוסקים.

לימים נתגלגל סופראסקי לעיר הרוסית קוּרסק ושם תפס מהר מקום מרכזי בפעולה הציונית. על הצטיינותו בתחום זה מעידה העובדה, שנבחר משם בתור ציר גם לקונגרס בבזל וגם לאספה הציונית הכל־רוסית במינסק. בספר־הזכרון לד"ר יחיאל צ'לנוב, בתמונה של אסיפת מינסק, רואים את יהושע סופראסקי, ציר מקוּרסק, ואת יעקב רוּדסקי, ציר מגוניונדז. לאחר שנשא לאשה את אחת ממכרותיו מבנות קורסק, התרחק מגוניונדז והיה מבקר בה רק לעתים רחוקות. הוא נעשה אזרח פעיל בעדה היהודית של קורסק והוסיף לפעול שם בעבודתו הציונית המסורה. עם בוא המהפכה הרוסית, בימי קרנסקי, היה פעיל מאוד בנאומיו באספות עם ובמוסדות ציבוריים פוליטיים מקומיים. מתוך התחשבות באישיותו ופעולתו הציבורית לטובת העיר, הופקד על־ידי הממשלה הזמנית לאינטאַדנט של כל גליל קורסק. עם פרוץ המהפכה הבולשביסטית עזב את קורסק ועבר לברלין, בתוך שאר פליטי רוסיה, שמצאו להם מקלט בגרמניה בכלל ובברלין בפרט. שם שהה זמן קצר ועבר למקום מקלטו האחרון, לכל ימי חייו, מקלטו האישי והלאומי — ארץ משאת־נפשו — ארץ־ישראל.

אידיאליסטן ורב־פעלים היה גם בכל ימי שבתו בארץ. הצליח בעסקיו המסחריים וגם בביסוס עמדתו החברתית. הוא רכש לו חלקות אדמה ומגרשים גם לעצמו וגם בשביל מַכּרים ובני גוניונדז, להתישבותם שם. אחר־כך פתח בנק „אשראי", שהצליח בעסקיו ותפס מקום נכבד בעולם הבנקים. בעסקנותו הציבורית זכה להכרה ונבחר בתור סגן יו"ר ועד הקהילה ביפו תל־אביב. באספות רבות־עם בעניני המדיניות הציונית, או לטובת המוסדות הציוניים, היה מן הנואמים הראשיים. עלה לצמרת של מפלגת „הציונים הכלליים" והיה מהפעילים לביסוס עתונה „הבקר". לרום דרגתו הגיע בהיבחרו לחבר הנהלת הסוכנות.

יהושע סופראסקי היה הנשר, שהמריא מקינו הצנוע בגוֹניוֹנדז למרומי העסקנות הציבורית בארץ־ישראל. אף זכה להשתתף בהכרזת העצמאות של מדינת ישראל בישיבת הממשלה הזמנית שנת תש"ח, בראשותו של מר דוד בן־גוריון. שבועות אחדים אחרי זה נפטר והוא בן ששים ושמונה שנים, מלאות פעולה כבירה לטובת העם והארץ.

יבורך זכרו לעד.

אברהם יפה, תל־אביב

# דוד בן יעקב רודסקי ז״ל

ראשית חינוכו היתה, כרגיל בעיירה — ב„חדר״. אולם לא המשיך את לימודו בבית המדרש כאחרים מבני „בעלי־הבתים״ בעיירה, מלומדי התורה. בתחילת המאה העשרים נהרו מקצתם של בני הנוער בגוניונדז למקומות תורה הידועים, ישיבות או קיבוצי תורה, או לערים כרכים, לשם השתלמות בהשכלה. אחד מאלה שנסעו לכרך לרכוש השכלה, היה דוד רודסקי. הוא נסע ללודז, שבה שלטה אז במיוחד השפה הגרמנית. דוד הספיק לרכוש מעט מהשפה הגרמנית ותרבותה. היות שלא שלחו לו תמיכה מיוחדת מהבית, חזר לעיירה אחרי זמן־מה כשריאותיו לקויות. משפחתו טיפלה בריפויו במרץ, והבריא. דוד המשיך להשתלם בגרמנית ואחר־כך בצרפתית. הוא שאף לנסוע לצרפת להשתלם בלימודים. בינ־תיים הגיע זמנו להתייצב לצבא. היות שהוריו היו קבלנים במבצר אוסוביץ, למד אצל כובעני בעיירה תפירת ציפות־בד לבנות לכובעים שהחיילים היו חובשים בימי הקיץ. הוא נקרא לצבא ו„נתקבל״. השתדלו שישלחו אותו למוסקבה (שם היו בודקים ומקפידים במיוחד על בריאות החיילים בשירות הצבאי) וכעבור זמן־מה שוחרר מן הצבא על יסוד תעודות רופאים, שריפאו אותו ממחלת הריאות.

זמן קצר אחרי השתחררו מהצבא נסע לפאריז, בלי הסכמת ביתו ובלי הבטחת תמי־כתם, בתקווה להסתדר שם בכוחות עצמו. אמנם, בראשית ימי שבתו בפאריס התקיים בעזרת מקצועו במלאכת הכובענות. אולם אחר־כך התחילו לתמכו גם מביתו. בתחילה למד פילוסופיה, ולאחר שעמד בבחינות הבגרות עבר לפקולטה לרפואה, סיים אותה זמן קצר לפני פרוץ מלחמת־העולם הראשונה וקיבל תואר דוקטור למדיצינה. בגוניונדז היה דוד פעיל בחוג חבריו — ציונים משכילים. אהב לשוחח ולהתווכח וסייע בביסוס הספריה הציו־נית בעיירה שנקראה בשם „השחר״ (על שם אגודת צעירי הציונים בעיירה, „השחר״). גם בפאריז היה משתתף באספות הציוניות עם ד״ר מ. נורדוי. ציוני פאריז הכירו את הסטו־דנט היהודי מרוסיה, רב הכשרון, וקירבוהו.

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה התגייס דוד לצבא הצרפתי בתור רופא צבאי בהסכמת הצירות הרוסית (צרפת, רוסיה ואנגליה היו אז בעלות ברית נגד גרמניה). הוא מילא תפקידו בהצטיינות. בתוספת השבועית של העתון הרוסי „בירז׳ויה וידומוסטי״ — „או־גוניוק״ צולמה תמונתו עם כתובת: בן ארצנו, ד״ר למדיצינה, נמצא בחזית הצרפתית בראש גדוד סניטרי. פעם נפצע בחזית, הבריא ושב לחזית להחיש עזרה רפואית לפצועים בבתי־חולים בשדה המלחמה. בין חיילי החזית הת־פשטה אז מגפת הטיפוס, ודוד במסירותו לריפוי חולים, עבד יום ולילה בלי ליאות, עד שנידבק בעצמו במחלת הטיפוס ומת. כבחייו כן במותו הצטיין בנאמנותו לתפקידו.

יהי זכרו ברוך.

# יהושע רוזנבלום ז״ל

יהושע רוזנבלום נולד בשנות השמונים האחרונות למאה ה־19. גדל בילדותו בבית אמא ואב חורג, אליהו בן אשר בייקובסקי. היו לאמא שלו עוד שני בנים גדולים מיהושע — מבעלה הראשון. יהושע הצעיר נבדל מהם גם בכשרון וגם בהתמדה בלימודים, והמשיך בדרך זו כל ימי חייו הקצרים. עם גמר לימודיו ב„חדר״ אצל יודל המלמד, נסע לישיבת לומז׳ה. כעבור שנה חזר לגוניונדז כבחור ישיבה. בשנה שלאחריה נסע לישיבת נובהרודוק (נובוגרודק). שם נהיה בו שינוי רוחני גדול: נתמשכל והיה בישיבה מראשי הפעילים בעבודה הציונית. כשנתקיים כינוס ציוני בישיבת לידה, מיסודו ובהנהלתו של מנהיג „המזרחי״, הרב ר׳ י. י. ריינס ז״ל, היה יהושע הציר לכינוס זה. יהושע, בעל אופי תוסס וטמפרמנט חם, היה נלהב

מאוד מן הכינוס הזה, ובשובו ממנו לנובהרודוק, קפץ בפזיזות מקרון הרכבת לקראת חברים אחדים שחיכו לו בתחנה, נפל על מרצפת רציף התחנה ושבר את רגלו. שבועות רבים שכב עד שנרפאה רגלו, אולם מאז היתה רגלו פגומה.

בשובו הביתה חולה ורצוץ, התמסרה אליו אמו ברחמים רבים להבריאו. ואמנם, במשך חדשים אחדים הוטב מצב בריאותו וחזר ל„סורו" — לשאיפותיו להשכלה. שאיפתו היחידה היתה עכשיו להיבחן ברוסית — לארבע כיתות גימנסיה. כשהיה בא אלי לבקרני על הר בית־הכנסת היה מוסר לי ממה שקרא ב„מורה נבוכי הזמן" של רנ"ק, „פרדוכסים" של מ. נורדוי, והיינו קוראים זה לפני זה את יצירותינו — שירים „מקוריים" או מתורגמים. יהושע היה גם בעל כשרון נואם ובאומץ לבו לא נרתע מלהתקרב ל„צעירי ציון" בגוניונדז, המבוגרים ממנו, והיה פעיל באספה ציונית ובמועצת הספריה הציונית. אולם לאחר שנסע לגרמניה וחזר ממנה, נתגלעה בו מחלת השחפת, שקיננה בקרבו במסתרים, ושוב לא הרפתה ממנו. בשנה האחרונה לימי חייו הספיק לפרסם שיר באידיש בירחון „דער שטראל". לפעמים היה בא עוד לספריה ומעניק לנאספים משיחותיו על תרבות וציונות.

בחדשים האחרונים לחייו גברה בו מחלת השחפת והפילה אותו למיטה, שממנה לא ירד עוד. שבועות אחדים שכב ביסורי מחלה, חום, חוסר נשימה ונפטר בן עשרים וחמש שנה.

„ושירת חייו באמצע נפסקה"...

משה באַכראַך

# אריה־לייב באכראך ז״ל

געבוירן און דערצויגן אין גראַיעווע. האָט דורכגעמאַכט די „אַקאַדעמיע" פון זעלבסט־בילדונג מיט אַ גרינטלעכער קענטעניש אין תלמוד, תנ"ך, העברעאיש און דקדוק. דערצו זיך דערוואָרבן אַ פּראַקטישע קענטעניש פון רוסיש און פּויליש, און אַ קאַליגראַפישן כתב. העברעאיש און דקדוק האָט ער געמוזט לערנען בגנבה, אויפן בוידעם...

ווען ער איז אַוועק דינען „פּאַניען" איז אים זיין קענטשאַפט אין רוסיש — און דער שיינער כתב — שטאַרק צוניצגעקומען: ער איז געוואָרן אַ „שרייבער" אין דער קאַנצעלאַריע פון זיין פּאָלק (רעגימענט), און אַזוי־אַרום איז ער פּטור געוואָרן פון שווערע איבונגען און מאַנעוורעס. ווען עס פלעגט קומען זיין ריי צו שטיין אויף דער וואַך מיט דעם ביקס אויפן אַקסל, בייטאָג אָדער ביינאַכט, אין גרויסע היצן אָדער אין ביטערער קעלט, פלעגט ער אויף אויסנווייניק דורכגיין די תרי"ג מצוות, לויטן נוסח פון „מצוות השם". די מצוות האָט ער דעם גאַנצן לעבן פּראַקטיצירט; דעם ביקס קיינמאָל ניט. אַזאַ מין סאָלדאַט איז לייבל באַכראַך געווען אין די סוף אכציקער



אריה־לייב באַכראַך

יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, אין סאַראַטאָוו, אויף דער וואָלגא.

אין גאַניאַנדז, אַלס אייזנקרעמער, האָט ער אין זיין פרייער צייט שטענדיק געלערנט — אינדערהיים (פאַרשטייט זיך, אַז אין לייבל באַכראַך'ס פרייע צייט האָט שיינע־ביילקע, זיין אשת־חיל, געהאַט אַ לייבן־טייל...). גאַנץ אָפט פלעגט ער לערנען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. זיין אונטערברומען דעם גמרא־ניגון האָט דער

משפחה פון שלאָף ניט געשטערט, ווייל דאָס איז דאָך געווען אַ חלק פון דער שטובישער אַטמאָספער אַלע יאָרן... ווען אימיצער אין הויז פלעגט זיך אַמאָל איבערוועקן פלעגט ער זען פאַר זיך אַ מערקווירדיק בילד: די גאַנצע הויז איינגעהילט אין טונקלקייט און שלאָף, בלויז דער טאַטע מיט זיין גמרא זיינען באַלויכטן פון קליינעם נאַפט־לעמפל! און דער ניגון — דער מתיקותדיקער ניגון — וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכער אַקאָמפּאַנימענט דאָס איז געווען צו זיין פאַרטיפונג אין לערנען!

אויף די מלמדים פון זיינע קינדער האָט ער קיינמאָל זיך ניט פאַרלאָזט; אויך ניט אויף די פריוואַטע לערער. ער פלעגט פירן ערנסטע געשפּרעכן — און אָפטמאָל וויכוחים — מיט די מלמדים און די לערער „וואָס" און „וויאַזוי" צו לערנען תורה און „בילדונג" מיט קינדער בכלל און מיט זיינע קינדער בפרט. ער פלעגט צוערשט אַליין אויסלערנען זיינע קינדער לייענען „עברי" מיט דער „נגינה" און דעמאָלט אַכטונג געבן אַז די מלמדים זאָלן עס פאַרזעצן. און מיט דעם חוש פון אַ גוטן מחנך האָט ער זיינע זין געלאָזט דאַווענען נוסח אשכנז — אין אַזאַ מתנגדיש שטעטל ווי גאָניאָנדז איז געווען — כאָטש אַליין איז ער געווען אַ חסיד און האָט דעריבער געמוזט דאַווענען ביחידות, לויט נוסח ספרד.

לייבל באַכראַך איז געווען דער ערשטער איינצופירן אין גאָניאָנדז דעם פּרינציפּ פון גלייכער דערציאונג פאַר יינגלעך און מיידלעך — ניט בלויז אין רוסיש, פויליש און דייטש, ווי עס איז דעמאָלט געווען די מאָדע, נאָר דער עיקר אין העברעאיש, איינשליסנדיק די נביאים מיטן „מקרא מפורש", און דעם „מבוא התלמוד".

ער איז געווען אַ נאַטירלעכער פּעדאַגאָג, כאָטש ער אַליין האָט דערפון ניט געוווּסט... די שווערסטע סוגיא אין גמרא איז אים געווען גרינג מסביר צו זיין אפילו פאַר אַ קינד, און דער צוהערער האָט שטענדיק פון דעם הנאה געהאַט. אין יאָר 1915, ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן באַלאַגערט די פעסטונג אָסאָוויעץ און די נאָכאַנאַנדיקע באָמבאַרדירונג האָט ממש געטרייסלט די הייזער אין גאָניאָנדז, איז לייבל באַכראַך געזעסן אין שטוב (אין דער ענגער דירה ביי יהודה דעם קירזשנער), אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער „חברה" גראַיעווער „פליכטלינגע" און מיט זיי געלערנט אַ בלאַט גמרא. אַ סברה אַז זיי האָבן די באָמבאַרדע גאָרניט געהערט...

דערצו איז לייבל באַכראַך געווען אַ ליידנשאַפטלעכער קאָרעספּאָנדענט סיי אין אידיש און סיי אין העברעאיש, פאַר דברי חול ווי פאַר דברי תורה, מיט סוחרים ווי מיט ראשי־ישיבות. ווי נאָר ער פלעגט דערשפּירן אַז אַ סוחר אין וואַרשע אָדער אין בריסק, למשל, איז אַ יודע ספר, פלעגט אַ טייל פון יעדן געשעפטלעכן בריוו צו אים זיין געווידמעט צו דברי תורה, און „אידישקייט" בכלל. ער איז שטענדיק געווען אַבאָנירט אויף אַ העברעאישער און אַן אידישער צייטונג, צי דאָס איז געווען דער „הזמן", די „הצפירה", „דער פריינט", „אונדזער לעבן", אָדער דער „מאָמענט". אויך אַ רוסישע טעגלעכע צייטונג, אַזש פון פעטערבורג, איז רעגולער אַריינגעקומען אין הויז. אָבער די רוסישע צייטונג איז געווען בלויז אַ מיטל פאַר די קינדער צו ווערן היימיש אין דער רוסישער שפּראַך און ניט איינצוזאַפּן דעם רוסישן גייסט... ווי גרינג לייבל באַכראַך האָט געפונען אַ סינטעז פאַר אַן אַלזייטיקער אידישער דערציאונג פון זיינע זין און טעכטער!

אין נאָוועמבער 1917, ווען די ידיעה וועגן באַלפור־דעקלאַראַציע האָט דערגרייכט גאָניאָנדז און ער האָט פון זיין קראַנקן־בעט דערהערט דאָס יובלען אין גאַס האָט ער זיך אָנגערופן צו זיין טאָכטער כאַשקע (איצט אין ישראל — חסיה): „לערנט זיך, קינדערלעך, אויס אַן אומנות און זייט עולה קיין ארץ־ישראל".

אריה־לייב באַכראַך איז נפטר געוואָרן אין גאָניאָנדז כ"ז ניסן תרע"ח (1918). זיינע ביינער זיינען פאַרבליבן אין גאָניאָנדז און פון זיין קבר איז משמעות קיין שפור ניט געבליבן, אָבער זיין נאָמען איז אויסגעקריצט אויף דער מצבה פון זיין פרוי — מיין מאַמע — שיינע ביילקע, אויף אַ בית־עולם אין תל־אביב, ישראל.

קלמן באכראך

# חיים אריה פעקאַרסקי ז״ל

אין שטעטל האָט מען אים גערופן לייבל מושקע׳ס, אָדער לייבל פּעקאַרסקי. ביי מיר האָט ער געהייסן חיים אריה. דאָס האָט זיך גע־נומען פון דעם וואָס מיר האָבן ביידע געלערנט צוזאַמען אין איין קלאַס פון דער גאַניאָנדזער העברעאישער שולע. דאָרטן איז אַלץ געגאַנגען אויף העברעאיש, די נעמען אויך.

איך דערמאָן דעם נאָמען אויף העברעאיש, ווייל דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער באַקאַנטשאַפט, חבר׳שאַפט און אפשר פאַרן גאַנצן גאַנג פון אונדזער לעבן. אונדזערע ביידנס אידעאָלאָגיע און שטרעבונגען זיינען דורך די גאַנצע יאָרן געווען די זעלבע, גע־בויט אויף העברעאיש און ציוניזם, כאָטש מיר זיינען זינט אונדזער צעשיידונג אין גאַנ־יאָנדז כמעט אינגאַנצן געווען צעשיידט אין שטח, ער אין דער ווייטער שטאָט אין קאַנאַדע, עדמאָנטאָן, און איך אין ניו־יאָרק, טויזנטער מייל ווייט איינער פון צווייטן. נאָר איין יאָר זיינען מיר נאָך געווען צוזאַמען און געאַרבעט אין דער זעלבער שולע אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

אונדזער חבר׳שאַפט איז געווען אַן איינגע־וואַקסענע און אַ שטאַרקע. אמת, מיר האָבן זיך ניט צונויפגעשריבן, ווייל חיים־אריה איז ניט געווען קיין בריוו־שרייבער, אָבער מיר זיינען געווען עמאָציאָנעל צוזאַמענגעבונדן און קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן איינער דעם אַנדערן. ווען ער איז פּלוצלונג אַוועק פון אונדז איז ביי מיר געבליבן אַ ווונד אין האַרצן.

ווען איך הייב אָן טראַכטן פון אונדזער יינגלשן פעריאָד קומט מיר באַלד אַרויף אין געדאַנק דאָס וואָרט „מתמיד״. חיים אריה איז געווען אַ מאָדערנער מתמיד, דאָס הייסט ניט אויף לערנען גמרא ווי ביאַליק׳ס מתמיד, נאָר אויף מאָדערנע לימודים: העברעאישע שפּראַך, ליטעראַטור און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, אַלץ קעגנשטאַנדן וואָס מיר האָבן צוזאַמען גע־לערנט. זיין התמדה איז געווען אַ נאַטירלעכע און אַ סטיכישע. ער האָט געהאַט דעם כוח פון מיטשלעפן אַלעמען אַרום אים ווי די קראַפט



חיים אריה פעקאַרסקי

פון אַ געוואַלדיקן וואַסער־שטראָם. ווען מען האָט זיך געגרייט צו עקזאַמענס האָט ער געקענט אַריינלערנען אַכצן שעה אַ מעת־לעת. שלאָפן אָדער שפּילן זיך, אַלץ זאַכן וואָס שפּילן אַ גרויסע ראָליע אין דעם יינגלס לעבן, דאָס האָט פאַר אים ניט עקזיסטירט. ער האָט גע־האַט איין ציל — לערנען. און ער האָט גע־לערנט מיט אַן עקשנות און שטאַרקן ווילן וואָס ברעכן דורך אַלע שוועריקייטן.

חיים־אריה האָט ליב געהאַט צו דערציילן פון יענעם פעריאָד; ער האָט אגב פאַרמאָגט אַ פעאיקייט אויף דערציילן מעשיות. אַז איך בין צוריקגעקומען קיין מאָנטרעאַל און דאָרט געטראָפן חיים־אריה׳ן, האָבן שוין אַלע באַ־קאַנטע געוווסט די מעשה מיטן שטריקל.

די מעשה איז פון די לעצטע טעג פאַר אונדזערע גראַדואיר־עקזאַמענס פון דער גאַנ־יאָנדזער שולע. חיים־אריה האָט דעמאָלט גע־האַלטן אין איין לערנען און חזר׳ן, ממש ווי עס שטייט געשריבן: „בשכבך ובקומך ובלכתך בדרך״, פאַרן עסן, אינמיטן עסן, ביי טאָג ביי־נאַכט — אָן מאָס און גרענעץ. איך ווייס ניט וויפל שעה אַ נאַכט ער האָט דעמאָלט געשלאָפן, איך האָב מורא אַז ער האָט אפילו געלערנט

אין שלאָף. און איך אויך מיט אים — וויפל עס האָט זיך געלאָזט, וויפל איך האָב געקאָנט מיטהאַלטן. איז אַזוי ווי ער איז אויפגעשטאַנען פרי האָב איך אויך געדאַרפט אויפשטיין פרי, פריער פון אַלעמען אין שטוב. ווי שטייט מען אָבער אויף פריער פון אַלעמען? אַז קיין וועקזייגער האָבן מיר ניט געהאַט און אָנקלאַפּן אין לאָדן האָט ער ניט געוואָלט, ווייל דאָס וואָלט אויפגעוועקט נאָך מענטשן אין הויז. איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצובויערן אַ לעכל אונטערן פענצטער, אַדורכציען אַ שטריקל און עס צובינדן צו מיין האַנט. און כך הווה. אינדערפרי איז געקומען חיים־אריה אַ צי געטאָן דעם שטריקל און מיר אויפגעוועקט פון שלאָף.

אין מאָנטרעאל האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע מעשה, נאָר אַביסל מער אינטענסיוו. דאָרטן, מוז איך זיך מודה זיין, האָב איך שוין ניט געקאָנט מיטהאַלטן מיט אים. זיין התמדה און צילבאַוווסטזיניקייט זיינען געוואָרן נאָך שטאַרקער פון אַמאָל, אינדערצייט וואָס די פאַרשידנקייט פון אונדזערע כאַראַקטער־שטריכן איז געוואָרן בולט׳ער און שטאַרקער. איך האָב זיך געלאָזט באַווירקן פון דער סביבה און מיטגיין לאַנגזאַם. ער האָט גשטורעמט מיטן גאַנצן כוח און געוואָלט איינגעמען אַלץ אַרום אים. זיין ענערגיע האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. אפשר איז דאָס טאַקע געווען זיין אומגליק, זיין ענערגיע האָט אויסגעברענט צו שנעל.

מיר זיינען דעמאָלט געווען נייגעקומענע אין אַמעריקע און זיך געלערנט לייענען, שרייבן און ריידן ענגליש. דער ציל איז געווען זיך צוגרייטן צום אוניווערסיטעט. חיים־אריה האָט זיך צוגעכאַפּט צום ענגליש מיט אַ ברען. ענגליש איז ווי ס׳איז באַוווסט ניט קיין פאָנעטישע שפּראַך און „ספּעלן״, דאָס הייסט אויסלייגן די ווערטער, איז אַ גאַנצע תורה. חיים־אריה האָט אַנטוויקלט זיין אייגענע טעאָריע ווי צו לערנען „ספּעלן״. ער האָט געשריבן יעדן וואָרט צען, צוואַנציק, פופציק מאָל, עס האָט זיך געווענדט אין דער שווערקייט פון וואָרט. און אַז ער האָט אָנגעהייבן שרייבן האָט ניט געקלעקט קיין פּאַפּיר. ער האָט אַלץ פאַרשריבן, דעם קאַלענדאַר, אויף די ווענט, ביידע זייטן פון די קאָנווערטן, אַלע פּאַפּירענע זעקלעך און אַלע סאָרטן פּאַק־פּאַפּיר. ס׳איז ממש ניט פאַרבליבן קיין ניט־פאַרשריבענע שטיקל פּאַפּיר אין הויז.

מען דערציילט מיר אַז אַזוי האָט ער זיך געפירט שפּעטער ווען ער איז געווען אין דער ווייטער מערב־קאַנאַדע. ער האָט דערגרייכט די צילן וואָס ער האָט זיך געשטעלט. ער איז דורכגעגאַנגען דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט, געוואָרן אַן אַדוואָקאַט און דערצו איינער פון די וויכטיקע אידישע פירער אין מערב קאַנאַדע. דאָרטן האָט ער אויך חתונה געהאַט און אויפגעבויט אַ משפחה.

חיים־אריה איז געווען אַן עמיגראַנט, דאָס הייסט אַ ניי־געקומענער אין אַ לאַנד ווו מען איז פרעמד און ווו די שפּראַך און זיטן זיינען פרעמדע. מיט די אייגענע צען פינגער האָט ער זיך געדאַרפט דורכברעכן דעם וועג אין לעבן, זיך צופּאַסן צו נייע אומשטענדן און זיך עטאַבלירן. דאָס איז גאָר קיין גרינגע זאַך ניט געווען. ערשטנס, האָט ער זיך געדאַרפט אַליין אויסהאַלטן און אין דערזעלבער צייט שטודירן. צווייטנס, האָט ער געדאַרפט אָנהייבן זיין קאַריערע אַלס אַדוואָקאַט שפּעט, ווען ס׳איז שוין געווען אַ משפחה מיט קינדערלעך. אַדאַנק זיין עקשנות און געוואַלדיקער טרייבקראַפט האָט ער ביידע זאַכן דערגרייכט.

פריער האָט ער זיך אויסגעהאַלטן און מפרנס געווען זיין משפחה ווי אַ העברעאישער לערער. אַלס אַזאַ האָט ער אויפגעטאָן אַסך אויף דעם געביט. ער האָט געגרינדעט אין עדמאָנטאָן אַ טאָג־שול, איינע פון די ערשטע אין לאַנד, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען אין דער היסטאָריע פון חינוך אין קאַנאַדע. ער איז געווען זייער אַ פּעאיקער לערער און אַדמיניסטראַטאָר. אַ שאָד וואָס ער איז ניט פאַרבליבן אין פאַך.

און אַלס אַדוואָקאַט האָט ער דערגרייכט גרויס אָנזען אין דער פּראָווינץ ווו ער איז געווען. ער איז דאָרטן געוואָרן פון די גרעסטע אין זיין פאַך צווישן אידן און ניט־אידן. אויף זיין טויט האָבן געטרויערט אַלע זיינע קאָלעגן און צו זיין לוויה האָט די פאָן איבער דעם געריכט־הויז געהאַנגען האַלב־מאַסט אַלס אויסדרוק פון טרויער.

אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט אַז „אין אדם יוצא מן העולם וחצי תאוותו בידו" (אַ מענטש גייט ניט אַוועק פון דער וועלט מיט אַ העלפט וואָס ער האָט געוואָלט דערגרייכן). דאָס איז ספּעציעל געווען אמת וועגן חיים־אריה'ן. ער האָט דערגרייכט עשירות און באַ־רימטקייט, ער האָט אויפגעבויט אַ שיינע מש־פּחה, ער איז געווען אַ פירער אין קאַנאַדיש־אידישן לעבן. אָבער איין זאַך האָט ער ניט דערגרייכט. ער האָט זיך ניט באַזעצט אין ארץ־ישראל.

בלי שום ספק איז דאָס געווען איינע פון זיינע הויפּט־צילן אין לעבן. ער האָט געוואָלט איבערפּלאַנצן זיין משפחה אין אונדזער היימ־לאַנד אַזוי ווי מיר האָבן אַמאָל געחלומ'ט יינגלווייז. ער האָט געשטרעבט צו דערציען זיינע קינדער אין אונדזער אויסגעחלומ'טן לאַנד אויף אונדזער אויפגעלעבטער שפּראַך. דאָס האָט ער ניט דערגרייכט. ער האָט גע־מאַכט אַ פּרוּוו. אין די דרייסיקער יאָרן איז ער ספּעציעל געפאָרן קיין ארץ־ישראל, גע־קלאַפּט אין די טירן פון דער מאַנדאַט־רעגירונג און געפּרוּווט צו געפינען אַ נייעם באָדן און יסוד פאַר זיין משפחה. ער איז אָבער געקומען צוריק מיט אַ שווערן געמיט. איך האָב אים דעמאָלט געזען צום לעצטן מאָל. אַדורכפאָרנדיק ניו־יאָרק איז ער איינגעשטאַנען ביי אונדז אין הויז און פאַרבראַכט מיט אונדז עטלעכע טעג.

יאָ, וואָלט ער געווען אויף פופצן יאָר יינגער וואָלט ער עס געוויס דערגרייכט מיט זיין עקשנות און התמדה. אַ מענטש איז אָבער יונג ניט מער ווי איינמאָל. אפילו ביי אים האָט ניט געקלעקט קיין ענערגיע אויף אַ צווייטן מאָל.

פון קליינעם שטעטעלע גאָניאָנדז ביז דער הויפּט־שטאָט פון דער אַלבערטאַ פּראָווינץ עד־מאָנטאָן, ביסטו אַדורך, מיין חבר חיים־אריה, ווי אַ שטורעם. ערגעץ ווייט אין די וויסטע־נישן פון קאַנאַדע האָט זיך דיין שטורעמווינט אויסגעבלאָזן און פאַרשוווּנדן. אין מיין האַרץ וועט תמיד לעבן דיין ליכטיקער אָנדענק, מיין יוגנט־חבר חיים־אריה!

ד"ר יוסף כרמין

# היקר באדם

## לזכרו של אבי ר' יהושע ז"ל

מעטות השנים, שזכיתי להסתופף בבית אבא, כי כבר בילדותי גליתי ממקום תורה אחד לשני, ברצונו של אבא, ודלים הזכרונות השמו־רים אצלי על אבי היקר באדם, אולם יודע אני וָעֵד, כי רבה היתה אהבתו אלי, בנו בכורו. זכורני טיולים בשבתות אחר־הצהרים עם אבא אל מחוץ לעיר הרחק עד לתחום שבת. תמה אני, מה הביא את אבא לטיולים אלה? אהבתו אלי, רצונו להנות אותי ולשוחח אתי בחיק הטבע? והרי זה היה לפני למעלה מחמישים שנה בתוך עיירה קטנה נידחת ובתוך סביבה עויינת של גויים!

היתה לו דרך משלו בחינוך ילדיו: אהבה רבה והבנה והתחשבות, וכך היה עם אלפי תלמידיו, שחינך והדריך מראשית ילדותם ושהמשיך לעמוד בקשרים אתם בדרך חייהם הארוכה עד שבאו לארץ. הוא זכה שמאות מתלמידיו עלו לארץ עד שבאחרית ימיו עלה גם הוא עצמו לארץ.

אבא לא רצה לעשות את התורה קרדום לחפור בו; מהרבנות התנזר כליל וחיפש לו כל מיני פרנסות: פתח חנות, עסק בתעשיות שונות ומשונות, כגון משחת נעלים, דיו וכל מיני רצפטים אחרים, ורק כשכלו כל הקצין נעשה מלמד, ובהצלחה יוצאת מן הכלל, שכן אהב את מלאכתו וחידש בה הרבה. הוא היה

אחד הראשונים, ואולי הראשון, שהקים אולפן, שזכה ברבות הימים לשם „חדר מתוקן". למדו בו מלבד לימודי ה„חדר" הרגילים, גם עברית ודקדוק ואף חשבון, והיתה בו מסכת־חג והצגת מחזה בעברית ורוח ציונית־לאומית. והחדר היה נקי־נקי, בזכותה של אמא ע"ה, ומפקחי השלטון יצאו תמיד משתוממים לסדרים וליכלתו הרבה של אבא.

פעיל היה אבא בכל מוסדות העיירה: ב„לינת הצדק", ב„תלמוד תורה", ב„הכנסת אורחים" ובכל שאר המוסדות שבעיירה. ראשון שבראשונים לעניני ציונות היה בעיירתו, וכשצצו ארגוני הפועלים הציוניים הראשונים היה הוא המוציא והמביא בהם. הוא שכר את החדר, ארגן את הספריה, הרצה הרצאות וניהל שיחות. ולמרות היותו יהודי דתי בתום־לבב, סירב להצטרף ל„מזרחי" ונשאר צמוד לחוגים אלה. ידו היתה בכול. אולם גם יד כול היתה בו ולא פעם שבע חרפה בבית־הכנסת על ציוניותו ואף יש שאיימו עליו... הוא לא ידע פחד ועד יומו האחרון, גם בארץ, היה מהלך יחידי בלילות ואפילו בזמן שהיו יריות בשכונה שלו. הן גם בגולה לא נרתע מפני איש ונפגש כשווה בשווה עם גדולים מבין הגויים. יהודי פיקח היה וכך גם נקרא בפי כל „סטורוזום" (בפולנית — היינו איש של מאה שכל) וידיעותיו היו מרובות ביותר. רבים באו לשאול בעצתו בכל מיני ענינים, והוא ידע תמיד לייעץ עצה נבונה ורכש לו בדרך זו ידידים רבים. נדמה לי, שכל בני עיירתו היו ידידיו.

אוהב ספר היה אבא והיתה לו ספריה גדולה, שבה נמצאו בצדם של ש"ס ופוסקים וספרי הלכה ואגדה גם כל ספרי ההשכלה של הימים ההם: מאפו, סמולנסקין, י. ל. גורדון ועוד. הוא היה ידען גדול בדקדוק העברי, בתנ"ך ומפרשיו ואף בתלמוד היתה ידו רבה, ולא פעם הוזמן להשתתף בבירורים ודיונים קשים על־ידי רבני הסביבה. הוא היה חותם על העתונים העבריים „הצפירה" ו„המליץ" וגם על „עולם קטן", עתון ילדים עברי של הימים ההם, בשבילנו ובשביל תלמידיו. ובאיזה ענין רב, חום נפשי וחדירה עמוקה היה קורא את כל סיפורי הילדים האלה. שותף נאמן היה לפיורקו מגראייבה, אחד המשכילים הבולטים של הימים ההם, שניסה את כוחו בהוצאת ספרות־ילדים. הוא אהב ילדים, חיבב את ההווי שלהם וידע את נפשם.

את כולנו, את כל ילדיו לימד שפות זרות וניסה, ככל אשר היה לאל ידו, להקנות לנו השכלה. הוא מסר אותנו, ללא כל רתיעה, לידי סטודנטים מהפכנים, שהיו מתחבאים בעיירתנו מפני השלטון שרדף אותם והיו מנסים למצוא בה פרנסה כל־שהיא על־ידי מתן שיעורים פרטיים. עוד בילדותי לימד אותי רוסית (בשפה זו שלט גם הוא עצמו), גרמנית וצרפתית ושאר לימודי חול, וכך נהג גם ביחס לאחיותי.

בטוח היה בדרכו והאמין בה אמונת־אומן, וכשנפתחה הגימנסיה „הרצליה" ביפו, לא היסס אף רגע ושלח ליפו את אמא עם כל הכבודה (שישה ילדים). זכורני, כולנו ישנו על הרצפה באחד החדרים בנוה־צדק — וקדחנו. קמה אמא וחזרה עם כולנו הביתה. כעבור שנה שלח אותי אבא שוב לבדי, ואני אז ילד בן שתים־עשרה, לאותה גימנסיה „הרצליה". הוא ליווה אותי עד האניה באודיסה, הושיבני בה ונפרד הימני. ניתן לשער כמה אומץ ואמונה היו דרושים לו לכך. וזכורני, במלאות לי שלוש־עשרה שנה שלח לי אבא שעון־זהב. אני מכרתי את השעון וקניתי לי אקדוח. עדיין זכורים לי דברי המוסר של אבא במכתבו שכתב לי לאחר שנודע לו הדבר: „אי סייפא — לא ספרא, ואי ספרא לא סייפא" וכו'. וכך ליווני תמיד גם מרחוק, בחיוך טוב ובאהבה רבה, ואם גם לא פעם מתוך אי־הסכמה לדרכי, שלא מעטות מהן היו מוזרות בעיניו.

כבר בילדותי רציתי להיות סופר או נכון יותר, מחבר ספרים, וזכורני שחיברתי „ספר בטבע ללמד בני ישראל להשכיל" — בהשפעת חוברות של מדע עממי ברוסית שהיו נפוצות אז — ושלחתי אותו ל„תושיה", הוצאת ספרים עברית של הימים ההם. כיון שלא היו לי דמי־משלוח, שלחתי את כתב־היד ללא בולי דואר. „תושיה" לא פדתה אותו והוא הוחזר. מובן שנפל לידי אבא והוא שילם בעדו דמי־משלוח כפולים. הוא עיכב את כתב־היד בידיו מספר ימים, עבר על כל החומר, ואחר־כך מסר אותו לידי בחיוך טוב מבלי להוסיף מלה כל־שהיא. כך היה אבא בכל הליכותיו ובכל דרכיו.

לא פעם, כשחזר מאוחר בלילה מאספות וישיבות, היה מביא אתו אורח או שנים, מאלה שנזדמנו לעיירה בעניני ציבור, או גם אביונים ושיכורים, שהיה מאסף בדרך. היה מעיר את אמא והיא היתה מאכילה אותם ומשכיבה אותם לישון.

ואמא, ככל אשה, רצתה שאבא ישב בבית אתה ועם הילדים ושיינזר מעניני ציבור, והיתה מעירה לו על כך ברמז ובחצי מלה, כי יותר מזה לא העֵזה בפניו. היא כיבדה אותו מאוד ותמיד שררו ביניהם שלום ושלוה; אולם בדבר זה לא נשמע לה ועמד על דעתו. אמא רטנה מעט והמשיכה לשאת בעול של אשה מסורה לבעלה ולילדיה עד לנשימתה האחרונה.

אברהם יפה, תל־אביב

# יצחק יפה ז״ל

אבינו הרב מרדכי יפה ז״ל היה משלשלת דורות הרבנים, מצאצאי הגאון ר׳ מרדכי יפה, בעל ה„לבושים״, ז״ל. אחי יצחק נולד בקוברין (פלך גרודנה) בשנת תר״מ. בהיותו כבן עשר שנים כבר ידע על־פה כמה פרקים ממסכת ברכות. כשאבינו מת עלינו בשנת השלושים ושש לימי חייו היה יצחק בן אחת עשרה. בעיירה גוניונדז, שלשם עבר אבינו להיות רב בשנותיו האחרונות, התחילה חודרת רוח ההשכלה, ואחי, לבוש תלבושת ארוכה של חרדים לדת, התחיל מבקר את בית־הספר שנפתח בעיירה. התמדתו היתה גדולה גם בבית־הספר וגם בבית־המדרש. בשעות היום בבית־הספר, ובלילה עד שלוש אחר חצות היה שקוע בלימודיו. הוא התמיד בלימוד הדקדוק העברי, הלשון הרוסית, ועוד.

עם ההתעוררות הראשונה לעבודה הציונית התרבותית של העיירה נעשה אחי גם לעסקן בה והשתתף בייסוד ספריה ואולם־קריאה בעיירה, ובשאר ענפי העבודה הציונית של הימים ההם.

עודו צעיר וכבר נכנס לעבודת ההוראה, תחילה — שיעורים פרטיים, ואחר־כך — „חדר מתוקן״, והיה גם המחנך והמורה לאחיו הצעי־רים, וטיפול של אב נהג בהם.

כשנפתחו „הקורסים הפדגוגיים״ בגרודנה, בשנת 1907, נתקבל מיד אליהם והצטיין שם בבקיאותו הרבה בתנ״ך ובדקדוק, בלמודי הגי־אוגרפיה וההיסטוריה. בזמן שאני הייתי במחזור האחרון של הקורסים האלה עדיין היו מדברים בין הבוגרים על התמדתו וידיעותיו של אחי, שדבריו נשמעו כדברי בן סמך במקצועותיו.

כשגמר את חוק לימודיו שם נתקבל למורה בתלמוד־תורה המודרני בקובנה, שנתמך על־ידי חברת „מפיצי השכלה״ בפטרבורג. בעבודתו בתלמוד־תורה גילה את כל כוח מסירותו ונאמנותו למקצוע ההוראה, שהיתה כמלאכת הקודש בעיניו. במידה מרובה זה היה פרי השפעתו הברוכה של מחנך המורים המצוין, א. כהנשטם ז״ל, שעמד בראש הקורסים הגרוד־נאים.

אחי היה משכים שעות לפני לכתו לבית־הספר, להכין את שיעוריו יום יום, כתלמיד בית־מדרש למורים המתכונן לתת שיעור לדוגמה בפעם הראשונה.

באותם הימים השתלם גם בלימודי הטבע והתקין גינה קטנה על־יד הבית שדר בו, ובה עדר וזרע וגידל צמחים שונים, עד שזו נעשתה לגינה בוטנית למופת. דרי החצר היו רואים אותו יום יום מופשל שרוולים ונושא דליי מים מן הבאר להשקות את צמחי גינתו. בקובנה נשא אשה, בת המורה הנאמן והסופר מנחם מרדכי סילמן ז״ל, שגם היא היתה מצוינת בלימודיה ומחוננת בכשרון הוראה.

עבודתו בקובנה הוכרה לטובה על־ידי מבקרי החברה „מפיצי השכלה״, כהנשטם, פיאלקוב ועוד, אבל הזוג הצעיר שאף לעלות לארץ־ישראל, לארץ משאת נפש האומה, ולהקדיש לה את כוחותיהם.

ונסתייע הדבר. הד״ר ניסן טורוב, שעמד ביפו בראש מרכז המורים בימים ההם, פנה להנהלת הקורסים בגרודנה וביקש מנהל טוב

לבית־הספר במושבה רחובות, והנהלת הקור־סים שמה עינה ביצחק יפה והציעתהו לפני הד״ר טורוב. אחי קיבל את ההצעה בשמחת אושר, ובסוף שנת תרע״ב עלה לא״י.

כאן מצא את אשרו. שנים אחת־עשרה עמד בראש בית־הספר ברחובות והשקיע בו את כוחותיו לחזקו ולבססו ולהרימו למדרגה של בי״ס מושבתי מעולה.

ידיעתו וחיבתו ללימודי הטבע עזרו לו הרבה בדבר.

ואולם גם מחלת הרומטיזם פקדתהו בשבתו ברחובות ועבר להורות בבית־הספר לבנים שבהנהלת ה׳ יוסף מיוחס בירושלים, והיה תושב השכונה „בית הכרם״, בה בנה לו בית לשבתו. אף עבודתו בבית־הספר הזה הצטיינה במסירות ובאהבה למקצוע ולתפקיד אשר בחר לו בחייו.

כאן, בבית הכרם, ניגש גם להעלות על הגליון את פרי מחשבותיו וחקירותיו בגיאו־גרפיה של ארץ ישראל.

אחרי עבודת יום קשה בלימודי בית הספר היה יושב בביתו עד שעה מאוחרת בלילה ומעיין בספרים, בעברית ובלועזית, חוקר ובודק, משער ומבסס, מעמיק ויורד אל נבכי קדמונים, עד שהעלה את חקירותיו, שהפליאו לא אחת את דעת הקהל.

„אדם כי ימות באוהל״... באוהל עבודת ההוראה והחקירה. חולשת הלב עשתה את שלה. הוא הלך וחלש מיום ליום, ובי״ח לחודש אב בשנת תרפ״ח נפטר אחי לעולמו.

מה לנו ולכבשונו של עולם? גם החיים גם המוות חידת עולם הם, אבל הנפש מיאנה הינחם. גדולה האבדה למשפחה, וגם לחינוך העברי ולחקירת מדע ארצנו.

# נחום זכאי ז״ל

נחום, דער זון פון אלעזר און רבקה זאַקי־מאָוויטש און ברודער פון משה, שאול און מאַשע גיטל, איז געבוירן געוואָרן אין גאָניאָנדז דעם 4־טן סעפטעמבער 1911. ביז זיבן יאָר האָט ער געלערנט אין חדר. פון זיבן און ווייטער האָט ער באַזוכט די גאָניאָנדזער העברעאישע „תרבות״־שול. צו 12 יאָר איז ער אַ מיטגליד פון „החלוץ הצעיר״. פון דעמאָלט־אָן איז ער טעטיק אין דער יוגנט־באַוועגונג. צו 16 יאָר גייט ער אַליין אויף „הכשרה״ און ער אַרבעט אין פאַרשידענע פונקטן, ווו ער גרייט זיך צו ווערן אַ חלוץ. שוין דעמאָלט ווייזט ער אַרויס שרייבערישע פעאיקייטן.

אין 1929 איז ער עולה קיין ארץ־ישראל און באַזעצט זיך אין קיבוץ „אילת השחר״ אין גליל; עס האָט אים געצויגן צום גליל נאָך זייענדיק אינדערהיים. דאָרטן טרעפט ער זיך מיט זיין חבר׳טע געניע און אַהין ברענגט ער אַריבער זיינע עלטערן און שוועסטער. אין 1935 ווערט געבוירן זיין ערשטער זון נמרוד.

אין דעם קיבוץ האָט ער געטאָן אַלע אַר־בעטן, פראַסטע פעלד־אַרבעט און אויך מיטן טראַקטאָר.



נחום זכאי

דורך אַלע יאָרן איז ער געווען פאַרבונדן מיט דער „הגנה״, און איז שטענדיק געווען גרייט צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, ספּעציעל אין צייטן פון אַראַבישע אומרוען. אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פאָדערט ער דורכ־אויס, אַז מען זאָל אים דערלויבן זיך אָנצושליסן אין דער „בריגאַדע״ (ווו זיינע צוויי ברידער

האָבן געדינט). אָבער דאָס האָט מען אים ניט דערלויבט, ווייל מען האָט אים געדאַרפט האָבן אין לאַנד.

אין 1943 פירט די בריטישע געהיים־פאָ־ליציי דורך אַ זוכונג ביי נחומ׳ען אין הויז און באַשליסט אים צו אַרעסטירן. אָבער זיינע חברים און די אַרטיקע פלמ״ח׳ניקעס באַהאַלטן אים אויס און שיקן אים אַוועק פון קיבוץ. איבער אַ יאָר צייט פאַרברענגט ער אין אַן אַנדער קיבוץ אונטער אַ פרעמדן נאָמען און אין שטענדיקער שרעק.

אין דער באַפרייאונג־מלחמה האָט ער גע־קעמפט אין גליל קעגן די סיריער (אינמיטן איילת השחר ליגט נאָך ביז היינט, אַלס אָנ־דענק, אַן אַרונטערגעשאָסענער סירישער אַע־ראָפּלאַן אויפן פּלאַץ ווו ער איז אַרונטער־געפאַלן). ער האָט זיך געהאַלטן מוטיק דורך די ערגסטע צייטן און אויך דערמוטיקט זיינע מיטקעמפער. קורץ נאָכדעם פאַרשרייבט ער זיך אין צה״ל (צבא הגנה לישראל — די אָפיציעלע אַרמיי פון מדינת ישראל). צו־ערשט איז ער אַ סערזשאַנט, דערנאָך אַ ליי־טענאַנט. אויף דעם געביט באַגעגנט ער זיך מיט יוגנטלעכע פון די מזרח־לענדער און העלפט זיי זיך צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן. נאָך דער מלחמה גיט ער זיך אָפּ מיט דערציען די יוגנטלעכע פונם קיבוץ.

אין יענער צייט נעמט ער אויף זיך די ליטעראַרישע אויפגאַבע פון שרייבן דעם קיבוץ־טאָגבוך. אין דער זעלבער צייט ווערט ער דער אָפיציעלער גליל קאָרעספּאָנדענט פון דעם „על המשמר״ (טעגלעכע צייטונג פון מפ״ם). דער קיבוץ האָט פאַר אים אויפגעשטעלט אַביידל ווייט אין פעלד, ווו ער האָט געטאָן זיין ליטעראַרישע אַרבעט אומגעשטערט.

אין נאָוועמבער 1951 גייט ער דורך דעם קורס צו ווערן אַ פולשטענדיקער לייטענאַנט אין דער אַרמיי. ער גראַדואירט מיט אויס־צייכנונג פאַר „אויסדויער״. ווען ער קומט צוריק אין קיבוץ ווערט ער דער מיליטערישער הויפּט פון דעם גאַנצן ראַיאָן.

אין 1952, יום העצמאות, איז ער געפאַלן אויף אַ טראַגישן אופן דורך אַ צופאַל אין די מאַנעוורעס פון זיין אָפּטיילונג.

**נחום זכאי (זקימוביץ) ז״ל**

# קרקע מולדת

**בָּרוּךְ תִּהְיֶה לִי, הַמֶּשֶׁק, לְעוֹלְמֵי־עַד!**

**חוּף־מִבְטַחִים הָיִיתָ לִי בְּבוֹאִי מֵאֶרֶץ־נוֹד. בְּקִרְבְּךָ סָפַגְתִּי לָרִאשׁוֹנָה אֶת רֵיחַ־הַשָּׂדֶה וְאֶת טַעַם־הַמּוֹלֶדֶת. בְּלֶכְתִּי בְּעִקְּבוֹת הַסּוּסִים מֵאַחֲרֵי הַמַּחֲרֵשָׁה רָן בִּי הַדָּם: אֲדָמָה. אֵם־אֲדָמָה! קַרְקַע מוּצֶקֶת מִתַּחַת לְרַגְלַי. יְסוֹד. הָרִים, הָרֵי־עַד סוֹבְבוּנִי. יוֹם־יוֹם חָצַבְתִּי מִכְמַנִּים בַּנּוֹף הַגְּלִילִי, הַנֶּאְדָּרִי בְּכֹחוֹ וּבְהוֹדוֹ – וָאֵשְׁתְּ בְּצָמָא וְלֹא רָוִיתִי צִמְאוֹנִי.**

**כָּךְ לָמַדְתִּי תְּפִלָּה חֲדָשָׁה, תְּפִלַּת־טַל־וּמָטָר. וְאֶת מְאֵרַת־בְּרֵאשִׁית „בְּזֵעַת אַפֶּיךָ תֹּאכַל לֶחֶם״– לִבְרָכָה הָפַכְתָּ לִי. מָה אָהַבְתִּי בְּלֵילוֹת־כְּנַעַן לְשׁוֹטֵט עִם רוּחַ, פְּרוּם־חָזֶה וּפְרוּעַ־שֵׂעָר, בֵּין שְׂדוֹת־קָמָה וַעֲצֵי־מַטָּע וּלְפַלֵּחַ בְּשִׁיר אֶת דְּמָמַת הַלַּיְלָה!**

(מתוך הספר „גווילי אש״, תולדותיהם ופרי־עטם של חללי מלחמת־השחרור).

נחום זכאי (זקימוביץ)

א

26.3.43

לחבר

— — — בחוץ יורד גשם ללא הפוגות. ארובות השמים נפתחו השנה ונדמה כאילו השמש נגנבה בחורף זה; והבוץ — אוי, הבוץ! — היה לחלק בלתי־נפרד מחיינו. ירד גם שלג, פתותי שלג רכים כנוצות, וכמה שמח הטף לקראת מתנת־הטבע. נוצצו העינים ופיזזו הרג־לים: „כמה זה מלטף, מדגדג, קר, חם, צורב״... ואף אני: רק אעצום לרקע קט את העינים ואראה אי־שם את שדמות השלג הצח, כתם ילדותנו הלבן המבהיק... ונמס השלג — ואתו כל הזיות־השווא. דם בשלג, דם יהדות אירופה השדודה והנרמסת לתרועת הקלגסים הזידונים, פריצי־החיות. ורחמי נדיבים לוחשי־תפילות

המצרפים סודי־סודות. נמס השלג והשאיר אחריו בוץ אפור...

חבר יקר! ספוג לתוך תוכך את כל המרי־רות, את כל הזעם של דם עוללים ויונקים, דם פאֵר היהדות שנשפך בצדי דרכים ללא אשם, לעיני השמש, לעיני חסידי־האומות... אגוֹר זעמך ואם כי לחסד ולרחמי־שמים תצפה. ועוד מצלצלים באזני דברי השליח האלמוני, שביקר אותנו בימים אלה ושרק לפני זמן קצר יצא מחומות הגיטו: „עם מוצא לטבח יזכור את המיליונים שנרמסו בעקב המגף של הרגלים הטמאות ואת האלפים והרבבות שלבושת נש־לחו״. עם נשחט כצאן באין כוח להתנגד — והויכוח עוד נמשך... כל יהדות אירופה נשמדת ואין מציל... ויחזקאל, אליהו, זאב, אסירי ציון — מספרים עגולים: 8, 6, 5, 18 שנות בנין ומרץ. פושעים שלנו!... לא בודדים אתם! כמוכם כולנו. זהו צו החיים — ללכת עד הסוף ללא רתע. עם הנידון באש, לא יישרף באש. לא גזירה ולא חוק יבש ומסוגנן — לא הם יעמדו בדרכנו. צדקתנו לא נבקש ממישהו. גורל אחד לכולנו. לבנו אתכם, חברים, ונמשיכה את דרכנו, דרך של חיל חלוץ במולדת. לא נירגע עד שנראכם שוב בתוכנו בבית. ידענו כי „כל העולם לי גרדום״. אל נשלה את עצמנו אף לרגע ובעקשנות וביתר מרץ נמשיך. שבע נפול ונקום. הם יודעים מי הם הפושעים והמועלים בתפקיד. „ציון, הלא תשאלי לשלום אסיריך!״

(„גוילי־אש״ — חלק ב׳)

ג ד ע ו ן ק.

# ח ג י ז כ א י ז ״ ל

חגי זכאי, בנו של נחום זכאי, נולד בי״ג שבט תרצ״ח באילת־השחר. מצעירותו ניכרו בו תכונות, שנהיו במשך השנים לעיקר אפיו: גוח לבריות, טוב־לב, חביב וחייכן. אפשר היה לפעמים לכעוס עליו, אך במגע ראשון עמו נתרכך הכעס ובאה הסליחה. כך הכרנוהו כל השנים בבית־הספר, בחברה ובעבודה.

עברו שנתיים מאז יצא עם בני־מחזורו לצבא. בכל חופשה, קצרה או ארוכה, החליף מדיו בבגדי־עבודה. מובנת מאליה היתה גישתו לעבודה. הוא שש לקראתה.

ביום ב׳, כ״ו תשרי תשי״ח נפל חגי בשעת מילוי תפקידו.

בלבנו נשארה תחושת האָבדן של נער חביב ויקר, זך כילד, אשר החיים בחלקם הגדול עדיין היו לפניו.

תהא נשמתו צרורה בצרור חיינו.



חגי זכאי

שרה ב. ואלימלך ש.

# משה ביאלי ז״ל

(נולד כ״ה בשבט תרפ״א, נפטר ח׳ בניסן תשט״ז)

משה נולד וגדל בגוֹניוֹנדז. כבר בשחר ילדותו ינק מבית הוריו הציונים ומעיירתו העניה והחלוצית את האהבה לציון. בבית הספר „תרבות" היה משה אחד הילדים הערים והבולטים; ובסיימו את חוק לימודיו נשלח לגימנסיה העברית בביאליסטוק, עיר המחוז.

בהתמדה ובמסירות שקד על הלימודים העב־ריים והכלליים, אך לא התמסר לשפה הפולנית וספרותה, כי כבר אז היה נער יהודי לאומי־ציוני.

הוריו הנבונים הבינו לרוחו והחליטו לשל־חו לבית־הספר החקלאי במקוה־ישראל. בתקופה ששערי הארץ היו סגורים בפני העליה קשה היה להשיג רשיון עליה למשה, ואחרי משא־ומתן מייגע ויתרו על מקוה־ישראל ומשה נסע לאנגליה במטרה להגיע לארץ משם. תוך חצי שנה למד משה את השפה האנגלית, התאקלם בארץ הזרה ונתקבל למכללה בלידס. גם פה האירה לו ההצלחה פנים. למד, עבד והשתכר לקיומו והיה הרוח החיה בתנועת „הבונים" בלידס ובסביבה. ארגן את הנוער, הכשיר את עצמו לעליה בחוות־הכשרה והתכונן לעלות ולהגשים. אך מדי פעם בפעם היתה התנועה דוחה את עלייתו, כי גם שם, בגולת אנגליה, היה קשה לוותר על בחור כמשה.

במלחמת־העולם השניה שכל משה את כל בני ביתו, ונשאר יחידי ממשפחה ענפה ובעלת מסורת עברית וציונית.

עם פרוץ מלחמת השחרור הגיע משה ישר לחזית לטרון ולדרך „בורמה". עם ההפוגה הראשונה בא משה להתראות עם המשפחה. חסון ומחייך התייצב בפתח ואמר: באתי לעז־רתכם לפני שלושה שבועות ועתה הנני סולל את דרך „בורמה".

העברית הצחה שלו, החינוך התנועתי הפכוהו מיד לוותיק וקשה היה להאמין שמשה הוא עולה חדש. ואמנם — חיש מהר הסתגל משה לארץ, עבר את כל שלבי מלחמת השחרור,



משה ביאלי

מלטרון דרך סדום ועד ג׳ליל. אך החלטתו היתה נחושה, לסיים את המלחמה, להשתחרר, להגיע לכפר בלום ולהוסיף נדבך לקיבוץ.

מהר מאוד, כדרכו, הסתגל לחיי הקיבוץ ומיד בלט בכשרונותיו ובמסירותו לאין קץ. תמיד מיהר, אף פעם לא היה לו זמן לעניניו הפרטיים. בקושי היה „קופץ" לביקור לבני המשפחה והידידים. כל תפקיד שהוטל עליו מילא במלוא הכרתו ויכולתו. לא פעם חשבנו: האם מותר להטיל על אדם אחד מעמסה כה כבדה? הביטחון העצמי שלו, הדאגה לזולת והמסירות, אפשרו לו למלא כל תפקיד בהצ־לחה בלתי רגילה. היה לו תמיד שקט נפשי ואת פני כל אחד מהפונים אליו קיבל בחיוך על השפתיים. טוב־לבו ותבונתו שכנעו כל מי שבא אתו במגע, ולכן השיג תמיד כל מה שהיה דרוש לו למילוי תפקידו הציבורי.

קשה להשלים עם הגורל המר והאכזרי שמשה הרענן, החסון והמחייך נקטף באופן כה פתאומי ואכזרי והוא רק בראשית דרכו.

אנחנו בני המשפחה שכלנו את הטוב שבינינו, כי גאוות כולנו היתה על משה.

זכרו לא ימוש מקרבנו לנצח.

יונה לווינשל־מאלי

# לזכרו של אחי ע״ה



אליעזר (לייזער) מאלי

על־יד תנועות־הנוער „החלוץ" וה„בונד", קמה בעיירתנו גם מפלגה קומוניסטית זעירה. היחסים החברותיים בין המפלגות השונות לא הושפעו משוני הדעות הפוליטיות ולחגיגות של „החלוץ" היו באים גם הקומוניסטים, וכן להפך.

זוכרת אני אחד במאי 1924. ראשון הנוא־מים — ליידל אלטשולד, עלם תמיר, שחרחר עם שער ארוך וחלק, יורה זיקי־אש בדברו: „ממחתות־העשירים ספוגות בושם יקר וריחות של משקאות משכרים יקרים, אך ממחתותינו אנו רוויות דם וזיעה!„ הרושם של דבריו עלי היה עצום. זמן רב אחר־כך הייתי אורבת לו אולי אראה בהוציאו מן הכיס ממחטה מוכתמת בדם ובזיעה...

זו שהחדירה את הקומוניזם בין תלמידי בית־הספר היתה — חשקה בת הרב. היתה זו דמות סוערת ומסעירה. בכל מקום שהופיע ראשה המתולתל ככבש, שלא נכנע למרותו של מסרק, שם הכול תסס ובער. נערה בעלת־קומה בינונית, שמנמונת במקצת, פנים עגולים שחלק גדול מהם כיסה כתם אדום כהה. כתם גדול זה, שהיה מכ־עיר בוודאי פני כל אדם אחר, הוסיף לווית־חן והרמוניה להו־פעתה. אולי מפקפק מישהו בדמה האדום והלוהט, הרי הכתם הזה הוא עד לכך...

נערה זו חוננה בהיגיון של גבר, משולב ברגשנות של אשה. בכוח השכנוע שבה וקס־מה האישי שבתה לבות נערים: יענקלה, אשר ולבסוף לייזר.

משהתבגרו הנערים פנו עו־רף לדעותיהם אלו ויחד עם כל חלומות הילדות והנוער שנשרו במשך שנים, נשכחו מהלב גם רעיונות אלה. מה שאין כן לייזר. תנועה זו היתה ציר חייו מילדותו ועד יומו האחרון, והיא גם הביאה למותו.

הוא היה נער שתקני ומסוגר, בעל קומה לא גבוהה וגב כפוף במקצת. שער ערמוני גלי, מצח גבוה בעל זויות חדות, שמתחתיו הציצו שתי עינים חומות וחולמות, שאיזה עצב תמידי נשקף מתוכן. באי־התאמה להבעת הרוך וטוב־הלב שבפניו, נראו שפתיו הדוקות ואיזו עקשנות בלטה בהן. ואמנם בעקשנות נלחם על האי־דיאל שלו.

ב־1927 עלה עם הוריו ארצה. אך כזרה נראתה לו המולדת הנבנית, לא קסם לו ריח שדותיה ולא היכה בה שרשים. ב־1931 גורש מהארץ על השתייכותו למפלגה הקומוניסטית וחזר לגוניונדז.

שוממים ודוממים השתרעו לפניו הרחובות המועטים של העיירה. בפעימות־לב חזקות קרב לרחוב ה„אַלטער מאַרק", הרחוב שבו גדל. הנה גם הבית שבו גר עם משפחתו, בית־עץ גדול, קודר ומיושן, סדוק כולו ואכול שיני־הזמן. כאן בילה את שנות ילדותו ונערותו המאושרות ביותר. כמה חמימות, עליצות, צחוק ושאון־ילדים בקעו פעם מבית זה, ומה קודר ועזוב מראהו עכשיו!

מפלט מהשעמום מצא אז לייזר בבית חזן. זה היה המקום שבו התרכז הנוער הקומוניסטי של העיירה. הרוח החיה בחבורה זו היתה רחלה חזן, הצעירה והחיננית מכולם, קטנטונת, בעלת פנים ורודים משובצים בשתי גומות־חן צחקניות, ומעוטרים בשתי צמות שחורות שגלשו עד למתניים. היא כבשה מיד את לבו.

כעבור זמן קצר נתפסו הרבה מהם והושמו במאסר. ביניהם היה גם לייזר.

מכל התקופה הסוערת של מלחמת־העולם הגדולה, חדרו רק הדים קלושים דרך קירות־האבן האטומים של בית־הסוהר, ופתאום ביום בהיר אחד ב־1939 נפתחו שערי־הברזל לפניהם — הצבא הרוסי כבש חלק זה של פולין. לייזר נפל כלתוך קלחת רותחת. כל המרץ שנבלם בתוכו במשך שנים, פרץ החוצה בשטף. הוא קפץ משטח עבודה אחד למשנהו, כפרפר המרפרף מפרח לפרח כדי למצוץ את צופם. אז התחתן עם רחלה ואשרם היה שלם, אך קצר מאוד. לא עברו שנתיים ויחד עם כל ששת מיליוני היהודים שהושמדו, נספה גם לייזר.

**משה באַכראַך**

# יוסף באבראווסקי ז״ל

יוסף באַבראָווסקי, אָדער יוסף מענדעלע׳ס, ווי מיר פלעגן אים רופן היימיש, האָט געהערט צום עלטערן דור פון „יונג גאָניאָנדז". דאָס איז געווען אַ דור פון „ראשונים", וואָס האָט אָנגעפאַנגען אַ נייעם קאַפּיטל געשיכטע אין גאָניאָנדז אין ערשטן יאָרצענדליק פון דעם יאָרהונדערט. אין אונדזער שטעטל האָט דעמאָלט געהערשט אידעאַליזם און אידעאָלאָגיעס... ציון אין געווען דער הויפּט־אידעאַל, און דאָס האָט מחייב געווען צו: העברעאיש, ציוניסטישע אגודות, ציוניסטישע שמחת־תורה מנינים (ווו מען פלעגט מנדר זיין פאַר דעם קרן־קיימת־לישראל), און צו עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ווי קליין די גרופּע איז ניט געווען און ווי באַשיידן דער אָנפאַנג, איז זייער אויפטו געווען פון וויכטיקער באַדייטונג פאַר דעם ציוניסטישן אויפשוווּנג אין גאָניאָנדז און פאַר דער גרינדונג, אין 1915, פון דער העברעאישער פאָלקסשולע מיט וועלכער איר גרינדער און מנהל, משה לעווין, האָט „איינגענומען" גאָניאָנדז.



יוסף באַבראָווסקי

אויך די ביבליאָטעק איז געשאַפן געוואָרן פון דערזעלבער גרופּע אידעאַליסטן. דאָס איז געווען אַ פאָלקס־ביבליאָטעק אין וועלכער עס האָט געהערשט אַ ציוניסטישע אַטמאָספער.

צווישן די יונגעלייט זיינען, ווי געוויינטלעך, געווען סיי טרוימער און סיי טוער — איז יוסף באַבראָווסקי געווען צווישן די טרוימער. ווי אַ געוועזענער ישיבה־בחור און דערצו אַ חסיד איז ער געווען דער פרומער צווישן דער גרופּע. ער האָט אפילו געדאַווענט מיט אַ גאַרטל און זיך פאַרלאָזט אַ בערדל.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט יוסף עמיגרירט קיין אַמעריקע. דאָ האָט ער געאַרבעט אין „שאַפּ״ ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענער פאַבריקל פון פרויען בגדים. ער איז אָבער פון דער פאַבריק ניט פאַרשלונגען געוואָרן. זיינע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און אינטערעסן זיינען פאַרבליבן — גאָניאָנדזער.

לויט דער גרויס פון זיינע באַשטייערונגען פאַר אַלע צוועקן און אינסטיטוציעס, אין וועלכע ער האָט געגלויבט — און ער איז פון דער נאַטור געווען אַ ליידענשאַפטלעכער מאמין — האָט מען געקענט מיינען, אַז ער איז געווען אַ גרויסער גביר, כאָטש ער איז געווען זייער ווייט פון דעם.

יוסף איז געווען איינער פון די זיילן פון דעם גאָניאָנדזער הילפס־קאָמיטעט נאָך חורבן גאָניאָנדז. ער איז אויך געווען אַ מאָנער, ווי שווער דאָס איז אים ניט אָנגעקומען פּיזיש. ווייל יוסף איז שוין געווען צו יענער צייט אַ חולה מסוכן — און ער האָט גלייכצייטיק געאַרבעט מיט מסירת נפש פאַרן „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל״. אויף זיין כאַראַקטעריסטישן אופן האָט ער איינמאָל זיך אָנגערופן צו מיר: „וואָס זאָל איך טאָן — לאָזן אַלץ אויף הפקר?״

יוסף׳ס האַרץ פלעגט אויסגיין פון בענקשאַפט כאָטש איינמאָל צו קענען זיך באַגעגענען מיט זיינע יוגנט־חברים וואָס לעבן אין ישראל. זיין ווונטש איז אָבער ניט מקוים געוואָרן. ער איז געשטאָרבן אין נאָרוואָלק, קאָנעטיקוט, דעם דריטן נאָוועמבער 1950.

**ד ו ד  ב אַ כ ר אַ ך**

# ניסן דער שניידער ז״ל

ווען איך וויל זיך אויסמאָלן אין מיין געדאַנק אַ צדיק, מאָלט ער זיך ביי מיר אויס אין דער געשטאַלט פון ניסן דעם שניידער. ער איז געווען אַ קורצער, האַרבאַטער, מיט אַ געלער באָרד. שטענדיק אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן טלית־קטן, וועלכער האָט זיך שטאַרק אָנגעזען ווען ער איז געשטאַנען און געאַרבעט מיטן נאָדל אָדער פּרעסאייזן. זיינע געדאַנקען זיינען געווען אַלעמאָל הייליק צו גאָט. זיין פרוי איז געווען אַ הויכע, דיקע און פּשוטע יידענע, ווי מערסטע פרויען אין שטעטל, ער אָבער איז געווען פיינפילנדיק און צאַרט. פון זיין מויל איז קיינמאָל ניט אַרויס קיין גראָב וואָרט, ווייל זיינע רעיונות זיינען געווען אַריינגעטאָן אין „עין יעקב״ אָדער אין אַן אַנדער הייליק ספר. פון זיין אַרבעט האָט ער קוים געצויגן חיונה.

איך דערמאָן זיך אַ שבת, ווען מיין פאָטער ז״ל און ר׳ ניסן זיינען געגאַנגען צוזאַמען פון שול; מיר האָבן געוווינט בשכנות. ר׳ ניסן האָט דערציילט אַז ער האָט געזען אין חלום דעם בית־המקדש און געהערט דאָס געזאַנג און שפּילן פון די לוויים. זיין שילדערונג פון די צערעמאָניעס און מוזיק פון בית המקדש, וועלכע ער האָט בייגעוווינט אין חלום האָט געדויערט לאַנג און מיר זיינען געשטאַנען אין גאַס אַ היפּשע צייט און אים אויסגעהערט ביזן סוף.

איך האָב ליב געהאַט זיך צוהערן צו זיין לערנען עין־יעקב. ער האָט געלערנט מיט אַ גרופּע אידן אין בית־מדרש ביי אַ טיש וואָס איז געווען נאָענט צום קאַכל־אויוון. דאָרטן האָט ער מסביר געווען מיט גרויס פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט די אינטערעסאַנטע מעשיות פון עין־יעקב. זיינע שטענדיקע „תלמידים״ זיינען געווען אברהמ׳קע דער גלעזער, זיין ברודער אַרקע, כאַצקל דער וואַסערפירער און נאָך עטלעכע אידן פון אָרעמערן שטאַנד.

יום כיפור נאָכן שיר־הייחוד איז ער קיינ־
מאָל ניט געגאַנגען אַהיים, נאָר געבליבן נעכ־
טיקן אין שול. ער פלעגט זיך צולייגן אויפן
שטרוי אונטער אַ באַנק אויף אַ שעה צוויי.
די איבעריקע שעה'ן פלעגט ער זאָגן תהילים.

אַזוי איז ער געבליבן אין מיין זיכרון —
אַ צדיק תמים אין זיינע באַציאונגען צו גאָט
און מענטשן.

א. בן־מאיר

# אברהם שוואַרץ ע"ה



אברהם שוואַרץ

אברהם שוואַרץ, אָדער ווי מיר אַלע האָבן
אים גערופן, „אברהמ'ל סענדערס", איז גע־
בוירן געוואָרן אין גאָניאָנדז אין 1895 אין אַ
פיינער משפחה. זיין פאָטער דער יונג־פאַר־
שטאָרבענער „סענדער דער שרייבער" האָט
געמאַכט אַ לעבן פון געבן לעקציעס („אוראָקן")
אין רוסיש, אידיש און העברעאיש. אברהמ'ל
האָט געלערנט אַ צייט אין ישיבות, האָט גוט
געקענט העברעאיש און העברעאישע ליטע־
ראַטור. צו 15 יאָר האָט ער שוין געשריבן
העברעאישע שירים אוך די גאָניאָנדזער העב־
רעאיסטן האָבן אים באַוואונדערט. ער האָט
שטאַרק ליב געהאַט מוזיק: איז געוועזן פון
די בעסטע משוררים ביים חזן ר' נחום און אַן
אויסגעצייכנטער מאַנדאָלין־שפּילער. אַ „טרוי־
מער" און אַ זוכנדיקער גייסט איז ער גאַנץ
יונג געקומען צום פועלי־ציוניסטישן געדאַנק
און צו דער אידישער ליטעראַטור. ער האָט
פאַרעפנטלעכט אַ צאָל לירישע לידער פון
סאָציאַלן כאַראַקטער, און געווען אַ מיטאַרבע־
טער פון דער „ביאַליסטאָקער שטימע". ער
האָט געהאַט אַ שווער לעבן אַלס העברעאישער
לערער, זייענדיק דער שפּייזער פון אַן אָרעמער
קראַנקער מוטער אַן אלמנה.

אברהמ'ל האָט פאַרן לעצטן קריג געלעבט
אין טרעסטינע. נאָכן פאַרנעמען טרעסטינע
דורך די נאַציס איז מיטוואָך דעם 24־טן יוני
1941 אויסגעבראָכן אין שטעטל אַ שטאַרקע
שיסעריי מחמת אַ פוילישן בלבול. די נאַציס
האָבן געוואָרפן צינדבאָמבעס אויף די הייזער,
וועלכע האָבן זיך בליץ־שנעל אָנגעצונדן און
אַ צאָל אידן זיינען אומגעקומען אינעם העלישן
פייער. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געברענט און
אין פּאַניק זיינען די אידן געלאָפן צו דער
לאָנקע.

ווי עס גיט איבער ציפורה בראַווערמאַן
(אין „גאָניאָנדזער־טרעסטינער יובל־זשורנאַל")
איז צווישן די ערשטע קרבנות אויף דער
לאָנקע געפאַלן אברהמ'ל סענדערס. „ער האָט
געקראָגן אַ קויל אין בויך און נאָך אַ נאַכט
פון יסורים איז ער אויסגעגאַנגען" (גענוי ווי
זיין העלדישער חבר יעקב טאָקער אין תל־חי).

דעם אָנדענק פון טראַגיש אומגעקומענעם
טאַלאַנטפולן טרוימער פאַראייביקן מיר דורך
איינעם פון זיינע בעסטע לידער אין אונדזער
בוך.

דוד באַכראַך

# יאַנקל דער רופא

באמת איז ער געווען ניט מער ווי אַ פעלדשער, אָבער ווי אַלע פעלדשערס אין די אידישע שטעטלעך האָט ער געטראָגן דעם בכבודיקן נאָמען „רופא״. אין אַמאָליקן רוסלאַנד האָבן פעלדשערס פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט. רוסלאַנד האָט ניט געקענט, פאַרזאָרגן איר ריזיקע לאַנד מיט דאָקטוירים, איז זי יוצא־געווען מיט פעלדשערס.

די אויפגאַבע פון אַ פעלדשער איז געווען צו היילן ווונדן און אויך לייכט־קראַנקע. מער ווי דאָס האָבן זיי ניט געלערנט און ס'איז זיי ניט געווען דערלויבט צו טאָן. אָבער עס זיינען געווען צווישן זיי פעאיקע מענטשן וואָס נאָך פיל יאָר פראַקטיק און דערפאַרונג האָבן זיי געוווּנען דעם צוטרוי פון דער באַפעלקערונג און מ'האָט זיך פון זיי געלאָזט באַהאַנדלען אויך אין ערנסטע פאַלן. אַזאַ פעלדשער איז אויך געווען יאַנקל דער רופא.

איך געדענק אים פון מיין פריסטער קינדהייט אַלס זקן. גאָניאָנדזער אידן פלעגן ווינציק גיין צום פוילישן דאָקטאָר קנאַפינסקי, הגם ער איז געווען זייער אַ גוטער דאָקטאָר. ערשטנס דאַרף מען צו אים רעדן פויליש און מען דאַרף שטיין פאַר אים מיט דרך־ארץ, און צווייטנס האָט אַ וויזיט געקאָסט צוואַנציק קאָפּיקעס. אויך האָט מען זיינע רפואות געמוזט קויפן ביים פאַליאַק לינטשעווסקי אין אַפטייק, וואָס האָט ווידער געקאָסט פיל געלט. אַ קעגן־זשע ביי יאַנקל דעם רופא האָט מען עס געמאַכט אַ סך ביליקער. דערצו האָט ער די רפואות אַליין צוזאַמענגעשטעלט. מיט איין וואָרט: אי איינגעשפּאָרט געלט, אי אויסגעמיטן די גויים.

געוויינלעכע רפואות ווי צינקמאַשטש, צוקמאַשטש, א. אַ. וו. פלעגט גאַנץ שטאָט קויפן ביי אים. מיר פלעגן אפילו זעען ווי ער שטעלט עס צונויף. צו בויך־ווייטאָק האָט ער די ערשטע זאַך געגעבן ריצנאייל און דערצו פלעגט ער מאַכן אַ קליסטיר, אויפן פשוטן לשון — אַ קאַנע. כאָטש מען האָט דעם „רופא״ זייער געשעצט, זיינען דאָך געווען שטיפערס וואָס פלעגן זיך רייצן מיט אים און אים פאַרוואַרפן זיין דאָזיקע ניט־ריינע מלאכה. אַזוי פלעגט אַ ווילדער יינגל, טרעפנדיק אים אין אַ פינסטערער נאַכט, אויסשרייען פונוויטן: „ר׳ יעקב, מאַכט מיר אַ קאַנע!״ דאָס האָט אָנגערירט זיין פרעסטיזש, פלעגט ער דעם יינגל נאָכלויפן מיט אַלע כוחות, אָבער קיינמאָל ניט געקענט כאַפּן.

נאָך אַזאַ אינצידענט איז ער איינמאָל אַריינגעקומען צו גדאַלקען אין שולע, ווו איך האָב געלערנט, און געפרעגט ווער איז דאָ שמעון אַבראַמסקי (דאָס איז געווען אַ יינגל פון גראַיעווע, וועלכער האָט געלערנט ביי גדאַלקען). ווען מען האָט אים אָנגעוויזן אויפן יינגל האָט ער געוואָלט אים מכבד זיין מיטן שטעקן. דער יינגל האָט געשוואָרן אַז ער ווייס ניט פון קיין זאַך און איז אָפּגעקומען מיט שרעק.

ווען דער „רופא״ האָט געהייסן ברענגען צו אַ קראַנקן דעם דאָקטאָר קנאַפינסקין האָט מען שוין געוווּסט אַז עס איז גאַנץ ערנסט. בעת דעם באַזוך פון דאָקטאָר פלעגט דער רופא בייזיין, און קנאַפינסקי פלעגט אָפּנעמען ביי אים אַ גענויען באַריכט. ס'איז געווען קלאָר אַז דער דאָקטאָר רעכנט זיך מיט זיין מיינונג.

יאַנקל דער רופא האָט געהאַט פרנסה בשפע. זונטיק, ווען די גויים זיינען געגאַנגען אין טיפלע, און מאָנטיק, אין מאַרק־טאָג, פלעגן פיל פון זיי אָפּטרעטן צום „פאַן יאַנקעל״. און ס'איז ביי אים געווען אַ גאַנצער יריד.

אין דעם ווינטער פאַר דער גרויסער שרפה, פסח 1906, האָט ער חתונה־געמאַכט זיין יינגסטע טאָכטער פאַר אַ רייכן בחור פון קרינעק. האָט ער ניט געבראַכט די קאַפּעליע פון שטשוטשין, ווי געוויינלעך, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פידל, אַ פייפיאַל און אַ פויק, נאָר זיך געלאָזט קאָסטן און אַראָפּגעבראַכט דעם מיליטערישן אָרקעסטער פון דער פעסטונג אָסאָוויעץ. אין שטעטל איז שוין געווען אמת'דיק פריילעך. גאַנץ שטעטל איז געשטאַנען אויפן אַלטן מאַרק און

מ׳האָט זיך צוגעהערט און צוגעקוקט צו דער מוזיק און טענץ. אַזאַ אַטראַקציע האָט נאָך גאַניאָנדז ניט געהאַט.

נאָך דער שרפה האָט ער גלייך אָפּגעבויט אַ שיינע הילצערנע הויז, נעבן שלמה־יאָסל דעם פישער, און אפילו ניט אָנגעקומען צו קיין הלוואה.

אין די דריי ביטערע יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט גאַניאָנדז קיין דאָקטאָר ניט געהאַט. זייער זעלטן האָט מען אַראָפּגעבראַכט דעם דייטשישן מיליטערישן דאָקטאָר פון פעסטונג. אַזוי־אַרום איז יאַנקל געווען דער איינציקער רופא־חולים. פיל מענטשן זיינען אויסגעגאַנגען פון שוואַכקייט, ווייל מען האָט פשוט ניט דערעסן, אָבער דערצו האָבן יאַנקלס רפואות ניט געקענט העלפן.

דעם ווינטער 1918/19 איז ר׳ יעקב געווען זייער באַשעפטיקט. ער האָט קורירט די ערשטע טיפוס קראַנקע ווי חייקל יעווריסקי און איך, און מיר זיינען ב״ה אַדורך בשלום. שפּעטער אַז די עפּידעמיע האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט און עס זיינען געווען פיל ערנסט־קראַנקע, פלעגט מען זיך צונויפלייגן און אַראָפּברענגען אַ דאָקטאָר פון קנישינער הויף, אָבער אויך ער האָט ווייניק־וואָס אויפגעטאָן...

אין 1923 האָט די פּוילישע רעגירונג געשענקט דעם רופא אַ מעדאַל פאַר זיינע גוטע מעשים פון אַמאָליקע יאָרן: אין 1863 איז, ווי באַקאַנט, אויסגעבראָכן דער צווייטער פּוילישער מיאַטעזש (בונט), די רוסישע רעגירונג האָט געוואָרנט מיט טויט־שטראָף יעדערן וואָס וועט זיך דערוועגן געבן די צעבונטעוועטע פּאָליאַקן די מינדסטע הילף. יאַנקל דער רופא, דעמאָלט געוווינט אין סאָפּאָצקין ביי גראָדנאָ, האָט די מיאַטעזשניקעס יאָ געגעבן מעדיצינישע הילף. ערשט אין 65 יאָר אַרום, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק האָט זי עס געדענקט און אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען. אַ פאַקט איז: ווען מען האָט זיך געטראָפן מיט אַ לאַנדסמאַן אין דער גרויסער וועלט איז די ערשטע פראַגע געווען וועגן שולבאַרג און די צווייטע: וואָס מאַכט עפּעס יאַנקל דער רופא?

ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין כבוד און אין רחבות. געווען טעטיק ביז זיינע לעצטע טעג און איז נפטר געוואָרן אין 1926, אין עלטער פון עטלעכע און ניינציק יאָר.

דוד פארמאן

# מאקס שווארץ ז״ל

(1955 — 1884)

איך פיל עס ווי אַ חוב צו פאַראייביקן אין אונדזער בוך דעם אָנדענק פון אונדזערן אַ לאַנדסמאַן וואָס האָט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. מאַקס (מענדל) שוואַרץ איז באמת געווען פון די בני עניים וואָס אַ דאַנק זיינע פעאיקייטן און שטאַרקן ווילן איז ער אויסגעוואַקסן אַ הויך־געבילדעטער מענטש דורכמאַכנדיק אַ שווערן לעבנס־וועג.

זיין מוטער איז געווען כאַשקע די פישערקע. זיין פאָטער האָט ער פאַרלאָרן ווען ער איז אַלט געווען דריי יאָר. ער האָט געלערנט אין חדרים און אין אַ ישיבה, געוואַנדערט אין פאַרשיידענע לענדער אין אייראָפּע — שוועדן, דענעמאַרק און ענגלאַנד — און איז געקומען קיין ניו־יאָרק אין עלטער פון 19 יאָר. זיין אידעאַל איז געווען שטודירן. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ, געלערנט שפּראַכן און אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אין ניו־יאָרק האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג — און געווען זייער אַקטיוו ווי אַ רעדנער און שרייבער. זיינע אַרטיקלען איבער פאַרשיידענע טעמעס זיינען דערשינען אין דער „פרייער

אַרבעטער שטימע״. ער האָט איבערזעצט די ווערק פון דייטשישן געלערנטן לודוויג ביכנער, און זיך אויך באַטייליקט ווי אַ קאָרעספּאָנדענט אין דער בריוו־אָפּטיילונג פון ניו־יאָרקער „טיימס״.

באַזיצנדיק אַ גוטע אידישע און וועלטלעכע בילדונג און אַ פיינעם כאַראַקטער איז ער געווען ביי אַלעמען באַליבט און רעספּעקטירט. נאָכן פּאַרלוסט פון זיין געטרייער לעבנס־באַגלייטערין, וואָס האָט אים זייער שווער דע־פּרימירט, האָבן זיינע יוגנט־חברים אים איינ־געלאַדן ער זאָל קומען צו זיי קיין דעטראָיט.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָרגאַניזירט ער אין דעטראָיט דעם גאָניאָנדזער הילפס־קאָ־מיטעט אונטערן נאָמען „גאָניאָנדזער פרענדס״. אין דער שטאָט געפינען זיך בערך 20 גאָנ־יאָנדזער פאַמיליעס, אָבער אונטער זיין איינ־פלוס ווייזן זיי אַרויס אַ גרויסע אַקטיוויטעט אין שאַפן גרעסערע סומעס לטובת די גאָנ־יאָנדזער. ער האָט אויך געהאַט אַ גרויסן איינ־פלוס אויף די גאָניאָנדזער לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ. ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק דעם 18־טן נאָוועמבער 1955.

כבוד זיין אָנדענק.

ד. ב.

# ד״ר יוסף באזאנאוויטש ז״ל

דער באַוווּסטער דאָקטאָר יוסף כאַזאַנאָוויטש פון ביאַליסטאָק איז אַ געבאָרענער אין גאָניאָנדז און שטאַמט פון פייוול גראַדזינאָקס פאַמיליע. ווי־אַזוי אַ יונגערמאַן פון אַ ניט־פאַרמעגלעכער פאַמיליע האָט זיך געקענט דערשלאָגן צו אַן אוניווערסיטעט וואָס איז געווען אין יענער צייט, מיט אַריבער ניינציק יאָר צוריק, פאַר־בונדן מיט גרויסע געלט־קאָסטן און פיל שווע־ריקייטן, ווייס איך ניט; אפשר קענען די זאַך אויפקלערן זיינע קרובים, וועלכע לעבן איצט אין ניו־יאָרק.

כאַזאַנאָוויטש איז געווען אַ באַוווּסטער דאָק־טאָר און געשמ׳ט אין דער גאַנצער אומגעגנט. ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ גאַנץ גו־טער דאָקטאָר אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען קנאַפּינ־סקי, אָבער ווען אימיצער איז געווען ערנסט קראַנק און מען איז געווען פאַרמעגלעך פלעגט מען אַראָפּברענגען אַ גרויסן דאָקטאָר פון ביאַ־ליסטאָק, און געוויינלעך איז עס געווען כאַזאַ־נאָוויטש. ווען משה קראַמקאָווקער איז געווען אַ חולה מסוכן, און איז טאַקע פון דער קראַנק־הייט געשטאָרבן, האָט מען געבראַכט כאַזאַנאָ־וויטשן. דעמאָלט האָב איך אים געזען צום ערשטן מאָל.

כאַזאַנאָוויטש איז געווען זייער אַ נערוועזער מענטש און מען דערציילט פון אים פיל קוריאָזן. אַ פּאַציענט האָט ניט געטאָרט אים עפּעס איבער־פרעגן, ווייל ס׳איז געווען רעכט ער זאָל אים ווייזן די טיר... זיין קאַבינעט איז געווען אויפן צווייטן שטאָק איבער ווילבושעוויטשעס אַפּ־טייק אויפן מאַרק־פּלאַץ, נעבן שטאָט־זייגער.

ביים דערלאַנגען דעם פּאַציענט זיין אָנגע־געשריבענעם רעצעפּט, פלעגט ער זיך אָפּט באַנוצן מיט אַ קורצן, לאַקאָנישן נוסח: „ביי ווילבושעוויטשן אין בעט״. דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז דער פּאַציענט זאָל קויפן דעם רעצעפּט ביי ווילבושעוויטשן אין אַפּטייק דווקא (צו אַ סתם־אַפּטייקער האָט ער ניט געהאַט קיין צוטרוי), און ליגן אַ געוויסע צייט אין בעט... בכלל, פלעגט ער ריידן זייער גיך, מיט קורצע אָפּגעהאַקטע פראַזעס, און מ׳האָט זיך באַדאַרפט פאַרשטיין אויפן דאָזיקן לשון, ווייל איבערפרעגן, ווי געזאָגט, האָט מען ניט גע־טאָרט. ביי זיין גאַנצער באַרימטקייט איז ער פאַרבליבן אַ טיפּישער פאָלקס־מענטש סיי אין זיין האַלטונג, סיי אין זיינע באַציאונגען מיט מענטשן. ער האָט ליב געהאַט פּשוטע מענטשן, אָרימע האַרפּאַשניקעס, זיי געהיילט אומזיסט און אָפטמאָל אויף נאָך צוגעלייגט אַ רעצעפּט אויף זיין חשבון. אָקעגן־זשע האָט ער ניט גע־

ליטן קיין גבירים. ער האָט געהאַלטן אַז זייערע שלאַפקייטן און מיחושים נעמען זיך פון וווילטאָג און לוקסוס, „רק מען פרעסט און מען זויפט!"... קיין חידוש ניט אַז ער איז געווען זייער פאָפולאַר און אָנגענומען ביי די ברייטע פאָלקס־שיכטן, און ס'האָבן זיך צו אים געצויגן קראַנקע פון ווייט און נאָנט.

כ. איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט, אַ פאַרברענטער הערצליאַנער, און איז געפאָרן צו די ערשטע קאָנגרעסן אין באַזעל. ער איז געוואָרן זייער באַגייסטערט פון ציוניסטישן געדאַנק און גלייך אָנגעהייבן קלייבן ביכער ווי אויך אַלטע אידישע אַנטיקן פאַר די צוקונפטיקע אוניווערסיטעט און מוזייאום אין ירושלים. עס האָט זיך געפאָדערט אַ שטאַרקער גלויבן אַז דערדאָזיקער חלום, פונקט ווי דער געדאַנק פון אַ אידישער מדינה, וועט אַמאָל פאַרווירקלעכט ווערן. מען האָט געדאַרפט טאַקע זיין דערצו אַ גרויסער עקזאַלטירטער טרוימער, און ער איז עס טאַקע געווען.

איך ווייס ניט צי כאַזאַנאָוויטש האָט געהאַט אַ פאַמיליע, נאָר ס'איז באַקאַנט אַז זיין גאַנצע הכנסה האָט ער פאַרוועגדעט אויף איינשאַפן ווערטפולע ספרים. ציוניסטן פון גאַנצן געגנט זיינען געווען זיינע „אַגענטן" און פלעגן אים צושיקן פיל ביכער. ער האָט די ביכער געפאַקט אין קאַסטנס און אָפגעשיקט אין ירושלים. דער עסק האָט אים אָפגעקאָסט ריזיקע סומעס געלט, אָבער ער האָט עס אָנגעהאַלטן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער פאַרקער מיט ארץ־ישראל האָט זיך אָפגעשטעלט. שפעטער אַז זיין חלום איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט און מען האָט אין 1925 אויפגעבויט די העברעאישע אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים, האָבן זיינע ביכער געדינט אַלס באַזיס פאַר דער גרויסער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק.

ביי אונדז אין בית־מדרש זיינען מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן געוואָרן די אַלטע רמב"מ'ס מיט גרין־געלע בלעטער פון אַלטקייט, געבונדן אין הילצערנע טאָוולען. נאָך פיל נאָכפאָרשן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יוסף האַלפערן האָט זיי אין איין פרימאָרגן אַרויסגענומען און איבערגעשיקט צו כאַזאַנאָוויטשן. געוויס מיט דער הסכמה פון זיין פאָטער אפרים ז"ל, אַ הייסער ציוניסט, ווי אויך פון אַנדערע גאָניאָנדזער ציוניסטן. גאַנץ מעגלעך אַז דאָס זיינען די איינציקע פאַרבליבענע ספרים פון גאָניאָנדזער בית־מדרש...

מ'האָט אויך דערציילט, אַז זייענדיק אַמאָל אין גאָניאָנדז האָט ד"ר כ. פאָרגעלייגט די גבאים פון שול זיי זאָלן אים פאַרקויפן פאַר ארץ־ישראל געוויסע אַנטיקע כלים פון דער שול. די גבאים האָבן אָבער ניט געקענט ביי זיך פועל'ן זיך צושיידן פון אַזעלכע באַליבטע אַנטיקן און אים אָפגעזאָגט. דידאָזיקע כלים זיינען געוויס אַוועק מיטן פייער צוזאַמען מיט דער שול, וועלכע די נאַציס — שם רשעים ירקב — האָבן פאַרברענט.

צום אָנדענק פון זיין נאָמען האָט די ביבליאָטעק אויפן הר־הצופים געהייסן „בית־יוסף", על שם יוסף חזנוביץ.

ענדע זומער 1915 ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן פון אונדזער געגנט איז ער, שוין אַן אַלטער מאַן, אַנטלאָפן אין רוסלאַנד און אין דעם בירגער־קריג, נאָך דער וועלט־מלחמה, איז ער איינזאַם און עלנט אויסגעגאַנגען פון הונגער און נויט אין אַ מושב־זקנים אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

כבוד זיין אָנדענק!

# מ. ש. בן־מאיר ז״ל

דער פלוצימדיקער טויט פון העברעאיש־אידישן דיכטער און עסעאיסט מ. ש. בן־מאיר (טרעשטשאַנסקי) האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער אין דער אידישער קולטור־וועלט. בן־מאיר איז געשטאָרבן שבת־צונאַכטס, ח׳ שבט תשי״ט (17.1.1959), אין עלטער פון 61 יאָר.

די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון דער העברעאיש־אידישער שרייבער־משפחה, קולטור־טוערס און מחנכים זיינען געקומען צו דער לויה נעכטן, פון וועסט־ענד טשאַפּל, 91 גאַס און אַמסטערדאַם עוועניו.

הרב ש. ק. מירסקי וועלכער האָט מספּיד געווען אין נאָמען פון דער הסתדרות עברית האָט געשילדערט די ליטעראַרישע און דער־ציערישע טעטיקייט פונעם נפטר. אין זיין רירנדיקן הספּד האָט ער פאָרגעלייענט איינינקע לידער פון זיין נאָר־וואָס דערשינענעם בוך „צליל וצל״ — דאָס בוך איז אַרויס דורך דעם „עוגן״ פאַרלאַג ביי דער הסתדרות עברית צו־זאַמען מיט דעם מ. ניומאַן פאַרלאַג אין תל־אביב.

אין נאָמען פון דעם העברעאישן פּען־קלוב האָט גערעדט דער דיכטער הלל בבלי, וועל־כער האָט געגעבן אַ קורצע אָפּשאַצונג פונם נפטר אַלס דיכטער און מענטש, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט שטילערהייט און באַשיידן אין זיינע לירישע לויטערע לידער.

אין נאָמען פון דעם לערער פּערסאָנאַל פונעם בית־מדרש־למורים פון ר׳ יצחק אלחנן ישיבה, פון וועלכן דער נפטר איז געווען אַ מיטגליד, האָט מספּיד געווען אין אידיש הרב שמעון ראָם.



אין נאָמען פון סניף אוסישקין, דער העברעאישער צווייג פונעם אידישן נאַציאָנאַלן אַר־בעטער פאַרבאַנד, האָט גערעדט דער פּעדאַגאָג יוסף אייזנבערג. אין נאָמען פון דעם נפטרס לאַנדסלייט, דאָס שטעטל גאָניאָנדז, האָט גע־רעדט דער כלל־טוער קלמן באַכראַך. אָנגעפירט מיט דער לויה צערעמאָניע האָט דער באַקאַנ־טער עסקן און מחנך שמעון פּאָלאַק. אַ קאַפּיטל תהלים האָט געזאָגט הרב בערגהאָלץ און דעם „אל מלא רחמים״ האָט געמאַכט אבנר גראָף, אַ תלמיד פון דעם נפטר.

דער פאַרשטאָרבענער האָט איבערגעלאָזט אַ טאָכטער פרידאַ און אַ זון נחום, און אַ שוועסטער חוה.

(„דער טאָג מאָרגן זשורנאַל״, ניו־יאָרק, 20.1.1959)

דוד באכראך

## אידל טרעשטשאַנסקי (מ. ש. בן־מאיר) ז״ל

זייער שווער צו שרייבן וועגן אידלען ווי וועגן איינעם וואָס איז שוין ניטאָ. אָט זיינען מיר געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט אים, ער האָט רעדאַקטירט אַ טייל פון אונדזער בוך, מיר האָבן געהאַט טענות צו אים, ער האָט געענטפערט, ווידער געשריבן צו אים און מיט אַמאָל אויס מיט אים, געשטאָרבן און געענדיקט. שווער זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אָבער ווי זאָגן חז״ל: „חברך מית אשר״. „יעדער טויט האָט זיין אויסרייד״, און עס דוכט זיך

ווען זיין פרוי וואָלט געלעבט און ער וואָלט געהאַט זיין געהעריקע אויפפּאַסונג וואָלט עס ניט פּאַסירט.

איך געדענק אידלען (אידל איז אַ ליבלינגס נאָמען אַזוי ווי זיידקע, אַלטער; זיין אמתער נאָמען איז משה שלמה) פון ווען איך גע־געדענק זיך אַליין. אונדזערע משפחות האָבן געוווינט אין שכנות, אַ טיר נעבן אַ טיר, האָבן מיר זיך זייער איינגעלעבט און געוואָרן נאָענט איינע צו די אַנדערע אַזוי ווי פאַמיליע קרובים. זיין שוועסטער חוה (לעבט אין אַנטווערפּן) און ער האָבן געפונען חברים ביי אונדז אין שטוב, האָבן מיר זיך קינדווייז געשפּילט צוזאַמען און אַזוי אויסגעוואַקסן.

ביי גדאַלקען אין דער העברעאישער שולע האָבן מיר צוזאַמען ניט געלערנט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען זעקס יאָר, ער — פיר און אפשר גאַנצע דריי. ביי לייבל וויינשטיין, דעם סוכאָוואָליער לערער, וועלכער האָט איבערגענומען די שולע ווען גדאַלקע איז געגאַנגען דינען דעם רוסישן קייסער, געדענק איך אים אויך ניט, און שפּעטער אין די חדרים האָבן מיר אויך צוזאַמען ניט געלערנט. ווען ער האָט געלערנט ביי שלמה וועלוולען האָב איך געלערנט ביי מאָטיע דעם מלמד און ווען ער איז אָנגעקומען צו מאָטיען בין איך אַריבער לערנען צו מיין פעטער שלמה משה שמעונ׳ס. אָבער וויל מיר האָבן זיך געהאַלטן זייער נאָענט פלעג איך זיך אַריינכאַפּן יעדן פריי־מאָרגן צו זיי אין הויז און גיין צוזאַמען אין חדר. איז אָפט, זייער אָפט, פלעגט ער זיין ניט ביים בעסטן געזונט, אַרומגעוויקלט די האַלדז מיט אַ פאַטשיילקע און אויסגעקוקט בלאַס. „היינט גיי איך ניט אין חדר" — פלעגט ער זאָגן, און די באָבע, זיין מאַמעס מאַמע, פלעגט צולייגן: „קיין רב וועט ער סיי ווי ניט זיין". האָב איך געטראַכט: ער פאַרפעלט אַזוי פיל לערנען וואָס וועט זיין מיט אים. אָבער ער האָט גאָרניט פאַרלאָרן, ער איז געווען זייער אַ פעאיקער יינגל מיט אַ גוטן קאָפּ און האָט אַלץ אָנגעיאָגט.

ער איז געווען דער מוזשינעק אין דער פאַמיליע, האָט מען אים זייער געפּיעשטשעט. דערצו איז ער געווען שוואַך און איידל און מען האָט אים אַלץ נאָכגעגעבן, איז ער טאַקע אויסגעוואַקסן אַ גרויסער מפונק, אַ שטריך וואָס איז ביי אים געבליבן דעם גאַנצן לעבן. בטבע איז ער געווען אַ פחדן, האָט זיך געשראָקן פאַר אַ הונט ווען ער האָט אים געזען פאַר אַ מייל, אַ וואָרעם איז ביי אים געווען אַ שלאַנג און ער האָט פאַר אים געציטערט. די יינגלעך פילנדיק זיין פיזישע שוואַכקייט פלעגן זיך טשעפּן צו אים, בין איך געווען זיין שטענדי־קער באַשיצער. ער האָט זיך געטוליעט צו מיר און מיר זיינען געבליבן נאָענט די גאַנצע יאָרן.

זיין רייכן גייסטיקן לעבן האָט ער צו פאַר־דאַנקען זיינע עלטערן. ווען איך פלעג אים באַזוכן אין די אָוונטן נאָכן חדר, ווען ער האָט זיך געפילט ניט גוט און געזעסן אין דער היים, פלעג איך אים טרעפן שטענדיק שפּילנ־דיק שאַכמאַט מיט זיין מאַמען. אידל איז אויס־געוואַקסן אַ גוטער שאַך־שפּילער און טאַקע געשטאָרבן אין מיטן שאַך־שפּיל. ווו האָט איר געזען אַ פרוי זאָל שפּילן שאַך, און נאָך אין גאָניאָנדז מיט פופציק יאָר צוריק? אָבער חיהביילע איז געווען זייער אַן אינטעליגענטע פרוי, האָט באַזעסן די דייטשע שפּראַך און פיל געלעזן אין איר יוגנט. זי האָט אויך געהאַט אַ ידיעה אין אונדזערע אַלטע רעליגעזע ספרים און אין איר טעגלעך געשפּרעך, און ווער רעדט נאָך אין אירן אַ בריוו, האָט זי זיך באַנוצט מיט אויסדריקן פון מדרש, מנורת המאור און נאָך ספרים. ווו האָט זי עס גע־נומען? אַלע אונדזערע מאַמעס האָבן יעדן שבת געלייענט דעם „צאינה וראינה", אָבער ביי איר זיינען די ווערטער פון טייטש־חומש אַריין טיף אין מוח און זי האָט זיי געדענקט אויף צו באַנוצן זיך מיט זיי. פון איר האָט ער פיל גע־ירשנ׳ט. אין זיין ליד „מיין מאַמע" האָט ער איר פאַראייביקט. איך מיין אַז דער ליד איז איינע פון זיינע שטאַרקסטע שאַפונגען. אונדזער משפחה אין תל־אביב פלעגט דער־האַלטן בריוו פון איר פון אַנטווערפּן, ווו זי האָט די לעצטע יאָרן געוווינט מיט אירע אַלע פיר קינדער. איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער בעת די צווייטע וועלט־מלחמה. זיין פאָטער איז געשטאָרבן נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן אין יאַשינאָווקע.

פון זיין פאָטער מאיר דעם זייגערמייסטער, האָט אידל אויך פיל געירשנט. פון זיין אַרבעט, זייגערמייסטעריי, האָט מאיר געמאַכט אַן אָרימען לעבן ביז די עלטערע צוויי זין לייזער זליג און קלמן זיינען אונטערגעוואַקסן און האָבן צוגעשטיצט. אַ דאַנק זיין חבר יאַנקל רודסקי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער פּאָדריאַדטשיק אין פעסטונג אָסאָוויעץ און געהאַט פיל קאַנטשאַפט מיט אָפיצירן, האָט מאיר דאָרט געקריגן באַשעפטיקונג. יעדן דינסטיק אינדערפרי פלעגט ער אַהין פאָרן אָנציען און רעגולירן די זייגערס אין די רעגירונגס געביידעס, דערפאַר האָט ער געקריגן אַ חודש־לעכן געהאַלט, דערביי פלעגט נאָך אַריינפאַלן אַביסל אַרבעט אויך. אָבער פרנסה איז געווען ביי אים אַ נעבנזאַך; דער עיקר איז געווען דער גייסטיקער לעבן. יעדן אָוונט און שבת איז ער געזעסן איבער דער גמרא און געשמאַק געלערנט. פון השכלה־ביכלעך האָבן די אידן ניט געהאַלטן; תורה לערנען איז געווען די קווינט־עסענץ פונעם לעבן, און אידל זייענדיק זייער צאַרט און איינדרוקספול האָט פון אים פיל איבערגענומען.

מען איז עלטער געוואָרן און אַרויס פון חדר, האָט מען ביי אונדז אין שטוב גענומען רעדן וועגן אַ תכלית פאַר מיר. וואָס הייסט עפּעס אַרומגיין פוסט־און־פּאַס? האָט מען זיך דעררעדט מיר אַוועקצושיקן לערנען אין אַ ישיבה. דאָס איז געווען דער אמתער תכלית. אידל, מחמת זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד, האָט אפילו ניט געקענט טראַכטן דערפון. די ערשטע צוויי יאָר פון די ישיבות קטנות פלעג איך קומען אַהיים אויף ימים טובים; די לעצטע דריי יאָר פון ראַדינער ישיבה — זעלטענער, און אידל איז שטענדיק געווען מיין ערשטער באַזוכער. ער האָט געהאַט פיל צו דערציילן פון די ביכער וואָס ער האָט געלייענט. ער האָט זייער פיל געלעזן און געווען באַהאַוונט אין דער העברעאישער און אידישער ליטעראַטור. קיין געשולטע בילדונג האָט אידל ניט באַקומען, נאָר אַלץ אַליין זיך איינגעשאַפט. אַ תפיסה האָט ער געהאַט זייער אַ גוטע און וואָס ער האָט געלערנט איז געווען אַזוי ווי „מונח בקופסא”.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מען האָט געמוזט פאַרלאָזן גאָניאָנדז, האָבן מיר זיך געשיידט. זייער פאַמיליע איז אַריבער אין יאַשינאָווקע, אַביסל ווייטער פון פראָנט, ווו עס האָט געלעבט מאירס אַ שוועסטער, און שוין ניט געקומען צוריק אין גאָניאָנדז. אידל פלעגט קומען צו באַזוך אין שטעטל און געווינטלעך געווען אונדזער גאַסט. אין אויגוסט 1920 האָט איך פאַרלאָזן פוילן און אונדזערע פאַרבינדונגען האָבן זיך איבערגעריסן, אָבער אין 1934, ווען איך בין עולה געווען פון אַמעריקע, האָב איך אָנגעהויבן זיך איבערשרייבן מיט אים אין אַנטווערפן ביז דער היטלער אינוואַזיע, ווען ער האָט מצליח געווען זיך צו דערשלאָגן אין פאָרטוגאַל און פון דאָרט אין אַמעריקע.

וועגן אידלס ליטעראַרישע אַרבעט בין איך ניט אימשטאַנד צו שרייבן, ער איז צופיל יאָרן געווען ווייט פון מיר, אָבער באַזוכנדיק אין ישראל מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער געדרוקט אין „דבר השבוע”, תל־אביב, זייער אַ שיינע ליד וועגן רמח״ל (רבנו משה חיים לוצאַטו), דעם דיכטער און מקובל, וועלכער איז מחמת רדיפות פון די רבנים אַנטלאָפן פון זיין געבורט־שטאָט פאַדואַ, איטאַליע, אין אַמסטערדאַם, און דאָרט האָט ער זיך דערנערט אַלס דימענטן־שלייפער. אידל האָט אויך געלערנט אין אַנטווערפן דעם זעלבן פאַך פון דימענטן־שלייפעריי. זיין שיר וועגן רמח״ל איז געווען זייער געלונגען. אידלס לידער פלעגן פון צייט צו צייט זיין געדרוקט אין „הדואַר”, העברעאישער זשורנאַל, דערשיינט אין ניו־יאָרק, וועלכע איך פלעג גערן לעזן. לעצטנס האָט ער צונויפגעקליבן זיינע לידער און אָפּגעדרוקט אין אַ בוך „צליל וצל”. דער בוך איז געדרוקט געוואָרן אין תל־אביב און איבערגעשיקט געוואָרן אין ניו־יאָרק. איין טאָג איידער דער בוך איז אַרויס פון דער איינבינדעריי, איז אידל אַוועק פון דער וועלט און ניט זוכה געווען צו זען זיין לעבנסווונטש פאַרווירקלעכט.

מיט צוויי יאָר צוריק איז פלוצלינג געשטאָרבן אידלס פרוי און ער איז געבליבן מיט צוויי קינדער, די טאָכטער שוין אַ דערוואַקסענע מיידל, אָבער דער יינגל איז

לעצטנס געוואָרן בר־מצוה. אין יעדן פאַל איז עס אַ שווערער צושטאַנד, אָבער ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן. אין זיינע בריוו צו אונדז האָט ער זיך שטאַרק באַקלאָגט אויף זיין איינזאַמקייט: פריינט און באַקאַנטע אינטערעסירן זיך ניט מיט אים און ער איז עלנט. דער אמת איז אַז דער טעגלעכער לעבן אין ניו־יאָרק איז אַ שווערער, פריינט און באַקאַנטע זיינען צעשפרייט איבער דער גרויסער שטאָט, און יעדער איינער איז פאַרנומען מיט זיך. אידל אַליין האָט געאַרבעט שווער, איבער זיינע כוחות. מען דאַרף דאָך לעבן, אָנהאַלטן אַהיים און דערציען קינדער, שטרענגט מען זיך אָן. פאַרמיטאָג האָט ער געגעבן לעקציעס אין אַ לערער סעמינאַר אין די בראָנקס, ווו ער האָט געוווינט, און נאָכמיטאָג האָט ער אָנגעהאַלטן אַ שטעלע אַלס לערער אין ווייטן ברוקלין. דער טעגלעכער פאָרן אַזוי ווייט מיט דער אונטערערדישער באַן מאַטערט אויס אַ שטאַרקן מענטשן, ווער רעדט נאָך אים. דערצו האָט ער נאָך געליטן פון צוקער־קראַנקהייט. כל זמן זיין פרוי האָט געלעבט האָט זי אויף אים אויפגעפּאַסט. בלייבנדיק אַליין האָט ער עס ניט געקענט אויסהאַלטן און איז צוזאַמענגעבראָכן.

פאַר אונדז גאָניאָנדזער איז עס אַ גרויסער פאַרלוסט און פאַר מיר פערזענלעך אַ שטאַרקער וויטאָק.

---

קלמן בכרך, ניו־יארק

# בעל הצליל והצל

(דברים באספת־אבל)

משה ש. בן־מאיר היה חבר נכבד ומכובד בסניף אוסישקין *. סניפנו מצטיין כידוע בפעילות תרבותית־עברית וחברינו מתיחסים בכבוד ובהערצה אל סופרים ומשוררים עברים; מובן איפוא, שהתיחסנו אל בן־מאיר כאל מי שהוא משכמו ומעלה גבוה מכל החברים. מיום שנצטרף אל הסניף לא עברה שנת פעולות אחת מבלי שהופיע בנאום על נושא תרבותי עברי או בשיחה על ספר ומחברו לפני החוג הספרותי.

הופעת ספרו של בן־מאיר היוותה מאורע חשוב בסניף אוסישקין. עוד לפני שנה הכרזנו על נשף מיוחד שיוקדש להופעת ספר שיריו. כשנודע לנו כי הדפסת הספר נגמרה ושהוא עומד להופיע בעוד שבועות אחדים, פתחנו בהכנות לנשף. ימים אחדים לפני פטירתו, כשהגיעו הטפסים הראשונים של הספר לניו־יורק, שוחחתי עם בן־מאיר טלפונית והתייעצתי אתו בשם ההנהלה על הנואמים והמברכים שישתתפו בתכנית. והנה במקום נשף־שמחה יש לנו נשף אֵבל. „נשף חשקי שם לי לחרדה”... אנו מבכים את מותו של חברנו היקר. פטירתו

* סניף עברי של ה„אידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד” בניו־יורק.



קלמן בכרך

היא אבדה שאינה חוזרת לסניף ולתרבות העברית.

משה ש. בן־מאיר היה בן עירי וידיד משפחתי מימי נעוריו. לכן יורשה לי לומר מלים אחדות בשם בני העיירה. בעיירתנו גוֹניוֹנדז עדיין לא נודע שמו כמשה ש. בן־מאיר. אנחנו קראנו לו אידל בן מאיר השען, מכאן השם בן־מאיר. שם משפחתו היה אז טרשצ'אנסקי. אביו מאיר השען היה אמן במקצועו. אמרו עליו בעיירה שהוא עוסק בהמצאת איזו מכונה שאיש לא ידע מהי. השעונים שהובאו אל ביתו לתיקון היו מכל המינים והממדים. על הקירות היו תלויים שעונים עם מטוטלות גדולות וקט־

נות, עם משקלים כבדים וקלים. התנועה של המטוטלות השונות, הקצב השונה של כל שעון ותנועתו, והצלצולים השונים — צרודים, צלו־לים, נמוכים וגבוהים השרו על הבית אווירה של מסתורין. מאחורי שולחן־המלאכה ישב מאיר השען ועבד בשקט גמור ובבטחון. כשנפתחה הדלת ומישהו נכנס אל הבית הרים ר׳ מאיר לאט לאט את ראשו והביט בו — עיניו היו גדולות וסקרניות, עטורות שמורות גדולות ועבותות. היה במבטו מן הרצינות וגם מן השובבות, והנכנס לא ידע אם יקבל מאיר השען את פניו בדברי בדיחה או במשהו רציני יותר. בשעותיו הפנויות קרא ר׳ מאיר את „הזמן" ועיין בספרי קודש. בחדר שמאחורי חדר־המלאכה התנוסס לתפארה על המדפים התלמוד הבבלי הווילנאי. גם אמו של בן־מאיר היתה טיפוס נדיר, אולי היחידה בעיירה, שהת־פללה שלוש פעמים בכל יום, ממש כגבר, והבינה את פירוש המלות. כל מלה שיצאה מפיה בשעת התפילה היתה ברורה ובלתי משו־בשת. וכן היה הרושם בשעת שיחה — כל מה שאמרה היה ברור והגיוני.

עם כל זה היה בית מאיר השען מחוסר כל לחץ דתי או חינוכי. הבנים הגדולים (שני אחים היו לאידל), יצאו את העיירה והשתקעו בעולם הגדול, אחד בוורשה ואחד בשווייצריה. כשהיו באים לבקר את הוריהם לא היו מורגשים כל חיכוכים ביניהם. להפך, בבית היה שורר חופש ואפילו קצת מן המשובה הקלה. בערבי שבת אחרי הסעודה היו משחקים שחמט ומשוח־חים בענייני פוליטיקה.

אידל עצמו היה מטבעו דק הרגש. כל חוויה, קלה כחמורה, השאירה בו רושם, וכל שינוי קל השתקף בפניו ובמצב־רוחו. מטעם זה היה מצב־רוחו עלול להשתנות בן־רגע. כאביו כן הוא היה בו כשרון הבדיחה והשובבות ועל שפתיו ריחפה תמיד בת־צחוק. אולם הרגישות היתירה שבו גרמה שינויים פתאומיים במצב־רוחו ובת־הצחוק היתה פתאום משתנה למבע של צער. דק מאוד היה אצלו קו־הגבול בין הצחוק ובין הצער, ממש כשם ספרו „צליל וצל". במשך הימים, לאחר התנגשותו עם החיים היומיומיים, ובייחוד לאחר ששתה מכוס היגונים, של עצמו ושל כלל ישראל, נעלמה בת־הצחוק משפתיו ופניו הביעו תוגה אין־קץ. בשנים האחרונות לחייו התהלך כצל. והנה גבר הצל ונדם הצליל...

כשרון השירה נתגלה אצלו בעודו נער. הוא היה אוהב לחרוז חרוזים ולחבר פזמונים, רובם ככולם מלאים הומור. בייחוד היתה חביבה עליו הפאַרודיה בנוסח המשוררים הקלסיים הרוסים; חרוזיו היו אז ברוסית ובאידית. אולם כשניגש לכתוב שירים בעברית לבש רצינות וכבוד. שיריו הראשונים שנדפסו ב„התקופה" בשנות העשרים היו נטולים הומור לתמהונם של מכריו. רק בסוף ימיו עם קום מדינת־ישראל התעוררה בו מקצת מנטייתו הטבעית להומור והוא כתב שירים כמו „משא אדום", „הילולא" ו„מוסר קרקס". ב„הילולא" הוא מביע לעג לשידוך בין עֵשׂו למחלת בתו של ישמעאל, כלומר בין רוסיה המועצתית ומצרים...

כך הכרנו אותו אנחנו בני עירו והוא היה חביב עלינו מאוד. מפעלו האחרון למען העיירה היה עריכת „ספר־יזכור", שיופיע השנה בישראל.

יהי זכרו ברוך!

מ. מייזלש

## מ. ש. בן־מאיר

רק לפני ימים מועטים הגיע לכאן מישראל ספר שיריו המודפס, „צליל וצל" — ספר צנוע וזך כמחברו. והוא לא הספיק לזון עיניו בו, לברך על המוגמר. בתוך חבורת מכרים וזרים, שאליה היה בורח מבדידותו, שהיתה מלפפת את חייו רוב ימיו, וביחוד מעת מות אשתו סועדת גורלו הכבד, הוציא את נפשו.

השירים שבספר עזבונו — האמת מאירה מתוכם. אמת־חיים ואמת־סבל. ללא חיפוי מליצה, ללא התייפות, ללא השתדלות לעשות רושם. עניוות גדולה מהלכת בספר, בשורות ובין השורות, עניוות של אדם שמקובל עליו כי אין כאבו ראוי שירעישו עליו עולמות, שידברו עליו במשל ומליצה, ואינו אלא משיח דאגתו

לעצמו, בהנמכת הקול, שלא יפריע לאחרים — לאחרים בחיים ולאחרים בספרות. ודווקא נמי־כות־הקול עושה רושם, מכניסה את השיר לתוך הלב. באחד מן השירים בספר, והוא שיר מופלא בנושאו, „אזכרה״ לשירים שנולדו נפלים, שלא הצליח המשורר להלבישם שני עם עדנים, הוא מתפלל: „יזכור שר היצירה נשמות ערטילאות — — — בנות קול תפילה חנוקה, צליל־צל הלך תמס מרוך, ועובר מזרע היגון שהנץ בפרק סרק, — תחת שיר השתפכה אנחה והפרי למיץ עין נמק. יזכור אל השירה״. וזה המייחד והמייקר את שירתו הענוותנית של בן־מאיר, שלעולם נשמע בה קול תפילה ונובט בה זרע היגון ועולה מתוכה לחש האנחה ונשמרה בה רטיבות הדמעה.

לא רב־מידות הוא הספר, צנוע גם בצורתו ובמידתו, ובדמעת שיריו משתקף גורל אדם, גורל דור — ומי דור כדורנו שנתנסה כל־כך מבפנים ומבחוץ, שנדון בשריפת נשמות ובש־ריפת גופים בזו אחר זו. יש בספר, במדור „סיוטים״, תיאורי מלחמה ושואה של ימינו, תיאורי בריחה ופליטה, שדווקא בפשטות צב־עיהם מחיים לפנינו את מראות־האימים בכל זוועתם, ואנו כמעט חשים ונכווים במגעם. צמאון־אמונה חריף ונוקב בא לידי ביטוי בהרבה משיריו, המבכים את שריפת הנשמה של רבים מבני הדור, אשר „רוחות רעות נשבו עם תעתועי בגרות(ם) וייסכרו מעינות תום וחנינה״. ו„יד השפק שמטה את טוטפת(ם), נעלה את שערי התפילה, והמפתח נזרק אל התוהו״. קריאת־תפילה כמו: „היה עמדי בהת־כחשי לך, בכפרי בך... שלא אסתיר פני מלפניך, אבי, אבי שבשמים!״ — ראויה להתנוסס בראש כל סדר־תפילה בימים נבוכים, ללא מורי נבו־כים, כימינו.

בצדי דרכים התהלך מ. ש. בן־מאיר, בחיים כבספרות, כאילו גם עצם הוויתו לא נראתה בעיניו חשובה להטיל נוכחותה והרגשת מצי־אותה על האחרים. אבל היתה הליכתו זו זכה מאוד, כשירתו, ברה ואמיתית. נאמנה עלינו מאוד עדות עצמו באחד משיריו, „תפילין״ שמו:

האות שעל ידי הוא בידי
תמיד־תמיד עמדי, —
בשתי־ידי,
בכל עשר אצבעותי,
וכעין רצועה נסתרת
עוברת וקושרת
מאגודל עד זרת. —
נקי־כפים אני:
לא מתחתי זרוע פשע
בחרוני,
לא קפצתי יד לאגרוף־רשע,
ולא קפצתיה מאָח עני.
לא תקעתי כף
בלחיצת שוא,
ולא נשאתיה כנשבעת
בגניבת הדעת.
לא משכתי מה שלא שלי,
ולא שלחתי אצבע־דקר
ברמז שקר.
לא בכדי, לא בכדי
האות שבידי.
והטוטפות שבין עיני
הנן במו עיני, לפנים ולפני,
בהן ומאחורי מצחי
בתאי מוחי.
טהור־עינים אני:
לא חזיתי במראה־תעב
לרצוני.
לא הבטתי בחונף ובזעף,
בבוז ולעג לא קרצה עיני.
לא עמדתי
על דם אחר
ולא נכבדתי
בקלון חבר, —
לא הסתכלתי בשעת קלקולו
להשפילו.
לא בכדי, לא בכדי
תמיד, תמיד עמדי
האות
והטוטפות
שלי.

כך התהלך בתוכנו, והוא מתבודד עם צערו, מתייחד עם בדידותו. רק מזמן לזמן פלטה הבדידות דמעה — בצורת שיר, פעמים פלטה גם שיר־אגדה, מלא חן עממי, מלא נחמה עממית, ופעמים גם שיר כבד־מראה־והגות, המעלה דמות מדמויות העבר. אף מקצועו — לטישת יהלומים — נתן אותותיו בשירו ו„חזון רמח״ל הלוטש״ הוא שיר־תפארת לנושאו ולמחברו גם יחד. וקיווה הוא, וקיוו עמו חבריו, שאולי כינוס שיריו בספר יפיג מעט צערו, יאיר מעט בדידותו. והנה נסגרה הבדידות על עצמה ונתייתם השיר.

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים של ספרות ישראל.

(„הדואר״, ניו־יורק, י״ד שבט תשי״ט)

**אהרן צייטלין**

# איש וספרו

(הערות בשולי ספר שיריו של מ. ש. בן־מאיר „צליל וצל", תל־אביב, תשי"ח)

איש עברי היה בניו־יורק והיה האיש תם וישר וחולה־אלהים.

לא אדם המשים עצמו צדיק, אלא איש חי בטהרת נפשו ומצוקותיה. וחולה־אלהים? כך, במלים אלו, העיד בפני על עצמו. ונשתמר בזכרוני זה הצירוף.

אדם, שהבעייה של „הנהגת הבירה" דבקה בו כמחלה ותבעה פשר במפגיע. חולה־אלהים — שכן כחולה זה, הנקלע מחום לקור ומקור לחום, נקלע היה בקדחתה של בקשת הקירבה, קירבת אלהים, והיה מוצא ומאבד אותה קירבה חליפות, מוצא ומאבד אותה וחוזר חלילה. דומה חווייתם של אנשים אלה לשמש בסתיו, שנעלמת בענן ויוצאת, יוצאת ונעלמת.

„כרבות החתירה — קובל הוא בשיר משיריו, — תרבה המבוכה. בסנוורי־תהום הוכתה עין התוחלת למצוא פתרון לסוד של עמק הבכא". ומאידך גיסא, רגעי הקירבה, משהם מתגלים, מַרפא בכנפם: כל קושיות ואבעיות נפתרות מאליהן. עולה מנגינתו של „כינור ללא דמות"... „בעיוורון־נפשי אז תיפקח עין"... „בשממון־נפשי אז ייבקע מעיין / הממתיק לי, כיין טוב, ענותי, / ואאמין — יש דין וישנו דיין / ולא אגורה מפני מותי"...

ומתוך שיר אחר: „יחידים נעים ונדים בודדים ביערות אמונה". יושׂם־נא לב: ביערות־אמונה. שכן על רקע האמונה דווקא, על רקע הידיעה הפנימית במציאותה של טראנסצנדנציה, מתחילות כל הבעיות, מתחילה התעייה הגדולה לקראת אל מסתתר, אלהי־מקרוב ואלהי מרחוק, קרוב ככל שהוא רחוק, רחוק ככל שהוא קרוב. אחוזות זו בזו התשובות והבעיות, התפילה — שאלה, השאלה — תפילה. אף אדם זה מישראל, שתהה תוך כדי אמונה והאמין תוך כדי תהייה, כשם שלא חדל מלשאול כן לא פסק מלהתפלל. מושר על תפילת־נצח זו בשיר הנאה המכונה: לא שחרית ולא ערבית (עמוד 33). התפילה תפילה אף בשעה שהיא מזדעקת: כי זבח וטבח חפצת (עמוד 58). ולא עוד, אלא שמתוך התכחשות־של־יאוש, בעקב שריפת ישראל באירופה, מתחננת התפילה לפני המקום: „היה עמדי בהתכחשי לך, בכפרי בך" (שם). מצד ההגיון יש בכך משום סתירה: יימצא־נא לי ויהא עמדי זה שאינו נמצא, שכופר אני בו ובמציאותו. ואילו מצד האמונה לא סתירה כאן, אלא אמיתתה של חווייה: האמת של מיזוג־ההפכים. אמת נקנית ביסורי הנפש המוצאת ומאבדת, מאבדת ומוצאת, עולה ויורדת, יורדת ועולה. „אשא כנפי־שחר, אשכנה באחרית־ים". כנפי־שחר ואחרית־ים, אחרית־ים וכנפי־שחר. קוטביותה של החווייה הדתית.

רחוק אני מלהגזים ולומר: כל זה הובע כאן, הושר כאן. לאו. אבל הכיוון ישנו. לא היה האיש חוצב בסלעי השירה, נושא בעולה ועמלה של יצירה מתוך הדחף שאינו נותן דמי לאמן. כאורח היה בא ללון בחצרות־השיר ולא תמיד זכה להלביש צורה את מערומי־ההשראה. „יזכור שר היצירה / נשמות ערטילאות — / ניצוצות השירה / בלי לבוש אותיות. / נפלי־מזמורים, בני־מדוח, / חרוז עליהם לא קרם; / נצנץ נצנצה בם רוח / ולא עלה בשרם־דברם". נחבא אל כליו, כולו איסטניסיות שבנפש, ויתר האיש על הגדולות, וכאילו בוש לרדת לתהומו של שיר או להעפיל לרומו. היה מהלך בצידי־דרכים בשיר כבחיים, עדין שבעדינים, מצניע יצור, מצניע סבול, מצניע התפלל, והוא כולו, האיש משה שלמה בן־מאיר, „רבם וחברם של דרדקים", מעין תינוק שנשבה, מרטט בין „סנוורי־תהום" (עמוד 26) לבין „עוגן־אמונה" (עמוד 32, השיר „הצלה"). אותו „עוגן־אמונה" מתואר „קצוץ־קרס", והתורן באניית־הימים „תורן־אחרית" הוא ודמיונו „כפרס קצוץ־הראש", והיד החרדה מרימה „נס־קרעים, נס הצלה". נס־ההצלה המורם ביד חרדה — קרעים הוא, קרעי־נפש. ונס — תרתי משמע. בנס מדינת ישראל, נס שלאחר שואה, נאחז בן־מאיר. ושוב עלתה בלב מנגינתו של אותו „כינור ללא דמות". וגם הפעם — מיזוג הפכים.

די לעצטע זייט פון פירעק נעמט אַרום די צייל הייזער פון דער איבערגאַנגס־גאַס צום אַלטן מאַרק ביז צום אָנהייב דאָליסטאָווער גאַס ביי דער הויז פון שרה דער בעקערין. דידאָזיקע ריי מיט זעקס צווייגאָרנדיקע הייזער גיט צו דער שטעטל אַן אויסזען פון אַ „כרך״. אָבער דידאָזיקע ריי, פונקט ווי די אַקעגנדיקע, ווערט דורכגעבראָכן פון צוויי געסלעך וועלכע צווייגן זיך אַרויס פון איר. איין געסל הייבט זיך אָן מיט דער ווייסגעקאַלכטער הויז פון דער פאַמיליע לוריע. דערדאָזיקער אָרט איז דער נידעריקסטער אויפן מאַרק־פּלאַץ און די רעגן־וואַסער זאַמלט זיך דאָ און שטרוימט רוישיק מיטן שטיילן באַרג־אַראָפּ פון געסל ביז צום טייך. אַן אויסגעצייכנטער אָרט זיך צו גליטשן ווינטער מיט אַ שליטל. איר גאַנצע רעכטע זייט איז באַדעקט מיט גרוז, ציגל־ברוך און ווענט־רעשטלעך. זינט דער גרויסער שריפה איז דער אָרט געבליבן וויסט, אַחוץ דער הילצערנער הויז פון שניידער, וועלכע איז צוגעקלעפּט צום שולבאַרג, און די פלאַמען זיינען צו איר ניט דערגאַנגען. אַקעגן זשע די לינקע זייט איז געדיכט פאַרבויט ביזן אָרט, ווו דער שיפּוע פון באַרג ווערט גאָר שטייל. ווען כ׳שטויס מיר אָן אויפן אויסדרוק „צווישן צוויי בערג״, זע איך מיך שטיין אין דעם טיפן טאָל צווישן דעם וואַנט־שטיילן שולבאַרג און דעם אים אַקעגן־שטייענדיקן באַרג, וועלכע איז אויך גענוג שטייל. צופוסנס פונעם דאָזיקן באַרג, אויף זיין צפונ׳דיקן אָפּהאַנג, געפינט זיך די ברויעריי פון יאַנקל רודסקי. אַסך יאָרן איז דאָ געווען אַ קוואַזי שטאָט־טעאַטער, ווו ס׳זיינען אויפגעפירט געוואָרן פאָרשטעלונגען פון אָרטיקע אַמאַטאָרן ווי אויך פון וואַנדערנדיקע שוישפּילער־טרופּעס, וואָס פלעגן געלעגנהייטלעך גאַסטראָלירן אין שטעטל.

ביים אַריינגאַנג פון דער צווייטער געסל, פון רעכטס, שטייט די הויז פון מאַניע צוקערט. אין דערדאָזיקער הויז, אויפן צווייטן שטאָק, איז געגרינדעט געוואָרן די העברעאישע שולע. מיט דער גרינדונג פון דער שולע האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייע עפּאָכע אין שטעטל און אַ הויך פון אַ פרישן פרילינגס־ווינט האָט זיך דערשפּירט אומעטום. דאָס לעבן האָט באַקומען אַ נייעם ריטם און קינדער פון אַלע שיכטן האָבן זיך צונויפגעטראָפן און צונויפגעלעבט אין דער ראַם פון דער כיתה, זיצנדיק אויף איין שול־באַנק.

די שפּאַצירגענג פון דער שולע אויסער דער שטאָט, צו פאַרווייַלונג ווי אויך צו דערלערנען אָנשוילעך די פאַרשיידענע געוויקסן, האָבן דערוועקט ביי די קינדער אַ ליבשאַפט צו דער אָרטיקער פלאָרע און לאַנדשאַפט.

שפּעטער האָבן מיר אויך קענען געלערנט דאָס ספּעציפישע פון אונדזער היימישער לאַנדשאַפט. צווישן די ווענט פון דער שולע איז פלייסיק געפלעגט געוואָרן די ליבע צום פאָלק און צו אונדזער זיך־באַנייענדיקער פאָטערלאַנד. די פייערלעכע אָוונטן און פאָרשטעלונגען האָבן צוגעצויגן מאַסן און אַריינגעבראַכט לעבעדיקייט און דערפרישונג אין שטעטל. די שפּורן פון דער העברעאישער שולע זיינען געווען קענטיק אומעטום. דערפאַר קומט דאַנק און ברכה אירע גרינדער, און באַזונדערס דעם גרינדער און לייטער משה לעווין.

אין דערדאָזיקער געסל איז געשטאַנען דער בית־מדרש. אַ הילצערנע געביידע מיט פיל פענצטער פון אַלע זייטן. אַ גרויסמאָסיקער אויוון האָט געדינט אַלס מחיצה צו דער ווייבער־שול. דאָס איז געווען אַ הויז פאַר תפילה, תורה און פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינע טירן זיינען געווען אָפן אַלע טעג און אָוונטן. אונדזערע עלטערן, וועלכע האָבן שווער געהאָרעוועט פאַר דער חיונה פון זייערע פאַמיליעס, האָבן דאָ געפונען אַנטשפּאַנונג און צעשטרייאונג אין דאַוונען, אין לערנען — ביחידות און בציבור. דאָ האָט מען אונדז דריימאָל אַ טאָג דערמאָנט „ותחזינה עינינו בשובך לציון״...

די הויז פון בנימין דעם סופר האָט אָפּגעטיילט דעם בית־מדרש פון שולהויף. אַ נידעריקע הילצערנע הויז מיט אַסאָד פון הינטן וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אין שיפּוע. ווער עס נידערט אַראָפּ פון דער זייט מיט די הילצערנע טרעפּ אין טאָל זעט ניט וואָס ס׳טוט זיך אין סאָד. די רויטע קאַרשן אויף די שפּיצן ביימער פלעגן רייצן דעם אַפּעטיט פון די בית־מדרש־לערנערס ביים אַרויסקוקן פון די פענצטער וואָס זיינען געווענדט צו דערדאָזיקער זייט.

די געשטאַלט פון ר׳ בנימין איז איינגעקריצט ביי פיל פון אונדז אין האַרצן. ר׳ בנימין דער סופר, דער מזג־טוב, דער ליבהאָבער פון קליינוואַרג, וואָס פלעגט זיך וויצלען מיט זיי און זיי מכבד זיין מיט אַ זופּ פון קידוש־וויין.

אַ גאַניאַנדזער אין דער פרעמד וועט טראַכטנדיק וועגן זיין אַלטער היים זיך דערמאָנען גלייך אָן דער שול. אפשר וועט ער ניט געדענקען יעדע איינצלהייט פון זיין וווינונג; ער וועט אָבער זיכער זען בחוש יעדן פליטערל פון די שול־באַצירונגען.

די שול איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אויף אַ ברייטן אַרומגעצוימטן פלאַץ און ווערבעס זיינען געווען געפלאַנצט נעבן פאַרקאַן, אַ חוץ דער זייט וואָס איז געווען געווענדט צו דער געסל. דער קהל׳שער פלאַץ איז פאַר אונדז געווען אַ מין „זעלבסטשטענדיקע טעריטאָריע“, אָפּגעזונדערט פון גוייִשן שטח.ביידע טיפטאָלן רעכטס און לינקס פון באַרג, און די ברייטע פלאַכלאַנד פון פאָרנט, אַקעגן טייך, האָבן צוגעגעבן דעם אָרט אַן אויסזען פון אַ פעלז אויפן ברעג ים, וואָס צוויי וואַסעראָרעמס רייסן זיך אַריין פון זיינע ביידע זייטן אין דער יבשה. די שול־געביידע וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום עק פלאַץ, האָט מען געקענט באַמערקן פון זייער ווייט. דער גאַנצער אַנטציקנדיקער בילד איז ניט געווען זעבאַר פון שול אינעווייניק, ווייל די פענצטער זיינען געווען הויכע. אפשר איז דאָס ספּעציעל אַזוי געמאַכט געוואָרן כדי די דאַוונערס זאָלן דאַוונען מיט כוונה און זיך ניט פאַרקוקן אויף אַ „שיינעם בוים“ און אויף אַ „שיין פעלד“; און ווירקלעך האָט מען פון דאָרט געזען נאָר דעם הימל אַליין. דער גרעסטער ציבור מתפללים פלעגט באַזוכן די שול ראש השנה און יום־כיפור. פון סוכות אָן, מיטן אָנהייב פון דער קעלט, פלעגט זייער צאָל ווערן אַלץ קלענער. נאָר אַ „מנין“ אָדער צוויי פלעגן בלייבן טריי דער שול אָן איבעררייס, אפילו אין די גרויסע פרעסט. דאָס זיינען געווען הויפּטזעכלעך יונגעלייט, צווישן זיי אויך ניט־פרומע, אָבער טראַדיציע־היטנדיקע און ליבהאָבער פון תפילה־געזאַנג.

דער נייער מאַרק־פלאַץ איז געווען באַהעפט צום אַלטן מאַרק דורך אַ קורצע דורכגאַנגגעסל, וואָס האָט געהאַט קראָמען פון ביידע זייטן. דאָ וועט איר ניט געפינען קיין זאַך וואָס זאָל עדות זאָגן אויף דער אַלטקייט פונעם אָרט, אויסער דער הילצערנער הויז מיטן אויסטערלישן אויסזען, וואָס האָט געהערט צו דער פאַמיליע ווויליאַמאָווסקי. דערדאָזיקער פלאַץ האָט געדינט אַלס סטאַציע פאַר די דאָרפסלייט פון יענער זייט טייך און אַ דורכגאַנגס־וועג צו דער באַן־סטאַציע פון דער פעסטונג אָסאָוויעץ.

מיט דעם וועג — דער טויער־וועג צו דער גרויסער וועלט, זיינען צו אונדז אָנגעקומען רייזענדער און געסט פון דרויסן, און מיטן זעלבן וועג זיינען אַוועקגעפאָרן זין און טעכטער פון שטעטל אין גאָר דער וועלט.

פון זייער לעצטער רייזע צו דער באַן־סטאַציע קלינגט נאָך אָפּ אין זייערע אויערן די קלאַפּעריי פון די וואָגן־רעדער אויפן שטיינערנעם ברוק פון דער גאַס, דורכן דאָרף גוזי, ביז דעם אַרויפשטייג צום שאָסיי, נעבן סטאַוו פון מאיר גוזערס וואַסערמיל. און ביים אַריינגאַנג פון פעסטונג, דורכן אייזערנעם טויער — האָט יעדער געשיקט אַ בליק, אפילו ביינאַכט, צום טיפן וואַסער־קאַנאַל, וואָס האָט זיך געצויגן פון זיין לינקער זייט. זיין וואַסער איז געווען שטענדיק שטיל און שוואַרץ, און אַלץ אַרום אים: די ביימער, קוסטעס און שטיילער ברעג, האָט אויסגעדריקט אַ געהיימניש ווי די געפילן פון די אַוועקפאָרנדיקע, און צום סוף — פון די אַוועקגעפירטע...

---

זאָל די געשיכטע פון גאַניאַנדז און איר טראַגישער עפּילאָג זיין אַ לערע פאַר אירע אַלע זין און טעכטער, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין גאָר דער וועלט, ניט אויפצובויען מער אַזעלכע גאַניאַנדזן אין פרעמדע לענדער. פאַרוואָר, ווו ס׳איז אונדז גוט, דאָרט איז אונדזער היים, און אונדזער היים שטייט שוין גרייט און די כוואַליעס פון בלויען ים לעקן אירע ברעגעס מיט ליבשאַפט.

פון העברעאיש: אל״ף

אברהם יפה

# לפנים בגוניונדז

## (צרור זכרונות)

האדם אינו אלא קרקע ארץ קטנה,
האדם אינו אלא תבנית נוף מולדתו
שאול טשרניחובסקי

### בידור בעיירה

העיירה שלנו לא ידעה לא תיאטרון ולא קונצרטים, כנהוג בעולם הגדול. חובבים מצעירי העיירה היו מציגים מזמן לזמן ממחזות גולד־פאדן: דוד וגלית, בר־כוכבא וכו'. זכורני, התפקיד של מיכל בת שאול ב„דוד וגלית" היה בידי זרח שיימאָס (טיקוֹצקי), שהיה מת־חפש לבחורה. בימי ילדותי עדיין לא העֵזו לצרף צעירות למציגי המחזה. זמן ההצגה — ימי פורים. המקום — אָסם גדול של איטשה אַנשלס, בסמטה ממול גן־הירק של הכומר. היו נשפים שנערכו על־ידי ציוני העיירה, ובתכנית: נאום, דקלום ומקהלה של חובבים, ששרה שירי־ציון ושירי־עם (גרעין המקהלה — בני שיימעלעס: יוסל, זרח ופסח). אולם היה בית אחד שבו היתה הזמרה שרויה תמיד, בייחוד בימים שלפני החגים. זוהי הדירה של החזן נחום אַמדורר, בבית אברהם־משה מול בית הדואר, בקצה הרחוב דוליסטובו, בדרך המובילה לבית־המטבחיים של הקהילה היהודית בעיירה.

### מוסר־השכל

החזן ר' נחום אַמדורר היה בעל קומה למעלה מבינונית, מחוסר זקן, לבוש ארוכות ו„כובע אבא" (אַ טאַטישע היטל) שחור על ראשו. הוא היה גם שוחט. הוא ויעקב השוחט היו הולכים יום יום חליפות לבית־המטבחיים, לעבודת השחיטה. כפרות בערב יום־כיפור היו מביאים לביתם לשחיטה. בימי הסתיו, עונת סחר אווזים ועגלים, היו חוזרים על הבתים ושוחטים שם במקום. זוכרני, בימי ילדותי הצטרפנו אני ובן יעקב השוחט אברהם־משה ללוות את אביו לבית־המטבחיים, לראות בעבודת השחיטה שלו.


אברהם יפה

בשובנו עם יעקב השוחט הביתה פגשנו בקטע הדרך, שבין בית־המטבחיים לעיירה, פולני אחד. אנחנו, הקטנים, נדבקנו לפטרון שלנו, יעקב השוחט, מאימת הגוי. אולם גם הוא, מגיננו, קדרו פניו מפחד הגוי, ובעברנו על ידו השתחווה לו שוחט העיירה בהכנעה ואמר לו: „דזיען דוברי"! (ברוך יומך). זכינו — והגוי השיב על הברכה, אמנם מבלי הבט לצדנו. אחר־כך הטיף לנו השוחט מוסר־השכל: כשיהודי עובר על־יד גוי הוא צריך לברך אותו, ואז אין סכנה שהגוי יפגע בו...

אכן, מראה הדם השפוך בבית־המטבחיים והפגישה עם הגוי — שניהם כאחד עכרו את רוחנו לא מעט...

### העיירה ובית החזן בחודש אלול

בעיקר היה ביתו של החזן הופך ל„היכל־זמרה למוסיקה דתית בחודש אלול, ימים של התכוננות מקהלת החזן והחזן עצמו לתפילות הימים הנוראים, ימים, כפי שהיו אומרים אז בעיירה היהודית, שבהם אף „הדגים שבמים מלאים חרדה". רוחות אלול מבשרות סתיו קודר וקולות שופר מנסרים באוויר. בימים אלו שרתה על יהודי העיירה רצינות כבדה של חשבון־הנפש: יהודים, ימי התשובה באו, היכונו ליום הדין — ואשרי הירא!...

עונת הימים הנוראים היתה מתחילה במוצאי שבת שלפני ראש־השנה — הלילה הראשון

לסליחות. המבוא לזה היה בשבת בין־השמשות — שעת אמירת תהילים — „למנצח בנגינות מזמור שיר" (תהלים ס"ז), שהחזן היה שר עם המקהלה לפי התור — שנה אחת בבית־המדרש ושנה אחת בבית־הכנסת. עוד היום מהדהד באזני ניגון הפסוקים: „יודוך עמים, אלהים, יודוך עמים כולם" — „ארץ נתנה יבולה, יברכנו אלהים אלהינו". פחד מתוק היה מרחף אז באפלולית בית־הכנסת, מעין „וגילו ברעדה".

### סמטת בית־המדרש ובית־המדרש

זכורני מימי ילדותי את הסמטה המוליכה מן השוק אל בית־המדרש והר בית־הכנסת (בין חנויות גרשון־לייב וחיים קופלמן מצד אחד, וחנות יֶנטה חיה־פייגלס מצד שני) בראשית המאה הנוכחית. בימי הגשמים בסתיו היתה הופכת סמטה זו לבצה. בלכתי פעם, בערב סתיו, לבית־המדרש לשיעור גמרא, מבוסס בבוץ ומסביב „וימש חושך", נתקלתי ליד דירתו של משה דינקס שממול בית־המדרש בקורות־עץ (משה הכין אותן לתיקון הבית)... נפלתי לכל אָרכי ולכלכתי את פני ובגדי ברפש וטיט, והגעתי לבית־המדרש מרופש ושחור כולי ככושי. מרדכי השמש הגבוה, פחד נערי בית־המדרש השובבים, הסיק אז את התנור בבית־המדרש. תנור ארוך זה היה תופס כשליש אָרכּו של בית־המדרש. בשעת הסקה היה השמש מכניס לפי התנור לא גזרי־עץ קצרים, כי אם ממש חלקי קורות עצים ארוכים ועבים. התנור היה מחזיק חום, מחמם את בית־המדרש מערב עד ערב. אחרי סגירת דלת התנור היה השמש הולך לו, ובחורי הישיבה והנערים הלומדים בבית־המדרש היו מרשים לעצמם לצלות תפוחי־אדמה על גחלי האש הלוחשות בתנור. לפעמים היה אחד מהחבריא מביא עוד דג מלוח לצלות על הגחלים ואז היתה „השמחה במעונם". כשראני מרדכי השמש במצבי הטרגי מיהר אלי והגיש לי את מגבת בית־המדרש, שהיתה תלויה מערב שבת לערב שבת בצדו של כיור המים שעל־יד הדלת. במגבת השחורה והרטובה מרוב שימוש בידי המתפללים תוך ברכת „אשר יצר" התנגבתי, או נכון יותר: התרטבתי...

### ליל־סליחות הראשון בבית־המדרש ובבית־הכנסת

עם ריצוף הרחוב עד בית־המדרש, באה גם התאורה בדרך הר בית־הכנסת. עמודים עם פנסי נפט התקין הגבאי בעל־המרץ, אליעזר ניבודובסקי (לייזשקע — אנטי־ציוני קנאי), שהכניס תיקונים רבים גם בבית־הכנסת פנימה. במוצאי שבת, ליל הסליחות הראשון, היו מודלקים הפנסים לפני חצות הלילה על־ידי שמש בית־הכנסת בנימין הסופר. בכל ימי השנה היו הפנסים מודלקים רק בערבי שבתות וחגים — אלה היו אז פנסי הרחוב היחידים בעיירה.




לילה זה, ליל הסליחות הראשון, היה ליל־שימורים בבית החזן נחום אַמדורר. משוררי המקהלה היו באים לשם תיכף אחר ההבדלה ועוסקים עד חצות בחזרות על חלקי הזמרה באמירת הסליחות. אשת החזן היתה מכבדת את כל ה„משוררים" בתה וחלב (סגולה לצלילות הקול...). נסתיימו ההכנות היו ה„משוררים" עולים על התנור הרחב שבמטבח „לחטוף" תנומה עד שעת הסליחות.

לפני השעה שתים־עשרה מתחיל נוהר קהל אומרי סליחות בחצות ליל־סליחות ראשון אל בית־המדרש. למרחוק פורץ האור הרב מחלונות בית־המדרש. נתאסף הקהל. גם גביר העיירה חצקל ביאליסטוֹצקי עם בנו חיים, תלמיד הגימנסיה הרוסית בגרוֹדנה, במדי תלמיד גימנסיה ממשלתית, עם כפתורי הנחושת הנוצצים, באו כבר מביתם שעל־יד מנסרת העצים וטחנת־הקיטור שעל שפת הנהר. מרדכי השמש עובר משולהב בין שורות הקהל לראות אם הכול בסדר. חצקל רומז למוֹטֶה המלמד לגשת לעמוד לומר סליחות. על הבימה עולים השמש הראשי איטשה־לייב וסגנו מרדכי. נשמעת

הדפיקה הרמה בכף־העץ על שולחן הבימה. מוֹטְזֶה המלמד, לבוש קיטל ועטוף טלית מעל לראש, ניגש בצעדים כבדים ורציניים אל העמוד וקולו, „קול שאגת אריה", מתחיל מהדהד בחלל אוויר בית־המדרש: יתגדל ויתקדש... אחר כך מתמלא הבית המולה מלאה חרדת־קודש, קול המון אומרי סליחות בכוונה רבה...

כשעה לאחר גמר הסליחות בבית־המדרש, היתה נשמעת אזעקת התעוררות בבית החזן, החזן מקהיל את בני מקהלתו וכולם יוצאים לאפלת הרחוב. פה ושם מבהיק אור מחלונות בתים, שם קמים לסליחות שבבית־הכנסת. עוברים ליד בית־המדרש שאור מנורותיו כובה כבר, אך קורץ אור פנסי הרחוב בהר בית־הכנסת. מרחוק מלבינים קירות בית־הכנסת ומחלונותיהם פורץ אור רב. השמש בנימין הסופר, ראשון לבאי בית־הכנסת, עומד על משמרתו על הבמה לאחר שסיים כבר את הדלקת המנורות והנרות שבעמוד. וכשהחזן היה שר עם מקהלת המשוררים שלו את ה„במוצאי מנוחה"... „לשמוע אל הרינה ואל התפילה", מילאה שירה זו את כל חלל האוויר של הבית הגבוה. וכשיצאת לרגע החוצה היית עומד על ההר בדממת הלילה מסתכל ומקשיב: כוכבי־אור נוצצים־רומזים מלמעלה; למטה, לא רחוק מרגלי ההר, מגלגל הנהר בּוֹבֶר את גליו הכהים בלחש חרישי; מעבר לנהר משחירה מרחוק מסגרת של יערות לוטים אפלת לילה. רק לפעמים בוקע מתוך עמקי יער, צפונית־מערבית בכיוון למבצר אוסוביץ בכפרים בּודני, ווּלקי קו אור קלוש מחלון של איזה בית (אולי גם שם יהודי כפרי קם לסליחות), ורב השקט במרחקי הנהר ובמרחבי הכר, ציפור נמה בקן, וצפרדע בביצה, שמאחרי בית־המרחץ למטה, הבנוי לבנים אדומות ומכוסה רעפים אדומים, גם היא הפסיקה את קרקורה הממושך. אתה עומד זמן קט בחוץ, שיכור למראה קדרות־הנוף ודממת היקום בשחור הלילה האפל. דומה שגם ארץ ושמים מטים אוזן „לשמוע אל הרינה ואל התפילה". אמירת הסליחות ודממת הלילה מסביב מצטרפות יחד לרחש שקט, תפילת לחש. הלילה הוא ליל־הסליחות הראשון בעיירה לעדה יהודית תמה ויקרה — הס כל בשר!...

## בוקר אחרי הסליחות

מחיל אל חיל — אַחרי הסליחות מתפלל הקהל „ותיקין" — תפילת שחרית, ובצאתם מבית־הכנסת החוצה ללכת הביתה השכם בבוקר, עדיין ערפל אפור לבנבן עוטף הארץ, ומהביל את פניהם, אך אור השמש כבר בוקע מבעד למעבה הערפל. הנה מתחילים עמודי ערפל המלבינים לעלות למעלה — עתר ענן הקטורת. קטורת סליחות, תפילת שחרית ותקיעת שופר מעורר עולות מעלה מעלה השמימה. ובסמטת בית־המדרש המוליכה לכיכר השוק הרחבה, מרכז העיירה, נפגשים החוזרים מבית־הכנסת עם ההולכים לבית־המדרש להתפלל תפילת שחרית. פה ושם נפתחת דלת חנות. יום ראשון היום — גויים רבים מסביבת העיירה נוהרים לכנסיה הנוצרית לדרך רחוב הכנסיה (טיפלע גאַס). יום חול בא לעיירה.

## הימים שלפני ראש־השנה

כל שבעת הימים שלפני ראש השנה — סליחות בבוקר השכם ותקיעת השופר אחרי תפילת שחרית בבית־המדרש. נשים תגרניות עומדות בשוק על עריבותיהן וגיגיותיהן המלאות שפע פירות: תפוחים, אגסים ושזיפים. במיוחד משכו את עיני הקונים — אבטיחים מבוקעים וחתוכים למחצה, לשליש ולרביע (גם שמינית), וכן אשכולות ענבים — (שנים אחרונים אלה מובאים ממרחק ועולים ביוקר רב רב ונמכרים רק לפני ראש־השנה לברכת „שהחיינו" בליל שני של ראש־השנה). כל זה מכריז ומודיע, כי הימים הנוראים באים. בבית־המדרש רבה התכונה, הגבאים עסוקים במכירת „מקומות" ובסידורים שונים. גם באי בית־המדרש יודעים, כי עת לעשות: יש מי שמוסיף מזמור תהילים, פרק בנביאים או פרק במשניות אחרי תפילת שחרית, „שעת חירום" היא, יום הדין ממשמש ובא.

## בית־המדרש ובית־הכנסת בימים הנוראים

„עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית־המקדש" — אחד מהם: עומדים צפופים ומשתחווים רווחים. אולם נס זה לא קרה בבית־המדרש שבעיירה בימים הנוראים. כל ה„מנינים" הצדדיים שהתקיימו בעיירה במשך שבתות השנה, היו נסגרים בימים הנוראים (חוץ מן המנין

אצל משה לנגבורד־קראַמקוקבר והקלויז הקטן — לינת הצדק, בביתו של גרשון־לייב). נוסף לזה באו לעיירה רבים מהכפריים היהודים („ישובניקים") עם משפחותיהם להתפלל כאן בציבור. גם בית־הכנסת היה מתמלא מתפללים, אך שם לא הורגש דבר זה ביותר, כי תקרת בית־הכנסת עם כיפתה המקומרת היתה גבוהה־גבוהה. לא כן בבית־המדרש: הוא וגם המבוא היו מתמלאים בימים נוראים קהל רב של יושבים ועומדים ואי־אפשר היה לזוז מן המקום בצפיפות כזאת. רב היה המחנק והרבו להזיע, לכן, בימים הנוראים היו פותחים בתקרת בית־המדרש את הארובות המרובעות לשם אוורור. היו מפונקים, שבימים נוראים היו מעתיקים את מקום תפילתם מבית־המדרש לבית־הכנסת.

בימי ראש־השנה היה החזן נחום מתפלל בבית־המדרש ובבית־הכנסת חליפות. בערבים היה יעקב השוחט מתפלל פעם בבית־המדרש ופעם בבית־הכנסת. מוספים בבית־הכנסת התפלל על־פי־רוב מאיר בודנר. הרב, שמקום ישיבתו בכל ימות השנה היה בבית־המדרש מימין לארון־הקודש — בימים נוראים היה עובר להתפלל לבית־הכנסת. את מקומו בבית־המדרש תפס גביר העיירה, נדבן ושתדלן אצל הרשות הרוסית, בעל מנסרת עצים וטחנת־קיטור, יחזקאל ביאליסטוצקי, המכונה בעיירה חצקל משה׳קס.

## מה בין תפילת יעקב השוחט לתפילת החזן ר׳ נחום

יעקב (יאנקל) השוחט כשהיה מתחיל את ה„ברכו" בתפילת מעריב ב„באם־באם" שלו, הרגישו בקולו התרגשות חסידית (חסיד היה, והאבנט על מלבושו הארוך וזקנו ופאות ראשו שעיטרו את פניו השחרחרים והמוארכים הו־סיפו לו מבע של חסידות). קולו הדק שהסתלסל והדהד כקול שה פועה, הזכיר כי „שה פזורה ישראל", וחמימות התפילה שלו היתה מחממת את לבות המתפללים. לא כן החזן נחום. אף כי היה ידען בתווי־נגינה והיתה לו מקהלה מסודרת וממושמעת בת ארבעה „קולות": סופרן, אַלט, טנור ובאַס, היה כוחו בעיקר באמירת התפילות המעוררות בכי, ובימים נור־אים היה מתבל אמירה־שירה זו בבכי גדול.

## מקהלת החזן

מבין הנערים משוררי המקהלה זכורים לי יפה: פסח שיימאָס ומשה׳קה בן החזן — סופ־רנים; בנו הבכור של החזן אליהו וזיידקה בן קופל המלמד — אַלטים. בין האַלטים הצטיין אברהמ׳ל שמואל׳ס, אחי סנדר „דער שרייבער" (כך קראו למורה שלימד לכתוב מכתב באידיש וכתובת ברוסית). הטנורים והבאסים היו מאלה שבאו לגוניונדז ללמוד אצל החזן־שוחט את מקצוע השחיטה, וברוב שעות היום בימי השבוע היו יושבים בבית־המדרש ולומדים גמרא. בין אלה היו שני בני בנותיו של החזן וחתנו (לעתיד) נחום וילקומירסקי (אבי הזמר אברהם וילקו־מירסקי). נחום היה בחור תורני ומשכיל, יושב בבית־המדרש בערבים ולומד בהתמדה. אתי, אחד הנערים הלומדים בבית־המדרש וקורא גם עתון עברי, היה וילקומירסקי משוחח לפעמים על דא והא. וילקומירסקי נסע אחר־כך לגרמניה לשם השתלמות בזמרה ובמוסיקה, בעיקר בשירה הדתית, ונתפרסם אחר־כך כאחד החזנים המעולים.

לפי בקשת חובבי זמרה והמתפללים בבית־המדרש היו לפעמים נערי המקהלה חוזרים בימי החול ב„קהל־שטיבל" על פרקי זמרה מתפילת חג, שבת ר"ח ושבת „פרשת שקלים". הקהל היה נהנה משירתם ומעניק להם שבחים ומַהלָ־לים, והיה זה שכרם של הזמרים־הנערים האלה.

## „בעל המוסף" — מאיר בודנר

בעל „חזקה" למוסף ראש־השנה היה מאיר בודנר (מכפר בודנה), יהודי בעל קומה נמוכה וזקן־שיבה ארוך. קהל המתפללים סבל מ„חזקה" זו, אך מי יעז להתנגד לבעל „חזקה" של עשרות שנים! מסגולות הש"ץ: זקנו מגודל, פרקו נאה וקולו נאה. אצל מאיר בודנר לא היה כלל מקום לסגולה אחרונה זו... מיום שזכרתי אותו מימי ילדותי היה קולו עולה מתוכו „כאוב מארץ". שמעו רק נשיפות פה: „אוי אוי" ושוב „אוי אוי". לא קול ענות גבורה ולא קול ענות חלושה — רק אנחות „אוי אוי" ותו לא. זוכרני, פעם במוסף ראש־השנה כשעמד זאב קמנצקי (וולוויל), בחור צעיר אז, על־יד עמוד הש"ץ מימינו, מול אביו הרב ר׳ גדליה קמנצקי ז"ל, שמקומו היה בפינת המזרח מימין

לארון הקודש, והקשיב לתפילת הש״ץ: „בראש השנה יכתבו״, אוי אוי, „מי באש״ — קיבל מיד ימינו של הש״ץ מאיר בודנר, שהיה עושה נפלאות בפרישת ידיו הארוכות לפי קצב התלהבותו — „סטירת אש״ בראשו עד שכובעו עף למעלה. כל הקהל לא יכול להתאפק מצחוק, אף כי זה היה באמצע „ונתנה תוקף״...

### תפילת המוסף של החזן נחום ביום הכיפורים

לא כן היתה תפילת החזן נחום — בעיקר במוסף יום הכיפורים. לבוש קיטל לבן ומעוטף טלית מעל לכיפת הקטיפה שלו, היה מתחיל בקול רם (טנוֹר לא מהודר ביותר) „הנני״ וניגש בצעדים איטיים בקול רווי בכי לעמוד, והמשוררים עונים לעומתו במקהלה — „הנני העני ממעש״. הרגישו כי תפילה זו יש בכוחה לפתוח שערי שמים, ושערי רחמים לא נגעלו...

אינני יכול לשכוח עד היום את תפילתו „והכהנים״. בילדותי, כשהייתי רואה את החזן כורע בקול רעש על ברכיו ונופל בפישוט ידים ורגלים על הרצפה, מכוסה כולו מעל לראשו בטליתו הארוכה, ומתחת הטלית פורצים קולות בכי ויללה, ומקהלת המשוררים מעל הבמה על־יד העמוד מחזיקה אחריו בקולות מרובי־גונים, וכולם — שירת תוגה אחת: אַי־אַי־אַי, — הייתי כולי נרעש ונפחד. הייתי חושש שהחזן התעלף (מקרי התעלפות ביום הכיפורים בין המתפללים, מחולשת הצום, לא היו נדירים). בדפיקות־לב הייתי מחכה עד שירימו את החזן מנפילת כורעים, וכשקם החזן והמשיך בתפילתו כרגיל — שאפתי רוח לרווחה.

„נער הייתי וגם זקנתי״ ומאז ועד היום כשמגיע הש״ץ לתפילת „והכהנים״ (והיום הש״ץ אינו מרעיש עולמות לא בקול בכיו ולא בנפילת כורעים...) עלי להתגבר על התרגשותי.

החזן נחום עם משורריו היו עושים נפלאות בתפילת „ונתנה תוקף״, „כבקרת רועה עדרו״. כל הקהל היה מוקסם משירה זו ומזמר אַחריהם בלחש. היה בה משום עידוד לנפשות התשושות מצום ומ„תוקף קדושת היום״. (בתפילת ראש־השנה היה הקהל נהנה במיוחד מן הזמר הריקודי של „מלך עליון״, מנעימת־המאַרש העליזה של „ויאתיו כל לעבדך״ ומן המנגינה המלאה התחטאות והתרפקות, געגועים והש־תפכות הנפש של „הבן יקיר לי אפרים״).

### נעילה

ביום הכיפורים היתה רצפת בית־הכנסת מוצעת בשכבת תבן עבה להקלת עמידתם של המתפללים חלוצי הנעלים. וכך היה גם במס־דרון בית־הכנסת ואגפיו. אחרי תפילת „המוסף״ היתה הפסקה גדולה. המתפללים נחים מי במקום שבתו ומי על מצע התבן במסדרון. ובמזג־אוויר יפה יוצא רוב הקהל מפתח בית־הכנסת להר ליהנות מאוויר צח ויפי־נוף מסביב. רבים משתטחים על הדשא, שכבר התחיל מצהיב. זוכרני, כשהייתי בן שתים־עשרה, החלטתי לצום כל יום הכיפורים. במסדרון על יד הקיר הפנימי ישבו לנוח על ספסל ארוך מוֹטקה גרשונ׳ס (מרדכי קליאַפ), זלמן בן הרב ואחי הבכור יצחק — כולם זכרם לברכה. אני שכבתי לרגליהם על מצע התבן והיטיתי אוזן לשי־חתם. אחי סיפר להם שאני צם, והם התחילו לדבר על לבי שאלך לסעוד את לבי. אולם לא שמתי לב לשידולם והמשכתי בצום. אמנם, כשהגיעה שעת נעילה הייתי כבר עייף וסובל יסורי רעב. אך כשהתחיל החזן את קדיש הנעילה בניגון המסורתי — ניגון של תחינה, התרפקות ועידוד, עבר את כל הקהל, ואותי בתוכו, זרם של עוז ומרץ, ביטחון ותקוות נצחון, וכולם החרו החזיקו אחרי החזן ומקהלתו בהתרוממות רוח ועליית נשמה. חושבני, שכמוני אף קהל המתפללים שכחו את עייפות הצום וסבל הרעב. כל חלל בית־הכנסת היה מלא ניגון הקדיש של נעילה, ניגון נשגב מלא הוד.

### מוצאי יום הכיפורים

אחרי תפילת מעריב נשארו עוד רבים מהמתפללים לקידוש לבנה על ההר. מתוך הנהר נשקף ירח חיוור, הוזה נרדם, כאילו גם הוא צם ביום הכיפורים. ברגלים כושלות מיהרתי הביתה לשבור רעבוני. בעברי את השוק נפ־גשתי עם יודל מדוליסטוֹבוֹ. הוא הלך לאכסניה שלו לאכול סעודת מוצאי יום הכיפורים. כשראני יודל רץ „ביעף״ הביתה, אמר לי בחיוך: „שתאכל לתיאבון״...

### סיום

מאז כבר גלגל הנהר בּוֹבר מים רבים לנהר נארווה. עברו עלי שתי מלחמות־עולם, מהפכות ונדידות ממקום למקום עד שזיכני ה׳ לעזוב את הגולה, לעלות לארץ־ישראל ולהיות אזרח במדינת ישראל. ומאז ועד היום עדיין שמור בלבי זכר אותם „ימים נוראים״, לא נפגם טעמם ולא פג ריחם, ואני חוזר וחי אותם בכל מלוא הוויתי מדי בואם מימים ימימה...

---

אברהם יפה

# אמאל אין גאניאנדז

(אביגטל זכרונות)

### פאַרוויילונג אין שטעטל

אונדזער שטעטל האָט ניט געוווּסט פון טעאַטער און קאָנצערטן, ווי אין דער גרויסער וועלט. צווישן דער שטעטלשער יוגנט האָבן זיך געפונען אַ גרופּע „ליבהאָבער״, וועלכע פלעגן אויפפירן פון צייט צו צייט אַ טעאַטער פאָרשטעלונג. מ׳האָט געשפּילט גאָלדפאַדנ׳ס: „דוד און גלית״, „בר־כוכבא״ א. אַנ. כ׳געדענק, די ראָל פון „מיכל בת שאול״ אין „דוד און גלית״ — האָט געשפּילט זרח שיימעס (טיקאָצקי), וועלכער פלעגט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ מיידל. אין יענע יאָרן, האָט מען זיך ניט דערוועגט צו באַטייליקן מיידלעך אין אַ פאָרשטעלונג. דער שפּיל־סעזאָן איז געווען, מערסטנס, פּורים־צייט; דער פּלאַץ — איטשע אַנשל׳ס גרויסער שפּייכלער, אין דער געסל אַקעגן דעם כּומר׳ס גאָרטן. עס זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אָוונטן דורך די ציוניסטן. אין דער פּראָגראַם: אַ רעדע, דעקלאַמאַציעס, און אַ ליבהאָבער־כאָר וואָס פלעגט זינגען ציון־ און פאָלקס־לידער. די הויפּט־זינגער זיינען געווען שיימעס זין: יאָסל, זרח און פסח. אָבער איין הויז אין שטעטל איז געווען דער צענטער פון געזאַנג אַ גאַנץ יאָר, ספּעציעל פאַר ימים־טובים, דאָס איז געווען די וווינונג פון חזן ר׳ נחום אַמדורער (אין אברהם־משה׳ס הויז) אַקעגן דער פּאָסט, עק דאָליסטאָווער גאַס, אויפן וועג וואָס האָט געפירט צו דער שעכטהויז (באַינע) פון דער אידישער קהילה.

### אַ מוסר־השכל

דער חזן ר׳ נחום אַמדורער איז געווען פון אַ מיטלמעסיקער הויך, אַ באָרד־לאָזער, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ שוואַרצער „טאַטישער״ היטל אויפן קאָפּ. ער איז אויך געווען אַ שוחט. ער און יאַנקל דער שוחט פלעגן טאָג־טעגלעך גיין אין שעכטהויז. די כפרות ערב יום־כיפור פלעגט מען ברענגען צו זיי אַהיים. האַרבסט־צייט, אין סעזאָן פון גענדז־ און קעלבער־האַנדל, פלעגן זיי אַרומגיין איבער די הייזער און שעכטן. כ׳געדענק, אין מיין קינדהייט, בין איך מיט אברהם־משה׳ן, יאַנקל דעם שוחט׳ס זון, אַמאָל געגאַנגען מיט זיין טאַטן אין שעכטהויז, זען ווי מען שעכט. ווען מיר זיינען צוריקגעגאַנגען אַהיים, האָט אונדז באַגעגנט אין מיטן וועג, הינטער דער שטאָט, אַ גוי. מיר, קליינוואַרג, האָבן זיך גלייך צוגעטוליעט צו אונדזער פּאַטראָן, יאַנקל דעם שוחט, מחמת שרעק פאַרן גוי. אָבער אויך ער, אונדזער באַשיצער, איז געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער. ווען דער גוי איז פאַרבייגעגאַנגען האָט ער זיך פאַר אים טיף פאַרנייגט און אים באַגריסט הכנעה׳דיק מיט אַ „דזיען דאָברי!״ אויף וועלכן דער גוי האָט באַוויליקט צו ענטפערן, ניט קוקנדיק אין אונדזער זייט. נאָכדעם האָט אונדז יאַנקל געפּרעדיקט אַ מוסר־השכל: ווען אַ איד גייט פאַרביי אַ גוי, דאַרף ער אים באַגריסן. דעמאָלט קען ער זיין זיכער אַז ער וועט אים קיין שלעכטס ניט טאָן.

דער בילד פון פאַרגאָסענעם בלוט אין שעכטהויז און די באַגעגעניש מיטן גוי — ביידע איבערלעבונגען אינאיינעם האָבן ניט וויניק פאַראומערט אונדזער קינדערשן געמיט.

## די שטעטל און דעם חזנ׳ס וווינונג אום חודש אלול

אין די אלול־טעג, פאַר די „ימים נוראים״, ווען אויך „אַ פיש ציטערט אין וואַסער״, איז דעם חזנ׳ס וווינונג פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין אַ „מוזיק־טעמפל״, וועלכער האָט צוגעצויגן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט פון קליין און גרויס. אין יענע טעג פלעגן דער חזן מיט זיין כאָר זיך גרייטן צו די ימים־נוראים׳דיקע תפי־לות און איינזינגען אַלטע און נייע ניגונים. די אלול־ווינטן וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון האַרבסט און דער קול פון שופר האָבן אַ סך צוגעגעבן צו דער טיף־ערנסטער שטימונג וואָס האָט באַהערשט די אידישע באַפעלקערונג. אידן האָבן אָנגעהויבן מאַכן אַ חשבון־הנפש. די תשובה־טעג דערנענטערן זיך, מ׳דאַרף זיך גרייטן צום יום־הדין. ווויל איז דעם וואָס איז גרייט!

דער פאַקטישער ימים־נוראים סעזאָן פלעגט זיך אָנהויבן מיט שבתצונאַכט פאַר ראש־השנה, די ערשטע סליחות־נאַכט. דער אַריינפיר איז געווען שבת פאַרנאַכט, ווען דער חזן מיטן כאָר פלעגן זינגען דעם קאַפּיטל תהילים „למנצח בנגינות מזמור שיר״ (ס״ז), איין יאָר אין בית־מדרש, דעם צווייטן — אין שול. נאָך היינט צוטאָג קלינגען מיר אָפּ די פסוקים: „יודוך עמים, אלהים, יודוך עמים כולם!״... „ארץ נתנה יבולה, יברכנו אלהים אלהינו״. — עפּעס אַ זיסער פחד פלעגט דעמאָלט שוועבן אין דער שבת־פאַרנאַכטיקע פינצטערניש פון שול, עלעהיי „וגילו ברעדה״!...

## די בית־מדרש געסל און דער בית־מדרש

פון מיין קינדהייט געדענק איך די געסל, וואָס האָט געפירט פון מאַרק צום בית־מדרש און שולבאַרג (צווישן די קראָמען פון גרשון־לייב און חיים קאַפּעלמאַן פון איין זייט, און יענטע חיה־פייגלס — פון דער אַנדערער זייט).

אין אָנפאַנג פון איצטיקן יאָרהונדערט, האַרבסט־צייט, אין די גרויסע רעגנס, איז די געסל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טיפער בלאָ־טע. אין אַזאַ האַרבסטיקער שטאָק־פינצטערער נאַכט, בין איך אַמאָל געגאַנגען אין בית־מדרש לערנען גמרא. טאַפּשענדיק אין דער טיפער בלאָטע, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אָן קלעצער, ביי משה־דינקעס הויז, אומגעפאַלן און אויס־געשמירט זיך אין בלאָטע. אַריינגייענדיק אין בית־מדרש פאַרבלאָטיקט און שוואַרץ ווי אַ נעגער, האָט מיר דערזען מרדכי דער אונטער־שמש, פאַר וועמען קינדער האָבן מורא געהאַט „אימת־מות״... ער האָט פונקט דעמאָלט גע־הייצט דעם גרויסן אויוון, וואָס האָט פאַרנומען אַ דריטל פון דער בית־מדרש וואַנט, מיט גרויסע און גראָבע שטיקער האָלץ. ווען דער אויוון איז שוין געווען אויסגעהייצט, פלעגט דער שמש פאַרמאַכן די טירל און שיבער און גיין אַ היים. ערשט דעמאָלט פלעגט זיך אָנהויבן פאַר די בית־מדרש בחורים אַ „לעבן״. זיי פלעגן בראָטן קאַרטאָפל אויף די הייסע קוילן. אַמאָל האָט נאָך איינער מיטגעבראַכט אַ הערינג אָפּ־צובראָטן, איז שוין געווען ששון ושמחה. אַז מרדכי האָט מיר דערזען האָט ער מיר גלייך צוגעטראָגן דעם שוואַרצן נאַסן האַנטעך, וואָס פלעגט הענגען נעבן כיור (האַנטפאַס) פון ערב־שבת ביז ערב־שבת, און די מתפללים פלעגן מיט אים ווישן די הענט זאָגנדיק „אשר יצר״... מיטן דאָזיקן האַנטעך האָב איך זיך טרוקן געמאַכט, אָדער ריכטיקער: נאַס גע־מאַכט...

## די ערשטע סליחות־נאַכט אין בית־מדרש און אין שול

מיטן אויסברוקירן די בית־מדרש געסל, איז אויך געקומען די באַלייכטונג פון וועג צום שולבאַרג. דער ענערגישער גבאי אליעזר (לייזשקע) ניעוואַדאָווסקי, וואָס האָט אויסגע־פירט געוויסע אויסבעסערונגען אין שול, האָט אַוועקגעשטעלט סלופּעס מיט גרויסע נאַפט־לאָמפּן, וואָס פלעגן באַלויכטן דעם צוגאַנג צו דער שול.

די ערשטע סליחות־נאַכט פלעגט בנימין דער סופר זיי אָנצינדן פאַר אַ האַלבע נאַכט.

אַ גאַנץ יאָר פלעגט מען זיי אָנצינדן נאָר צו די אָונטן פון שבתים און ימים־טובים (אין יענע יאָרן איז עס געווען די איינציקע גאַסן־באַלייכטונג אין דער גאַנצער שטעטל). די ערשטע סליחות־נאַכט איז געווען אַ „וואַך־נאַכט" ביי ר׳ נחום דעם חזן אין וווינונג. זיינע משוררים פלעגן זיך צונויפקלייבן באַלד נאָך הבדלה, און ביז חצות רעפעטירט די געזאַנג־טיילן פון די סליחות. די חזנ׳טע פלעגט מכבד זיין די משוררים מיט „טיי מיט מילך" (אַ סגולה צו אַ קלאָרער שטימע). פאַרענדיקט די הכנות פלעגן די משוררים אַרויפקריכן אויפן ברייטן באַק־אויוון אין קיך, כאַפּן אַ דרעמל ביז צו די סליחות.

נאָך פאַר 12 אַ זייגער, פלעגן זיך אָנהויבן ציען מענטשן אין בית־מדרש, צו די ערשטע סליחות, וואָס ווערן געזאָגט אום חצות. נאָך פונדערווייטן פלעגט זיך אָנזען די העלע ליכטיקייט, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן פון די בית־מדרש פענצטער. ביסלעכווייז האָט זיך צונויפגעקליבן דער עולם. אויך דער שטעטלשער גביר, כאַצקל ביאַליסטאָצקי מיט זיין זון חיים, אַ שילער פון גראָדנער גימנאַזיע, אָנגעטאָן אין די גימנאַזיסטישע קליידער מיט די בלישטשענדיקע קנעפּ — זיינען שוין געקומען פון זייער הויז, וואָס נעבן טאַרטאַק און דאַמף־מיל ביים טייך. מרדכי דער שמש לויפט אַרום אַ צעפלאָמטער איבערן בית־מדרש, ער דאַרף זען אויב אַלץ איז אין אָרדענונג. כאַצקל גיט אַ ווונק צו מאָטיע דעם מלמד, ער זאָל צוגיין צום עמוד. אויף דער בימה באַווייזן זיך דער הויפּט־שמש איטשע־לייב מיט זיין געהילף מרדכי. ס׳הערט זיך אַ הילכיקער קלאַפּ פון דעם הילצערנעם קלאַפּער אויפן טיש. ס׳ווערט שטיל. מאָטיע דער מלמד, איבערגעדעקט איבערן קאָפּ מיטן טלית, גייט צו מיט שווערע, ערנסטע טריט צום עמוד און הויבט אָן מיט זיין שטאַרקער שטים דעם טראַדיציאָנעלן „יתגדל ויתקדש"... דער גאַנצער בית־מדרש ווערט אָנגעפילט מיט אַ הייליק־ציטערדיקן געפּליסטער — אידן זאָגן סליחות מיט גרויס כוונה.

אַ שעה נאָכן פאַרענדיקן סליחות אין בית־מדרש, הויבט זיך אָן אַ באַוועגונג אין חזנ׳ס וווינונג. דער חזן וועקט אויף זיינע משוררים און גייט אַרויס מיט זיי אויפן וועג אין שול. דאָ און דאָרט שיינט אַרויס ליכט פון פענצטער. מען שטייט אויף צו סליחות. מ׳גייט פאַרביי דעם בית־מדרש, וואָס איז שוין ווידער פינצטער, אָבער די ליכט פון די גאַס־לאַמטערנעס אויפן שולבאַרג און די באַלויכטענע פענצטער פון שול, באַלייכטן דעם וועג.

די שול ווערט אָנגעפילט. דער שמש, בנימין דער סופר, שטייט שוין אויף דער בימה נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן און ליכט. דער חזן מיטן כאָר — ביים עמוד. מ׳הויבט אָן זאָגן סליחות, און ווען דער חזן מיטן כאָר הויבן אָן דעם „במוצאי מנוחה קידמנוך תחילה", און „לשמוע אל הרינה ואל התפילה", פּילט אָן דער געזאַנג די גאַנצע שול. אַלע זינגען מיט. אַרויסגייענדיק אויף אַ ווייל פון שול, בלייבסטו שטיין אויפן באַרג, אין דער נאַכט שטילקייט, פאַרוואונדערט. ליכטיקע שטערן פינקלען־ווינקען פון דער הויך. אונטן, ניט ווייט פון באַרג־פוס, טרייבט דער טייך באַבער זיינע טונקעלע כוואַליעס מיט אַ שטילן געפליסטער. אויף יענער זייט טייך שוואַרצן זיך די וועלדער, איינגעהילט אין דער נאַכט־פינצטערניש. נאָר פון צפון־מערב זייט אין דער ריכטונג צו דער פעסטונג אָסאָוויעץ, רייסט זיך אַרויס פון דער וואַלד־טיפעניש אַ שוואַכע ליכט אין איינער פון די הייזער אין די דערפער בודני, וואָלקי. אפשר אויך דאָרט שטייט אויף אַ איד אַ יישובניק צו סליחות. אַ טיפע שטילקייט הערשט איבער די ווייטן פון טייך און לאָנקעס. אַ פייגעלע האָט איינגעדרעמלט אין איר נעסט, די זשאַבע אין דער בלאָטע, הינטער דער באָד (געבויט פון רויטע ציגל און רויטע דאַכעוווקעס) האָט אויך אויפגעהערט צו קוואַקען. די שטייסט פאַרשיכורט אַקעגן דעם שוואַרצן האָריזאָנט אין דער נאַכט־שטילקייט, ס׳דוכט זיך אַז הימל און ערד הערן זיך צו שווייגנדיק „אל הרינה ואל התפילה". יאָ, דאָס איז די ערשטע סליחות־נאַכט פאַר אַ טייערער פרומער אידישער געמיינדע — אַלץ שווייגט פאַר איר אין הייליקער שטילקייט.

## דער פרימאָרגן נאָך סליחות

גלייך נאָך סליחות דאַוונט מען „ותיקין". אַרויסגייענדיק פון שול איז נאָך די גאַנצע שטעטל איינגעהילט אין אַ גרוי־ווייסלעכן נעפּל, אָבער די זון־שטראַלן רייסן זיך שוין דורך און די נעפּלען הויבן אָן אַרויפשטייגן אינדערהויך, ווי זיילן רויך פון קטורת. סליחות׳דיקע קטורת, שחרית־געבעט און וועקנדיקע שופר־שאַלונגען שטייגן אויף צום הימל. אין בית־מדרש געסל באַגעגענען זיך די וואָס גייען צוריק פון דאַוונען אין שול מיט די וואָס גייען צום דאַוונען אין בית־מדרש. דאָ און דאָרט עפנט זיך אַ טיר פון אַ קראָם; ס׳איז דאָך זונטיק און אַרומיקע גויים ציען זיך אין טיפּלע (תיפלה), און גייען אַריין עפּעס קויפן. אַ וואָכעדיקער טאָג איז געקומען אין שטעטל.

## די פאַר־ראש־השנה טעג

די גאַנצע וואָך פאַר ראש־השנה, ווערט געזאָגט סליחות פאַרטאָג. מ׳דאַוונט ותיקין און מען פאַרענדיקט מיט שופר בלאָזן. אין מאַרק שטייען פרויען הענדלערינס מיט גרויסע מול־טערס אויבס: עפּל, באַרן און פלוימען. באַזונדערס ציען־צו דעם אויג די צעשניטענע רויטע קאַווענעס (אַרבוזן), אין האַלבע און פערטלען, און די ווייטנטרויבן. ביידע געבראַכט ספּעציעל פון ווייטענישן צו דער „שהחיינו"־ברכה פון דער צווייטער נאַכט ראש־השנה. דאָס אַלץ שאַפט די ספּעציפישע ראש־השנה שטימונג אין גאַס און אין הויז.

אין בית־המדרש און שול זיינען די גבאים פאַרנומען מיט הכנות. מ׳פאַרקויפט „שטעט". אויך סתם אידן בלייבן אַ לענגערע צייט אין שול און בית־מדרש. מ׳דאַרף אַריינכאַפּן אַ קאַפּיטל תהילים, אַ פּרק משניות נאָכן דאַוונען. ס׳איז דאָך עפּעס ערב יום־הדין, דאַרף מען זיך גרייטן.

## די שול און בית־מדרש אום ימים־נוראים

דער נס פון בית־המקדש „עומדים צפופים ומשתחווים רווחים"... (שטייען צונויפגעפּרעסט און בוקן זיך גראַם) איז ביי אונדז אין שטעטל ניט געשען. ס׳איז געווען גאַנץ ענג אין שול און אין בית־מדרש. אַלע מנינים פון אַ גאַנץ יאָר זיינען פאַרמאַכט געוואָרן פאַר די ימים נוראים (אַ חוץ דער מנין ביי משה קראַמקאָוו־קער, און די קלייזל ביי גרשון־לייב). אויך דאָרפס־אידן, ישובניקעס, פון אַלע עקן פלעגן קומען מיט די פאַמיליעס אויף ימים נוראים; כאָטש אין די הייליקע טעג זיין צוזאַמען מיט „קהל" און אויסבעטן צוזאַמען אַ גוט יאָר. אין שול האָט מען די ענגשאַפט ניט אַזוי שטאַרק געשפּירט ווי אין בית־מדרש. די שול איז געווען הויך און לופטיק. אין בית־מדרש און אין פּאַליש איז געווען די לופט אַ שטיקנדיקע, פלעגט מען טאַקע עפענען ספּעציעלע פענצ־טערס אין פּאַלאָפּ, אַרויסצוציען די היץ. ס׳זיינען געווען צעפּיעשטשעטע בית־מדרש דאַוונער וואָס פלעגן זיך אַריבערקלייבן אין שול אויף ימים־נוראים.

דער חזן ר׳ נחום פלעגט דאַוונען איין טאָג יום־טוב אין בית־מדרש און דעם אַנדערן טאָג אין שול. אויך יאַנקל דער שוחט פלעגט דאַור־נען אין ביידע ערטער. מוסף אין שול האָט געדאַוונט מאיר בודנער. דער רב, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר געדאַוונט אין בית־מדרש פון דער רעכטער זייט ארון־קודש, פלעגט אויך אַריבער־גיין אין שול אויף ימים נוראים. זיין פּלאַץ אין בית־מדרש פלעגט פאַרנעמען דער שטעטלשער גביר, נדבן און שתדלן, כאַצקל ביאַליסטאָצקי (אָדער כאַצקל משה׳קעס).

## דער חזן ר׳ נחום און יאַנקל דער שוחט אַלס בעלי תפילות

יאַנקל שוחט איז געווען אַ חסיד. דער גאַרטל אויף זיין לאַנגער קאַפּאָטע און זיין באָרד און פּיאות האָבן אים צוגעגעבן אַ חסידישן אויסדרוק. אַז ער פלעגט אָנהויבן דעם „ברכו" פון מעריב מיטן „בים־באַם", האָט מען געשפּירט אַ חסידישן ברען. זיין געציקלטע שטים האָט אָפּגעקלונגען ווי דאָס מעקען פון אַ שעפּס און דערמאָנט אַז „שה פזורה ישראל", פלעגט די וואַרעמקייט פון זיין תפילה זיך צעגיסן אין די הערצער. אַקעגן־זשע האָט ר׳ נחום, וואָס איז געווען אַ נאַטן־קענער און געהאַט אַ גוטן כאָר פון פיר שטימען: אַלט, סאָפּראַן, טענאָר און באַס, זיך אויסגעצייכנט דער עיקר מיטן „זאָגן" פון די תפילות וואָס רופן אַרויס געוויין. דערביי פלעגט ער אַליין זייער פיל און הויך וויינען.



**חזנים און שוחטים**
זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס): ר׳ נחום דער חזן, ר׳ יאַנקל דער שוחט.
שטייענדיק: ר׳ וועלוול דער שוחט און יונגעלייט וואָס האָבן געלערנט שחיטה.

## דעם חזנ׳ס כאָר

פון די יינגלעך משוררים, געדענק איך גוט: פסח שיימעס און משה׳קע דעם חזנ׳ס — סאָ־פראַנען; דעם חזנ׳ס עלטסטער זון — אליהו און זיידקע קאָפּל דעם מלמד׳ס — אַלטן; פון די אַלטן האָט זיך אויסגעצייכנט אברהמ׳ל שמואל׳ס, אַ ברודער פון סענדער דעם „שרייבער". טע־נאָרן און באַסן — זיינען שוין געווען פרעמדע יונגעלייט, וואָס זיינען געקומען אין גאָניאָנדז לערנען שחיטה ביים חזן, און פלעגן פאַרברענ־גען אַסך שעה׳ן אין בית־המדרש לערנענדיק גמרא און הלכות שחיטה. צווישן זיי זיינען געווען צוויי דעם חזנ׳ס אייניקלעך און זיין צו־קינפטיקער איידעם נחום ווילקאָמירסקי (אַ פאָטער פון זינגער אברהם ווילקאָמירסקי). נחום איז געווען אַ געלערנטער בחור, אַ משכיל. פלעגט זיצן אין די אוונטן אין בית־מדרש און לערנען מיט התמדה. מיט מיר, איינער וואָס האָט שוין דעמאָלט געלייענט אַ צייטונג, פלעגט נחום שמועסן זייער אָפּט וועגן פאַרשיידענע ענינים. ווילקאָמירסקי איז שפּעטער אַוועק אין דייטש־לאַנד, שטודירט מוזיק, ספּעציעל רעליגיעזע, און איז דערנאָך געוואָרן אַ באַרימטער חזן (געווען חזן אין ביאַליסטאָקער כאָר־שול, דער־נאָך אין גרויסע שטעט אין דייטשלאַנד).

די מעלאָמאַנען אין שטעטל, פלעגן אַריינ־כאַפּן די משוררים אין קהל־שטיבל פון בית־מדרש און בעטן זיי זינגען די שבת־יום־טוב׳דיקע תפילות. מ׳פלעגט זיי אַסך אַפּלאָ־דירן און דאָס איז געווען זייער בעסטע באַ־לוינונג.

## מאיר בודנער — בעל מוסף

אַ „בעל חזקה" אויף מוסף ראש־השנה איז געווען מאיר בודנער (פון דאָרף בודנע), אַ מיטלוועקסיקער איד מיט אַ לאַנגער באָרד. דער עולם איז ניט געווען שטאַרק צופרידן פון זיין דאַוונען. נאָר ווער וועט זיך דערוועגן אַוועק־נעמען אַ „חזקה" פון צענדליקער יאָרן? פון די אייגנשאַפטן וואָס אַ שליח־ציבור דאַרף באַזיצן, האָט מאיר׳ן געפעלט איינע: די שטימע... זינט כ׳האָב אים געדענקט איז ער געווען הייזעריק און מען פלעגט הערן בלויז „אוי וויי" און ווידעראַמאָל „אוי וויי". ווען וועלוול קאַמענעצקי, דעם רב׳ס זון, דעמאָלט אַ יונגער בחור, איז געשטאַנען נעבן עמוד, אַקעגן זיין פאָטערס פּלאַץ אויפן מזרח, און זיך צוגעהערט צום: „בראש־השנה יכתבון", „מי

במים ומי באש"... האָט ער באַקומען פלוצלונג אַ פייערדיקן פאַטש פון מאיר בודנער'ס רעכ־טער האַנט, אַזש די היטל איז אים אַראָפּגע־פלויגן פון קאָפּ (מאיר בודנער פלעגט פון גרויס התלהבות „אַרבעטן" מיט די הענט). דער קהל האָט זיך ניט געקענט אָפּהאַלטן פון געלעכטער אין סאַמע מיטן „ונתנה תוקף"...

## ר' נחומ'ס מוסף אום יום־כיפור

גאַנץ אַנדערש איז געווען ר' נחומ'ס מוסף אין שול. אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל און איבער־געדעקט מיטן טלית, פלעגט ער אָנהויבן אויף אַ הויכן וויינענדיקן קול דעם „הנני" גייענדיק לאַנגזאַם צום עמוד, און די משוררים פלעגן אים ענטפערן: „הנני העני ממעש"... מ'האָט געפילט אַז זיין תפילה וועט עפענען די טויערן פון הימל. און אַז „די טויערן פון טרערן זיינען ניט פאַרשלאָסן".

איך קען ניט פאַרגעסן זיין „והכוהנים" פון דער „עבודת יום הכיפורים". ווען כ'האָב אים געזען פאַלנדיק „כורעים" אויסגעצויגן אויף דער פאָדלאָגע און פון הינטערן טלית ברעכן אויס קולות פון געוויין, און דער כאָר האַלט אונטער מיטן אומעטיקן נוסח'דיקן אַי־אַי־אַי, פלעג איך דערציטערט ווערן. כ'האָב מורא גע־האַט אַז דער חזן האָט געחלש'ט (פאַלן אין חלשות אום יום כיפור, איז ניט געווען קיין זעלטנהייט). מיט האַרץ קלאַפעניש האָב איך געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען מ'האָט אים אויפגעשטעלט אויף די פיס און ער האָט פאָר־געזעצט דעם דאַוונען.

יונג בין איך געווען און שוין אַלט גע־וואָרן — און פון דעמאָלט ביז היינטיקן טאָג ווען דער חזן קומט צו „והכוהנים" און „כור־עים" (כאָטש היינטיקע חזנים זיינען שוין ניט מרעיש עולם ניט מיט זייער געוויין און ניט מיט זייער כורעים־פאַלן) נעמט מיר אַדורך אַמאָליקער ציטער.

וווּנדער האָט ר' נחום באַוויזן אין „ונתנה תוקף" מיט זיין כאָר, דער „כבקרת רועה עדרו" האָט פאַרכאַפּט די מתפללים, וואָס פלעגן שטיל מיטזינגען און פאַרגעסן זייער תענית־פאַר־שמאַכטקייט (ראש־השנה פלעגן זיך די מתפללים קוויקן מיט זיינע מאַרש און טאַנץ־ניגונים פון „מלך עליון" און „ויאתיו כל לעבדך". באַ־זונדערס פלעגן זיי זיך איבערנעמען מיט זיין בענקשאַפטפולער, האַרץ־פאַרכאַפּנדיקער מעלאָ־דיע פון „הבן יקיר לי אפרים").

## נעילה

יום־כיפור פלעגט די פאָדלאָגע אין שול און פאָליש אויסגעבעט ווערן מיט פרישן שטרוי, צו פאַרלייכטערן דאָס שטיין אָן שיך אַ גאַנצן טאָג. נאָך מוסף איז געווען אַ גרעסערע הפסקה ווען דער עולם האָט גערוט, ווער אויף זיין פלאַץ און ווער אויסער דער שול, אין פאָליש. אין אַ שיינעם וועטער פלעגט מען אַרויסגיין אויפן באַרג זיך צולייגן אויפן גראָז און שעפּן פרישע לופט. געדענקט זיך מיר, אַז אַלס קינד פון צוועלף יאָר, האָב איך באַשלאָסן פאַסטן אַ גאַנצן טאָג. ביי דער הפסקה האָבן זיך צו־געזעצט אין פאָליש אָפּרוען מרדכי קליאַפּ, זלמן דעם רב'ס און מיין עלטערער ברודער יצחק (אַלע שוין זכרונם לברכה). ווען מיין ברודער האָט זיי דערציילט וועגן מיין באַשלוס צו פאַסטן, האָבן זיי אָנגעהויבן מיר איבעררעדן כ'זאָל גיין אַהיים אָפּפאַסטן, אָבער איך האָב זיי ניט געפאָלגט. ווען ס'איז געקומען צו „נעילה" בין איך געווען זייער אָפּגעשוואַכט, אָבער ווי נאָר דער חזן האָט אָנגעהויבן דעם קדיש פון „נעילה" מיטן טראַדיציאָנעלן ניגון פון געבעט, דערהויבונג און מוטיקונג, איז דער גאַנצער עולם ווי אָפּגעפרישט געוואָרן. מ'האָט מיטגעזונגען מיטן חזן מיט דערהויבנקייט און עליית־נשמה. אַלע, און איך בתוכם, האָבן פאַרגעסן דעם הונגער, מידקייט און שוואַכקייט. די גאַנצע שול איז פול געוואָרן מיטן דער־הויבענעם, הערלעכן ניגון פון נעילה.

## מוצאי יום־כיפור

נאָך מעריב זיינען נאָך אַ סך פאַרבליבן אויפן באַרג, מחדש זיין די לבנה. פון טייך האָט אַרויסגעקוקט אַ בלאַסע דרעמלענדיקע לבנה, פונקט ווי זי וואָלט מיטגעפאַסט מיטן עולם. איך האָב זיך ווי ס'איז געשלעפּט אַהיים אָפּ־פאַסטן. פאַרבייגייענדיק אין מאַרק האָב איך באַגעגנט יודל דאָליסטאָווער, ער איז געגאַנגען שנעל אין זיין אכסניה אָפּפאַסטן. ווען ער האָט

מיך דערזען האָט ער מיר באַגריסט מיט אַ שמייכל: מיט אַ גוטן אַפּעטיט!...

## ענדע

זינט דעמאָלט זיינען אַ סך וואַסערן אַריבער־געפלאָסן פון באָבער אין נאַרעוו. כ'האָב דורכ־געמאַכט צוויי וועלט־מלחמות, רעוואָלוציעס און וואַנדערונגען, ביז איך האָב זוכה געווען עולה צו זיין אין ארץ־ישראל און ווערן אַ בירגער פון מדינת ישראל. אָבער יענע היימישע ימים־נוראים לעבן נאָך פריש און ניי אין מיין זיכרון ווי כ'האָב זיי איבערגעלעבט דעמאָלט אין דער אַלטער היים.

פון העברעאיש: מ. גואלמן

גאָניאָנדז — אַ שניי אין יוני 1918



משה באכראך

# דריי בעלי־תפילות

## פאָרוואָרט

אונדזער אידישער לעבנסשטייגער איז אַמאָל געווען זייער רייך אין אייגנאַרטיקער מוזיק. אַ שפע פון מוזיקאַלישע קלאַנגען האָבן באַגלייט אַ אידן פון וויג ביזן „גוטן אָרט”. אַלע זיינען באַווירקט געוואָרן פון די אידישע געזאַנגען — פריילעכע און אומעטיקע, ערנסטע און שפּאַסיקע, רעליגיעזע און סעקולערע (וואָכעדיקע). אַ גוטער מגיד, למשל, פלעגט אויסזינגען זיין דרשה, און דער גמרא ניגון איז דאָך אַלעמען וווּיל באַקאַנט. אַ באַזונדערס שטאַרקן רושם האָבן אָבער געמאַכט אויף אַלעמען די קאָלעקטיווע מוזיקאַלישע איבערלעבונגען אין שול און אין בית־המדרש. און גליקלעך איז געווען די שטעטל וואָס האָט געהאַט אַ טאַלאַנטפולן חזן, געפילפולע בעלי תפילות און מוזיקאַלישע בעלי־קריאה׳ס.

פאַר דעם געדענקען פון די מערסטע פון אונדז — דער דור וואָס האָט געלעבט אין גאַניאָנדז ביז אַרום 1920 — האָבן אין דעם מוזיקאַלישן לעבן פון אונדזער שטעטל, דורך דער שול און דעם בית־המדרש, געהאַט אַ גאָר גרויסן חלק דריי מענטשן: דער חזן ר׳ נחום, יענקל דער שוחט און אלעזר זאַקימאָוויטש.

## דער חזן

דער חזן ר׳ נחום איז געווען אַ געשולטער מנגן מיט אַ „זיסער” שטימע און מיט אַ טאַלאַנט פאַר צונויפשמעלצן תפילות מיט מוזיק אויף אַזאַ אופן אַז עס זאָל מיטרייסן אַ גאַנצע עדה מיט אידן, אַזוי אַז אַלע זאָלן אונטער זיין כישוף זיך פילן דערהויבן און זאָלן געניסן אין אַ גרויסער מאָס פון דער רעליגיאָזיטעט וואָס אין מוזיק און פון דער מוזיק וואָס אין רעליגיע.

אויף אַרויסצוברענגען די פולע שיינקייט פון נוסח — פון די סקאַרבאָווע ניגונים מיט וועלכע יעדער איד איז באַקאַנט — פאָדערט

„אליהו הנביא” *

* דעמדאָזיקן ניגון, האָב איך אַלס קינד געהערט פון בנימין דעם סופר, ביים צושליסן די שול אין אַ שבת׳צונאַכטס, — מ. ב.

זיך אַ מייסטערשאַפט. ווארום ביי געוויינלעכע בעלי תפילות קומט עס אַרויס מעכאַניש, ווי „קאָרעקט" זיי זאָלן עס ניט אויסזינגען. איז אויף נוסח דער חזן געווען אַ האַרציקער מנגן. אָבער אַן אמת'ער קינסטלער איז ער געווען ביים זינגען ספּעציעל חזנישע קאָמפּאָזיציעס, און טאַקע פון „בלאַט" (נאָטן)... אַזאַ קאָמפּאָזיציע, למשל, איז געווען דער „אל מלך יושב" צו נעילה וואָס ער פלעגט זינגען פייערלעך און „דראַמאַטיש". די איבערגעפּאַקטע שול מיט אידן, וואָס זיינען שוין דעמאָלט געווען שלאַף פון דעם תענית, פלעגט ממש אויפגעלעבט ווערן. אַלע מתפללים פלעגן קריגן פרישן מוט און דעם בטחון אַז — — — „מוחל עוונות עמך". אַלץ איז פאַרצייט און פאַרגעבן...

און ווער פון אונדז געדענקט עס ניט ווי אויפריכטיק און רירנדיק ר' נחום פלעגט אָפּריכטן די תפילה „הנני העני ממעש", דורכגייענדיק די גאַנצע לענג פון דער שול, פון טיר ביזן עמוד, מיט געבעט און געזאַנג, אָנגעטאָן אין ווייסן קיטל, און דער פּנים איבערגעדעקט מיטן טלית?! ווער האָט עס דעמאָלט ניט מיטגעפילט מיט אים, דעם שליח־ציבור, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַזאַ געוואַלטיקע אחריות — צו עפענען די הימלען פאַר אַ גאַנצער עדה אידן?!

און אַז דער גאָניאָנדזער חזן האָט געקענט פאַרנעמען אַ שטעלע אין אַ גרויסער שטאָט האָבן מיר איינגעזען, בעת דער מלחמה, אין 1914, ווען מחמת דער נאָענטקייט פון „פראָנט" איז מען נאָך ראש־השנה זיך צעלאָפן פון שטעטל און אויך דער חזן איז געווען צווישן די גאָניאָנדזער „היימלאָזע" אין ביאַליסטאָק.

מסתמא איז אין דער גרויסער ביאַליסטאָקער שול געווען פון פריער צוגעגרייט אַ בעל שחרית אויף יום־כיפור. פונדעסטוועגן, אַז מען האָט זיך דערוווּסט פון ר' נחום'ען האָט מען אין דער לעצטער מינוט געביטן דעם פּלאַן און אים פאַרגעשלאָגן צו דאַוונען שחרית. פאַרשטייט זיך אַז דער חזן איז פון דעם געווען גליקלעך און אַז גאָניאָנדז איז געווען שטאָלץ אויפן כבוד וואָס ביאַליסטאָק האָט צוגעטיילט אונדזער חזן.

ווען ר' נחום איז אין 1915 געשטאָרבן איז קינד־און־קייט געגאַנגען צו דער לוויה. די „מיטה" מיטן בר־מינן האָט מען אַריינגעבראַכט אין בית־המדרש און אַרויפגעשטעלט אויף דער בימה, און ווען דער גאָניאָנדזער רב, ר' צבי הירש וואָלף, האָט דעם חזן מספּיד געווען האָט ער אַליין געוויינט ווי אַ קינד — און די גאַנצע עדה מיט אים...

## יאַנקל דער שוחט

„קול דממה דקה" — אַזוי וואָלט איך כאַראַקטעריזירט יאַנקל דעם שוחט'ס דאַוונען. אַ גאַנץ יאָר פלעגט ער צום עמוד ניט צוטרעטן, בלויז אין די ימים נוראים פלעגט ער דאַוונען מוספים.

דער שוחט איז געווען אַ בעל־תפילה וואָס האָט זיך ניט געחזנ'ט... ער האָט געדאַוונט מיט געפיל, אָבער ער איז ניט געווען קיין „בעל בכי", קיין וויינער. ער פלעגט זיך האַלטן ביים נוסח, און נאָר די פּיוטים, פאַר וועלכע עס איז ניט געווען קיין סקאַרבאָווער ניגון פלעגט ער זינגען מיט ניגונים וואָס ער פלעגט ערגעץ נאַשן. קיין גרויסער „מפונק" איז ער אין דעם פּרט ניט געווען. אַזוי, למשל, האָט ער „ויאתיו כל לעבדך" געזונגען מיט אַ „פּיעכאָטנעם" מאַרש — און אַלע מתפללים האָבן מיט אים „מיטמאַרשירט" צום טאַקט...

יאַנקל דער שוחט איז געווען אַ ליבער מענטש, אַ תלמיד־חכם, און מיט אַ חוש פאַר הומאָר. איינמאָל, אין אַ שמחת־תורה, האָט ער אַריינגעבראַכט שפּאַסיקע פרייד אין שטעטל ווען ער איז אַרויפגעגאַנגען צום ארון קודש, ביים סוף פון דאַוונען, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום עולם אין אַ פּאָזע ווי צום דוכנ'ען, און מיטן ניגון פון „יברכך" אַריינגעפּאָרן אין „שהכל נהיה בדברו"... פאַרשטייט זיך אַז קיין ברכה לבטלה איז עס ניט געווען; ער האָט גלייך אַרויסגעצויגן פון אונטערן טלית אַ פלעשעלע שנאַפּס און דערפון אַ גוטן זופּ געטאָן.

צווישן ר' נחום דעם חזן און יאַנקל דעם שוחט איז געווען אַן אידילישע פריינטשאַפט. ביידע זיינען זיי געווען שוחטים, אָבער לחלוטין ניט קיין קאָנקורענטן. ס'קען זיין אַז איין שוחט וואָלט געקלעקט פאַר גאָניאָנדז אַלע טעג פון

יאָר, אָבער ערב יום־טוב און באַזונדערס פאַר יום־כּיפּור צו די כּפרות האָט מען טאַקע באַדאַרפט האָבן צוויי. אונדז, קינדער, האָט עס דעמאָלט שטאַרק געחידוש׳ט, וויאַזוי אַזעלכע מילדע מענטשן קענען אַריינכאַפּן אַ חלף אין מויל — פאַרן הענטל, פאַרשטייט זיך, — געבן אַ דריי־איבער די הון מיטן העלדזל אַרויף, אַ פליק עטלעכע פעדערן, „כיק" — און אַ וואַרף אויף דער ערד...

מען האָט יאַנקל דעם שוחט ליב געהאַט און מכבד געווען אין גאַניאַנדז, ווי נאָר אַ אידישע שטעטל קען ליב האָבן און מכבד זיין אַ האַרציקן מענטשן, וואָס איז אַ נוח לבריות און אַן אָנקענטיקע פיגור אין דעם רעליגיעזן לעבן פון דער געמיינדע.

אין 1933 איז יאַנקל דער שוחט דורכגעפאָרן ניו־יאָרק אויפן וועג פון שיקאַגאָ קיין ארץ־ישראל, וווּהין ער איז געפאָרן אויסלעבן זיינע לעצטע יאָרן. ער האָט זיין ווונטש דערגרייכט: קורץ נאָך זיין אָנקומען אין דעם הייליקן לאַנד, און דער שטאָט פון די מקובלים — אין צפת — איז ער געשטאָרבן. און ווי פון דער השגחה צוגעשיקט, האָט אים צוערשט באַגעגנט — און נאָכדעם „באַגלייט" — דער דריטער גאַניאַנדזער בעל־תפילה — אלעזר זאַקימאָוויטש, וועלכער האָט שוין זינט עטלעכע יאָר געהאַט געוווינט אין דעם קיבוץ אילת־השחר, וואָס איז זייער נאָענט צו צפת.

## אלעזר זאַקימאָוויטש



אלעזר זאַקימאָוויטש

מיין פעטער אלעזר איז געווען אַ בעל תפילה וואָס איז פאַרליבט אין חזנות. „געמאַכט אַ לעבן" האָט ער פון אַ „בשמים־קראָם", ווו איר האָט אגב געקענט קויפן — — הערינג, גאַזע און אפילו דזשעגאַכץ אויף צו שמירן שטיוול, אָבער דערהאַלטן ביים לעבן האָט אים דער עמוד — אין שול. אלעזר איז געווען דער גרעסטער „נאַשער" אויף חזנישע שטיקלעך. און זיין זיכרון אויף די זאכן איז ממש געווען צו שטוינען. עס איז רעכט געווען אַז ער זאָל איינמאָל עפּעס האָבן געהערט פון אַ חזן אָדער פון אַ נאָכזאָגער — און עס איז שוין געווען זיינס לעולם ועד.

אויב מיר אַלע האָבן דעם חזן שטאַרק ליב געהאַט און אים געשעצט, האָט אים אלעזר ממש פאַרגעטערט. אַלץ וואָס דער חזן האָט געזונגען אין גאַניאַנדז האָט מען געקענט הערן פון אלעזר׳ן פריער ביים זעלבן עמוד — אין שול, און מיט יאָרן שפּעטער — אין קיבוץ אַילת השחר, אין ארץ־ישראל, ווו אלעזר און זיין פרוי רבקה (רחל משה׳ס) האָבן געלעבט

בכבוד, ווי עלטערן פון חלוצים.

דער סדר איז געווען אַז דער חזן פלעגט ווינטער דאַווענען בלויז אין בית־המדרש. דאָס האָט אינגאַנצן פריי געמאַכט דעם עמוד אין שול פאַר אלעזר׳ן, איז ער דאָרטן געווען דער „במקום חזן״ פאַר דעם מנין האַלב דערפרוי־רענע שול־פּאַטריאָטן. נאָכדעם ווי דער חזן איז געשטאָרבן איז ער געווען זיין „יורש״, סיי פון דעם עמוד אין שול און סיי פון דעם חזנ׳ס גאַנצן „רעפּערטואַר״. דעם חזנ׳ס גייסט האָט אַזוי־אַרום געשוועבט אין שול נאָך אַ צאָל יאָרן, ביז אלעזר איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ווי אַן עלטערער מענטש האָט אלעזר אין קיבוץ ניט געדאַרפט אַרבעטן פליכטסמעסיק, אָבער ער איז געווען זייער אינטערעסירט זיך בוצלעך צו מאַכן — האָט מען אים געגעבן גרינגע פונקציעס דורכצופירן. דאָס האָט אים שטאַרק באַפרידיקט.

ווי עס איז באַקאַנט האַלט מען עלטערן זייער בכבוד׳יק אין די קיבוצים. זיי האָבן דאָרטן די זעלבע פריווילעגיעס ווי עס האָבן קינדער — אין פרט פון שפּייז און באַקוועמ־לעכקייטן. האָט איר אלעזר׳ן געקענט טרעפן אין קיבוץ ביי אַ ספר אין מיטן טאָג, און אַביסל שפּעטער אַכטונג געבנדיק אויף דער גרויסער פּאָמפּע, כאַפּנדיק בעת מעשה אַ דרעמל... איינמאָל ווען ער האָט זיך אויפגעג־כאַפּט פון אַזאַ „שמירה״ האָט ער דערזען פאַר זיך אַ שלאַנג וואָס קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין — האָט ער נאָכדעם געבענטשט גומל...

נאָך גאַניאַנדזער שול צו דאַווענען פאַר אַ מנין אין אַ קיבוץ איז פאַר אלעזר׳ן דעם בעל תפילה זיכער געווען אַ ירידה, אָבער ער האָט אָן צווייפל געהאַט אַ גרויסע פאַרגיטיקונג אין דעם וואָס ער איז אין אַ ניט־פרומען קיבוץ געווען דער וואָס האָט אויפגעהאַלטן אַ פרום־אידישע פּאָזיציע. און אויפגעהאַלטן האָט ער עס אויף אַזאַ אופן אַז אַלע האָבן אים פאַר דעם רעספּעקטירט, ווייל מיט סקאַרבאָווע ניגונים און חזנ׳ישע שטיקלעך קוויקט מען זיך אפילו אין די קיבוצים.

אלעזר איז געשטאָרבן כ״ח חשון תש״י, און זיין פרוי רבקה איז געשטאָרבן י״ח שבט תשי״ז.

חנה נייזמאַן, ניו־יאָרק

# מיין זיידע ר׳ גדליה

**(אַ קאַפּיטל פון מיינע גאַניאַנדזער זכרונות)**

איך געדענק נאָך גוט די אַלטע שטוב, די קהלשע, וווּ מיין זיידעס פאָטער, אונדזער עלטער זיידע, איז געזעסן על כיסא־הרבנות. די שטוב איז געשטאַנען לעבן בית מדרש, אָבער עס איז געווען אַזאַ פּאַלאַץ, אַז „קאַזניאַ״ האָט באַשלאָסן דאָס אַרונטערוואַרפן. איך געדענק אפילו אַז ווען עס פלעגט שטאַרק רעגענען, פלעגט רינען פון דאַך, און דער זיידע פלעגט טראָגן די ספרים פון איין אָרט אין אַנדערן. פון דאָרטן האָבן זיי זיך אַריבער־געקליבן אין הויז פון דוד שילעווסקי, ווו זיי האָבן געוווינט ביז דער זיידע איז גע־שטאָרבן.

די משפחה איז באַשטאַנען פון דער באָבען, אונדזער מאַמע און פיר זין: פנחס, וועלוול, זלמן, משה מאיר. אָט זע איך מיין זיידן. אַ הויכער, אַ גלייכער, מיט אַ פיין איידל פנים, בלויע אויגן, אַ לאַנגע גרויע באָרד. שטענדיק אָנגעטאָן זויבער, אָפּט דעם אויבערשטן ראָק אויף די אַקסלען. אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען מאַיעסטעטיש. איך האָב אים אין שטוב קיינמאָל ניט געזען אַנדערש ווי ביי אַ ספר, אויסער אין דער נאַכט פון ניטל.

די באָבע פלעגט אים קיינמאָל ניט רופן ביים נאָמען. וואָס איז ער עפּעס אַ פּשוטער מענטש און זי וועט אים רופן „גדליה״... רופן אים ווידער „רבי״, האָט זי דאָך פאָרט געהאַט מיט אים אַ שייכות. פלעגט זי אים רופן „הער־

נאַר". „הערנאַר, וועסט שוין גיין עסן?" אָדער „הערנאַר, האָסט געהערט וואָס האָט געטראָ־פן?" אָבער אַלץ „הערנאַר"... ער איר, הגם זעלטן, פלעגט רופן רבקה.

דער זיידע פלעגט אויפשטיין גאַנץ פרי און באַלד עפענען די טיר, טאָמער וויל אימי־צער אַריינקומען. טיי פלעגט ער זיך מאַכן אַליין, ניט צו שטערן קיינעם פון שלאָף. אגב, פלעגן טאָקע אָפט אַריינקומען אידן צו אַ גלעזל טיי אינדערפרי, און שפּעטער בייטאָג. אַוועקגעגאַנגען דאַוונען מיט אַ שווערן טלית־זאַק אָנגעפילט מיט ספרים און געקומען צוריק ערשט אַרום 12 אַ זייגער בייטאָג. ער פלעגט עסן בלויז צוויי מאָל אַ טאָג. דעם ערשטן מאָלצייט אַרום 12 אַ זייגער בייטאָג, און אויב ער האָט געגעסן אַ שטיקל עוף, האָט ער שוין אינאָוונט קיין מילכיקס ניט געגעסן. פאַר אַלע אידן איז 6 שעה וואַרטן געווען, פאַר זיך אָבער האָט ער געהאַט זיינע אייגענע חומרות. פלייש פלעגט ער עסן נאָר פון אַ „גלאַטע כשרה", און איך געדענק, ווי דער קצב פלעגט אַריינ־קומען און זאָגן צו דער באָבען: „רביצין, אַ גלאַטע כשרה". איך האָב אפילו בשעת מעשה ניט געוווסט וואָס דאָס מיינט. די מאַמע האָט מיר אַמאָל דערציילט אַז אין די יונגע יאָרן האָט ער געפאַסט הפסקות. אויף אים קען מען באמת זאָגן, אַז ער איז געווען אַ מחמיר פאַר זיך און אַ מקל פאַר אַנדערע.

די שכירות איז געווען — דער „מאָנאָפּאָל" צו פאַרקויפן הייוון. דאָס האָט באַלאַנגט צו דער באָבען. אויפן זיידן האָט מען באמת געקענט זאָגן, אַז ער האָט ניט געוווסט קיין צורת מטבע. פלעגט אָבער טרעפן אַמאָל אַז אַ גוי פלעגט קומען גאַנץ פרי נאָך אַ פאַר לויט הייוון. וועקן דער באָבען פון שלאָף פלעגט ער חלילה ניט, פלעגט ער עס שוין אַליין טאָן. אַז די באָבע איז אויפגעשטאַנען האָט זי עס באַלד דערקענט, פלעגט זי גוטמוטיק אַ זאָג טאָן: „מיין געשעפטסמאַן, האָסט שוין געמאַכט אַ מחק". אגב, אין פאַרבינדונג מיט דעם דער־מאָן איך זיך אַ פאַל. עס איז געווען פאַר אַ חגא (ערב אַ גויאישן יום־טוב) זיינען גויים געקומען קויפן הייוון. מיר, די קינדער, פלעגן קומען אַרויסהעלפן דער באָבען. האָט געטראָפן אַז דער ברודער חנן האָט געפונען אַ דריי רובלדיקע אויפן דיל. ער האָט עס פאַרשטייט זיך באַלד דערלאַנגט דער באָבען. דער זיידע האָט פונדערווייטנס דערהערט וועגן דעם, האָט ער געהייסן מען זאָל באַלד אויסרופן און פרעגן ווער ס'האָט פאַרלאָרן. די באָבע אָבער האָט געצווייפלט צי מען קען זיך פאַרלאָזן אויף זייער ערלעכקייט, און געזאָגט אַז זי וועט וואַרטן ביז ס'וועט קומען דער וואָס האָט עס פאַרלאָרן. אַ האַלבע שעה שפּעטער איז טאַקע געקומען דער גוי וואָס האָט עס פאַרלאָרן און די באָבע האָט עס אים אָפּגעגעבן. דעם זיידן האָט זי געזאָגט: „נו, ווען איך פאָלג דיר, ווו וואָלט איך גענומען איצט די דריי רובל אָפּ־צוגעבן דעם גוי?" דער זיידע האָט תמימות־דיק געענטפערט: „קיינער וואָלט ניט געזאָגט אַז ס'איז זיינס". האָט איר אַ ביישפּיל ניט נאָר פון אַליין זיין ערלעך, נאָר אויך האַלטן אַנדערע פאַר ערלעך, אפילו גויים.

בנוגע צדקה פלעגט ער זיך פירן, אַז ביי קיין אָרעמאַן האָט ער קיין „רעשטע" ניט גענומען. וואָס פאַר אַ מטבע ער האָט בשעת מעשה געהאַט אין קעשענע האָט ער עס אַוועקגעגעבן דעם אָרעמאַן. אַי וואָס, ס'איז אַריינגעקומען אַ צווייטער אָרעמאַן? האָט ער אָדער געבעטן דער באָבען, אָדער ער האָט געליען עפּעס קליינגעלט. עס זיינען אויך געווען אורחים, וואָס ער פלעגט שיקן עסן אין אַן אכסניה און האָט שוין געזען דערפאַר באַצאָלן.

ס'איז באַקאַנט דער מנהג פון אַריינלייגן געלט אין די קערות ערב יום־כיפור, האָט ער געוויינלעך געוואָלט געבן מער ווי ער האָט פאַרמאָגט, פלעגט ער זיך אַן עצה געבן, ער פלעגט לייען ביי אימיצן און דורכן יאָר אויסצאָלן.

בנוגע דערציאונג, דענק איך אַז ער איז געווען שיר ניט „מאָדערנע". ער האָט גע־האַלטן, אַז מען טאָר ניט שלאָגן קיין קינד. דער טאַטע אונדזערער האָט דאָך אָנגעהאַלטן אַ שטעלע ווייט פון דערהיים, פלעגט דער זיידע אָנזאָגן די מלמדים אַז מען זאָל ניט שלאָגן מיינע ברידערלעך, און אַז מען זאָל ניט שיקן די ברידערלעך צו אַ מלמד אַ כעסן,

ווייל אַ כעסן קען מען ניט געטרויען. נאָכ־מער, ער פלעגט שיקן רופן דעם מלמד און אים אָנזאָגן, אַז ער זאָל ניט שלאָגן די ברידער. איך געדענק אפילו אַ פאַל ווען אַ מאַמע האָט זיך געיאָגט נאָך אירס אַ יינגל, יענער האָט צופיל געשטיפט, האָט איר דער זיידע געזאָגט אַז אַ יינגל וואָס שטיפט ניט קען ניט לערנען! איינע פון די זאַכן וואָס האָט זיך מיר איינ־געקריצט אין זיכרון איז זיין שטענדיקע זאָרג ניט מצער זיין קיינעם בכלל, און דער משפחה בפרט. איך געדענק אַזאַ פאַל: ער איז געגאַנ־גען אין בית־מדרש, עס איז גראָד געווען גליטשיק און ער איז געפאַלן. ס׳זיינען דעמאָלט געגאַנגען מיט אים אַ פּאָר אידן. די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געזאָגט, באַלד ווי זיי האָבן אים געהאָלפן זיך אויפשטעלן איז גע־ווען: „איר זאָלט ניט זאָגן דער משפחה, זיי וועלן האָבן עגמת נפש״. איינער פון די אידן איז געווען בערל רודסקי און ער איז געקומען און האָט עס בסודי סודות דערציילט פנחסן. ער האָט מורא געהאַט טאָמער איז עס ערנסט און מ׳דאַרף אַ דאָקטאָר. אַזוי אַרום האָט מען זיך דערוווּסט דערפון. דער עיקר: מען זאָל ניט מצער זיין, ניט דאגה׳ן.

די מאַמע אונדזערע האָט אים ממש פאַר־געטערט. ס׳איז ניט איבערגעטריבן, אַז זי האָט אים צוגעשריבן איבערנאַטירלעכע כוחות. ניט מער, ער וויל זיך מיט דעם ניט באַנוצן. אגב, האָט זי מיר אַמאָל דערציילט, אַז ווען עס איז אויסגעבראָכן די מחלוקת אין גאָניאָנדז, דאָס איז נאָך געווען ווען די מאַמע איז געווען אַ יונג מיידל, האָט ער געזאָגט: די מחלוקת וועט אָנהאַלטן 5 יאָר. 5 יאָר האָב איך צו־גענומען ברויט ביי יענעם, דאַרף מען 5 יאָר צונעמען ברויט ביי מיר.

וואָס הייסט ער האָט צוגענומען ברויט ביי יענעם? מ׳האָט אין יענער צייט געוואָלט אַן אַנדער רב אין אַ שטאָט ווישניעווע, האָט דער זיידע ניט געוואָלט אָננעמען די שטעלע איידער ער פרעגט ביי יענעם רב. דער רב פון דאָרטן האָט מסתמא געטראַכט אַז ס׳איז בעסער ס׳זאָל קומען איינער וואָס פרעגט כאָטש אָן ביי אים, און ער האָט אים געהייסן אָננעמען די שטעלע. ווייזט אויס אָבער, אַז ער ביי זיך האָט עס נאָך אַלץ באַטראַכט ווי צונעמען ברויט ביי יענעם, דעריבער זיין פאַרויסזאָגן. שטעלט אייך פאָר אַז עס האָט טאַקע אָנגעהאַלטן 5 יאָר, האָט נאָך אונדזער מאַמע געדאַרפט אַ בעסערן באַווייז?

דער אמת אָבער איז, אַז דאָס שטעטל גופא האָט דערציילט וועגן אים ווונדער, אָדער לעגענדעס. אַזוי געדענק איך אַז מען פלעגט דערציילן אַז ס׳איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ שרפה (ניט פאַר מיין געדענקען) און דער זיידע זאָל האָבן געזאָגט: „ס׳וועט ניט גיין ווייטער, דוכט מיר, ווי גרשון דעם סטאָליאַרס הויז, וואָס איז געווען לעבן בית מדרש. אַזוי איז טאַקע געווען. דאָס לעצטע וואָס איך געדענק בנוגע דעם איז אַ באַמערקונג וואָס אידן האָבן געמאַכט שוין נאָך זיין פטירה. ער איז געשטאָרבן פרייטיק פאַרנאַכט, ערב שבו־עות. די לויה איז געווען שבתצונאַכט, שבועות. איינער פון די אידן אויפן בית־עולם האָט געזאָגט פנחסן אַז דער הימל האָט זיך גע־שפּאָלטן. ווען פנחס, ווי אַ משכיל, האָט עס ניט ווי געהעריק אויפגענומען, איז דער איד געווען ברוגז אויף אים.

ער אַליין אָבער איז געווען דער אמתער עניו. ער האָט ניט נאָר געגלויבט אין דעם מאמר אַז „דער וואָס זוכט כבוד אַנטלויפט פון אים דער כבוד״, נאָר ער האָט זיך טאַקע אַזוי געפירט אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

איך געדענק אַ פאַל ווען ס׳האָט זיך גע־האַנדלט וועגן אַרויסרופן נאָך אַ רב. האָט איין רב ניט געקענט גענוג לערנען, דער צווייטער איז ניט אַרויסגעפאָרן אָן אַ שמש, איז זיין באַמערקונג דערביי געווען: „ווי פאַסט עס פאַר אַן אידן מ׳זאָל אים באַדינען״. איז געבליבן עס זאָל קומען דער סוכאָוואָליער רב. וועגן זיין עניוות האָט טאַקע די מאַמע געזאָגט נאָך זיין טויט: „אַזוי ווי ביי זיין לעבן, אַזוי נאָך זיין פטירה. ווען די לויה וואָלט געווען אין מיטן וואָך, וואָלט מען דאָך פאַרמאַכט די קראָמען און אים אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד. אָבער אַזוי ווי עס איז געווען יום־טוב, זיינען דאָך די קראָמען ממילא געווען פאַרמאַכט, האָט מען פאַרשפּאָרט אים צוטיילן ספּעציעלן כבוד״.

אין שייכות מיט דער מחלוקת האָב איך געהערט וועגן צונעמען ברויט, ס'איז טאַקע ניט געווען איבערגעטריבן, ווייל זיי האָבן בוכשטעבלעך געהונגערט. די באָבע איז געווען זייער אַ שטאָלצע און ניט געוואָלט מען זאָל אפילו וויסן ווי ווייט זיי ליידן. פלעגט זי פרייטיק בייטאָג איינהייצן דעם אויוון, טאָמער וועט אימיצער פון דעם צד וואָס האָט גע־האַלטן מיטן זיידן, אַריינקומען זען צי עס איז דאָ אויף שבת, וועט זי וויזן אַז זי איז גרייט צו פאַררוקן טשאָלנט, כאָטש די טעפּלעך זיינען געווען ליידיקע.

איך דערמאָן זיך אַ מעשה וואָס מיין אָנקל משה מאיר האָט מיר אַמאָל דערציילט אין שייכות מיט דער מחלוקת. די אָנפירער פון דעם צד שכנגד זיינען פאַרשטייט זיך געווען די וואָס מען רופט „פיינע בעלי־בתים", אָבער אַז מען האָט געדאַרפט טאָן ניט קיין שיין שטיקל אַרבעט האָט מען אַרויסגעשטעלט עמך. ס'איז געווען אַ שבת; דער זיידע איז געשטאַ־נען שמונה־עשרה, דער עולם האָט ווי געוויינ־לעך געוואַרט ביז דער זיידע וועט ענדיקן, איז איינער אַ שוסטער אַרויס מיט לשון: אויף וועמען וואַרט מען דאָס? דער זיידע איז פון דעם געווען אַזוי צעווייטאָקט און באַליידיקט, אַז ס'איז מסתמא געווען דער ערשטער מאָל אין זיין לעבן וואָס ער האָט געוויינט אום שבת. ס'זיינען אַוועק יאָרן, די מחלוקת איז שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט, האָט זיך גראָד געטראָפן אַז ביי דעם אידן האָבן זיך ניט געהאָדעוועט קיין קינדער. איז די סיבה קלאָר: דאָס שטראָפט אים גאָט דער־פאַר וואָס ער האָט מבייש געווען דעם רב. איז ער געקומען צום זיידן ניט נאָר בעטן מחילה, נאָר אויך אַז דער זיידע זאָל פאַר אים מתפלל זיין. דעם זיידנס ענטפער איז געווען: „אודאי בין איך אייך מוחל, אָבער איך זאָל מתפלל זיין פאַר אייך? וואָס איז די נפקא מינה, איך וועל זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, צי איר וועט זאָגן, איר מיינט, איך האָב אַ צד?

נאָך איינער וואָס איז מיט יאָרן שפּעטער געקומען בעטן דעם זיידן מחילה איז געווען איינער אַ שניט־קרעמער. יענער האָט אפילו געוואָלט ברענגען דעם זיידן אַ ווייכן שטול, אַ פאָטעל בלע"ז. אויך אין דעם פאַל איז דער ענטפער געווען: „איך בין מוחל, מוחל, אָבער קיין ווייכן שטול דאַרף איך ניט. מיין טאַטע איז ניט געזעסן אויף קיין ווייכן שטול און איך דאַרף עס אויך ניט".

זאָל איך עס רופן זיין לעבנס־פילאָזאָפיע? אויך דאָס וואָס איך וועל דאָ דערמאָנען האָט מיר דערציילט מיין אָנקל משה מאיר. זייענדיק אַזאַ ליבער מענטש האָט ער פאַרשטייט זיך ניט געוואָלט, אַז די באָבע זאָל זיך דאגה'ן. די באָבע אָבער איז דאָך געווען די וואָס האָט געמוזט זאָרגן, פשוט פאַר די טאָג־טעגלעכע נויטיקייטן. סוף כל סוף איז זי דאָך געווען די וואָס האָט געדאַרפט זען אַז די קינדער זאָלן האָבן וואָס צו עסן, ס'זאָל זיין אַ בגד, שפּעטער אויך אַ בוך א. א. וו. זיצט זי אַזוי פאַרזאָרגט, ווענדט זיך דער זיידע צו איר: וואָס דאגהסטו? „וואָס איך דאג'ע?" ענטפערט די באָבע — „אַ שיינעם לעבן האָב איך אָפּ־געלעבט", און זי האָט אַוועקגעלייגט אַ טענה. ענטפערט איר דער זיידע: „פאַר דעם וואָס איז געווען, זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז מיר האָבן געלעבט אין עשירות; פאַר דעם ווידער וואָס וועט זיין, האָב איך בטחון, אַז מען וועט שוין ווי עס איז דורכקומען".

געווען פאַלן ווען אפילו גויים וואָס האָבן געהאַט אַ סכסוך מיט אידן, פלעגן קומען צום זיידן פאַר אַ דין־תורה, אַנשטאָט גיין אין גע־ריכט. געווען פאַלן ווען דער גוי האָט געוווּנען די דין־תורה און דער איד איז געווען זייער ניט צופרידן.

דער זיידע איז געווען צופרידן, וואָס אין משך פון די 30 יאָר וואָס ער איז געווען רב אין גאָניאָנדז האָט ער ניט געדאַרפט דורכפירן קיין סך גטן. אגב, מ'פלעגט דאָך קומען פון אַנדערע שטעטלעך אויך, ווו קיין „טייך" איז ניט געווען, כ'מיין אַ טייך מיט אַ נאָמען, אַנ־דערש האָט מען דאָך ניט געטאָרט גטן. ריידנ־דיק וועגן גטן, געדענק איך אַלס קינד, ווען איך פלעג זיצן ביים זיידן אין הויז און אַז אַ פאָרפאָלק פלעגט קומען זיך גטן, פלעגט דער זיידע זען אַלעמאָל מאַכן שלום. מיר האָט בשעת מעשה פאַרדראָסן. זיי ווילן זיך גטן, זאָלן זיי זיך גטן... איך בין נאָך געווען צו

יונג צו פאַרשטיין מיט וואָס דער ענין גט איז פאַרבונדן. פאַר מיר איז געווען אינטערעסאַנט די גאַנצע פּראָצעדורע. דער סופר וואָס האָט געשריבן דעם גט, די עדות און די פראַגן.

איינמאָל איז געקומען אַ פּאָרפאָלק זיך גטן. דער זיידע האָט, ווי געוויינלעך, פּרובירט מאַכן שלום. אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט הערן דערפון. ווען אַלע אַרגומענטן האָבן ניט געהאָלפן, האָט דער זיידע אַ זאָג געטאָן: „דאָנערשטיק גט איך ניט". טראַכטנדיק מסתמא אַז ביז איבער שבת וועלן זיי זיך איבערבעטן. דער רעזולטאַט — זיי האָבן אויסגעלעבט די יאָרן צוזאַמען, געהאַט קינדער און אייניקלעך.

ווען ער איז שוין געווען קראַנק אויף אַ קרעבס, פון וואָס ער איז געשטאָרבן, האָט מען מיר איינמאָל געגעבן די פּריווילעגיע אויפצופּאַסן אויף אים אַ נאַכט. אין יענע צייטן, און נאָך אין גאָניאָנדז דערצו, האָט מען נאָך קיין מעדיצין צו שטילן דעם ווייטאָק ניט געגעבן. האָט ער נעבעך געליטן יסורים. בעט ער מיר איך זאָל אים לייגן די קישן אויף דער קאַנאַפּע, פון קאַנאַפּע אויפן בעט. זאָג איך זיידע: „אירליידט ווייטאָקן", ענטפערט ער: „ניין, חלילה". אַלץ כדי ניט מצער זיין. מיט אַפּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם און ס'איז אַוועק פון דער וועלט אַ מענטש, וואָס איז אפילו אין זיין דור געווען שווער צו געפינען.

איך האָב שוין באַצייכנט די דאַטע פון זיין פּטירה, איך וויל נאָך צוגעבן אַז ער איז געווען ביים פולן זינען ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. פרייטיק בייטאָג, עטלעכע שעה פאַר זיין טויט, איז מען געקומען מיט אַ שאלה און פנחס האָט געוואָלט וויסן ווי זיין צושטאַנד איז, האָט ער אַריינגעפירט דעם אידן אין צימער ווו דער זיידע איז געלעגן און ער האָט געפּסקנט די שאלה. עטלעכע מינוט איידער ער איז געשטאָרבן האָט ער דערמאָנט דעם נאָמען „קרעפּכוניאַק". געווי דעם גאַנצן זאַץ האָט מען שוין ניט פאַרשטאַנען. אין דער וואָך פון שבעה איז קרעפּכוניאַק געקומען מנחם אבל זיין. די משפחה האָט געוואָלט וויסן צי דאָס דערמאָנען פון זיין נאָמען האָט געהאַט עפּעס אַ באַדייטונג און פנחס האָט אים געזאָגט וועגן דעם. ער האָט זיך לכתחילה אַביסל פאַרלאָרן, אָבער וועלנדיק אַז די משפחה זאָל וויסן אַז ער איז געווען ביים פולן זינען, האָט ער דערציילט אַז אַלע יאָר פאַר די ימים נוראים, פלעגט דער זיידע ביי אים לייען עטלעכע רובל, כדי צו האָבן מער פאַר די קערות. דורכן יאָר פלעגט ער אים אויסצאָלן. אָבער אַזוי ווי ער איז געשטאָרבן אין מיטן יאָר, האָט ער געוואָלט וועגן דעם צווויסן געבן דער משפחה. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט דעם חוב אים אָפּגעצאָלט.

אַזוי האָט ער געלעבט און אויסגעגאַנגען אין ערלעכקייט און שיינקייט.

חנה נ יי מ א ן

# משפחה־זכרונות

די באָבע איז געווען די אשת־חיל. זי האָט געטראָגן דעם עול צו באַזאָרגן דער משפחה מיט אַלע נויטיקייטן.

די מאַמע איז געווען די איינציקע טאָכטער. מ'האָט איר חתונה געמאַכט ווען זי איז אַלט געווען 16 יאָר. די ערשטע 10 יאָר נאָך דער חתונה האָט דער טאַטע געהאַט אַ לעדער קראָם. אָבער דאָס געשעפט איז געגאַנגען פון שלעכט צו ערגער און מ'האָט עס געמוזט אויפגעבן.

אַזויווי דער טאַטע איז געווען, ווי שלום־עליכם וואָלט געזאָגט, אַ איד וואָס האָט געקענט האַלטן אַ פען אין האַנט, האָט ער אָנגענומען אַ שטעלע אַלס בוכהאַלטער. טאַקע ביים זיידנס אַ פלימעניק, ווייט פון גאָניאָנדז. ווען ער איז אַוועקגעפאָרן פון דערהיים בין איך אַלט געווען דריי יאָר. די לעצטע 10 יאָר פון זיין לעבן האָט ער אָנגעהאַלטן די שטעלע. ער פלעגט קומען בלויז צוויי מאָל אַ יאָר אויף פסח און אויף

סוכות. די מאַמע האָט עס גערופֿן, „אַ פֿאַפּירענער לעבן", ווייל אַלע טעג פֿון יאָר פֿלעגט מען אָפּקומען מיט בריוו. אלנפֿאַלס, מיר זיינען קוים פֿאַרבליבן וועלכע ס'איז זכרונות וועגן אים. אַלץ וואָס איך געדענק איז, אַז ווען ער פֿלעגט קומען אויף יום־טוב פֿון די מרחקים און דערציילן מעשׂיות פֿלעגן די אָנקלס האַרציק לאַכן, אַ פּנים ער האָט געהאַט אַ גוטן חוש פֿאַר הומאָר. דאָס האָט מיר אגב דערציילט דער אָנקל משה מאיר דאָ אין אַמעריקע. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 42 יאָר. די מאַמע איז געבליבן אַן אלמנה מיט 6 קינדער אין עלטער פֿון 36 יאָר. דאָס איז טאַקע געווען די סיבה וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט אַזוי יונג פֿאַרלאָזן די היים און פֿאָרן קיין אַמעריקע. פֿריער דער עלטערער ברודער יעקב יהושע, שפּעטער איך און דערנאָך חנן און מלכה. די מאַמע איז געבליבן אין גאָניאָנדז בלויז מיט יונתן.

די מאַמע איז געווען פֿון די שווייגנדיקע טיפּן, אָבער אַ טיף עמאָציאָנעלער מענטש. וואָס פֿאַר איר האָט געמיינט אַוועקשיקן די יונגע קינדער איבער ימים, קען מען זיך פֿאָרשטעלן. קומען אַהער האָט זי ניט געוואָלט צוליב רעליגיעזע טעמים און זיין אָן אונדז האָט זי דאָך אַוודאי ניט געקענט. האָט זי געוואָלט מיר זאָלן צוריקקומען, דערפֿאַר טאַקע איז חנן צוריק געפֿאָרן און אָנגעקומען פּונקט ביים אויסברוך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די מאַמע איז קיינמאָל ניט געווען צופֿרידן מיט זיך אַליין. זי האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיטן פֿאַקט אַז זי קען ניט לייענען דעם תנ"ך אין אָריגינאַל. זי האָט געקענט אַביסל העברעאיש, אָבער ניט גענוג צו לערנען תנ"ך אין אָריגינאַל, האָט זי אין די יאָרן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'איז ממש ניט געווען גענוג צו עסן, זיך פֿאַרפֿולקאָמט אין העברעאיש. דאָס האָט מיר יונתן דערציילט. נאָכמער, ער האָט מיר געזאָגט אַז זי האָט אים געבעטן ער זאָל איר אַרויסהעלפֿן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען בנימין דער סופֿר איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער מיר דערציילט, אַז די מאַמע איז געווען די שטאָט קראַנקן־שוועסטער. זי האָט זיך טאַקע אָנגעשטעקט מיט טיפֿוס און איז געשטאָרבן ערב פּסח תרע"ט, אין עלטער פֿון 52 יאָר. אויך זי איז געווען ביים פֿולן זינען און אירע לעצטע ווערטער זיינען געווען: איך דאַנק גאָט וואָס מיינע קינדער זיינען איצט ניט אַזוי הילפֿלאָז ווי ווען זייער פֿאָטער איז געשטאָרבן. אויך דאָס האָט מיר דערציילט בנימין דער סופֿר. יונתן איז דעמאָלט ניט געווען אין גאָניאָנדז, ער האָט געמוזט אַנטלויפֿן.

דער עלטסטער פֿון די זין פּנחס, איז געווען אַ תלמיד פֿון דער וואָלאָזשינער ישיבה. לויט ווי משה מאיר האָט מיר דערציילט איז עס געווען אין דער צייט ווען ביאַליק האָט דאָרט געלערנט. קומענדיק צוריק האָט ער זיך גענומען לערנען רוסיש און אַנדערע שפּראַכן. ער האָט פֿולקאָם באַהערשט די רוסישע שפּראַך און אויך געקענט גאַנץ גוט דייטש. אגב, קיינער פֿון די זין האָט ניט באַזוכט די רוסישע שול, ווייל מ'האָט געדאַרפֿט זיצן אָן אַ היטל. די אייניקלעך זיינען שוין געגאַנגען אין דער רוסישער שול. מיין אָנקל משה מאיר האָט מיר דערציילט אַז ווען פּינחס איז צוריקגעקומען פֿון דער וואָלאָזשינער ישיבה, האָט ער געפּרוּווט גרינדן אַ ביבליאָטעק אין גאָניאָנדז. ער האָט בכלל זיך אינטערעסירט מיט געזעלשאַפֿטלעכע ענינים. אַזוי, למשל, האָט ער נאָך דער שׂרפֿה אין 1906 געזען קריגן אַ הלוואה אויף 10 יאָר אויסצאָלן מיט קליינע פּראָצענט, אַז די אָרעמע נשׂרפֿים זאָלן קענען זיך אויפֿבויען און האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ. שפּעטער האָט ער אויך געגרינדעט די לייקאַסע. ער איז אגב געווען פֿון די ערשטע ציוניסטן אין גאָניאָנדז. אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן אַזש אין ראָסטאָוו אויפֿן דאָן. ווען איך בין אין 1937 געווען אין רוסלאַנד, האָב איך נאָך געהאַט די געלעגנהייט צו זען אים און זיין משפּחה. ס'איז געווען אַ צער צו זען ווי אַזאַ איד ווי ער איז אָפּגעריסן פֿון אַ ספֿר, פֿון אַ העברעאישן בוך און בכלל פֿון אידיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. דער זון איז אַן אינזשינער און האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ זייער פֿאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע, די טאָכטער איז אַ באַקטעריאָלאָג, זי האָט דעמאָלט

געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל. דער אָנקל און די טאַנטע זיינען שוין ניטאָ, פאַרשטייט זיך אַז פון די קינדער הער איך ניט.

וועלוול, אים צו לאַנגע יאָר, איז אין ישראל מיט זיין משפחה. אויך ער איז געווען פון די טעטיקע ציוניסטן, פלעגט אַרומגיין פאַרקויפן שקלים. אים איז אָבער גוט, ער האָט זיין משפחה מיט זיך און זעט זיין לעבנס־חלום אַ פאַרווירקלעכטן.

זלמן האָט געוואָלט גיין נאָך ווייטער, האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע, האָפנדיק אַז ער וועט דאָרט שטודירן. מיט זיינע פעאיקייטן און זיין התמדה וואָלט ער זיכער געקענט זיין אַ פּראָפעסאָר. ער האָט פאַרלאָזן די היים אָן דער הסכמה פון די עלטערן, דאָס הייסט, ער האָט זיי פשוט ניט געזאָגט אַז ער פאָרט קיין אַמעריקע. צום באַדויערן איז דער זיידע געשטאָרבן ניט לאַנג נאָך זיין אַוועקפאָר און ער האָט זיך געפילט שולדיק, איז פון זיינע פלענער גאָר ניט געוואָרן. דערוויל האָבן די ברידער אינדערהיים אים אָנגעהויבן בעטן ער זאָל קומען צוריק. ניט זייענדיק צופרידן מיט די דערגרייכונגען דאָ, איז ער צוזאַמען מיט מיין ברודער חנן צוריק געפאָרן און אָנגעקומען פונקט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. זלמן איז אין דער צייט פון דער מלחמה גענומען געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט, דורכגעגאַנגען שבעה־מדורי־גיהנום, אָבער דאָך שפּעטער צוריקגעקומען אין גאָניאָנדז און באַגלייט דער מאַמען צו איר אייביקער רו, אַליין זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס און געשטאָרבן אַן איינזאַמער מענטש. אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו באַגלייטן אי דעם טאַטן, אי דער מאַמען.

משה מאיר, דער יינגסטער איז אַוועק קיין אַמעריקע אַלס יונגער יינגל צוזאַמען מיט משה רודסקי. דורכגעגאַנגען דאָ אַלע שוועריקייטן פון אימיגראַנטישן לעבן, האָט זיך דאָך דערשלאָגן צו ווערן אַ דענטיסט, אָבער צופרידן פון זיין פּראָפעסיע איז ער ניט געווען. ער אַליין פלעגט זאָגן: „אַ מלאכה — מאַכן לעכער אין ציין און דערנאָך זיי פאַרשטאָפן". פון דער נאַטור איז ער גיכער געווען אַ פּאָעט. שטייענדיק ביים דענטיסטן־שטול פלעגט ער אונטערברומען טיילן פון מוזיקאַלישע שאַפונגען, ליב געהאַט ציטירן ביאַליקן, טשערניכאָווסקין. אויך ער איז געווען אַ ציוניסט. געקויפט לאַנד אין ארץ־ישראל און געהאַפט עס צו זען אַמאָל, אָבער ס'איז אים ניט באַשערט געווען.

ד ו ד  ב א כ ר א ך

# תורה אין גאניאנדז

גאָניאָנדז האָט ניט מרעיש עולם געווען מיט אירע לערנער, אָבער די שטעטל האָט צו אַלע צייטן פאַרמאָגט בני תורה, לומדים, און זין אין ישיבות. ביים אָנפאַנג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז גאָניאָנדז אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם שטראָם פון השכלה, אין העברעאיש און אין רוסיש, און ביסלעכווייז איז דער „קול תורה" שוואַכער געוואָרן. אַזוי ווי אַ פייער לעשט זיך ניט אויס מיטאַמאָל נאָר עס טליעט אַלאַנגע צייט, אַזוי איז עס אויך געווען מיט תורה־אידישקייט אין גאָניאָנדז. אין דעם צייט־אָפּשניט 1900—1920 האָט גאָניאָנדז דורכגעמאַכט דעם גאַנצן קרייז — פון פאַרצייטיקער ביז מאָדערנער אידישקייט, און אַזוי ווי תורה־אידישקייט איז געווען דער פונדאַמענט אויף וועלכן דער „צווייטער עטאַזש" איז געבויט געוואָרן, פאַרדינט עס פאַרצייכנט צו ווערן לדורות אין ספר־יזכור פון גאָניאָנדז.

ר' גדליה. — ר' גדליה דער רב (קאַמענעצקי), וועמען מען האָט אויך גערופן „דער אַלטער רב", איז געווען אַ טיפּישער עקזעמפּלאַר פון דעם דור הישן, סיי אַלס גדול בתורה און סיי מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען. ער האָט נאָכאַנאַנד געלערנט, ממש געלעבט מיט דער תורה. פון די הבלי העולם הזה האָט ער ווייניק געניאָסן. דער עיקר איז געווען „יענע

וועלט״ — דאַרף מען זיך דערצו גרייטן.

אין לעצטן יאָר פון ר׳ גדליה׳ס לעבן (1907) האָב איך געדאַוונט מיט זיין מנין ביי אים אין שטוב, געדענק איך ווי ער פלעגט שטענדיק זיצן ביים טיש און לערנען אויף אויסנווייניק. מיין טאַטע האָט מיר איינמאָל געזאָגט אַז דאָס לערנט ער די מסכת נדרים, וועלכע איז אַ טראַדיציע אין דער משפחה קאַמענעצקי. מיט יאָרן שפּעטער האָב איך אין ספר „דעת קדושים״ געלייענט פאָלגנדעס וועגן דעם:

ר׳ פנחס לייב הכהן, דער פאָטער פון ר׳ גדליה קאַמענעצקי (ביידע אין זייער צייט רבנים אין גאָניאָנדז) דערציילט, אַז זיין עלטער זיידע ר׳ שלמה הכהן איז געווען אין גרויס געפאַר אויפן ים ווען די שיף האָט געהאַלטן ביים אונטערגיין, האָט זיך אים געחלומט, אַז אין זכות פון זיין זון טוביה, וועלכער האָט געענדיקט היינט די מסכתא „נדרים״ וועט די שיף דורכמאַכן דעם שטורעם, און אַזוי איז געווען. ער האָט פאַרצייכנט דעם טאָג פון חלום און קומענדיק אַהיים האָט ער אויסגעפונען אַז זיין זון טוביה האָט טאַקע געענדיקט די מסכתא אין יענעם טאָג (ספר „דעת קדושים״, זייט 33).

ר׳ גדליה׳ס פיר זין האָבן אַלע „געקענט לערנען״, אָבער זיי זיינען שוין געוואָרן געכאַפּט אין השכלה.

הרב צבי הירש וואָלף. — נאָך ר׳ גדליה׳ס פּטירה איז אָנגעקומען אַלס רב אין גאָניאָנדז ר׳ צבי הירש וואָלף. ער איז שוין געווען צוגעפּאַסט צום נייעם גייסט וואָס האָט געהערשט אין גאָניאָנדז און בכלל צו דער מאָדערנער צייט. ער איז נאָך געווען יונג און ענערגיש און דערצו איז ער געווען אַ הדרת־פּנים. אויך האָט ער געקענט גוט די רוסישע שפּראַך און ער האָט געוווסט „ווו אָנצוקומען״ ווען מען האָט באַדאַרפט.

הרב וואָלף האָט שוין ניט מקיים געווען דעם „והגית בו יומם ולילה״, כאָטש אויך ער האָט געקענט אַ סך לערנען. זיינע טעכטער האָבן געלערנט אין גראָדנער גימנאַזיע און שפּעטער האָט זיינס אַ קינד געלערנט אין דער מאָדערנער העבּרעאישער שולע. מיט איין וואָרט: הרב וואָלף איז געווען אי אַ פרומער איד אי אַ „מאָדערנער״ רב.

בין מנחה למעריב פלעגט הרב וואָלף לערנען מיטן עולם „משנה ברורה״, און נאָך מעריב — משניות. און ווען יעקב רודסקי איז נכשל געוואָרן און האָט געלאָזט בויען זיין „פּיוואָווארניע״ (ביר־ברויעריי) אום שבת, — עפּעס וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ חילול השם, — האָט הרב וואָלף איבערגענומען אָנצופירן מיטן שיעור אין גמרא, וואָס ביז דעמאָלט איז עס געווען יעקב רודסקיס חזקה.

זיין גרעסטע שתדלנות האָט הרב וואָלף דורכגעפירט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1915, אַלס פּליכטלינג אין ביאַליסטאָק. דאָס איז געווען אין פאַרבינדונג מיט דער „באַרימטער״ גזרה פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, אַז אַלע אידן זאָלן אין אַכט־און־פערציק שעה עוואַקויִרן זייערע היימען לענגאויס פון גאַנצן מלחמה־פראָנט. הרב וואָלפ׳ן, צוזאַמען מיט ביאַליסטאָקער עסקנים, איז עס געלונגען „אָפּצושרייען״ די גזרה פאַרן גאַנצן ביאַליסטאָקער ראַיאָן אויף אַ געוויסער צייט — ביז די רוסן אַליין האָבן שפּעטער געמוזט עוואַקויִרן...

„קראַפּוניאַק״. — אַ גרויסער לערנער איז געווען דער אַלטער „קראַפּוניאַק״. ער איז געווען פון ר׳ גדליה׳ס דור און זיך אויך שטענדיק געווייקט אין תורה. צוזאַמען מיט אים האָט עטלעכע יאָר געלערנט אין בית המדרש זיין איידעם, אַ יונגער רב וואָס האָט געוואַרט אַז עס זאָל זיך אים ערגעץ מאַכן אַ שטעלע... שווער און איידעם זיינען געשטאָרבן איינער נאָכן אַנדערן (ארום 1909) און אין בית־המדרש איז עס שטיל געוואָרן...

איצי־לייב. — איצי־לייב דעם שמש האָט מען ניט געהערט ווען ער האָט געלערנט תורה. אין מיין צייט איז ער שוין געווען כמעט בלינד, פלעגט ער לערנען משניות אויסנווייניק ביחידות און אינדערשטיל — שטייענדיק אויף דער בימה...

זעליק־אייזיק. — אַ תלמיד חכם איז געווען זעליק־אייזיק, דער פאָטער פון די רודסקי׳ס. וועגן אים האָבן זיך געטראָגן לעגענדעס נאָך

בײַ זײַן לעבן. ער פלעגט זיצן יומם ולילה און לערנען בײַ זיך אין „מויער"; אין בית־המדרש פלעגט ער קיינמאָל ניט קומען, אפילו ניט שבתים און יום־טובים. בלויז אויף ימים־נוראים פלעגט ער פאָרן צום רבין אין קאָצק.

זעליק־אייזיק, וועלכער איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד, האָט אַמאָל געהאַט אָנגעפירט מיט דער גרויסער מחלוקת אין גאָניאָנדז — צום סוף פון די „אכציקער" יאָרן — ווען רב־שוחט־חזן, און ווען די מתנגדים האָבן גובר געווען האָט ער זיך אַזוי ווי פורש געווען פון דער וועלט.

זעליק־אייזיקס גמרא־ניגון פלעגן קינדער הערן דורכן פענסטער, אָבער אים אַליין האָט מען ניט געזען, און ווען ער פלעגט אַמאָל אַרויסגיין כאַפּן פרישע לופט אויפן שולבאַרג פלעגן קליינוואַרג פרעגן: ווער איז דער איד?

## צוויי שטילע לערנער

אין גאָניאָנדז האָבן געלעבט צוויי אידן, גרויסע לערנער, וואָס זייער קול תורה האָט זיך ניט געהערט אין בית־המדרש. דאָס איז ניט געווען דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען צעקריגט מיט קהל... זיי זיינען געווען סתם שטילע מענטשן וואָס האָבן ליב געהאַט צו לערנען אין זייערע היימען...

מאיר־אייזיק'ס (אידל טרעשטשאַנסקיס פאָטער) איז געווען איינער פון זיי. אין זיין יוגנט געווען אַ ישיבה־בחור אין ביאַליסטאָק און נאָכדעם דעם גאַנצן לעבן אַליין געלערנט. ער האָט געהאַט איינגעבאָרענע מעכאַנישע פעאיקייטן און אַ זייגערמייסטער איז ער געוואָרן „פון זיך אַליין". פרנסה האָט ער געהאַט בצמצום, אָבער זיין גרויסער „פאַרמעגן" איז געווען דער ווילנער ש"ס. צוליב מיין חבר אידל בין איך געווען אַ בן־בית ביי זיי און יעדן אָוונט פלעג איך אים זען לערנענדיק זיין שיעור גמרא.

מאיר־אייזיק'ס איז געווען אַ פיקח, פול מיט הומאָר און חריפות. פון זיינע שיחות־חולין אין בית המדרש און ביים וואַרשטאַט פלעגן אָנקוועלן דערוואַקסענע און קינדער.

צו סיום הש"ס האָט ער פאַררופן צו זיך אין הויז אַלע לומדים פון שטעטל און זיין סעודת מצוה איז געווען אַ פאַסירונג אין גאָניאָנדז.

אריה־לייב באַכראַך. — דער צווייטער שטילער לערנער אין גאָניאָנדז איז געווען מיין פאָטער אריה־לייב באַכראַך (לייבל דער אייזנקרעמער). לייבל באַכראַך איז בכלל געווען אַ יושב אוהל; ניט באַטייליקט זיך אין קיין שום קהל'שער טעטיקייט. די דערציאונג פון זיינע קינדער, דאָס אַליין לערנען, און דאגת פרנסה האָבן אויסגעפילט זיין לעבן. דער עיקר — אַליין לערנען. און געלערנט האָט ער יעדע פרייע מינוט — בייטאָג, אינאָוונט און שפעט אין דער נאַכט. ער האָט געלערנט „מעטאָדיש" גמרא און משניות אין די וואָכנדיקע טעג, און שבתים — קבלה און אַנדערע ספרים. דערצו איז ער געווען אַ קורא ותיק פון דער העברעאישער און אידישער פרעסע.

## חברות

חברה ש"ס. — ביים לאַנגן טיש לענגאויס דער דרום־וואַנט אין בית־המדרש, האָט חברה ש"ס געלערנט אַ בלאַט גמרא יעדן אָוונט נאָך מעריב. דער „רבי" איז געווען יאַנקל זעליק־אייזיק'ס (רודסקי). בטבע איז יאַנקל רודסקי געווען אַן עניו און מען האָט כמעט ניט געפילט זיין אַנוועזנהייט אין בית המדרש, אָבער ביים זאָגן דעם שיעור איז שוין געווען עפעס אַנדערש. דעמאָלט האָט ער אַרויסגעוויזן זיין חריפות און זיך „געלאָזט הערן".

יאַנקל זעליק־אייזיקס האָט געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, געפירט גרויסע געשעפטן מיט „קאַזניאַ" און דאָך געהאַט אַ „קלאָרן קאָפּ" צו לערנען ש"ס מיט אַ חברה אידן ביינאַכט.

צווישן זיינע שטענדיקע מיטלערנערס געדענק איך פנחס דעם רב'ס, משה קלעוויאַנקער (לעווין), גדאַלקע (גדליה) דעם לערער, טוביה מאָטל כהן, אברהם גנענדלס, און לעצטנס יהושע, חיים דינקעס איידעם.

חברה משניות. — דער רבי — אברהם־משה מחבר. אַ הויכער איד מיט אַ שטאַרקער

שטימע, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פון איין עק בית־המדרש ביזן אַנדערן אפילו שבת פאַר מנחה, ווען דער בית־המדרש איז געווען פול און קינדער האָבן געטומלט... די קביעות פון זיין לערנען אַ פּרק משניות איז געווען: יעדן טאָג פאַרן ערשטן מנין, און שבת פאר מנחה. פון די תלמידים גדענק איך: יוסקע מוריינסקי, חיים וועלוול דער פאַרבער, מיין פעטער ישראל יצחק, יאַנקל עליע דעם שמידס, בערל דאָלקער און די ווינטמילער אַלטער און הערשל.

אברהם משה פלעגט אויך זאָגן תהילים שבת בין מנחה למעריב, און מיר קינדער פלעגן פלייסיק מיטזינגען מיט אים דעם „לדוד ברוך".

דער יערלעכער סיום פון חברה משניות איז געווען שמחת־תורה. אין דעם יום־טוב האָט אברהם־משה ממש געקערט וועלטן... יאַנקל דער שוחט האָט אים אין דעם אַרויסגעהאָלפן, נאָכדעם ווי זיי האָבן ביידע געמאַכט אַ „שהכל". און וועלכער גאָניאָנדזער געדענקט עס ניט אברהם־משה׳ס „וואָיטראַ"־זינגען און זיין הוליען אין דעם טאָג פון אַלע טעג — שמחת תורה!

חברה עין־יעקב. — **דער רבי פון חברה עין־יעקב איז געווען גרשון־ברוך קראַוויעץ. אַ איד אַ בעל מוח, נאָר אָן אַ גוף... אָט דאַכט זיך אייך אז דער ווינט בלאָזט אים אַוועק. אויף יעדער קשיא האָט ער שטענדיק געהאַט אַ גרייטן תירוץ. קיין גרויסער בעל מסביר איז גרשון ברוך ניט געווען: געטייטשט און געגאַנגען, געטייטשט און ווייטער געגאַנגען. אָבער די אידן וואָס זיינען געזעסן אַרום זיין טיש האָבן געשלונגען זיינע רייד און זיך געקוויקט מיט די שיינע מעשיות און משלים.**

**ער איז געווען אַ הייסער רוסישער פּאַטריאָט, און כאָטש אין דעם רוסיש־יאַפּאָנישן קריג האָט ער מיאוס פאַרלוירן צו אַלטן קולטאָן, איז ער אין ערשטן וועלט־קריג ווידער געווען זיכער אַז די רוסן וועלן געווינען. אין דעם פאַל, וויניקסטנס, איז ער אַרויס „גלייך אויף גלייך", ניט־מיר, ניט־דיר...**

ניסן דער שניידער. — **מיט אַ קלענערער חברה עין־יעקב האָט אָנגעפירט ניסן דער שניידער. ניסן איז געזעסן ביים טיש מיט זיינע עטלעכע שטענדיקע תלמידים, האָרעפּאַשניע אידן, ניט געיאָגט זיך, נאָר דערקלערט יעדן מאמר און יעדן משל; פשוט צעקייט און אַריינגעלייגט אין מויל... פון זיין טיש איז מען אַוועק „זאַט". געלערנט האָט מען יעדן טאָג פאַרן ערשטן מנין און שבת פאַר מנחה. (אגב, ניסן האָט געהאַט אַ חזקה אויפן עמוד שבת צו מנחה און זיין „אתה אחד" איז געווען אַ נחת צו הערן).**

וועלוול ראַוועך. — **וועלוול ראַוועך (סייד) פלעגט יעדן פרייטיק־צו־נאַכט, נאָכן עסן, לערנען אַ „פרשה חומש" מיט אַ צאָל בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געהאַט זייער שבת׳דיקן מנין ביי איטשע פראַנצויזל׳ס אין הויז.**

## ישיבה־בחורים

יהושע ראָזענבלום. **דער „זקן" הישיבה־בחורים איז אין גאָניאָנדז געווען יהושע ראָזענבלום (גאָלדע עליע־אָשר׳ס זון). ער איז בשעתו געווען אַן עילוי און אויך אַ מוסר׳ניק אין נאָוואַרעדאָק, אין ר׳ יוזל׳ס ישיבה. שפּעטער האָט ער שטודירט אין קעניגסבערג. די יוגנט האָט זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַ גייסטיקן פירער. ווען ער איז אין 1910 געשטאָרבן האָט אים גאַנץ שטעטל באַגלייט צום „גוטן אָרט". די „מיטה" האָט מען געטראָגן אַרום דעם בית־המדרש...**

יאָסל הערציק. — **יאָסל יהודה דעם קירזשנערס האָט געלערנט אין טרעסטינע ביי הרב בישקאָ. שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ „משכיל", האָט מען אים איבערהויפּט אין בית־המדרש ניט אָנגעזען... (איצט, אגב, איינער פון די עלטסטע גאָניאָנדזער אין תל־אביב).**

אַ זון פון הערשל יאָסל זרח׳ס. — **(סענדער מילטשאַנס אַ קוזין). פון אים ווייסן גאַנץ ווייניק גאָניאָנדזער. זיין פאַמיליע האָט עמיגרירט אין אַמעריקע (אין יאָר 1903). ער איז אָבער ניט מיטגעפאָרן און פאַרבראַכט די גאַנצע יאָרן אין ישיבות. געווען אַ גרויסער למדן און יראַ־שמים.**

יוסף באַבראָווסקי. — יוסף מענדעלעס האָט אויך געלערנט אין טרעסטינע. ער איז פאַרבליבן אַ חסיד אפילו נאָכדעם ווי ער האָט שוין אויפגעהערט דאַווענען און לערנען... אַ סך יאָרן געלעבט אין אַמעריקע, געווען אַ מוקיר תלמידי חכמים, אַ ברייטהאַרציקער אונטערשטיצער פון תורה־אינסטיטוציעס און אַ גרויסער בייסטייערער פאַר ארץ־ישראל.

### ישיבה בחורים פון מיין דור

אין לאָמזשע, בריסק, און אַנדערע ישיבות האָבן געלערנט: איטשע יאַנקל דעם שוחט׳ס; יצחק־לייב לייזער־אייזיקס, מרדכי קאַפּלאַן (אַ זון פון קוליאַוון מלמד); זיידקע עליע־שלומ׳ס (דעם שמיד׳ס); דוד חנה־דינה׳ס; און אברהם־יצחק יהושע דעם־שוסטער׳ס.

איך אַליין האָב געלערנט צוערשט אין וויזנער „ישיבה קטנה״ און דערנאָך דריי יאָר אין ראַדין. קורץ פאַר מיין פאַרלאָזן ראַדין, אָנפאַנג זומער 1914, איז דאָרטן אָנגעקומען לערנען מאירים רובין (וועלוול זאַדזשאַקס זון). מאירים איז געווען דער לעצטער גאָניאָנדזער ישיבה־בחור פאַר מיין געדענקען. ער איז איצט רב און שוחט אין אַ שטעטל אין אַרגענטינע.

האַלב אלול התר״פ (1920) האָב איך פאַרלאָזן גאָניאָנדז און מער אונדזער שטעטל ניט געזען. מען קען זאָגן אַז שוין דעמאָלט איז דער בית־המדרש געווען אַראָפּ פון זיין גדולה: ווייניק אַלטע לערנער און נאָך ווייניקער — יונגע, אָבער די השפעה פון די פריערדיקע יאָרן איז פאַרבליבן.

פתח־תקוה, אלול תשי״ח.

**א. מילטשאַן**

# ר׳ בנימין יוסף בר׳ צבי באיער

**(דערינערונגען פון גאניאנדז)**

בנימין דער סופר האָט באַגלייט דעם גאָניאָנדזער איד פון וויגל ביזן גריבל, ווי מען פלעגט זאָגן אין גאָניאָנדז. אַזוי, למשל, איז נאָך איידער אַ גאָניאָנדזער איד איז אויף דער וועלט געקומען האָט ר׳ בנימין באַזאָרגט פאַר דער יולדת „שיר המעלות׳ן״ אויף אַלע פיר ווענט, געשריבן מיט זיין שיינער סופר׳ישער שריפט, עס זאָלן חס־ושלום ניט שולט זיין קיין שדים ומזיקים אויפן רך הנולד. פאַרן ברית האָט ר׳ בנימין אָנגעפירט אין שול מיטן „שירה חדשה שיבחו גאולים״, און אויפן ברית גופא איז ער געווען דער הויפּט־מחותן, איינגעטיילט אַלע כיבודים און אַרויסגעגעבן אַלע נויטיקע פאַראָרדנונגען. אַז דאָס קינד איז נאָר אַ ביסל אונטערגעוואַקסן פלעגט אים דער פאָטער ברענגען אין שול, און דאָרט פלעגט אים ר׳ בנימין רופן ביים נאָמען און געבן צו פאַרזוכן ווין פון קידוש און הבדלה, און ווער ס׳האָט געהאַט זכות אבות פלעגט אויך באַקומען צו האַלטן די גראָבע געפלאָכטענע הבדלה־ליכט, וואָס ר׳ בנימין פלעגט אַליין אויספלעכטן און באַזאָרגן פאַר דער שול.

שפּעטער, אַז דאָס קינד האָט נאָר אָנגעהויבן פּרעפּלען, פלעגט ר׳ בנימין אים באַזאָרגן אַ געדרוקטן „אלף־בית״ אויף איין גרויסן טאָוול מיט אַלע לעזבאַרע נקודות און אותיות פון גרויסער און קליינער האַנט. אַריינקומענדיק אין „חדר״, צום דרדקי־מלמד, איז די ערשטע ווענדונג געווען צו ר׳ בנימינ׳ען אַלס מוכר ספרים צו באַזאָרגן אַ סידור מיט גרויסע אותיות; שפּעטער אַ חומש און דערנאָך אַ סוואַרבע (עשרים וארבע). און אַז גאָט האָט געהאָלפן און דער יינגל איז דערוואַקסן צו בר־מצוה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון באַשטעלן ביי ר׳ בנימין אַ פּאָר שיינע תפילין משופרא דשופרא, ווי אין שולחן ערוך שטייט, מעור אחד און פיין געפּאַלירט מיט שפּיגעלעך, ד. ה. פון אונטן זאָלן זיך אַרויסזען די פרשות,

מיט אַ שיינעם ברייטן „שין״ פון בײדע זייטן און מיט אַ באָרדאָ־סאַמעטענעם תפילין־זעקעלע אויף וועלכן ס׳זיינען געווען אויסגענייט דער נאָמען פון בר־מצוה מיטן אידישן דאַטום און אַ גרויסער גאָלד־געשטיקטער „מגן־דוד״. און אַלץ האָט ר׳ בנימין געמוזט צוגרייטן צו דער בר־מצוה־פייערונג: צוגרייטן דעם בר־מצוה צו דער „הפטרה״ און ברכות; אויפרופן אַלע פריינט, מקורבים, שבת צו דער תורה, און דעם בר־מצוה צום „מפטיר״, און גלייכצייטיק זיך באַטייליקן אין דער שמחה פון בר־מצוה.

אויסער די אַלע אויבנדערמאָנטע פונקציעס און די פּאַקטישע אָנפירונג מיט דער גרויסער שול פון וועלכער ער איז געווען דער אומאָפיציעלער פאַרוואַלטער, איז ער נאָך געזעסן גאַנצע טעג על התורה והעבודה, אין בוכשטעבליכן זין פון וואָרט. און ווען איר זייט פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי זיין הויז, וואָס האָט זיך געפונען צווישן שול און בית־מדרש, האָט איר דורכן פענצטער באַמערקט ווי ר׳ בנימין זיצט איבערגעבויגן איבער גרויסע יריעות פאַרמעט, שרייבט־איין אין זיי די הייליקע תורה מיט גרויס יראת־קודש און צירקלט אויס יעדן אות, מיט אייגנאַרטיקע באַקרוינונגען און באַשיינונגען.

די גרעסטע פרייד פלעגט אונדז פאַרשאַפן ר׳ בנימין אין חודש אדר, ווי דער תלמוד זאָגט: „משנכנס אדר מרבין בשמחה״. דעמאָלט פלעגט דערשיינען אין צווייטן פענצטער פון זיין אַזוי־גערופענעם סאַלאָן אַן אויסשטעלונג פון אַלע סאָרטן פורימדיקע מגילות, גערעלטע און צונויפגעלייגטע, קליינע און גרויסע, מיט פאַרשיידענע באַפּוצונגען; אַ גרויסער אויסוואַל פון פאַרשיידענע גראַגערס, בלעכענע המן־דרייערס, געטאָקטע פאַרביקע קאָלאָקאַטקעס, רייך באַמאָלטע; אַ גאַנצע קאָלעקציע פון פאַרשיידענע פורימדיקע מאַסקעס: המן, זיין ווייב זרש און זייער תכשיט ויזתא. נאָר די הויפּט־אַטראַקציע איז געווען המן מיט זיינע צען זין אויף דער תליה, אין שרייאיקע אָריענטאַלישע פאַרבן. דאָס איז געווען אַזוי קונציק אויסגעאַרבעט, אַז ווען מען פלעגט געבן אַ צי פאַר אַ שטריקל האָט זיך המן געצאַפּלט און געוואָרפן מיט די הענט און פיס ווי אַ רוח וואָלט אין

אים אַריין, און די קליינע המנ׳דלעך פלעגן אים אַקאָמפּאַנירן מיט צאַפּלענישן צום טאַקט. ווען מיר חדר־יינגלעך פלעגן גייענדיק צו וואַרעמעס זיך אָפּשטעלן ביי ר׳ בנימינ׳ס פענצטער באַוואונדערן די שיינע אויסשטעלונג, פלעגט ר׳ בנימין צושיקן זיין מוזשינקע, זי זאָל ציען פאַרן שטריקל. דידאָזיקע צאַפּלענישן פון די שונאי־ישראל פלעגן אַרויסרופן ביי אונדז באַגייסטערונג און נקמה־פרייד, און אַזוי פלעגן מיר אָפּשטיין שעה׳ן לאַנגביים פענצטער און פאַרגעסן אפילו פון וואַרעמעס.

ערב שבועות פלעגט ר׳ בנימין אונדז רופן פון מאָטיעס חדר העלפן אויסשפּרייטן גרינס און בלושטש אויף דער סטעזשקע פון ביימקע דעם שניידער ביזן שול און אויך אין שול — לכבוד חג־הביכורים. ערב שמחת־תורה פאַרנאַכט פלעגט זיין דער „דזשאָב״ פון די חדר־יינגלעך אַרויפצוקריכן אויפן העכסטן באַלקאָן פון שול און דאָרט אָנצינדן די ליכט אין די ליימענע גריבעלעך וואָס ר׳ בנימין פלעגט דאָרט צוגרייטן, און ביינאַכט פלעגט ר׳ בנימין דיריזשירן פון בימה מיט די הקפות און קינדערשע פאָנען. צומאָרגנס שמחת־תורה פלעגט ער אונדז יינגלעך, „צאן קדשים״, אַרונטערנעמען אונטער זיין טלית ווי אונטער אַ חופה, צו „כל הנערים״.

מיר פלעגן קומען אָפּטמאָל אין שול כדי צו כאַפּן פון ר׳ בנימינ׳ען אַ שמייכל, אַ ליבלעכן בליק, אָדער אַ וויץ מיט אַ גראַם, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַט גרייט פאַר אונדז. אַקעגן ר׳ בנימינ׳ען איז געזעסן אַ איד מיטן נאָמען כאַצקל בוראַק. פון באַרוף איז ער געווען אַ דאָרפס־שניידער, וואָס פלעגט נייען פּעלצן ביי די פויערים פון אומגעגנט אַ קיילעכדיקע וואָך און אויף שבת פלעגט ער קומען אַהיים. ער איז דער שטאַם־פאָטער פון דער פאַמיליע בלום אין אַמעריקע, און דער פאָטער פון ד״ר בלום אין ניו־יאָרק. זיך צוקוקנדיק ווי ר׳ בנימין זיצט גאַנצענע טעג און שרייבט ספרי־תורות, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק: פאַר די עטלעכע הונדערט רובל וואָס ער האָט אָפּגעלייגט אין די לאַנגע יאָרן פון זיין אַרבעט אויפן דאָרף, ווי אויך פאַר די געלט וואָס ער האָט איינגעקאַרגט פון דעם וואָס זיין זון דער

דאָקטאָר פון אַמעריקע האָט אים געשיקט, ווען ער לאָזן שרייבן אויף די נעמען פון אים און זיין ווייב אַ רייניקייט און זי אַריינשטעלן אין ארון־קודש פאַר די קומענדיקע דורות, און דאָס זאָל דינען אַלס אָנדענק פאַר אים מיט זיין ווייב, פאַר זיינע קינדער און קינדסקינדער. צו דעם צוועק האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט ר׳ בנימינ׳ען און זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ פּלאַן, געפאָרן קיין ביאַליסטאָק, דאָרט איינגעקויפט פון בעסטן פּאַרמעט און צוגעטרעטן פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן.

דער ספר האָט זיך געשריבן אַ פּאָר יאָר. און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן האָט מען געפּראַוועט דעם סיום הספר ביי זרח מילטשאַן אין מיטן מאַרק. דער אָנפירער פון דער גאַנצער צערעמאָניע איז פאַרשטייט זיך געווען ר׳ בנימין דער סופר. דער גאַנצער פּראָנט פון דער הויז און די שויפענצטער זיינען געווען באַהאָנגען מיט פאַרביקע לאַמטערנעס אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעמאָלט פאַרשיידענע חיות ווי: ווילזטירן, פּיפּערנאָטערס, עקדישן און סקאָרפּיאָנען, וואָס קיין טירגאָרטן האָט נאָך אַזעלכעס ניט געזען. אינעווייניק, אויף געדעקטע טישן, איז געווען אויסגעלייגט די שניי־ווייסע ספר־תורה, און ר׳ בנימין אויסגעפּוצט אין אַ שוואַרץ־אַטלאַסענעם סורדוט, מיט אַ שניי ווייסער „סערדצע״ („הערצל״) און אַ סאַמעטענער היטל, אַרויפגעזעצט אויף אַ יאַרמולקע, האָט פאַרקויפט אותיות. און דער עולם האָט געקויפט; ווער פאַר זיך און פאַר דער ווייב, ווער פאַר אַ טאָכטער שהגיעה לפרקה, זי זאָל באַקומען איר זיווג, אָדער פאַר אַ זון וואָס דאַרף שטיין צום „פּריזיוו״, ער זאָל באַפרייט ווערן פון פּאָניעס הענט... נאָכן איינשרייבן דעם אות אין ספר, פלעגט טויבע־צוויקע מכבד זיין מיט משקה און לעקאַך. אויפן סיום האָט זיך פאַרזאַמלט די גאַנצע משפחה; אָנהויבנדיק פון שלמה־יאָסל׳ס געזינדל, יואל חנה־חיה׳ס און אַלע איבעריקע קרובים און מקורבים, קיין איינער האָט ניט געפעלט. און אונדזער ר׳ בנימין שוויצט נעבעך און רופט אויס יעדן איינעם ביים נאָמען און וויפל ער האָט מנדב געווען אויף סיום הספר, און דעם אות פון וועלכן וואָרט און וועלכן פּסוק אין דער תורה ער האָט איינגעהאַנדלט פאַר זיין בתולה מרת עלקע, אָדער פאַרן זון החתן שמערל. און אַזוי אַ גאַנצן אָוונט ביז דער עולם האָט אויפגעהערט קומען, און ס׳האָבן שוין ניט געקלעקט קיין אותיות. ערשט דעמאָלט האָט מען פאַרענדיקט, צונויפגעוויקלט דעם ספר, אָנגעטאָן די שיינע רויט־פּלושענע, גאָלד־געשטיקטע מענטעלע, מיט אַלע געהעריקע אויפשריפטן, מיט כאַצקל בוראַקן אַלס נדבן, געבראַכט פון שול די חופה מיט די פיר דרענגלעך און אַרונטערגעפירט דעם אַלטן כאַצקל בוראַקן מיט דער ספר־תורה אונטער איר. נעבן אים שטייט זיין ווייב טויבע־צוויקע און האַלט אים אונטער, אַרום זיי די גאַנצע משפחה מיט ליכט אין די הענט, נאָך זיי אַלע ווייסע חברה׳ניקעס, מיט לאַמטערנעס, שטאָלקאַרצן און סתם ברענענדיקע שטעקענער, און מען לאָזט זיך גיין צום בית־מדרש, טאָפּטשענדיק אין בלאָטע לענגאויס דעם מאַרק. יהודה דער קירזשנער טאַנצט אַקעגן הינטערווייילעכס און פּאַטשטצו מיט די הענט, זינגט אַ פריילעכס, אַ וואָלאַכל, אָדער גייט אַריבער אין אַ קאָזאַטשאָק.

אָט אַזוי גייט דער גאַנצער צוג אונטער דער קאָמאַנדע פון ר׳ בנימינ׳ען ביז בית־מדרש געסל. דאָ גייט שוין אַרויס אַ דעלעגאַציע פון אַלע שכנים, קרובים און סתם גוטע פריינט, וואָס באַהעפטן זיך צום צוג, און מען גייט אַזוי אין אַ געפּרעסטער מאַסע ביזן פּאָליש פון בית־מדרש. ביי כאַצקל בוראַקן פלאַמען די באַקן און ס׳קייקלען זיך פריידיקע טרערן פון די אויגן. דער עולם שרייט אויס הויך אויפן קול „זו תורה וזה שכרה״, „נגיל ונשיש בזאת התורה כי היא לנו עוז ואורה״, און לאָזט זיך אַריין מאַסנווייז אין בית־מדרש. מען נעמט אַרויס די ספר־תורה׳ס און מען גייט מיט זיי הקפות אַרום בימה.

נאָכדעם ווי מ׳האָט שוין אַלעמען איינגעטיילט כיבודים שטעלט מען אַריין די רייניקייט אויף איר פּלאַץ אין ארון־קודש, מען ווינטשט זיך לעבן און געזונט ביז 120 יאָר און מען גייט זיך פאַנאַנדער. אונדזער ר׳ בנימין, אַ טויט־מידער, דערקריכט קוים אַהיים...

פייגל רובין
(ר׳ בנימין דעם סופר׳ס טאָכטער)

# מיין שול און שולבאַרג

די שול און שולבאַרג האָבן זייער אַ סך געמיינט פאַר אונדז, גאָניאָנדזער, און עס איז וויכטיק צו פאַרצייכענען די פרייד און לייד, דאגות און שמחות וועלכע האָבן פאַסירט אויפן שולבאַרג — מיין שולבאַרג.

איך זאָג „מיין", ווייל אַלס קליין מיידעלע האָב איך געמיינט, אַז די שול און דער שולבאַרג זיינען דאָס אייגנטום פון מיין טאַטן און מיין מאַמען. די ספר־תורות וועלכע זיינען אין שול זיינען דאָך מיין טאַטנס, איך זע דאָך אים זיי שרייבן.

די דעראינערונגען פון מיין קינדהייט און יוגנט זיינען ענג פאַרבונדן מיטן שול און שולבאַרג. איך האָב זיך אויפגעהאָדעוועט אויפן שולבאַרג, געחלומ׳ט חלומות פון גליק אויפן שולבאַרג.

ווי גרויס איז געווען דער צער און דער ווייטאָק ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז פוילישע כוליגאַנעס האָבן פאַרשוועכט אונדזער הייליקייט און צעריסן אַ ספר־תורה. דער איינדרוק איז אומפאַרגעסלעך, איינגעקריצט טיף אין מיין זיכרון. דאָס האָט פאַסירט נאָך ימים־טובים אין יאָר 1912. שטיקער צעריסענע יריעות פון אַ ספר־תורה האָבן זיך געוואַלגערט אויפן שולבאַרג, פאַרשמוצט און צעטרעטן. דער האַנדפאַס צעבראָכן האָט זיך אַרומגעוואַלגערט מיט צעריסענע פאַרבלאָטיקטע האַנטיכער. גאַנץ גאָניאָנדז איז געווען איינגעהילט אין טרויער, פול מיט צער ווי דערשלאָגענע אבלים. מיין טאַטע האָט געוויינט אַזוי שטאַרק, ווי אין דעם פאַל ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבן דעם זעלבן יאָר. דער רב וואָלף האָט דעמאָלט גוזר געווען, אַז מען זאָל פאַסטן, און דער טרויער איז געווען זייער גרויס. מען האָט אַראָפּגעבראַכט שפיר־הינט, וועלכע האָבן געשמעקט און געלאָפן אַרום שולבאַרג און אַראָפּ שול־





באַרג, אָבער אַזוי ווי עס איז געווען נאָך אַ רעגן, האָבן די הינט ניט געקענט אויסגעפינען די שפורן פון די פאַרברעכער.

האַרץ־רייסנדיקע סצענעס פלעגן זיך אָפּשפילן, ווען אַ מאַמע פלעגט מיט אַ האַרצרייסנדיקן יאָמער צופאַלן צו די הייליקע תורות אין שול, זיי זאָלן זיך באַמיען פאַר איר קראַנק קינד, און אויך אַזוי פלעגן קינדער בעטן רחמים אין שול פאַר די ספר־תורות פאַר זייער קראַנקן טאַטן אָדער מאַמען, אַז זיי זאָלן ניט בלייבן קיין עלנטע יתומים.

שול און שולבאַרג האָבן איינגעזאַפּט אין זיך פיל טרערן, אָבער אויך פרייד.

אַ חתונה אין גאָניאָנדז. גאַנץ שטעטל, אַלט און יונג, איז זיך משמח. מען פירט דעם חתן מיט דער כלה צו דער חופה. ווו? פאַרשטייט זיך — אויפן שולבאַרג. עס שפילן כלי־זמר. די פענסטער זיינען באַלויכטן מיט לאָמפּן אָדער ליכט אין אַלע הייזער וואָס פירן צו דער שולגאַס. דאָס יונגע פאָר, פול מיט גליק און האָפענונג צו אַ ניי לעבן און גליקלעכע צוקונפט, לעבט איבער די גליקלעכסטע מינוטן אויפן שולבאַרג.

זומער־צייט, איז דער שולבאַרג פול געווען מיט קינדערלעך, פריילעכע, זאָרגלאָזע שטיפערס, וואָס האָבן מיט זייער געפילדער און געלעכטער פאַרהילכט די לופט, שפילנדיק זיך אין פערדלעך, אין „טשאָרט", אין „שלי־שלך", אָדער אין מאַנעווערס.

נאָך אַ הייסן זומער־טאָג אין אַ שטיקנדיקן זומער־אָוונט, פלעגט מען גיין זיך אָפּקילן אויפן שולבאַרג, מען פלעגט מיטנעמען קישנס זיך צו לייגן, אָדער זיצן און שמועסן.

און ווער קען פאַרגעסן די ימים־טובים? די שול פלעגט זיין געפּאַקט מיט מענטשן, עלטערע און יונגוואַרג, און דער שולבאַרג מיט קינדערלעך, וועלכע פלעגן מיט רעש און האַרמידער אַריינלויפן און אַרויסלויפן און אָנפילן די לופט מיט אַ פריילעכן זאָרגלאָזן טומל.



די גבאים, שמשים און סתם אידן פאַרן בנין פון דער שול

אַן אַנדער בילד שווימט אויף פאַר מיר. יאָר 1911, אחרון של פסח. אַ פייער ברעכט אויס אין מיין פעטער גרשון־לייב׳ס קראָם. געשרייען, געוואַלדן. מען ראַטעוועט די קליינוואַרג, די בעבעכעס, האָב און גוטס. ווו איז דער זיכערסטער פּלאַץ? אויפן שולבאַרג. אַ געוויין פון קינדער. אַ יאָמער פון טאַטעס און מאַמעס, פּערינעס און קישנס, מעבל און שאר ירקות. די שול און דער שולבאַרג איז זייער באַשיצונגס־פּלאַץ — מיין שולבאַרג.

יאָר 1916 — דער וועלט־באַרימטער חזן סיראָטע קומט צו אונדז אין גאַניאָנדז. גאַניאָנדז איז יום־טוב׳דיק געשטימט. מיר, קינדער פון דער העברעאישער שולע, מאַרשירן מיט אונדזערע לערער (משה לעווין, יואל־מאיר כהן, יונתן ניימאַן און שמעון האַלפּערן) מיט געזאַנג פון העברעאישע לידער, אין שול אַריין, ווו מיר הערן זיך צו צום געזאַנג פון חזן סיראָטע.

תלמידות און תלמידים פון דער העברעאישער שולע פלעגן מאַכן די אויפגאַבן, לערנען אויף אויסנווייניק פסוקים פון תנ״ך אויפן שולבאַרג.

דאָרט האָבן מיר לופט־שלעסער געבויט, געהאָפט, געחלומ׳ט פון אַ שענערער בעסערער וועלט, אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט, געחלומ׳ט פון ארץ־ישראל.

מיין שטעטעלע גאַניאָנדז מיט די מענטשן זיינען אומגעקומען פון מערדערישע הענט, פאַרוויסט און חרוב זיינען מיין שול און שולבאַרג.

דוד פאַרמאַן

# גאַניאַנדזער שטריכן

(אַ בינטל זכרונות פון אַן אַלטן גאָניאָנדזער — ניסן דעם שניידערס אַ זון)

כאָטש ניט קיין היסטאָריקער פאַרשטיי איך פון דעם נאָמען „אַלטער מאַרק“, אַז גאָניאָנדז האָט זיך אָנגעפאַנגען צו בויען פון דער טייך־זייט. אַז די שטאָט האָט זיך צעשפּרייט איז דער „אַלטער מאַרק“ געבליבן פאַר יאַרידן און מערק צו פאַרקויפן פערד און בהמות און פאַר קאַלינען צו סמאַליען זיינע חזירים.

דער נייער גרויסער מאַרק האָט שוין געהאַט אַ פּנים פון אַ גרויסער שטאָט, ווי געפּלאַנעוועט פון אַ מייסטער, געטיילט אין אַ יחסנדיקער זייט און אַ ניט־יחסנדיקער, ווי, כלומרשט, די גרויסע וועלט שטעט — ניו־יאָרק, אָדער לאָנדאָן מיט אַ „מזרח“ און אַ „מערב“....

וועל איך אַביסל שילדערן דעם גרויסן מאַרק, אָנהייבנדיק פון מזרח־זייט מיט דער מתים־געסל: אברהם טשודאַקס הויז, אַ חורבה נעבעך כמעט פאַרזונקען אין דר'ערד, אַ אָנווייזונג אויף תחיית־המתים... האָט אברהם זיין „הויז“ אָנגעטאָן א גרויס היטל, דאָס הייסט אַ דאַך אַ סך גרעסער ווי די שטוב גופא. דאָס „היטל“ איז געשטאַנען אויף סלופּעס. דאָס היטל איז כלל ניט געווען קיין „סימבאָל“, נאָר עס האָט אים פּשוט ניט געסטייעט צו פאַרענדיקן די הויז האָט ער געמאַכט דאָס היטל אַז עס זאָל ניט גיסן קיין וואַסער אויפן קאָפּ...

נאָך זיין הויז — אַ מויער — יצחק יאָסקעס.

צו צפון זייט — רחל משה'ס און עטלעכע הילצערנע הייזער און דערנאָך עטלעכע מויערן ביז פעשע דער בעקערקע און חיים דינקעס מויער.

ווייטער זעליג־אייזיקס מויער איז שוין געווען אַ „צענטער“ אַ גאַנצער פאַר זיך. קודם כל — מלכה־רייזלס „קאַנטאָר“ און דער צווייטער שטאָק אַ צענטער פון מעדיצין: דאָרט איז געווען די אַפּטייק און אויך דער דאָקטאָר,





דוד פאָרמאַן

כאָטש אויפן אַלטן מאַרק האָט געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק יאַנקל דער רופא.

צו מערב־זייט (דרך ארץ!) צוויי הילצערנע הייזער פון רייזל מאירקעס און שמעון מאַראַנץ — און די גאַנצע זייט מויערן — ביז אַריבער משה־גרשון און מאַרקאָווסקי. איך געדענק, ווען דער מויער איז פאַרענדיקט געוואָרן פלעגן מאַרקאָווסקי און זיין פאַמיליע זיצן שבת פאַרנאַכט אויפן בריקל און וואַרפן ניס און צוקערקעס פאַר אידישע קינדער.

די דרום זייט אַזוי אָרעם ווי די מזרח זייט — איין מויער לייזער זרח'ס און נאָך אַ פּאָר הילצערנע הייזער.

גאָניאָנדזער „בערג“ — דריי בערג כסדר, ביילע־איטעס, דער שול־באַרג און דער ט־באַרג מיט טיפע גרויסע טאָלן אין דער מיט. אַז מען קוקט זיך גוט צו מיט אַ גוט אויג, זעט מען באַשיינפּערלעך, אַז אַלע דריי בערג זענען אין ששת־ימי־בראשית געווען איין באַרג. און למען האמת זיינען עס נאָר האַלבע בערג, ווייל פון דרום־זייט גלייכן זיי זיך אויס מיט דער גאַס.

און דער „דאָל“ איז דאָך כידוע אַ העברעאיש וואָרט, וואָס מיינט „דל“, צוליב דער אידישער אָרעמקייט וואָס האָט דאָרטן זיך באַזעצט.

נו, באַשרייבן די שוויץ־באָד און די מקווה — קאָן מענדעלע מוכר ספרים בעסער. און,

להבדיל, די שיינע שול מיטן אַלטן בית־מדרש האָט עס שלום־עליכם שוין באַשריבן פאַר מיר... אָבער דעם „ראַטהויז" געדענק איך, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק, ווו ס'איז געווען די שטאָטישע „דומע", אָדער „אופּראַווע". און אויך די „טורמע" געדענק איך נאָך, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון ראַטהויז, צוליב אַ מעשה שהיה:

יהודה דער שוסטער האָט געהאַט אַ סיכסוך מיט אַ קאַצאַפּ. דהיינו: ער, יהודה, האָט פאַר אים געמאַכט אַ פּאָר שטיוול, האָט דער קאַצאַפּ זיי אָנגעטאָן און ניט געוואָלט באַצאָלן. ישראל־משה שיינע־פייגל'ס זיין אַרבעטער, אַ שטאַרקער יונג, האָט אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול פון קאַצאַפּ'ס פיס און האָט אים אַ שטויס געטאָן ביז ער איז געפלויגן צו זעליג־אייזיקס וואַנט. דער דערשראָקענער קאַצאַפּ האָט געבראַכט דעם אוריאַדניק און מען האָט ישראל־משהן אַריינגעזעצט אין טורמע — ביים ראַטהויז. אַז דער אוריאַדניק איז אַוועק האָט ישראל־משה אַ שטויס געטאָן די טיר און — והילד איננו! שפּעטער באַגעגנט אים דער אוריאַדניק אין גאַס: „סטייטש? מיט וואָסער רעכט האָסטו זיך אַרויסגעבראָכן פון תפיסה?" ענטפערט אים ישראל־משה: „אַז דו וועסט אַ סך רעדן, וועל איך מאַכן אויף דיר אַ „דאָנאָס" (מסירה), אַז דו זעצסט אַריין מענטשן אין אַ צעבראָכענע טורמע"... דער אוריאַדניק האָט געמאַכט אַ שווייג און דערנאָך האָט מען די חורבה אַרונטערגענומען.

**אייזיק עללען** (ניו־יאָרק)

# מיין שטעטל אמאל...

ווען איך מאַך צו די אויגן, זע איך פאַר זיך גאַניאַנדז מיט איר אַלטן און נייעם מאַרק, איך זע די שטענדיקע בלאָטע פון מתים־געסל, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעטריקנט, און די טיפע בלאָטעס נאָך יעדן רעגן אין די אַנדערע גאַסן. איך געדענק דעם „זדראַי" צו „דאָלקע" צו, וווהין מיר פלעגן גיין זיך קוויקן מיט קאַלטע וואַסער יעדן שבת נאָכמיטאָג און מורא האָבן פאַר די שקצים זיי זאָלן אונדז ניט שלאָגן.

איך געדענק אויך די גרויסע היסטאָרישע מחלוקת וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין שטעטל עטלעכע יאָר, ווען „עמך", אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „בוזי", האָט נאָר געוואָלט ר' שמואל קאַנטאָר (וווינט יעצט אין ברוקלין) אַלס חזן־שוחט, און די בעלי־בתים, מיט זעליג־אייזיק'ן אין דער שפּיץ, האָבן אים ניט געוואָלט. איך געדענק אויך ווי יענע מחלוקת האָט אויפגעהאַדעוועט אין גאַניאַנדז אַ חברה שלעגער אָנגעפירט פון יהודה קאַצאַפּ און זיין ברודער שמעון, אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז ער איז אַזוי שטאַרק, ווייל ער האָט אַ רייף אויף זיינע לענדן. איך געדענק אויך ווי איינמאָל



האָט זיך צוזאַמענגעקליבן די חברה ש"ס אין בית־המדרש און „שימיאַנקע" מיט נאָך עטלעכע זיינען אַריין און איינגעטיילט עטלעכע בעלי־בתים פּעטש און זיי אַרויסגעטריבן פון שול.

אַזוי געדענק איך אַז די זעלבע שלעגער האָבן געהאַלטן די גויים פון די אַרומיקע דערפער אין דער מורא, און ווען אַ הויכער, געזונטער שייגעץ פון דאָרף „גוזע" האָט איינמאָל, אַ זונטיק, אַביסל צעפירט די הענט, האָט אהרן פּוזמאַן אים אַוועקגעלייגט מיט איין „כמאַל" אין מאַרדע. און דעמזעלבן פּוזמאַנ'ען האָב איך מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געזען דאָ

אין ניו־יאָרק, ווי ער האָט געקריגן אונטערגעהאַקט די אויגן פון אַן אַמעריקאַנעם לויפער און האָט אפילו ניט געהאַט די געלעגנהייט איין קלאַפּ צוריק צו געבן.

איך געדענק אויך דעם אַלטן גלח, וואָס פלעגט שבת נאָכמיטאָג צוזאַמענקלייבן אידישע יינגלעך נעבן פּאַרקאַן פון זיין סאָד און פלעגט לערנען מיט זיי פרק... שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז ער איז געווען איינער פון די אמת׳ע חסידי אומות העולם. ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ שריפה אין אַ שבת, וואָס האָט אָפּגעברענט אַ סך גויישע כאַטקעס אַרום שטעטל און אידישע הייזער האָט דאָס אויסגעמיטן, און אפילו די ווינט־מיל וואָס איז געשטאַנען פונקט אין וועג פון פייער האָט זיך ניט אָנגעכאַפּט, ווייל, ווי מיר קינדער האָבן דעמאָלט געגלויבט, זי האָט געהערט צו אַ אידן.

איך געדענק פיל פיל זאַכן, וואָס דערוועקן אין מיר אַ בענקעניש נאָכן שטעטל ווו איך האָב זעלטן געהאַט גענוג ברויט צו עסן, אָבער ווו איך האָב געחלומ׳ט מיינע קינדערשע חלומות, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט מקויים געוואָרן...

דער שול־באַרג און דער אַנדערער באַרג (מיט זיין חנ׳עוודיקן נאָמען), ווו מיר פלעגן גראָבן געלע זאַמד אויסצושיטן אויף דער פּאָדלאָגע לכבוד שבת, און די „באָברע" (דער טייך) און די לאָנקעס און פעלדער, און די סאָלדאַטן וואָס פלעגן זיך מושטירן אויפן מאַרק און די פּעטש וואָס זיי פלעגן כאַפּן פון אונטער־אָפיצער אָדער פון „דיאַדקע", — די אַלע זאַכן האָבן איינגעפלאַנצט אין פילע פון יענעם דור אַ חוש פאַר נאַטור־שיינקייט, אַ ליבשאַפט צו תורה און בילדונג, אַ האַס צו טיראַניי און דעספּאָטיזם, אַ פּיאָנערן גייסט וואָס האָט פיל פון אונדז אַרויסגעריסן פון יענעם ווינקל און אונדז אַריבערגעבראַכט אין דער נייער און פרייער לאַנד, ווו מיר זיינען געוואָרן אַ טייל פון איר לעבן און ווו מיר דערציען אונדזערע קינדער.

יאָ, אונדזערע קינדער האָבן וואַרשיינלעך פון גאָניאָנדז ווייניק געהערט, אָבער פאַר אונדז, וועמעס וויגעלע ס׳איז געשטאַנען אין דערדאָזיקער שטעטל, בלייבט זי, די שטעטל, מיט איר שול־באַרג, טייך, פעלדער און וועלדער, אַ טייל פון אונדזערע טייערסטע זכרונות.

אברהם יפה

# השרפה הגדולה בגוניונדז והפוגרום בביאליסטוק

עיירתנו גוניונדז, ככל העיירות בתחום־המושב היהודי ברוסיה, היתה נפגעת מדי פעם בפעם בימי הקיץ על־ידי שרפות, וכל שרפה כזו היתה בה סכנת חורבן לעיירה, כי רוב הבתים היו בתי־עץ. אמנם, במרכז היו גם בתי־אבן וגגות רעפי חומר, אך בקצותיה ובפרוריה היו רק בתי־עץ שגגותיהם מכוסים רעפי־עץ או קש — חומר צפוי לשרפה. בעתונות העברית („הצפירה" ועוד) היו מופיעות תכופות כתבות על שרפות בעיירה פלונית ואלמונית שהיו מתחילות בנוסח הידוע: „שוב הרים התרנגול את כרבולתו האדומה".

בסוף המאה ה־19 וראשית המאה העשרים נוסד בגוניונדז מין מוסד מכבי־אש, על־ידי יהודי אחד מבעלי־הבתים (שהיה מכונה, משום מה, בולבה), בעל חנות של מכולת ואחר־כך של מנופקטורה (הבית השני לבית דוד שילאָווסקי). באמצע השוק הגדול והרחב עמד בנין־עץ, שבו שכנה „מכונת־הכיבוי" — חבית גדולה על גלגלים ומשני עבריה בדי־עץ לשאיבה ולהזרמת המים לתוך צינור גומי, שהיה מתחבר אל החבית. בעל־הבית הנ"ל, שהיתה לו זכות חכירה על מוסד כיבוי זה, היה בא תיכף, בכל שעת שרפה, עם סוסו (כשהיו שניהם בעיירה) אל מקום מכשירי הכיבוי, פותח את שערי הבנין ואוסר את סוסו לחבית המים (לא תמיד היתה מלאה מים), ולפי פקודתו היו נאחזים הנערים והבחורים של העיירה במכונת הכיבוי וממהרים כולם למקום השרפה. נסיעה־ריצה זו ברעש ובקריאות עידוד

היתה מזכירה את הפסוק: „קול שוט וקול רעש אופן וסוס דוהר ומרכבה מרקדה" (נחום ג, א). בהגיעם למקום השרפה היו מחברים את צינור מכשיר־הכיבוי אל חבית המים, פותחים את שני בדי העץ מעל מכונת־הכיבוי ושתי שורות נערים, משני עבריה, היו נתלים בבד, פעם מתרוממת שורה זו למעלה ושניה יורדת וכורעת למטה ופעם להיפך, ובאופן זה שואבים ומזרימים את המים מן החבית לצינור ומן הצינור לבנין הבוער. אולם לא תמיד היתה מצליחה עבודת הכיבוי. היו מקרים שהחבית היתה ריקה ואז היו מחכים בכליון־עינים לבואה, וכשכבר באה היה מתגלה פתאום איזה קלקול בצינור — ובינתיים השרפה בעצם תקפה...

בעיקר היתה מבהילה הקריאה „שרפה!" „שרפה!" בלילה, כשקהל התושבים מתפרץ בבהלה מן הבתים לבושים לחצאין ולנגד עיניהם שמיים מאדימים מאש השרפה. מיד כולם רצים למקום השרפה, מוכנים להשתתף בכיבוי, זה בדלי וזה במוט־ברזל, אך הם עומדים אין־אונים מול השרפה המשתוללת: קול חריקה ושבירה, קרקור קירות ונפילת גג — עמוד אש, תימרות עשן וגיצים עפים למרחקים. עמדה לה לעיירה זכותו של המבצר אוסובייץ (7 ק"מ מהעיירה), כשהיו רואים שם מרחוק את אש הדלקה בעיירה, היה בא משם גדוד הכבאים הצבאי בעגלות מכשירי־הכיבוי רתומות לסוסים אבירים, לבושי מדיהם וכובעי הנחושת נוצצים על ראשיהם. הם היו „מסיימים" את כיבוי הדלקה בידים זריזות ומאומנות — „הידים ידי עשו" — והעובדים במכונת הכיבוי של העיירה היו עוזרים על־ידם בקולות עידוד וזירוז — „הקול קול יעקב". אכן, זכתה העיירה ומלאכתה נעשתה על־ידי אחרים...

בשנים הראשונות של המאה העשרים, כשהתגברה התנועה הציונית בעיירה ועמה ההכרה העצמית, נתארגנה על־ידי צעירי העיירה חברת מתנדבים — „ארגון מכבי־אש", חברת מכבי־אש מודרנית, מאורגנת ומאומנת במלאכת כיבוי האש ומצוידת במכשירי־כיבוי מתאימים, ומאז, כשפרצה דלקה ביום או בלילה והאזעקה בחצוצרות־התרועה של מכבי־האש נשמעה בכל פינות העיר — שוב לא רבתה כל כך הבהלה בעיירה.

*

מכל הדלקות שנפלו בעיירה בימי נחרתו בזכרוני במיוחד שתים: שרפת מנסרת העצים, שהיתה מסונפת לטחנת־הקיטור של יחזקאל ביאליסטוצקי עם כל הבתים והבנינים והעצים הסמוכים; ועוד יותר חרותה בזכרוני השרפה הגדולה, שהחריבה חלק גדול של העיירה, הלא היא השרפה הגדולה שפרצה בחול המועד פסח שנת 1906.

שרפה זו פרצה ביום ו', קרוב לשעות הצהרים. שוק העיר הגדול, מרכז העיירה, שוקק מרוב סחר־מכר, מרוב רוכלים וקונים המרבים להכין לכבוד שבת חוהמ"פ. ופתאום — זעקה גדולה בחוץ — „שרפה!" ממהרים לצאת החוצה לראות מה קרה והנה רואים שמאחרי „סימטת־המתים" בכיוון טחנות־הרוח, עשן שחור גדול מאוד מיתמר ועולה. התחוללה רוח חזקה, וענן העשן התחיל מתקרב למרכז העיירה. גיצי־אש התחילו עפים ומגיעים לכיכר־השוק ועשן הדלקה מתחיל מתפרץ מן הבתים שלצד אחוזת הכנסיה — כמו האורווה והאַסם הגדול שמאחרי בית־החומה הגדול של זרח מילצ'ן, הבתים שבפינת השוק — פינת „סימטת־המתים", בית ברל־לייב בן נחום הנפח ובית יצחק יוסקאָס, בעל חנות סחורות־עור. מתחילה ניסו בעלי־בתים, אברכים ונוער לכבות את הדלקה, והנה התחילו מתפרצים עשן ואש מעברים שונים. השרפה השתוללה בכל עוזה ותקפה. רפו ידי מכבי־האש המתנדבים וכל אחד חש לביתו להציל מלשונות אש השרפה כלי־בית, סחורות חנות ומחסן, מכל מה שהיד השיגה להציל.

כארבע שעות השתוללה השרפה וקפצה ממקום למקום ומבית לבית. מפינת „סימטת־המתים" עד פינת רחוב הכנסיה, ומפינת סימטת השוק הישן עד בית וויגודסקי — הכול בוער. באו מכבי־האש מהמבצר. לפי פקודת מפקדם עמדו קודם־כל ליד הכנסיה הנוצרית לאַתר את השרפה מסביב לה, והכנסיה ניצלה. אחר־כך כשבאו לשוק האפוף להבות — ניגשו זרח־חיה יוסלס וחתנו של ליטמן, בעל חנות מנופקטורה, למפקד מכבי־האש ונתנו לו מתנת־כסף הגונה, שיגנו על בתיהם מפני האש, ואף בתים אלה ניצלו. אך הבתים שמהם והלאה — מבית



מכבי־האש בגוניונדז

משה לנגבורד (קראַמקאָווקער) עד פינת סימטת השוק הישן ועד בית וויגודסקי — היו טרף לשיני האש. כשהגיעה האש עד בית וויגודסקי ניגש יעקב רודסקי אל מפקד מכבי־האש והודיע לו כי במרתף בית וויגודסקי נמצאים חמרי שרפה (יעקב היה קבלן במבצר), והתלקחות חמרי שרפה תסכן את כל העיירה וגם חיי בני־אדם. לפי פקודה של מפקדם ריכזו מכבי האש את פעולתם בבית דוד וויגודסקי הבוער. אמנם, את הבית הבוער כבר לא הספיקו להציל, אבל המרתף שמתחת לרצפת הבית וכל אשר בו נשארו שלמים.

כששקעה השתוללות השרפה, התחילו תושבי העיירה, שבתיהם ניצלו מן השרפה, חוזרים לבתיהם להכין ממה שיש לשבת (היו עוד כשעתיים לליל שבת). מה מזעזע היה מראה בעלי־הבתים הנשרפים! הנה משה לנגבורד — מעשירי בעלי־הבתים בעיירה, שהיה לו בית בשוק ובתים בחצרו — הולך בשוק, גורר שארית הפליטה של כלי־בית שניצלו מאש, הולך ובוכה ומושך את ה„דלות" שלו בעברו לגור לאורוות סוסים של אחד הגויים שישבו בקצה תחומה של העיירה.

✶

הגיע ליל שבת. אורות מבהיקים של נרות־שבת בחלונות הבתים שבחצי השוק שנשאר על תלו, ואילו בחציו השני של השוק, שהיה למאכולת אש, מוסיפות לדלוק חורבות הבתים השרופים כמו מדורות־אש להאיר את ליל השבת בעיירה. כל הלילה וגם ביום המחרת עוד התפרצו מזמן לזמן להבות אש מאפר תלי הבתים השרופים. כל בני העיירה, אלה שבתיהם ניצלו מהשרפה ואלה שבתיהם נשרפו, מילאו את רחוב השוק, עמדו ליד גלי השרפה ושוחחו נוגות על מה שקרה ועל המצב המעציב שנת־הווה עכשיו אחרי השרפה. בשעות אלו הגיע מן המבצר אלוף (פולקובניק) חיל ההנדסה שבמבצר והציע את עזרת חיל ההנדסה להקים בכיכר השוק בארַאקים (צריפי־עץ) בשביל הנשרפים. אחרי התיעצות קלה החליטו הדוב־רים בשם העיירה, שאין צורך בזה (היה חשש

כי מועצת העיירה תשאיר אח"כ את הבאראקים ברשותה להחכירם לגויים שבעיירה או בסביבה, לפתוח בהם חנויות שתהיינה להתחרות ולמכ־שול למסחר היהודי בעיירה). ביום שבת אחר־הצהריים באו עוד פעם מכבי־אש מן המבצר לגמור את כיבוי תלי השרפה, שעדיין עשנו ומזמן לזמן פרצו להבות אש מתוך הרמץ והאודים. מכונות־הכיבוי עברו לאורך תלי השרפה והזרימו עליהם מים עד שכובתה האש כולה. השרפה היתה כה גדולה והרסנית עד כי גם ראש המטה הצבאי מהמבצר בא לעיירה, ומפקד מכבי־האש מסר לו במקום המאורע דין־וחשבון על מהלך השרפה ופעולות מכבי־האש לאתרה ולכבותה.

*

עברו כמה חדשים ורבים מן הנשרפים התחילו להתאושש ולגשת לבנות שוב את בתיהם, וקודם־כל אלה שקיבלו כסף מחברת „אחריות־לשרפות" וגם אלה שהיו להם חסכו־נות ואף השיגו הלוואות, והבנייה החלה בכל פינות העיירה. למודי־נסיון מר, בנו הפעם בתי־אבן גם אלה שישבו מקודם בבתי־עץ. הזמינו חבר בנאים ובעלי־מלאכה מעיר המחוז ביא־ליסטוק, והעיירה התחילה לאט לאט להתעודד מאסון השרפה. והנה ביום מן הימים, באמצע ימי הקיץ, יוני 1906, ובעצם ימי הבנייה בעיירה נזדעזעה העיירה משמועה רעה שהגיעה מביא־ליסטוק על פוגרום הנעשה שם ביהודים בהש־תתפות פועלים „קאצאפים", שעבדו בתחנת־הרכבת בביאליסטוק בעבודות בנייה וסלילה ציבוריות (השלטון הרוסי היה מעסיק בעבודות אלו פועלים רוסים מפלכי רוסיה הפנימיים — מוסקבה, טולה ועוד). בעלי־המלאכה והבנאים הביאליסטוקאים שעבדו בעיירה, החליטו לעזוב את העבודה ולנסוע לביאליסטוק להגן על בני ביתם ועל הכלל היהודי בעירם (אחרי הפוגרום בקישינוב התחילה מסתדרת הגנה יהודית בתחום־המושב). ולא ידעו האומללים, כי גם יד הצבא בפוגרום זה. לפי פקודה מגבוה היה הצבא שחנה בביאליסטוק החלוץ והמאסף לפור־עים הרוסים, ובכל מקום שהפועלים היהודים יצאו לרחוב להגנה (היו בביאליסטוק תעשיות טכסטיל גדולות, שעבדו בהן אלפי פועלים יהודים מאורגנים במפלגות הפועלים „בונד" ו„פועלי־ציון") בא הצבא לעזרת החוליגנים ופתח באש רובים על המגינים.

כשהגיעו הבנאים לתחנת מסילת־הברזל בביאליסטוק התנפלו הפורעים והרגו בהם ובשאר היהודים שנמצאו ברכבת לאור היום ולעיני הקומנדנט ופלוגת הצבא, שחנו שם, כביכול, לשם הגנה מפרעות ורציחות, אך לפי פקודת הקומנדנט לא זזו החיילים ממקומם ונתנו לפורעים לעשות כטוב בעיניהם. בין הבנאים שנסעו מגוֹניוֹנדז לשוב לביתם בביא־ליסטוק ניצל בנאי אחד, שהצטיין במלחמת רוסיה־יאפאן, ובראותו את הרציחות ברחבת התחנה לעיני הצבא, שׂם על חזהו את מדליות הצבא, שקיבל על הצטיינותו במלחמה, וירד לתחנה. כשראה אותו הקומנדנט, נתן פקודה לחיילים להגן על „גיאורגיבסקי קאוואליר" (אות צבא גבוה בצבא הרוסי). אז ניגשו החיי־לים והוציאוהו מידי הפורעים. עוד אחד מהב־נאים, יהודי בעל זקן ארוך, שכבר זרקה בו שיבה, ניצל אף הוא. במקרה נסע אז לביאליס־טוק סגן שר הגדוד שחנה בתחנת הרכבת „מוֹנקי", גם הוא בעל זקן שיבה, ובראותו את היהודי הזה יורד מקרון הרכבת לקח אותו בידו, הכניסו בחזרה לרכבת, סגר את הקרון וציוה לשני חיילים מהפלוגה הצבאית במִשמר התחנה, לעמוד על המשמר ליד דלת הרכבת עד שתמשיך בדרכה הלאה, וכך ניצל גם יהודי זה. נרצחו אז בין הבנאים שבאו מגונ־יונדז אב ובנו, שאך לפני הפסח שבו מאַרגנטינה לביתם בביאליסטוק. כשנודע בעיירה על הפוג־רום בביאליסטוק, רבתה החרדה בעיירה לשלומם של התושבים שעברו באותו יום את תחנת־הרכבת בביאליסטוק, ונשלחו טלגרמות רבות לשאול לשלומם (אמא ז"ל שנסעה אל אחותי בוורשה הספיקה לעבור את תחנת־הרכבת הביאליסטוקאית ברכבת שעברה שעה קודם שהתחיל הפוגרום). מביא הטלגרמות הנוצרי (יהודי לא נתקבל לשום פקידות ממ־שלתית) אמר בשמחה: היום יש לי הכנסה רבה, כי רבו הטלגרמות בהודעות לבני העיירה מקרוביהם שנסעו הבוקר ברכבת לכיוון ביא־ליסטוק, והוא קיבל „דמי־שירות" בעין יפה. לאחר כמה שבועות, כשנתחדשה הבנייה בעיירה,

בעצרה פעם מרכבה נאה בכיכר השוק ויצאו ממנה אותו סגן שר־הגדוד, שנמצא באותו יום מר בביאליסטוק, ואשתו, ושאלו על היהודי הבנאי שהצילוהו אז ביום הפרעות בתחנה. היהודי נפל לרגליו בדמעות תודה. גם אשתו של סגן שר־הגדוד החלה לבכות וגם בעיני בעלה עמדו דמעות מרוב התרגשות.

*

פחד הפוגרום בביאליסטוק נפל על כל העיירות שבמחוז, וגם בעיירתנו היתה החרדה גדולה. באותם הימים צריכה היתה לעבור דרך עיירתנו תהלוכה דתית־נוצרית גדולה בהשתתפות גויים רבים מן הסביבה. תהלוכה כזאת היתה עלולה להסתיים בפוגרום. פרנסי העיר פנו בבקשה לבאי־כוח השלטון וביום התהלוכה הגיעה פלוגת צבא מהמבצר והפנתה את התהלוכה הלאה מעבר לעיירה.

כעבור איזה זמן אחרי הפוגרום בביאליסטוק, נורה הקומנדנט בתחנת־הרכבת הביאליסטוקאית על־ידי אחד מחברי ה„בונד" ומת בו במקום. שר־המשטרה בביאליסטוק, שהיה רודף את ה„בונד" במיוחד, גם הוא נורה על־ידו באותו הזמן ונפצע קשה בחלק התחתון של גופו, והיה מתהלך בעזרת שתי משענות.

מעשה במשה בן חצקל יונה'כאָס, שביתו הקטן עמד מול בית־הכנסת, שהלשינו עליו לפני המשטרה. עשו חיפוש בביתו ומצאו שם ספריית „בונד" קטנה. אסרו אותו בבנין מכבי־האש בשוק (חלקו של בנין זה שימש לבית מעצר זמני) ואחר־כך הובילוהו לבית־הסוהר בביאליסטוק. הוא נידון לכמה חדשים מאסר (חששו שיהיה גרוע יותר). כששוחרר מבית־הסוהר ושב לגוניונדז, סיפר לי בשמחת־נקמה, איך שראה את הפוליצמייסטר, פחד המפלגות הרבולוציוניות בביאליסטוק, עומד בבית־המשפט להעיד על מתנקשיו. הוא היה כל־כך עלוב, בעמדו נשען בקושי על שתי משענותיו, עד כי משה שכח את כל צרותיו ושמח בלב שלם לאידו של „גיבור" זה. בסופם המר של שני עריצים אלה, הקומנדנט ההרוג ושר המשטרה הנכה, מצאו הפועלים היהודים ניחומים לקרבנות היהודים ועידוד להמשיך באומץ־לב את מלחמתם עם שלטון הצאַר מבית רומנוב ומשרתיו הנאמנים.

**אברהם יפה**

# די גרויסע שרפה אין גאניאנדז און דער ביאליסטאקער פאגראם

אונדזער שטעטל גאָניאָנדז, ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך אין אַמאָליקן רוסישן „תחום המושב", פלעגט ליידן פון אַ ספעציעלער זומער־פלאָג: שרפות!... יעדע שרפה האָט געשטעלט אין געפאַר די גאַנצע שטעטל, וואָס אירע הייזער זיינען, מערסטנס, געווען הילצערנע. אין מאַויק זיינען אפילו יאָ געווען עטלעכע מויערן מיט דעכער געדעקט מיט דאַכציגל, אָבער אין די אַנדערע גאַסן און געסלעך, זיינען די הייזער געווען הילצערנע, די דעכער געדעקט מיט שינדלען אָדער שטרוי — אַ לייכטער מאַטעריאַל אויף ברענען.

אין דער פרעסע פון יענע יאָרן פלעגן אָפט דערשיינען קאָרעספאָנדענצן פון קליינע שטעטלעך, מיט דער איבערשריפט: דער רויטער האָן איז ווידער דאָ!... צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט און אָנהויב 20־טן איז אין גאָניאָנדז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „פייערלעשער"־גרופע, געגרינדעט דורך אַ איד, מיטן צונאָמען „בולבע", אַן אייגנטימער פון אַ שפייז־קרעמל און שפעטער אַ מאַנופאַקטור־געשעפט (די צווייטע הויז פון דויד שילעווסקי).

אינמיטן גרויסן מאַרק איז געשטאַנען אַ הילצערנע געביידע, ווו ס'איז געווען איינגעקוואַרטירט די „לעש־מאַשין", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער פאַס אויף רעדער, פון

ביידע זייטן צוויי שטאַנגען צו פּאָמפּען די וואַסער פון פאַס אין דער גומענער רער, וואָס מען פלעגט צושרויפן צו איר. דער באַלעבאָס פון דער „לעש־מאַשין", פלעגט גלייך ווי ס'איז אויסגעבראָכן ערגעץ־ווו אַ פייער, דערשיינען מיט זיין פערד אין דער געביידע, עפענען די טויערן, איינשפּאַנען דעם פערד צו דער מאַשין (וואָס ניט שטענדיק איז זי געווען אָנגעפילט מיט וואַסער) און צוזאַמען מיט אים פלעגן לויפן בחורים און יינגלעך צום פלאַץ פון דער שרפה. דאָס לויפן פלעגט באַגלייט ווערן מיט רעש און קולות וואָס פלעגן דערמאָנען דעם פסוק (נחום ג, ב): „קול שוט וקול רעש אופן וסוס דוהר ומרכבה מרקדה"... (קנאַלן פון בייטש, געדרודער פון רעדער, גאַלאָפּירנדיקער פערד און שפּרינגנדיקער רייטוואָגן).

קומענדיק צום פלאַץ, פלעגט מען צושרויפן די גומענע רערן צו דער פאַס, עפענען די צוויי שטאַנגען פון אירע ביידע זייטן, און וועלכע ס'פלעגן זיך אָנהענגען בחורים און יינגלעך. איין גרופּע פון רעכטס הויבט זיך אויף מיטן שטאַנג, און די אַנדערע פון לינקס לאָזט זיך אַראָפּ. אויף אַזאַ אופן האָט מען געפּאָמפּעט די וואַסער אין רער און מיט דער רער גע־שפּריצט אויפן פייער. אָבער ניט שטענדיק האָט עס אָפּגעגליקט. אַמאָל איז די פאַס געווען ליידיק און ביז מ'האָט איר אָנגעפילט, פלעגט אַוועקגיין אַ סך צייט; אַמאָל איז די רער ניט געווען אין אָרדנונג, און ס'האָט גענומען צייט צו פאַרריכטן. דערווייל ברענט דער פייער מיט פולער קראַפט.

באַזונדערס פלעגט שרעקן דער געשריי „פּאָזשאַר!" (אַ שרפה) אינמיטן נאַכט. די איינ־ווינער פלעגן אַרויסלויפן, האַלב אָנגעטאָן, אין גאַס. דערזעענדיק דעם רויטן הימל פלעגן זיי זיך גלייך לאָזן לויפן צום פלאַץ, ווער מיט אַן עמער, ווער מיט אַן אייזערנעם שטאַנג און בלייבן, מערסטנס, שטיין הילפלאָז קעגן די פלאַמען, וואָס האָבן שוין דערגרייכט צום דאַך. דער דאַך פאַלט איין מיט אַ קראַך, די ווענט פּלאַצן און ברעכן זיך, און די זיילן רויך און פייער פונקען ווערן אַוועקגעטראָגן דורכן ווינט איבער אַלע הייזער אין שטעטל. די מענטשן לויפן באַלד צוריק אַהיים, ראַטעווען וואָס ס'לאָזט זיך.

אַ זכות האָט גאָניאָנדז געהאַט, וואָס די פעסטונג אָסאָוויעץ איז געווען נאָר 7 קילאָ־מעטער ווייט פון שטעטל. אַזוי ווי זיי האָבן דאָרט דערזען אַ פייער, פלעגט גלייך קומען די מיליטערישע פייערלעשער־קאָמאַנדע. מיט זייערע מאָדערנע מאַשינען און געצייג, אָנגעטאָן אין ספּעציעלע קליידער און מעשענע היטלען אויף די קעפּ, פלעגן זיי „פאַרענדיקן" די לעשונג מיט פלינקע געאיבטע הענט („הידיים ידי עשו"), און די היימישע פייערלעשער פלעגן זיי צוהעלפן מיט דערמונטערונגס־אויסרופן („הקול קול יעקב"). אָט אַזוי האָט גאָניאָנדז זוכה געווען אַז איר אַרבעט זאָל געטאָן ווערן דורך אַנדערע...

אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָר־הונדערט, ווען דער ציוניסטישער געדאַנק און דער זעלבסט־באַוווסטזיין האָבן זיך פאַרשטאַרקט ביי דער יוגנט, איז געגרינדעט געוואָרן, דורך דער יוגנט, אַ פרייוויליקע פייערלעשער קאָ־מאַנדע, גוט אָרגאַניזירט און גוט געאיבט אין דער אַרבעט און אויסגעשטאַט מיט מאָדערנע מאַשינען און געצייג. פון דעמאָלט־אָן ווען ס'פלעגט אויסברעכן אַ שרפה אין שטעטל און דער אַלאַרם פון די גלאָקן און טראָמפּייטן פלעגט דערהערט ווערן, איז שוין די בהלה ביי די איינוווינער ניט געווען אַזוי גרויס. מ'האָט געפילט אַז ס'איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן.

*

פון אַלע שרפות אין שטעטל אין מיין צייט, געדענק איך באַזונדערס צוויי. די ערשטע: די שרפה פון טאַרטאַק וואָס איז געווען צוגעבויט צו דער דאַמף־מיל פון כאַצקל ביאַליסטאָצקי, מיט אַלע נאָענט־שטייענדיקע הייזער און בנינים. אָבער נאָכמער איז איינגעקריצט אין מיין זיכרון די גרויסע שרפה וואָס האָט חרוב געמאַכט אַ גרויסן טייל פון שטעטל — די שרפה פון ערב שבת חול־המועד פסח אין יאָר 1906.

די שרפה איז אויסגעבראָכן אין די פאַר־מיטאָג־שעה'ן. דער מאַרק איז פול געווען מיט האַנדל, קויפער און פאַרקויפער. פלוצלינג —

אַ פאַרצווייפלטער געשריי: פאַזשאַר! פאַזשאַר! מ׳לויפט אַרויס פון די קראָמען און מ׳זעט פון הינטער דער מתים־געסל, אין דער ריכטונג צו די ווינט־מילן, הויבט זיך אויף אַ שוואַרצער וואָלקן רויך און שטייגט צו די הימלען. דער ווינט קירעוועט דעם רויך און די פייער־פונקען צום צענטער פון שטעטל. פונקען פליען אין דער ריכטונג פון מאַרק און עס שלאָגט שוין אַרויס אַ רויך פן שטאַל און גרויסן שפייכלער וואָס הינטער זרח מילטשאַנ׳ס גרויסן מויער, פון די הייזער וואָס אין עק מאַרק — מתים־געסל, פון בערל־לייב נחום דעם שמידס הויז, פון יצחק יאָסקעס דעם לעדער־סוחר׳ס הויז. אין אָנפאַנג האָט מען נאָך געפרווּוט לעשן דעם פייער, אָבער ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפרייטן אין פאַרשיידענע זייטן, איז מען געוואָרן הילפלאָז און פאַרצווייפלט. מען איז געלאָפן אַהיים ראַטעווען וואָס מ׳קען, וואָס ס׳איז מעגלעך אַרויסצושלעפן פון די הייזער, שפייכלערס און קראָמען.

פיר שעה האָט דער פייער געבושעוועט און געשפרונגען פון אָרט צו אָרט און פון הויז צו הויז. פון עק מתים־געסל צו טיפלע (תיפלה)־גאַס און פון אַלטן מאַרק געסל ביז וויגאָדסקיס הויז האָט אַלץ געברענט. ס׳זיינען אָנגעקומען די פייערלעשער פון פעסטונג און אויפן באַפעל פון זייער קאָמענדאַנט האָבן זיי זיך גענומען ראַטעווען קודם־כל די טיפלע, וואָס ס׳איז זיי געלונגען. צוריקקומענדיק אין מאַרק האָבן זיי באַגעגנט זרח חיה־יאָסל׳ס און זיין שכן ליטמאַן. זרח און ליטמאַן האָבן אָפּגעשטעקט אַ פיינע מטבע דעם קאָמענדאַנט, ער זאָל ראַטעווען זייערע הייזער, און אויך זייערע הייזער זיינען געראַטעוועט געוואָרן. אָבער די ווייטערדיקע הייזער פון משה קראַמקאָווקער׳ס הויז ביז דער אַלטן־מאַרק געסל און וויגאָדסקי׳ס הויז זיינען שוין געווען פאַרכאַפּט פון פייער.

יאַנקל רודסקי איז דעמאָלט צו צום קאָמענדאַנט און געמאָלדן אַז אין וויגאָדסקי׳ס קעלער געפינט זיך אויפרייס־מאַטעריאַל (וויגאָדסקי איז געווען אַ פאָדריאַטשיק אין פעסטונג), וואָס באַדראָט די גאַנצע שטעטל, ווי אויך מענטשלעכע לעבנס. דאָס דערהערט — האָט זיך גלייך די גאַנצע קאָמאַנדע קאָנצענטרירט אַרום וויגאָדסקי׳ס הויז. אמת, די הויז האָט מען שוין ניט געקענט ראַטעווען, אָבער דער קעלער און אַלץ וואָס איז אין אים געווען איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

ווען דער פייער איז אַביסל איינגעשטילט געוואָרן, האָבן די בעלי־בתים, וועמעס הייזער זיינען ניט פאַרברענט געוואָרן, אָנגעהויבן צוריקגיין אַהיים, און אַריינשלעפן צוריק, וואָס מ׳האָט פריער אַרויסגעשלעפט, ווי אויך צוגרייטן עפּעס אויף שבת (ס׳איז נאָך געווען אַ צוויי שעה צו ליכט בענטשן). שרעקלעך איז געווען דער אויסזען פון די נשרפים. אָט זעט מען ווי משה קראַמקאָווער, איינער פון די רייכע בעלי־בתים אין שטעטל וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע הויז אין מאַרק מיט קלענערע הייזער אין זיין הויף, גייט איבערן מאַרק, וויינט און שלעפט דעם „דלות״, וואָס איז אים פאַרבליבן, און קלייבט זיך אַריבער אין אַ פערד־שטאַל, ביי אַ גוי אין עק שטאָט.

ס׳איז געקומען פרייטיק־צונאַכט. פון די הייזער וואָס זיינען פאַרבליבן גאַנץ פינקלען אַרויס די שבת־ליכט, און פון דער צווייטער זייט מאַרק לייכטן נאָך פייערן, וואָס רייסן זיך אַרויס פון אונטער די חורבות. אויך מאָרגנדיקן טאָג האָבן נאָך געפלעמלט די הורבעס אַש פון די פאַרברענטע הייזער. אַלע באַלעבאַטים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מאַרק באַטראַכטן דעם חורבן און די לאַגע וואָס האָט זיך איצט געשאַפן. אין דער צייט איז אָנגעקומען דער קאָמאַנדיר פון דער סאַפּיאָרן־אָפּטיילונג אין פעסטונג, באַטראַכט דעם חורבן און פאָרגעלייגט אויפצושטעלן דורך זיינע סאַפּיאָרן באַראַקן אין מאַרק, פאַר די נשרפים. דער פאָרשלאַג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיטן אויסרייד, אַז מ׳וועט זיך ווי ס׳איז איינאָרדענען צווישן זיך (ס׳איז געווען אַ חשד, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג וועט נאָכדעם לאָזן שטיין די באַראַקן אין מאַרק און באַזעצן זיי מיט קריסטלעכע קראָמען, וואָס וועלן קאָנקורירן מיט די אידישע).

שבת נאָכמיטאָג זיינען די פייערלעשער פון פעסטונג געקומען פאַרענדיקן לעשן דעם פייער וואָס האָט נאָך געטליעט אונטער די חורבות. זיי האָבן געאַרבעט אַ שיינע פאָר שעה, געגאָסן וואַסער, ביז אַלץ איז אויסגעלאָשן געוואָרן. די

שרפה איז געווען אַזוי גרויס און דערשיטערנדיק אַז דער הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג איז געקומען אַליין זען, און אָפּנעמען אַ באַריכט פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע וועגן דער שרפה און וואָס די פייערלעשער האָבן געטאָן פאַר איר לאָקאַליזירונג און פאַרלעשונג.

*

ס'זיינען אַריבער אַ פּאָר מאָנאַטן און די נשרפים האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיך און צוטרעטן ווידער אויפצובויען זייערע חרוב'ע הייזער. די ערשטע זיינען געווען די וואָס האָבן געהאַט „פייער־פאַרזיכערונג". אויך די וואָס האָבן געהאַט אַביסל אָפּגעשפּאָרט געלט האָבן מיט דער הילף פון הלוואות גענומען בויען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ בוי־אַרבעט אין אַלע עקן פון שטאָט. אָנגעלערנט פון דער ביטערער דערפאַרונג פון דער לעצטער שרפה האָט מען שוין דאָס מאָל געבויט געמויערטע הייזער אָנשטאָט די הילצערנע. צו דעם צוועק האָט מען אַראָפּגעבראַכט מוליאַרעס און בעלי־מלאכות פון ביאַליסטאָק.

אין אַ מיטן העלן טאָג, יוני 1906, אין סאַמע ברען פון דער בוי־אַרבעט, איז די שטעטל אויפגעציטערט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז אין ביאַליסטאָק איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם, מיט דער באַטייליקונג פון קאַצאַפּעס, וואָס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון וויטן רוסלאַנד צו פאַרשיידענע רעגירונגס־אַרבעטן ביי דער ביאַליסטאָקער באַן־ליניע. די ביאַליסטאָקער מוליאַרעס און בעלי־מלאכות האָבן גלייך איבערגעריסן זייער אַרבעט און געלאָפן צו דער באַן־סטאַציע, פאָרן אין ביאַליסטאָק צו באַשיצן זייערע אייגענע (נאָך קישינעווער פּאָגראָם האָבן זיך אָרגאַניזירט אידישע זעלבסט־שוץ־גרופּן אין פאַרשיידענע שטעט פון תחום־המושב). זיי האָבן נעבעך ניט געוווסט, אַז אין דעם פּאָגראָם איז פאַרמישט די רוסישע מיליטער־מאַכט, און ווו נאָר די אידישע אַרבעטער זיינען אַרויס אין גאַס צו פאַרטיידיקונג (אין ביאַליסטאָק זיינען געווען גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן, ביי וועלכע ס'זיינען געווען באַשעפטיקט טויזנטער אידישע אַרבעטער, אָרגאַניזירטע אין די פּאַרטייען: „בונד" און „פּועלי־ציון"), פלעגט דער מיליטער קומען צו הילף די כוליגאַנעס און עפענען אַ פייער אויף אידישן זעלבסטשוץ.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צום ביאַליסטאָקער וואָקזאַל זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן פון כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אַ סך פון זיי געטויט און פאַרוווּנדעט פאַר די אויגן פון די סאָלדאַטן, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען, כלומרשט צו באַשיצן די באַפאַלענע. נאָר צוויי פון זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן ביי פאַרשיידענע אומשטענדן. איינער וואָס האָט געהאַט אַן אויסצייכענונג פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, האָט איידער ער איז אויסגעשטיגן פון וואַגאָן אָנגעטאָן זיין מעדאַל. דער אַרמיי־קאָמאַנדיר האָט אים באַמערקט און גלייך באַפוילן די סאָלדאַטן באַשיצן דעם „געאָרגיעווסקי קאַוואַליער". די סאָלדאַטן האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פון די כוליגאַנישע הענט און געראַטעוועט.

דער צווייטער, אַ מיטליאָריקער איד מיט אַ לאַנגער גרווילעכער באָרד, איז געפאָרן אין איין וואַגאָן מיט אַ פּאָדפּאָלקאָווניק (אונטער־קאָלאָנעל) פונעם פּאָלק (רעגימענט), וואָס האָט געלאַגערט אין מאָנקי און איז אַריין אין וואַגאָן אויף דערדאָזיקער סטאַציע. דער פּאָדפּאָלקאָווניק זעענדיק וואָס ס'טוט זיך אין וואָקזאַל, האָט דעם איד אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן, אים פאַרשלאָסן, און באַפוילן צוויי סאָלדאַטן באַוואַכן דעם וואַגאָן, ביז דער צוג וועט אָפּגיין. אַזוי־אַרום איז ער געראַטעוועט געוואָרן.

ווען די נייס איז אָנגעקומען אין שטעטל, איז אַ פּחד באַפאַלן אַלעמען, ספּעציעל די פאַמיליעס, וואָס זייערע אייגענע זיינען דעם פרימאָרגן אָפּגעפאָרן מיטן צוג אין ביאַליסטאָק, אָדער האָבן זיך געפונען דאָרט פון פריער. מ'האָט געשיקט פיל טעלעגראַמעס און דערהאַלטן תשובות. דער טעלעגראַמען־טרעגער פון שטעטל, אַ גוי, האָט געהאַט אַ פריילעכן טאָג, מ'האָט אים זייער גוט באַלוינט פאַרן ברענגען אַ טעלעגראַמע. מיין מוטער ע"ה, וואָס איז דעם טאָג געפאָרן צו מיין שוועסטער אין וואַרשע, האָט באַוויזן דורכפאָרן די ביאַליסטאָקער באַן־סטאַציע אַ שעה איידער דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן.

עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען די בוי־אַרבעט

אין שטעטל האָט זיך ווידער אָנגעהויבן האָט זיך איינמאָל אָפּגעשטעלט אין מאַרק אַ דראָזשקע אוּן ס'זיינען אַרויס פוּן איר יענער פּאָדפּאָלקאָווניק מיט זיין פרוי אוּן זיך נאָכגעפרעגט אויפן אַרבעטער וואָס ער האָט געראַטעוועט. דער אַרבעטער איז געפאַלן צוּ זייערע פיס אוּן מיט טרערן זיי אָפּגעדאַנקט. אויך דער פּאָדפּאָלקאָווניק אוּן זיין פרוי זיינען געווען זייער גערירט אוּן געהאַט פוּלע אויגן מיט טרערן.

✶

די שרעק פוּן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט אַ לאַנגע צייט באַהערשט אַלע שטעטלעך אין אוּמגעגנט. אין יענע טעג האָט באַדאַרפט דורכגיין דורך אוּנדזער שטעטל אַ קריסטלעך־רעליגיעזע פּראָצעסיע, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענוּמען פיל גויים פוּן דער סביבה. אַזאַ מאַרש האָט זיך געקענט ענדיקן מיט אַ פּאָגראָם. מ'האָט זיך געווענדט צוּ דער מאַכט, אוּן ס'איז געשיקט געוואָרן אין דעם טאָג אַ מיליטער־אָפּטיילוּנג וואָס האָט געריכטעט די פּראָצעסיע הינטער דער שטאָט. די שטעטלדיקע אידן האָבן זיך געטרייסט: איצט נאָך דער גרויסער שרפה, וואָס האָט פאַרניכטעט דעם אידישן פאַרמעגן, לוינט שוין ניט די פּאָגראָמשטשיקעס צוּ מאַכן ביי אוּנדז אַ פּאָגראָם!... ווי זאָגט שלום־עליכם'ס מאָטל פּייסי דעם חזנ'ס: „מיר איז ווויל — איך בין אַ יתום“...

אַ קורצע צייט נאָכן פּאָגראָם איז דער קאָמאַנדיר פוּן ביאַליסטאָקער מיליטער דערשאָסן געוואָרן דורך אַ בוּנדיסט אוּן דער פּאָליצמייסטער איז שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אוּנטערשטן טייל קערפּער אוּן געמוּזט גיין אויף קוליעס.

משה כאַצקל יונה'כעס, וואָס האָט געוווינט אַקעגן שוּל, איז פאַרמסר'ט געוואָרן אַז ער געהערט צוּ דער חברה „קראַמאָלניקעס“. האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע ביי אים אין שטוּב אוּן דאָרט געפוּנען אַ קליינע ביבליאָטעק פוּן „בוּנד“. ס'האָט אים אָפּגעגליקט: ער איז פאַרמשפּט געוואָרן נאָר צוּ אַ פּאָר חדשים טוּרמע אין ביאַליסטאָק.

ווען ער איז באַפרייט געוואָרן האָט ער מיר דערציילט מיט פרייד, ווי ער האָט געזען אין געריכט דעם פּאָליצמייסטער, וועלכער איז דאָרטן אַרויסגערוּפן געוואָרן אַלס עדות אין אַ פּראָצעס פוּן רעוואָלוּציאָנערן, ווי ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף זיינע קוליעס. דער פּאָליצמייסטער וואָס איז געווען די שרעק פוּן די ביאַליסטאָקער רעוואָלוּציאָנערע פאַרטייען, האָט איצט אויסגעזען אַזוי בידנע אוּן נעבעכדיק, אַז משה האָט פאַרגעסן זיינע צרות אוּן זיך געפרייט מיט דער מפּלה פוּנעם דאָזיקן „העלד“.

אין ביטערן סוף פוּן די צוויי טיראַנען, הויפּט־אָרגאַניזירער פוּן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, האָבן די אידישע אַרבעטער געפוּנען אַ טרייסט נאָך די אידישע קרבנות אוּן דערמוּטיקוּנג ווייטער צוּ קעמפן קעגן צאַר אוּן זיינע געטרייע משרתים.

פוּן העברעאיש: מ. גואלמן

משה באכראך

# גאניאנדזער פאזשארניקעס

אַלע אידישע שטעטלעך האָבן געהאַט זייערע שרפות, אָבער אוּנדזער שטעטל גאָניאָנדז האָט געשמ'ט מיט אירע גרויסע שרפות. האָבן טאַקע די שכנ'ישע שטעטלעך — טרעסטינע, יאַשינאָווקע אוּן סוּכאָוואָליע — שטאַרק „מקנא“ געווען גאָניאָנדז. וואָרוּם נאָך יעדער שרפה איז גאָניאָנדז געוואָרן שענער, רייכער אוּן „מאָדערנער“. אויפן אָרט פוּן הילצערנע הייזלעך פלעגן אויפקוּמען וואַזשנע מויערן אוּן קראָמען מיט „וויסטאַוועס“ (וויטרינעס), אַזוי אַז נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט שוין גאָניאָנדז געהאַט דעם אָנבליק פוּן אַ „גרויסער שטאָט“.

בעת קיינע פוּן די אַרוּמיקע שטעטלעך האָט ניט פאַרמאָגט קיין איין רעכטע „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע“, האָט גאָניאָנדז פאַרמאָגט גאַנצע

צוויי, איינע אַ ציווילע און די צווייטע אַ „וואָיענע" (מיליטערישע). די מיליטערישע פאָזשאַרנע קאָמאַנדע איז אייגנטלעך איינגעשטאַנען אין „קרעפּאָשטש" (פעסטונג) אָסאָוויעץ, עטלעכע ווערסט פון שטעטל, אָבער פייערן האָבן זיי געלאָשן אויך אין גאָניאָנדז. עס איז געווען אַ מין שותפות: „קאַזניאַ" האָט צוגעשטעלט די פאָזשאַרניקעס און גאָניאָנדז — די פייערן...

טאָמער חידושט איר זיך: צוואָס גאַנצע צוויי פאָזשאַרנע קאָמאַנדעס? איז אויף דעם דאָ אַ דערקלערונג. די פונקציע פון די היימישע פייערלעשער איז געווען אַריינצוברענגען שפּיל און פרייערלעכקייט אין שטעטל צווישן איין שרפה און אַ צווייטער, בעת די פונקציע פון די מיליטערישע פייערלעשער איז געווען אַריינצוברענגען קאָליר און דראַמע בעת אַן אמת'ער שרפה. דער „כוח" פון די היימישע פאָזשאַרניקעס איז געלעגן אין די גלאַנציקע מעשענע היטלען. די היטלען מיט דעם שאַרף פון אויבן פלעגט זיי געבן דעם אויסזען פון פאַנטאַסטישע העלדן. די סאָלדאַטן־פאָזשאַרניקעס, אָבער, זיינען געווען כולו גבורה, פון קאָפּ ביז די פיס.

די שטעטלשע פאָזשאַרנע קאָמאַנדע איז באַשטאַנען פון עטלעכע צענדליק וואָלונטערן, בחורים און יונגע באַלעבעסלעך. די איבונג אויף צו לעשן פייערן איז מערסטנס באַשטאַנען פון אַקראָבאַטיק ווי אַ שטייגער: אַרויפקלעטערן שנעל אויף אַ לייטער — און גלייך אַזוי שנעל אַראָפּקלעטערן צוריק; זיך אַרויפציען אויף אַ שטריק מיט די הוילע הענט און נאָכדעם זיך לאַנגזאַם אַראָפּלאָזן צוריק, דורך אַרויפדראַפּען זיך אויף דער הינטערשטער זייט פון אַ לייטער וואָס איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף אַ וואַנט, און נאָך אַזעלכע קונצן.

צוואָס, למשל, אַזאַ מין ציען זיך אויף אַ לייטער האָט געקענט נוצן אין אַ שרפה איז מיר ביז היינטיקן טאָג ניט קלאָר.

די „כלים" פון דער היימישער פאָזשאַרנע קאָמאַנדע זיינען באַשטאַנען פון עטלעכע רויט געפאַרבטע „באָטשקעס" (פעסלעך), וואָס זיינען געווען צוגעפעסטיקט אויף אַן אַקס מיט צוויי רעדער; אַ קליינע פּאָמפּע (אויף נידעריקע רעדלעך), צוזאַמען מיט אַ קישקע; און אַ לאַנגער וואָגן אָנגעלאָדן מיט לייטערס, „באָסאַקעס", רידלעס און העק. די וואַסער פעסלעך און די פּאָמפּע האָבן די פאָזשאַרניקעס גופא געזאָלט שלעפּן צו אַ פייער פייל אויסן בויגן, אָבער פאַר דעם לאַנגן וואָגן האָט מען שוין געדאַרפט האָבן אַ געשפּאַן פון צוויי אמת'ע פערד. עס פלעגט אָבער מערסטנס אויסקומען אַז קיין פערד צו דער האַנט איז ניט געווען און — ייִנגלעך לרוב, פלעגט האַלב שטעטל ייִנגלעך שטופּן דעם גרויסן וואָגן אין וועלכן עס זיינען געווען „איינגעשפּאַנט" עטלעכע פייערלעשער. אויפן וועג צו דער רעפּעטיציע פלעגט אַ טייל פון די וואַסער אַרויסשיסן פון דער פעסל, און די פּאָמפּע ווידער פלעגט מיט אַלע אירע פאַרזשאַווערטע איברים פּרווון שטופּן וואַסער דורך דער פאַרדאַרטער קישקע.

די מיליטערישע פאָזשאַרנע קאָמאַנדע פון אָסאָוויעץ, איז שוין געווען די אמת'ע זאַך. די פאָזשאַרניקעס — אויך מיט מעשענע היטלען, אָבער צו די היטלען זיינען געווען סאָלדאַטן, העלדישע פאָניעס, וואָס האָבן געאַרבעט אונטער אַ מיליטערישער דיסציפּלין, לויט דער קאָמאַנדע פון בראַנדמייסטער מיט אַ צווייעטאַזשיקער מעשענער היטל. זייערע כלים זיינען שוין געווען די סאַמע מאָדערנסטע און זייערע פערד — שוין איינמאָל פערד.

פריילעכקייט האָט די היימישע פאָזשאַרנע קאָמאַנדע אַריינגעבראַכט אין שטעטל מיט דעם מעשענעם אָרקעסטער, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט די לעצטע עטלעכע יאָר ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַן אָרקעסטער מיט אַ קאַפּעלמייסטער וואָס פלעגט קומען פון קרעפּאָשטש ספּעציעל איינצושטודירן מיט דער גאָניאָנדזער קאַפּעליע — און זיך גוט אָנשיכור'ן נאָכדעם. איינער פון די פּאָפּולערסטע נומערן אין זייער רעפּערטואַר איז געווען אַ מיליטערישער מאַרש, ווו דער פּובליקום האָט אין אַ געוויסן מאָמענט צוגעהאָלפן מיט: „ראַז! דוואַ! טרי!" צוזאַמען מיטן פּויק, וואָס פלעגט גלייכצייטיק געבן דריי קלעפּ.

די קאָלירפולסטע פיגור אין דער גאָניאָנדזער פאָזשאַרנע קאָמאַנדע איז געווען „הערן

קאָמאַנדיר" טעוויע דער קוימענקערער. ביי אַ ספּעקטאַקל — און יעדע רעפּעטיציע איז געווען אַ ספּעקטאַקל — איז טעוויע געווען אויסגעסטראָצלט אין אַ מונדיר מיט מעשענע קנעפּ און מיט „פּאַגאָנעס", און זיין ברוסט איז געווען באַהאָנגען מיט כל־ערליי „מעדאַלן" (די מעדאַלן פלעגט אים צושטעלן מאיר דער זייגערמייסטער). ער האָט כסדר געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט, ענטוועדער דורך מאַרשירן צום טאַקט אַרום דעם אָרקעסטער אָדער דורך „דיריגירן" דעם אומענדלעכן מאַרש — הינטער דער פּלייצע פון קאַפּעלמייסטער — און בעת מעשה אַרויסלאָזן משונהדיקע קלאַנגען. אַזוי אַרומגייענדיק האָט ער אָפּט אַרויסגעשטעקט זיין ברוסט און אָנגעוויזן אויף די מעדאַלן... ווען איינער פון אונדז האָט אים אַמאָל געפרעגט צי ער האָט ניט די מעדאַלן געקראָגן בעת ער האָט געדינט אין דער „אַרעסטאַנטסקער ראָטע" ביי פּאָניען, האָט טעוויע געענטפערט: „אַוואַדע, די קייסעריניע האָט זיי מיר געשענקט!"

איינמאָל האָט נאַטשאַלסטוואָ געמאַכט אַ גרויסע הוליאַנקע אין טייבעס (שפּעטער מאָטקע קלאַפּ'ס) סאָד, מיט אַ בופעט, מיט מאָראָזשינע (אייזקרעם), מיט אַ הויכן סלופּ אויף אַ געוועט מיט אַ פּריז, און מיט פּאַפּירענע בלימעלעך צו פאַרקויפן. דעמאָלט האָט מען שוין ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט פון קרעפּאָשטש דעם מיליטערישן אָרקעסטער און געשפּילט האָבן זיי די שענסטע קאָמפּאָזיציעס וואָס גאָניאָנדז האָט ווען געהערט.

אָבער די מעשה מיטן סלופּ איז געווען אַ גרויסער שווינדל. דער סלופּ איז געווען אַ הויכער און זייער אַ גלאַטער. ליתר שאת האָט מען אים באַשמירט מיט זייף, אַזוי אַז אַרויפּציען זיך אויף אים מיט די הוילע הענט זאָל זיין זייער שווער. איז וואָס טוט דער מזיק פּתחיה שמואל־לייזער'ס? נאָך פאַר דעם אָפּיציעלן געוועט גיט ער זיך אַ צי אַרויף ביז צום סאַמע שפּיץ פון דעם סלופּ. אַז די „מאַכערס" האָבן זיך פון דעם דערוווּסט האָבן זיי נאָכדעם דעם געוועט אינגאַנצן אויסגעלאָזן...

די רעפּעטיציעס האָבן אייגנטלעך געזאָלט זיין אַ סורפּריז פון דער אויבער־קאָמאַנדע אפילו פאַר די פּאָזשאַרניקעס גופא, אָבער לויט דער שנעלקייט מיט וועלכער מען פלעגט זיך צונויפלויפן ביי דער פּאָזשאַרנער געביידע גרייט צו לויפן אפילו אין פייער אַריין, האָבן מיר, חדר־ייִנגלעך, געוווּסט אַז אַלע זיינען זיי געשטאַנען גרייט, שוין אפילו מיט די מעשענע היטלען, און נאָר געוואַרט אויפן סיגנאַל — ווען דער סורפּריז וועט אויסברעכן...

— ערגעץ אין דאָלקע ברעגט! — הערט זיך אַ שטימע.

— אויף דער צווייטער זייט שאָסיי, נעבן די מאָגילקעס (רוסישער בית־עולם), אויף טרעסטינער וועג — כאַפּן אַנדערע אונטער.

און אָט ווי עס איז געווען דער סדר פון אַ שריפה אין גאָניאָנדז: צוערשט פלעגט ערגעץ ווו אויסברעכן אַ פייער. אַלע פלעגן אָנפאַנגען שרייען: פּאָ־זשאַ־אַ־ר! פּאָ־זשאַ־אַ־ר! נאָכדעם, אַז מען איז דערגאַנגען ווו עס ברענט — פלעגן מאַנסבילן לויפן צום פייער און פּרוּוון פּאַקן בעטגעוואַנט, ספרים און אַנדערע מטלטלים. די וואָס זיינען געווען נעענטער צום פייער פלעגן די פּעק גלייך אַרויסטראָגן אין מיטן מאַרק; די איבעריקע פלעגן וואַרטן ביז דער פייער פלעגט צוקומען נעענטער צו זיי...

פאַר די קליינוואַרג איז דאָס געווען אַן עסק. יעדע משפחה האָט געהאַט אַן אייגענעם „בערגל" אויפן גאַס, זיינען די קינדער געזעסן אויף די פּעק און צווישן די פּעק. עס דויערט ניט לאַנג און מען שפּילט זיך אין באַהעלטעניש צווישן די בערגלעך זאַכן. וואָרום בעטגעוואַנט איז נאָר געווען דער אָנפאַנג; ביסלעכווייז האָט מען אַרויסגעטראָגן פון די הייזער אַלץ מיטאַנאַנדער: טישן, בעטן, לאָקשנברעטער, מולטערס, און די פּסח'דיקע כלים — אויב עס איז נאָך געווען צייט. גלייכצייטיק פלעגט מען העלפן איינע די אַנדערע ראַטעווען סחורה פון די קראָמען.

מיר האָבן געהאַט אַן אייזנקראָם, איז גראָד אונדזער סחורה געווען אַמשווערסטן צו ראַטעווען. ניט בלויז דערפאַר וואָס אייזנוואַרג איז שווערער אין וואָג, נאָר מחמת דעם וואָס אייזנוואַרג ברעכט זיך און בויגט זיך. מיר פלעגן בדיל הדל ווערן פון אַ שרפה, אפילו ווען די שרפה גופא פלעגט אונדז אויסמיידן,

בלויז פון די שאָדנס וואָס מיר פלעגן האָבן בעתן „ראַטעווען”. גיי לערן אויס שכנים און קרובים, וואָס קומען דיר העלפן, וויאַזוי צו אונטערשיידן צווישן אַן אַרטיקל וואָס מען מעג וואַרפן און אַן אַרטיקל וואָס מען דאַרף באַהאַנדלען אַזוי איידל ווי אַן אתרוג, אַז די סומאַטאָכע איז אַזוי גרויס.

אַלץ הייסט ראַטעווען! מיין פעטער שלמה (משה־שמעונ׳ס) איז אַריינגעלאָפן אין זיין ברענענדיקער דירה, אַרויסגעראַטעוועט פון דאָרטן אַ טעפל מיט בוראַקעס און איז דערמיט אַנטלאָפן ווייט אויפן שולבאַרג. קיין זאַך האָט ער ניט געזען אַחוץ דעם טעפל מיט די בוראַקעס...

ווו זיינען געווען די היימישע פאָזשאַרני־קעס בעת אַן אמת׳ער שרפה? זיי האָבן אויך געראַטעוועט... די קונצן וואָס זיי האָבן גע־לערנט בעת די רעפּעטיציעס האָבן ביי אַ שרפה ניט געהאַט קיין פּראַקטישן ווערט, און די כלים פון דער שטעטלשער פאָזשאַרנע זיינען סיי־ווי ניט געווען מער ווי שפּילצייג. האָבן די פאָזשאַרניקעס אויך געשריען „פאָזשאַר!” און געשלעפּט פעקלעך פון די הייזער וואָס האָבן נאָך ניט געברענט...

אָבער אימיצער האָט שוין געקלאַפּט אַ טעלעגראַמע אין קרעפּאָשטש נאָך די מיליטע־רישע פאָזשאַרניקעס און מען ריכט זיך אַז אָט קומען זיי אָן און „שטעלן אָפּ דעם פייער”. אָבער פאַרוואָס דויערט דאָס אַזוי לאַנג? אַ האַלב שטעטל איז דאָך שוין אין פלאַמען!

שאַ! דוכט אַז מען הערט שוין ווי זייערע וועגענער בריאַזגען אויפן ברוק וואָס פירט פון גוזי אין שטאָט אַריין! און אָט הערט מען שוין פון דער נאָענט דעם האַסטיקן קלאַנג פון די גלאָקן, וואָס הענגען אויף די דישלעס פון זייערע וועגענער. זיי זיינען דאָ! זיי גאַלאָ־פּירן אַריין — און גלייך צום פייער! זיי דאַרף מען ניט זאָגן ווו עס ברענט... די פערד — אמת׳ע מחבלים! און געבראַכט האָבן זיי מיט זיך „כלים מכלים שונים”: אייזערנע פעסער מיט וואַסער, אַ ריזיקע פּאָמפּע מיט קישקעס אָן אַ שיעור, און אַ וואָגן מיט געצייג מיט וועלכע מען קען איינוואַרפן אַ הויז איינס און צוויי... און וועגן די סאָלדאַטן גופא איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדן — אַלע ריזן, גיבורים און פלינק ווי די הירשן.

דער בראַנדמייסטער שטעלט איין אַ סדר איינס און צוויי און ער נעמט אונטער זיין קאָמאַנדע גאַנץ שטעטל מאַנסבילן, אפילו חדר־יינגלעך, און די היימישע פאָזשאַרניקעס בתוכם... ווער עס אַרבעט ביי דער פּאָמפּע, ווער עס לויפט צופוס מיט אַ „באָטשקע” נאָך וואַסער צום ברונעם, וואָס ביים כומר אויפן הויף, און ווער עס העלפט די סאָלדאַטן צו צערייסן ברענענדיקע הייזער. און זייערע פעס־לעך, געשלעפּט פון לייבן־פערד, לויפן הין און צוריק — צום קלאַנג פון די גלאָקן.

מיר, קליינוואַרג, פלעגן אפילו מוזן אונטער־שפּרינגען ביים פּאָמפּען ווען פון דער צווייטער זייט פלעגט מען אַרונטערציען דעם שטאַנג נידעריק. אָבער דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ צוגאָב־פאַרגעניגן צום פּאָמפּען גופא. און בעת מעשה פלעגן מיר אַלע שרייען: „קאַטשאַי! קאַטשאַי!” אַזוי אַ גאַנצן טאָג, ביז מיר אַלע פלעגן מיד ווערן — און דער פייער אויך...

ווען די פאָזשאַרניקעס פלעגן פאַרטיק ווערן מיט אַ־שרפה אין גאָניאָנדז, איז שוין איין האַלבע שטעטל געווען גרינטלעך אָפּגעברענט און די צווייטע העלפט האָט שוין געזאַמלט הילף פאַר די נשרפים... די סאָלדאַטן מיטן בראַנדמייסטער פלעגן דעמאָלט זיך נעמען צום לעשן זייער מורא׳דיקן דאָרשט מיט פלעשלעך „פערציקער” און זייער הונגער — מיט באַ־טעמ׳טע אידישע מאכלים. נאָכדעם פלעגן זיי אָפּנעמען פאַר זייער טרחה דעם הונדערטער און פּאַמעלעך אַוועקפאָרן צוריק אין קרע־פּאָשטש. אָבער פאַרן אַוועקפאָרן פלעגן זיי געבן אַ מין סאַלוט צו דער שטעטל דורך מאַכן אַ הקפה איבערן מאַרק, לאַנגזאַם און מיט אַ געפּיל פון גדלות. און די גלאָקן האָבן דעמאָלט שוין געקלונגען בנחת׳דיק...

אברהם יפה

# א חתונה אין שטעטל

א חתונה איז געווען פון די פריילעך־לוסטיקע געשעענישן וואָס פלעגט אויפרודערן די גאַנצע שטעטל און שטעלן אויף די פיס אַלט און יונג, גרויס און קליין. די חתונה פלעגט ווערן אָנגעזאָגט אין שטעטל דורך די מוזיק־קלאַנגען פון די קלעזמערס (כלי־זמרים); באַזונדערס האָט זיך געלאָזט הערן דער באַראַבאַן מיט די מעשענע טאַצן. געוויינלעך פלעגט מען אַראָפּברענגען צו אַ חתונה די קאַפּעליע קלעזמערס פון דער שכנות׳דיקער שטעטל טרעסטינע מיט מאיר דעם פידלער אין דער שפּיץ. צו רייכערע חתונות פלעגט מען אַרויסרופן שטשוטשינער קלעזמערס, וועלכע זיינען געווען מער געשולטע שפּילערס און דערצו פאַרמאָגט בעסערע אינסטרומענטן.

די חתונה־זאַלן האָבן זיך געפונען מייסטנס אין ווינקל פון גרויסן מאַרק, אין חיה יאָסלס מויער, אין קליאַפּס הויז און אינעם ערשטן מויער פון טיפּלע־גאַס, וואָס האָט געהערט צו משה גרשון דעם שוסטער.

ביים באַזעצן די כלה אויפן כלה־שטול, פאַרשלייערט אין ווייסן טיולענעם וועליאָן, פלעגט דער בדחן לאָזן הערן זיינע זאָגעכצן, גראַמען און לידער, וועלכע זיינען געווען פול מיט מוסר־השכל און שילדערונגען פון נייעם לעבנס־וועג, וואָס די כלה באַטרעט פון היינט אָן. די מינאָרע, „מאָראַלישע״ ניגונים פון בדחן פלעגן ארויסרופן טרערן ביי די אָנוועזנדיקע; ווער רעדט נאָך אַז די כלה איז געווען אַ יתר־מה — דעמאָלט פלעגט דער שטילער געוויין ארויפשטייגן אויף גאָר א הויכער אָקטאַווע און טיילמאָל פלעגט די חתונה־שטימונג פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ערב־יום־כיפור־שטימונג... נאָר די פריילינס און יונגע פרויען, קרובות און חבר׳טעס פון דער כלה, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם זאַל, פלעגן זיך נעמען אויפמונטערן דער כלה און איר פאַרווילן מיט פאַרשיידענע טענץ ווי פּאָלקע־מאַזורקע, וואַלס א. אַנ.

אין דער זעלבער צייט פלעגט אָפּגעריכט ווערן דער קבלת־פנים פון חתן דורך די מאַנסלייט אין אַן אנדער הויז, ווייט פון חתונה־זאַל. דערנאָך האָט מען געפירט דעם חתן צו דער כלה, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קיטל אויף זיינע נייע חתונה־קליידער. די קלעזמערס האָבן דערביי אויפגעשפּילט אַ מאַרש אָדער אַ פריילעכס. ביים אַריינקומען פון חתן אין חתונה־זאַל פלעגט מען אויסרופן: „מאַכט אַ וואַרע, דער חתן גייט!״ און גלייך פלעגט ער באַשאָטן ווערן מיט פולע הויפנס קאָנפעטי ווי מיט אַ פילפאַרביקן שניי. הכלל, מען פלעגט אים געבן צו פילן אַז „חתן דומה למלך״...

דער בדחן „לייגט אַוועק״ פאַרן חתן אַ מוסר־רעטשיטאַטיוו, ער זאָל געדענקען איצט, בעת זיין גרויסער שמחה, אַז דער מענטשלעכער לעבן איז קורץ און לויפט גיך אַוועק, ווי עס שטייט געשריבן אין תהילים: „אדם להבל דמה, ימיו כצל עובר״; דאַרף ער בכן זיין אַ פרומער, ערלעכער איד און טאָן מעשים טובים. דידאָזיקע טיראַדע ווערט אומעטיק אַקאָמפּאַנירט דורך די קלעזמערס, און ס׳ווערט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן...

איצט איז שוין צייט צו פירן חתן־כלה צו דער חופּה. מען טיילט פאַנאַנדער צווישן עולם ברענענדיקע ליכטלעך — חתן כלה זאָלן האָבן אַ ליכטיקן מזל; די קלעזמערס שפּילן־אויף אַ מאַרש און די חתונה־פּראָצעסיע רירט זיך געלאַסן, באַזאַכט אויפן וועג צו דער גרויסער שול, וואו ס׳ווערן געשטעלט די חופּה׳ס. (ווינטער, אין אַ ווינטיק־שנייאיקן וועטער, פלעגט פאָרקומען די חופּה נעבן בית־מדרש. דערביי פלעגן די „ווייסע חברה׳ניקעס אָפּטמאָל מכבד זיין חתן־כלה מיט שניי־קייקלעך אין די קעפּ...). די חופּה־באַגלייטער זיינען באַשטאַנען אויסער פון מחותנים, אונטערפירערס, פריינט און באַקאַנטע אויך פון מאַסן שטעטלדיקע איינוווינער — „חברים כל ישראל״. נאָר די הויפּט־„מחותנים״ זיינען געווען קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער. זיי האָבן אַרומגערינגלט די פאָרויסגייענדיקע קלעזמערס און מאַרשירט צעפלאַמטע, פאַרשמאַיעטע, אין טאַקט פון דער מוזיק.

עס איז אַ חתונה אין שטעטל... שמחה וששון ליהודים.

יחזקאל־פּרץ טשערניאַק

# ר׳ גרשון־ברוך און די „סענאַטסקע רעשעניע״

אין דחקות און אָרעמקייט האָט געלעבט ר׳ גרשון־ברוך קראַוויעץ ביי דער שוועסטער פייגל און שוואָגער יענקל טשודאַק, וועלכע האָבן געבאַקט טאָרטן אויף חתונות. כ׳גלויב, אַז זיי אַליין האָבן ניט געוווּסט דעם טעם פון די טאָרטן...

געוווינט האָבן זיי אויפן אַלטן מאַרק אין שכנות מיט משה־מענדל דעם שניידער פון איין זייט, און אַלטער יאַנקל לייבקעס דעם בעל־עגלה, פון דער אַנדערער זייט. ווי באַקאַנט איז ר׳ גרשון־ברוך געווען אַ תלמיד־חכם. ער האָט אויך געקענט זייער גוט די רוסישע שפּראַך און געוווּסט דעם „סוואָד זאַקאָנאָוו״ (רוסישן געריכטס־קאָדעקס) אויף אויסנווייניק, אַלץ דורך אַליין לערנען זיך.

ביי ר׳ גרשון־ברוכ׳ן האָבן זיך געטרייסלט די הענט און ער האָט ניט געקענט שרייבן. האָט ער דיקטירט די „פּראָשעניעס״ צו אַ שרייבער. די ייִנגלעך, וועלכע זיינען געבענטשט געוואָרן מיט אַ שיינער האַנטשריפט, פלעגן קומען צו גרשון־ברוכ׳ן שרייבן „פּראָשעניעס״.

פון די ווייניקע פאַרדינטע פאָר גראָשנס פלעגט ער קויפן די סענאַטסקע רעשעניעס, אַ זשורנאַל, וועלכער פלעגט דערשיינען איין־מאָל אין חודש. אין דאָזיקן זשורנאַל פלעגט, אויסער די געזעצן, אויך זיין אַן אָפּטיילונג פון שטרייט־פראַגן, אין וועלכע דער סענאַט איז ניט געקומען צו קיין איינשטימונג ביז ער האָט דער־האַלטן מיינונגען פון אַדוואָקאַטן פון גאַנצן לאַנד.

דער ענטפער, וואָס איז דורך אַלעמען אָנער־קענט געוואָרן אַלס דער בעסטער, פלעגט דינען אַלס באַזיס פאַר אַ געזעץ. אין די שטרייט־פראַגן האָט אויך אַן אָנטייל גענומען גרשון־ברוך און פלעגט זיין מיינונג צושיקן צום סענאַט.

בערך מיט 60 יאָר צוריק, אין אַ זומער טאָג, איז דאָס שטעטל אויפגערודערט געוואָרן. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער איס־פּראַווניק פון ביאַליסטאָק, בכבודו ובעצמו, קומט אין שטעטל. אַזאַ געשעעניש איז געווען אַ זעלטנהייט און דעריבער האָט יעדער געפּרוווט טרעפן די סיבה פון זיין פּלוצימדיקן קומען אין שטעטל. די ערשטע זאַך האָט מען זיך גענומען ראַמען. מ׳האָט געראַמט די פּאָדוואָ־רעס, די גאַסן, און די קרעמער האָבן געראַמט... די סחורות פון קראָם. לאָזן וואָס ווייניקער סחורה, ס׳זאָל חס ושלום ניט שולט זיין קיין עין־הרע... די פּאָליציי וואָס איז באַשטאַנען פון דעם פּריסטאַוו, אוריאַדניק און די צוויי סאָטניקעס זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסם׳טע מייז. יעדער פון זיי האָט אָנגעהויבן בודק זיין זיינע מעשים, און וואָס צו בודק זיין האָבן זיי געהאַט... נאָך מיטאָג איז אין שטעטל אַריינ־געפאָרן אַ קאַרעטע געשפּאַנט מיט צוויי פערד. זיי זיינען געקומען פון גוזער זייט. אין דער קאַרעטע זיינען געזעסן דער איספּראַווניק און זיין סעקרעטאַר. נאָך דער קאַרעטע זיינען נאָך־געקומען דער פּריסטאַוו, דער אוריאַדניק, די צוויי סאָטניקעס און דער סטאַראָסטע פון אופּראַווע מיטן סעקרעטאַר. זיי האָט באַגלייט אַ כאָפּטע קליינע קינדער און סתם נייגעריקע מענטשן. קומענדיק אויפן אַלטן מאַרק האָט דער איספּראַווניק זיך געווענדט צום פּריסטאַוו און אים אַ פרעג געטאָן: „ווו וווינט דאָ גרשון־ברוך קראַוויעץ?״ דער פּריסטאַוו האָט די פראַגע איבערגעגעבן דעם אוריאַדניק, און ער מיט די סאָטניקעס, און נאָך זיי דער גאַנצער עולם נייגעריקע, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו טשודאַקן. דער אוריאַדניק האָט אַן עפן געטאָן די טיר און אַ געשריי געטאָן: „ווו איז גרשון־ברוך קראַוויעץ?״ פייגל, אַ דערשראָקענע, האָט אַרויסגעשטאַמלט: „גרשון־ברוך, ער איז אין בית־מדרש, ווו דען זאָל ער זיין אַז ניט דאָרטן?״ און ווען דער אוריאַדניק האָט איבער־געגעבן דעם ענטפער דעם פּריסטאַוו, האָט

זיך די קאַרעטע, מיט אַלע באַגלייטער אַ לאָז געטאָן דורכן מאַרק צום בית־מדרש־געסל. צוקומענדיק צום בית־מדרש איז דער אוריאַדניק אַריין אינעווייניק און אַ געשריי געטאָן: גרשון־ברוך קראַוויעץ, פּאָזשאַלוסטאַ!״ גרשון־ברוך, אַ דערשראָקענער, איז אַרויס פון בית־מדרש צוזאַמען מיט אַלע נייגעריקע און האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס מ׳וויל פון אים. דער אוריאַדניק האָט אַ ווונק געטאָן גרשון־ברוכ׳ן, אַז ער זאָל צוגיין נענטער. דער איספּראַווניק האָט דערוואַרט טרעפן אַ רעפּרעזענטאַטיווע פּערזאָן. אַזוי ווי גרשון־ברוך איז גראָד געווען אַ נידעריקער אידל מיט אַ קורץ בערדל, האָט דער איספּראַוויק מיט אומגעדולד אַ פרעג געטאָן: „ווו איז גרשון־ברוך קראַוויעץ?״ האָט דער פּריסטאַוו אַ ווונק געטאָן גרשון־ברוכ׳ן ער זאָל צוגיין נענטער, און גלייכצייטיק אָנגעוויזן דעם איספּראַווניק אויף גרשון־ברוכ׳ן און געזאָגט: „דאָס איז ער!״. דער איספּראַווניק האָט אַ שמייכל געטאָן און ווענדנדיק זיך צו גרשון־ברוכ׳ן האָט ער אַ פרעג געטאָן: „דו ביזט דאָס גרשון־ברוך קראַוויעץ?״ „איך, וואַשע בלאַגאָראָדיע״ — האָט גרשון־ברוך געענטפערט. דער איספּראַווניק האָט זיך אַ קער געטאָן צום סעקרעטאַר, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים און געהייסן זיך דערלאַנגען אַ טעקע.

ער האָט אַרויסגענומען פון טעקע אַ פּאַפּיר און זיך ווידער געווענדט צו גרשון־ברוכ׳ן, וועלכער איז געשטאַנען אין שרעק, און געזאָגט: „דו האָסט געשריבן צום סענאַט אַ דערקלערונג אויף אַ סענאַטסקע רעשעניע?״ „דאַ, וואַשע בלאַגאָראָדיע״, האָט געענטפערט אַ דערשראָקענער גרשון־ברוך. — „אַלזאָ, האָט ווידער געזאָגט דער איספּראַווניק, איז מיר אָנגעקומען אַ פּאַפּיר פון סענאַט, אַז איך זאָל דיר דאַנקען אין זייער נאָמען, ווייל דיין ענטפער אויף דער סענאַטסקע רעשעניע איז דער בעסטער פון אַלע ענטפערס, און איז אָנגענומען געוואָרן אַלס געזעץ. אויסער דעם דאַנק־בריוו וואָס דער סענאַט האָט געשיקט, וויל ער אויך וויסן, אפשר פאַרלאַנגסטו עפּעס פון זיי. גלייכצייטיק בעטן זיי אויך ווייטער שיקן ענטפערס אויף די שטרייט־פראַגן, וואָס געפינען זיך אין זשורנאַל״.

גרשון־ברוך האָט, ניט לאַנג קלערנדיק, געענטפערט דעם איספּראַווניק, אַז זיין ביטע צום סענאַט איז: אַזוי ווי ער איז אַן אָרימער מענטש, בעט ער מ׳זאָל אים שיקן דעם זשורנאַל „סענאַטסקע רעשעניעס״, וועלכע גייט אַרויס יעדן חודש, אָן געלט... אויף גרשון־ברוכ׳ס ביטע האָט דער איספּראַווניק אַ שמייכל געטאָן און אים צוגעזאָגט שרייבן וועגן דעם. דערביי האָט ער אים אַ פרעג געטאָן: „ווו האָסטו געלערנט אַדוואָקאַטעריי, אין וועלכן אוניווערסיטעט?״ דערויף האָט גרשון־ברוך שטאַמלענדיק געענטפערט, אַז ער האָט דאָס געלערנט אַליין — פון ביכער... דער איספּראַווניק האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען... ער האָט ווידער איבערגעחזרט, אַז ער וועט וועגן זיין ביטע שרייבן צום סענאַט און טוענדיק אַ מאַך מיטן קאָפּ „דאָסווידאַניאַ, גאָספּאָדין קראַוויעץ!״ איז ער איינגעשטיגן אין קאַרעטע און אָפּגעפאָרן.

פון דעמאָלט־אָן פלעגט גרשון־ברוך קריגן רעגלמעסיק דעם זשורנאַל „סענאַטסקע רעשעניעס״ און גאָניאָנדז איז ניט מער ווי אָפּגעקומען מיט אַביסל שרעק... אָבער, גרשון־ברוכ׳ס פּרעסטיזש איז ביי אַלעמען געשטיגן.



ד. ב.

# סילועטן פון דער אלטער היים

## קאָפּל דער מלמד

אַ יאָר פאַר זיין פטירה איז שוין ר׳ איטשע־לייב דער שמש געווען שוואַך אין געזונט און ניט געקענט אָנגיין מיט דער שמשות, אָבער אפילו איידער ער איז געוואָרן שוואַך איז ער אויך ניט געווען קיין צו גוטער שמש, ווייל ער האָט די לעצטע יאָרן שטאַרק געליטן פון די אויגן און כמעט ווי ניט געזען. נאָר כל זמן ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס האָט ער ווי־עס־איז געפראַוועט שמשות, מיט דער הילף פון מרדכי דעם אונטער־שמש. נאָך זיין פטירה האָט מען געזוכט אַן איבער־שמש פאַרן בית־מדרש.

מרדכי איז געווען אַ פשוט׳ער איד. ער האָט געטויגט נאָר צו איינפאַכע אַרבעט ווי אויסקערן דעם בית־מדרש, הייצן דעם אויוון, רופן פרייטיק אין שול א. אַ. וו. אָבער ווען עס איז אויסגעקומען, אין דער צייט פון ר׳ איטשע־לייב׳ס קראַנקהייט, אים צו פאַרטרעטן איז עס אים אָנגעקומען זייער שווער, נאָר צולאָזן אַן אַנדערן האָט ער ניט געוואָלט. ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס מעלדן דעם עולם האָט שוין מרדכי שטענדיק געהאַט אַ פאַרטיקן נוסח: „מען איז מכריז ומודיע״, צי עס האָט געפּאַסט צי ניט. דער עולם האָט געהערט און גוטמוטיק געשמייכלט. דערצו האָט ער געהאַט „אימתא דציבורא״ (טרעמע) און פאַר שרעק פלעגט זיך אים טרייסלען די רעכטע פוס. מיטן „מולד״ האָט ער געהאַט געברענטע צרות. אין אַ שבת־מברכים, ד. ה. ווען מען בענטשט ראש־חודש, איז געווען איינגעפירט אַז איידער דער בעל־תפילה רופט אויס דעם נאָמען פון נייעם חודש דאַרף דער שמש מודיע זיין ווען ס׳פאַלט אויס דער מולד פון נייעם חודש: וועלכע שעה מיט וויפל מינוטן און חלקים (סעקונדן) אין מעת־לעת די נייע לבנה ווערט געבוירן. אַזאַ מין חשבון האָט זיך אים געלייגט שווער אויפן זיכרון. מרדכי פלעגט חזר׳ן גאַנצע פיר וואָכן ביז ער פלעגט עס בייקומען און דעמאָלט אָנ־פאַנגען חזר׳ן דעם מולד פון קומענדיקן חודש.

אַזוי־אַרום האָט ער נעבעך געהאָרעוועט שווער און ביטער...

איינמאָל בין מנחה־למעריב האָט זיך אַראָפּ־געיאַוועט אין בית־מדרש אַ איד פון קנישין, אַ מאַן פון אַריבער פערציק מיט אַ געל בערדל. דעם וועג פון קנישין ביז גאָניאָנדז איז ער געגאַנגען צופוס, האָט ער זיך צוגעזעצט אַ מידער, אַרויסגענומען פון אַ פּאַפּירעלע אַ היפשן שמעק טאַבאַק און אויך מכבד געווען דעם עולם. עס איז גלייך געוואָרן אַ געזעמל אַרום אים און עטלעכע אידן, וועלכע זיינען געווען אין קנישין אין דער מלחמה־צייט, זומער 1915, און געדאַוונט דאָרט אין נייעם בית־מדרש אויף גראָדנער גאַס האָבן אים געקענט. ער איז דאָרט געווען שמש און בעל־קריאה. היות אין קנישין האָט ער ניט קיין פרנסה, וויל ער אָנקומען אַלס שמש אין גאָניאָנדז. דער עולם אָבער שושקעט זיך אַז עס איז דאָ אַ בעסערער קאַנדידאַט, נעמלעך קאָפּל דער מלמד, וועלכער איז אַנטלויפנדיק פון גאָניאָנדז אַוועקגעפאָרן אין דובראָוונע און ניט געקומען צוריק.

אין עטלעכע טעג אַרום איז קאָפּל דערשינען און גלייך געקריגן די שמשות. קאָפּל איז ביז דער מלחמה געווען אַ חומש־מלמד, זיין חדר איז געווען אויף מתים־געסל. געווען אַ גוטער בעל־קריאה, די גאַנצע יאָרן „געלייענט״ אין בית־מדרש, געבלאָזן שופר, געדאַוונט שחריתים ראש־השנה און יום־כיפור, אויך געזאָגט די ערשטע סליחות. דערצו האָט ער געהאַט אַ הדרת־פנים, אַ לאַנגע גרויע באָרד. אַ כלל, אַ איד מיט אַלע מעלות...

שבת ביים לייענען די סדרה שטייט דער גבאי אויף דער בימה און פאַרטיילט די עליות. אָבער דער פּאַקטישער טיילער פון די עליות איז געווען קאָפּל. ער קען דעם עולם און ווייס אויך די קונסט פון טיילן, און דאָס איז גאָרניט קיין לייכטע אויפגאַבע. עס זיינען דאָ ערשטקלאַסיקע עליות, צווייטקלאַסיקע, גע־ווינלעכע און פשוטע, כאָטש די תורה איז דיזעלבע... אַ וואַזשנער באַלעבאָס קריגט גע־

וויינלעך „שלישי" אָדער „שישי", סתם אַ פּיינער באַלעבאָס קריגט „אחרון". ווען ס'איז ניטאָ קיין חיוב, ווי אַ חתן אָדער אַ בר־מצוה, איז „מפטיר" אויך אַ שיינע עליה. „רביעי" און „חמישי" געהערן צום דורכשניטלעכן עולם. איינס פאַר „אחרון" גיט מען איינעם פון „עמך". די „שיינע אידן" קריגן עליות גאַנץ אָפט, געוויינלעכע אידן — זעלטענער, אָבער „עמך" וואָס זיצט אויף די הינטערשטע בענק איז רעכט אַז מען זאָל זיי אויפרופן נאָר איינמאָל אין יאָר — שמחת־תורה.

איינמאָל אַ שבת האָט קאָפּל אויפגערופן אַברהמ'ל דעם שוסטער, איטשע פּראַנצויזל'ס איידעם, אים אָפּגעלייענט דריי פּסוקים און דאָס איז עס... אברהמ'ל איז געוואָרן מלא חימה, אָנגעהייבן שרייען: „סטייטש, אַזאַ שטיקעלע!" און אַראָפּ פון בימה ניט מאַכנדיק די צווייטע ברכה. קאָפּל איז אָבער ניט געוואָרן נתפּעל, קיין נייע „פּאַראַנדקעס" וועט מען ביי אים אין בית־מדרש ניט איינפירן... אַזוי האָט זיך עס געפירט פון קדמונים און אַזוי וועט זיך עס ווייטער פירן.

איינמאָל אַ שבת אינדערפרי זע איך אין בית־מדרש אַ פּנים חדשות, אַ חתן פון בערל גדליה לאַמפּערט'ס טאָכטער. געוויינלעך קריגט אַ חתן מפטיר, אָבער קאָפּל האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק און אים ניט אויפגערופן. אין שול ביי ר' בנימינ'ען וואָלט אַזאַ זאַך ניט פּאַסירט. מיר האָט די זאַך פאַרדראָסן, האָב איך זיך דורכגערעדט מיט אברהם־יצחק יהושע דעם שוסטערס און מיר האָבן באַשלאָסן אַז נאָכ'ן דאַוונען וועלן מיר מאַכן קאָפּלען אַ פאַרוואורף. ווען אַלע מתפּללים זיינען אַוועק אַהיים און קאָפּל האָט געמאַכט אַביסל אָרדענונג מיט די צוואָרפענע ספרים, זיינען מיר צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט: ר' קאָפּל, איר ווייסט, אין בית־מדרש איז היינט געווען אַ חתן, ער איז געקומען צו בערל דעם שוסטער'ס טאָכטער, האָט דאָך אים געקומט מפטיר, וויניגסטנס אַן עליה, אָבער איר האָט אים אינגאַנצן פאַרקוקט. האָט איר, הייסט עס פּשוט מבייש געווען אַ מענטשן. קאָפּל האָט זיך אָנגעצונדן און אָנגעהייבן שרייען ווי ניט מיט זיין קול: „אַ חוצפּה דאָס איז צו זאָגן מיר אַ דעה ווי צו טיילן עליות. אַ העזה דאַרף מען האָבן זיך אַריינצומישן אין מיינע ענינים!"...

מיר האָבן אים ניט געענטפערט און שטיל זיך אַרויסגערוקט פון בית־מדרש.

## אברהם־יצחק יהושע דעם שוסטער'ס

פון סוף זומער 1915, ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזן אונדזער געגנט, איז די פעסטונג ניט געווען מער קיין מלחמה־באַזיס. עס זיינען געווען דאָרט דייטשישע סאָלדאַטן און אַ קאָמענדאַנט, אָבער דאָס איז געווען נאָר פאַר געוויינלעכע צוועקן, ווי האַלטן אָרדענונג אין דער געגנט און רעקווירירן שפּייז אין די דערפער.

אַבאָם רודסקי האָט זיך באַפריינדעט מיט דעם דייטשישן קאָמענדאַנט און געקריגן פון אים די אויפגאַבע אויפצוזאַמלען אין פעסטונג פאַרשיידענע מעטאַלן ווי קופּער, בליי א. ד. גל. אויך אייזן מכל המינים וואָס האָט זיך דאָרט געוואַלגערט אומעטום. דייטשלאַנד פלעגט אַלע יאָרן אימפּאָרטירן רוי־מאַטעריאַל פון אויסלאַנד. איצט, אין דער מלחמה, זייענדיק אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, האָט זי זיך זייער שטאַרק גענויטיקט דערין. אַבאָם האָט באַשעפטיקט פיל מענטשן אין אויפשאַפן די מעטאַלן און האָט געליפערט אַ סך וואַגאָנעס מיט סחורה אין דייטשלאַנד. ער האָט דערביי זייער גוט פאַרדינט און איז רייך געוואָרן.

ענדע זומער 1917 האָט אַבאָם אָפּגעקויפט ביים קאָמענדאַנט די האָלץ פון אַלע בלינדאַזשן און אָקאָפּעס (שוצגראָבנס), וועלכע די רוסן האָבן געמאַכט אין ערשטן יאָר פון דער מלחמה. די אַרבעט אַרויסשלעפן די האָלץ פון די גרייבער, צעשניידן עס און פאַרקויפן האָט ער איבערגעגעבן מיין פעטער ישראל־יצחק, וועלכער איז געווען אַ האָלץ סוחר די גאַנצע יאָרן. דער פעטער האָט גענומען מיין ברודער משה'קען און מיר אויפצופּאַסן אויף דער אַרבעט. ביי אונדז ביידן האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך אידן. די אַרבעט איז גאַנץ שווער געווען, מען האָט געדאַרפט פיל אַרומגראָבן און דעמאָלט אַרויסשלעפן די קלעצער. וויסנדיק די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע ביי יהושע דעם שוסטער,

האָב איך גערופן זיין זון אברהם־יצחק צו דער אַרבעט.

יהושע דער שוסטער האָט געווינט נאָענט פון בית־מדרש בײם סאַמען דאָל. קיין וואַשנער בעל־מלאכה איז ער ניט געווען, ער פלעגט מאַכן נאָר „פּאָטשינקעס". קיין סך אַזעלכע אַרבעט איז ניט אַרײנגעפאַלן. דערצו האָט ער געהאַט שוואַכע אויגן און ניט גוט געזען. זיין ווייב כאַשקע איז געווען אַ רירעוודיקע אידענע און געזוכט עפּעס בײ וואָס צו פאַרדינען. צווישן פורים און פסח פלעגן מיר איר זען אינגאַנצן געשפּרענקלט מיט קאַלך; זי פלעגט אויסקאַלכן בײ אימיצן אַ קיך און דערבײ עפּעס פאַרדינען. עס איז געווען אַ געמאַטערטער לעבן. קיין שכר־לימוד פאַר זייערע קינדער האָבן זיי ניט געהאַט צו צאָלן, האָט געצאָלט פאַר זיי די „תלמוד תורה". דאָס איז געווען אַזאַ אינסטיטוציע ווי „ביקור חולים", „לינת הצדק". פאַר דעם צוועק פלעגט מען גיין מיט דער פּושקע יעדן פרייטיק און אַ ביסל געלט פלעגט אויך אַרײנפאַלן פון נדבות בײם לייענען שבת אין בית־מדרש. אַ מלמד פלעגט ניט גערן נעמען אַזעלכע קינדער סיידן ער האָט געהאַט אַ שוואַכן „מעמד", דאָס הייסט, ניט גענוג תלמידים. די סיבה איז געווען ווייל די „תלמוד תורה" צאָלט ווייניק און אויך ניט צו רעגולער. אָבער אברהם־יצחק'ן ווילן זיי דווקא, ווייל ער האָט אַ גוט און שאַרף קעפּל. דער קוליאַוואער מלמד איז געווען זייער צופרידן מיט אים און שלמה דער מלמד אויך.

בײ מיין פעטער שלמה'ן אין חדר האָבן מיר געלערנט צוזאַמען, אָבער ער איז געווען אין אַ קלענערע כיתה, ווייל ער איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר ייִנגער פון מיר. די מלמדים האָבן געראַטן זיין מאַמען זי זאָל אים שיקן לערנען אין אַ ישיבה, וועט ער אויסוואַקסן גאָר אַ וויכטיקע „כלי", האָט זי אים געשיקט אין דער ישיבה אין גראַיעווע. איך האָב זיך געהאַלטן תמיד נאָענט צו אים און דעריבער אים גערופן צו דער אַרבעט.

די אַרבעט איז געווען גאַנץ ווייט אין פעסטונג. פון דער היים ביז דאָרטן איז אַ מהלך רב, און זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז מען פלעגט גיין דעם גאַנצן וועג צופוס, הין און צוריק, טעגלעך. איינמאָל, צו „פייעראַבענד", ווען מען האָט געענדיקט די אַרבעט האָט אברהם־יצחק מיטגענומען אַ גראָבע שטיק האָלץ, דריי מעטער לאַנג, כדי עס צו ברענגען אַהיים. אמת, אַבאָם האָט שטרענג פאַרזאָגט אַז מען זאָל מיט זיך גאָרניט נעמען. נאָר, מילא, ניט קיין אומגליק, וועט ער האָבן אַ שטיקל האָלץ ווייניקער. מיר האָבן געלאַכט פון אברהם־יצחק'ן אַז ער וועט עס ניט קענען דערטראָגן אַהיים, אָבער ער האָט זיך אונטערגענומען דאָס צו טאָן. דעם גאַנצן וועג האָט ער כסדר איבערגעלייגט דעם קלעצל פון איין אַקסל אויפן צווייטן, זיך אָפּגערוט און ווייטער געגאַנגען, און ער האָט עס דערשלעפּט ביז זיין היים. די שמחה וואָס עס וועט זיין אין שטוב אַז עס וועט זיין מיט וואָס אָפּצוקאָכן וועטשערע האָט אים געגעבן מוט און כוח צו טראָגן דעם קלעצל אַזוי ווייט.

אברהם־יצחק וווינט היינט אין דעטראָיט, מישיגאַן, און איז גאַנץ רייך.

## טשאַטשוק דער יתום

באָבקע יהודה'ס האָט אונדז פאַרטרויט אַ סוד אַז טשאַטשוק דער יתום וויל אַוועק אין דייטשלאַנד, נאָר עס פעלט אים געלט. דער ייִנגל איז אַלט אַ יאָר 17—16, איז אַ זון פון מײלאך טשאַטשוק וועלכער איז שוין לאַנג געשטאָרבן. מײלאכ'ס ווייב איז אויך געשטאָרבן און עס זיינען געבליבן פיר זין. דער עלטסטער איז אין פּאַריס זינט 1908, די אַנדערע צוויי זיינען ערגעץ אויך אויסער גאָניאָנדז, וויל ער זיך דערשלאָגן צו זיין ברודער אין פראַנקרייך, אָבער ער האָט ניט גענוג געלט דערצו. ער האַלט זיך אויף בײ זיינעם אַ קוזין וועלכער וווינט בײ לייבל שכנא'ס אין מויער. באָבקע וווינט אויך דאָרט. מיר, ווידער, וווינען בײ מאָטקע גרשונ'ס אין מויער — זיינען מיר הייסט עס שכנים.

טרעפנדיק דעם ייִנגל האָב איך אים געפרעגט צי עס איז ריכטיק וואָס איך האָב געהערט, האָט ער געענטפערט: יע. איך האָב אים געזאָגט אַז איך בין גרייט אים צו העלפן. איך וועל אים אויסלייען פינף הונדערט פּוילישע מאַרק, וואָס עס איז דעמאָלט געווען אַ שיינע

סוּמע געלט. ער דאַנקט מיר זייער אוּן זאָגט צוּ עס אָפּצושיקן ווי נאָר ער וועט זיך דערשלאָגן צום בּרוּדער. איך האָבּ אים אויך מיטגעגעבּן אַ בּריף צוּ מיין מוּמען אין גראַיעווע אוּן איר געבּעטן זי זאָל אים בּאַזאָרגן איבּערן גרענעץ מיט אַן אָרנטלעכן מענטשן אוּן זען ס׳זאָל ניט קאָסטן פיל, ווייל ער איז זייער אָרים אוּן איז אַ קיילעכדיקער יתום.

אין עטלעכע טעג אַרום קריג איך אַ בּריוו פוּן מיין מוּמען. זי שרייבּט אַז דער יינגל איז געווען בּיי איר, גענעכטיקט איין נאַכט אוּן ער איז שוין אויף דער צווייטער זייט גרענעץ. אַלץ איז אַריבּער אין בּעסטער אָרדענוּנג אַזוי ווי איך האָבּ זי געבּעטן.

עס איז אַדוּרך אַ מאָנאַט, צוויי אוּן דריי אוּן איך האָבּ פוּן אים ניט געהערט, אוּן אָט דערהאַלט איך אַ בּריוו פוּן אים פוּן פראַנקרייך. אין קאָנווערט איז געווען בּייגעלייגט אַ פאָטאָגראַפיע פוּן זיין עלטסטן בּרוּדער. דער פאָטאָגראַף איז קאַראַסיק, וועלכער האָט געוווינט אין גאָניאָנדז בּיז דער ערשטער וועלט־מלחמה בּיי ווייַנטרויבּן אין הויז, ווי מען פאָרט פוּן דער בּאַן־סטאַציע. אין בּייגעלייגטן בּריוול שרייבּט ער מיר איך זאָל גוּט בּאַטראַכטן די פאָטאָגראַפיע פוּן בּיידע זייטן אוּן עס אָפּשיקן צוּריק. איך האָבּ עס גוּט בּאַטראַכט, אַזוי ווי ער האָט געבּעטן, אוּן אויף דער צווייטער זייט בּאַמערקט אַז עס איז אַבּיסל „אָנגעשוואָלן״. איך האָבּ פוּן דער פאָטאָגראַפיע אַרויסגעצויגן צוויי הוּנדערט אוּן פוּפציק פראַנק.

די געלט איז מיר שפּעטער שטאַרק צוּנוּץ געקוּמען בּיים עמיגרירן פוּן גאָניאָנדז.

ד. בּ.

# פּאַסירונגען און עפּיזאָדן פון ערשטן וועלט־קריג

זינט מען האָט דערמאָרדעט דעם עסטרייכישן קרוינפּרינץ איז די פּאָליטישע לאַגע אין אייראָפּע געווען זייער אָנגעצויגן אוּן מען האָט גערעדט אַז עס וועט אויסבּרעכן אַ וועלט־מלחמה. אָבּער נחום סאָקאָלאָוו, דער רעדאַקטאָר פוּן „הצפירה״, האָט געשריבּן אין זיינע פּאָליטישע אַרטיקלען אַז צוּ קיין מלחמה וועט עס ניט קוּמען, — די וועלט איז נאָך ניט אַזוי נאַריש אַז פעלקער זאָלן זיך נעמען שעכטן איינער דעם אַנדערן. בּיי אוּנדז אין שטוּבּ האָט מען געלייענט די „הצפירה״ אוּן דער טאַטע האָט געהאַלטן מיט נחום סאָקאָלאָוו.

נאָר זוּנטיק אינדערפרי, תשעה בּאב, האָבּן מיר שוין געוווּסט אַז עס איז אויסגעבּראָכן קריג. אַ פּחד איז אָנגעפאַלן אויף אַלעמען. דער דייטשישער גרענעץ איז נאָענט, דערצוּ אַ פעסטוּנג (אָסאָוויעץ). מיר זיינען אויפן ערשטן פייער. דער מאָנקער פּאָלק, וועלכער האָט געלאַגערט אין גאָניאָנדז די לעצטע צוויי וואָכן, האָט גלייך גענוּמען גראָבּן אָקאָפּעס אויף בּיילע־איטעס בּאַרג, אויפן שוּלבּאַרג אוּן אויף אַלע בּערג לענג־אויס דעם טייך. מען האָט צענוּמען די הייזער, וועלכע זיינען געשטאַנען אוּנטן בּיים טייך, ווי מרדכי דעם שמש׳ס נייע הויז אוּן כאַצקל משה׳קעס גרויסע הויז, כדי עס זאָל זיין אַ פרייער בּליק פוּן די אָקאָפּעס אויף די לאָנקעס איבּערן טייך. אַ סך פאַמיליעס זיינען אַוועקגעפאָרן אין די נאָענטע שטעטלעך יאַשינאָווקע אָדער קנישין, כדי צוּ זיין אַבּיסל ווייטער פוּן פראָנט. מענער אוּן דערוואַקסענע קינדער זיינען געבּליבּן אויפן אָרט אָפּצוּהיטן דעם פאַרמעגן. דער מסחר האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט, מען האָט ניט געוווּסט וואָס דער מאָרגן וועט בּרענגען. צוּ פאַרלייכטערן די לאַגע האָט די רוּסישע רעגירוּנג פאַראָרדנט אַ מאָראַטאָריוּם, ניט צוּ צאָלן קיין חובות.

בּיסלעכווייז האָבּן מיר זיך צוּגעוווינט צוּם מצב. איבּערהויפּט ווען די רוּסישע אַרמיי איז אַריין אין מזרח־פּרייסן אוּן מיר זיינען געבּליבּן ווייט הינטערן פראָנט. די פאַמיליעס זיינען געקוּמען צוּריק אוּן דער לעבּן האָט אָנגענוּמען אַ נאָרמאַלן כאַראַקטער. זייער פיל מיליטער איז אָנגעקוּמען פוּן טיף רוּסלאַנד, אפילו פוּן סיבּיר, אויפן וועג צוּם פראָנט. איינמאָל זיינען

אַריינגעפאָרן עטלעכע רייטער דורך דאָליסטאָווער גאַס און גענומען צוגרייטן קוואַרטירן פאַר אָפיצירן. זיי האָבן דערציילט אַז אַ פאָלק סאָלדאַטן קומט אָן צופוס פון גראָדנע. דידאָזיקע סאָלדאַטן זיינען מאָביליזירט געוואָרן אין טשערניגאָווער גובערניע און עס זיינען דאָ צווישן זיי פיל אידן. גאָניאָנדזער פרויען האָבן גלייך גענומען צוגרייטן כשר עסן פאַר די אידישע סאָלדאַטן. די הויפט־טוערינס זיינען געווען מערי יאָסל־אייזיק׳ס און חיה ירחמיאל ברוסצאַק׳ס. זיי האָבן צונויפגעקליבן אַ סומע געלט, געקויפט אַ שעפס, אים געשאָכטן און אָפגעקאָכט אַ גרויסן קעסל עסן. נאָך מיטאָגצייט ווען דער פאָלק איז אָנגעקומען האָבן אַלע אידישע סאָלדאַטן געקריגן אַ גוטן וואַרעמען מאָלצייט. אויף אַזאַ קבלת־פנים האָבן זיי זיך גאָרניט געריכט. דער פאָלק איז אַוועק אין פעסטונג און געבליבן דאָרט שטיין אַלס גאַרניזאָן.

פאַר ראש־השנה האָט זיך געביטן דער מצב. די רוסן האָבן געליטן די ערשטע גרויסע מפלה אין מזרח־פרייסן און זיינען געלאָפן צוריק. רעשטלעך פון דער צעשלאָגענער אַרמיי זיינען אָנגעקומען צו אונדז. גראַיעווער אידן זיינען אַנטלאָפן פון זייערע היימען און געקומען אין גאָניאָנדז. מיר האָבן זיי אויפגענומען וואַרעם און אַלעמען באַזאָרגט מיט וווינונגען, אָבער זיי זיינען לאַנג ניט געבליבן ביי אונדז און געפאָרן ווייטער. דער געוויינלעכער וועג פון גראַיעווע צו גאָניאָנדז גייט פאַרביי דער פעסטונג, אָבער איצט האָבן זיי געמוזט פאָרן דורך די פעלדער און לאָנקעס. די רוסן האָבן אויפגעשטעלט אַ בריק איבערן טייך ניט ווייט פון כאַצקל משה׳קעס מיל, אָבער עס איז געווען אַ שטרענגע פאַראָרדנונג פון פעסטונג אַז אידן טאָרן דעם בריק ניט באַנוצן. ס׳איז געווען אַ ווייטאָק און אַ חרפה צו זען ווי גויים גייען איבערן בריק פראַנק־אַון־פריי הין־און־צוריק, און אידן דאַרף מיכאל דער שיפער אַריבערפירן מיטן פראָם.

די לאַגע איז געוואָרן ערגער. מען האָט שוין געהערט די באָמבאַרדירונג פון דער פעסטונג, אָבער מיר האָבן זיך ניט גערירט. אין דער אַרמיי און צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג זיינען פאַרשפרייט געוואָרן קלאַנגען אַז מיר אידן זיינען דייטשישע שפיאָנען, אַז מיר האָבן געהיימע טעלעפאָנען און גיבן איבער ידיעות די דייטשן... מיר האָבן דורכגעלעבט שווערע טעג. ס׳איז געווען באַקאַנט אַז אפילו ניקאָלאי ניקאָלאַיעוויטש, דער אויבערקאָמאַנדיר פון די רוסישע אַרמייען, דעם קיסר ניקאָלאַי׳ס אַ פעטער, וועמען מיר האָבן געהאַט די „זכיה" צו זען אויפן שולבאַרג די ערשטע וואָך פון דער מלחמה, איז אַן אויסגעשפּראָכענער שונאישראל.

ראש־השנה האָבן מיר אַלע געדאַוונט אין בית־מדרש, צו דער שול האָט מען ניט געטאָרט זיך דערנענטערן, ווייל אויפן שולבאַרג זיינען געווען סאָלדאַטן וואָס האָבן געקוקט מיט ביינאָקלען אויף די לאָנקעס צי עס קומען ניט אָן קיין דייטשן. הרב וואָלף ז"ל האָט פאַראָרדנט ניט צו בלאָזן קיין שופר. די פאָליאַקן וועלן געוויס דערטראָגן צום מיליטער אַז דאָס זיינען געהיימע סיגנאַלן פון די אידן צו די דייטשן. תשליך האָבן מיר געזאָגט נעבן סאָיקעס פלעצער, ווי מען גייט צום שולבאַרג, פונוואַנען מען זעט דעם טייך... אָבער אַזוי ווי שופר הערן איז זייער אַ גרויסע מצוה האָט מען ריזיקירט און געבלאָזן שופר אינדערשטיל ביי יאַנקל דעם רופא אין שטוב, אויפן אַלטן מאַרק. ווען דער טאַטע מיט אונדז, דריי ייִנגלעך, זיינען דאָרטן געקומען איז שוין די שטוב געווען פול, אַ שפּילקענע קעפל ניט אַריינצוּוואַרפן. דער חזן ר׳ נחום האָט אַרויסגענומען דעם שופר פון בוזעם און געבלאָזן אינדערשטיל דרייסיק קולות. דערמיט האָבן מיר יוצא געווען.

דעם צווייטן טאָג ראש־השנה האָט פאַסירט אין בית־מדרש אַזוינס וואָס ווער עס האָט עס בייגעוווינט וועט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ווען דער גאַנצער עולם האָט געזאָגט תהילים פאַר מנחה, ווי דער מנהג איז, איז אַריינגעקומען אַ סאָלדאַט, אַרויף צום ארון־קודש, אים געעפנט, צוגעטוליעט דעם קאָפּ צו די ספרתורה׳ס, זיך צעוויינט אויפן קול, און אַלע אידן האָבן זיך צעיאָמערט מיט אים. ערשט ווען ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט און באַרואיקט האָט ער דערציילט אָט־וואָס: ער קומט איצט פון פעסטונג, באַפרייט אויף יום־טוב. נעכטן איז ער געגאַנגען מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן אויסשפירן

די געגנט. קומענדיק אין טשעמנאַסיע, אַ דאָרף אויפן וועג צו גראַיעווע, האָט דער עלטסטער געהייסן אים מיט נאָך אַ סאָלדאַט אַרויפקריכן אויפן דאַך פון אַ שייער און זען וואָס עס טוט זיך אַרום. אין זעלבן מאָמענט האָט אַ שאַרפּנעל געטראָפן אין שטרויענעם דאַך פון שייער, און ער האָט גלייך אָנגעהייבן ברענען. זיין חבר איז אַריינגעפאַלן אינעווייניק און פאַרברענט געוואָרן, ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון דאַך און געבליבן גאַנץ. איז ער בכן געקומען אין בית־מדרש דאַנקען גאָט פאַרן נס.

דער מצב איז געוואָרן נאָך ערגער, די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו דער פעסטונג און די רוסן האָבן אָנגעהייבן אונטערצינדן די דערפער אָסאָוויעץ און ביאַלאָגראַנדע. שבת־שובה בייטאָג האָבן די רוסן געשאָסן פון האַרמאַטן, וועלכע זיינען געווען איינגעגראָבן אויף דאָליסטאָווער גאַס, אין אַ גאָרטן ביי דער פּאָסט, אויף די דייטשן פון יענער זייט טייך. מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן: אויב די דייטשן וועלן ענטפערן זיינען מיר פאַרלאָרן. די נאַכט צו זונטיק זיינען מיר ניט געשלאָפן, נאָר געזעסן ביי דער מומע רבקה׳ן אויף דאָליסטאָווער גאַס, וועלכע האָט זיך גערעכנט אַביסל זיכער. אויפצומאָרגנס אינדערפרי ווען די שיסעריי אויף דער פעסטונג איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך שטאַרק, זיינען מיר אַוועקגעפאָרן קיין יאַשינאָווקע. דאָרט האָבן מיר געהאַט באַקאַנטע. עס האָט שטאַרק גערעגנט און די אידן האָבן געזאָגט אַז די שיסעריי פון פראָנט רייסט די לופט און ברענגט רעגנס. ערב יום־כיפור, אין בית־מדרש, פאַר כל־נדרי האָבן מיר געהערט פרייליכע נייס. אַ יאַשינאָווקער תושב איז געקומען פון ביאַליסטאָק און געבראַכט אַ צייטונג, ווו עס איז געווען אַ מעלדונג פון גענעראַל־שטאַב אַז די רוסן האָבן אָפּגעטריבן די דייטשן פון יאַגוסטאָוו און אַז די דייטשן ציען זיך צוריק אויפן גאַנצן פראָנט. הערנדיק דאָס איז דער תענית אַדורך פיל לייכטער, און מוצאי יום־כיפור באַלד נאָכן אָפּפאַסטן האָב איך געדונגען אַ וואָגן צו פאָרן זען וואָס הערט זיך אין גאָניאָנדז. באַגינען זיינען מיר אַרויסגעפאָרן. דער וועג איז געווען זייער בלאָטיק. דער פערד איז געווען אויסגעמאַטערט און שוואַך, זיינען מיר געפאָרן טריט ביי טריט. אַרום צוויי אַזייגער בייטאָג, ווען מיר זיינען געווען ביי קושאַרקע, אַן ערך זעקס ווייאָרסט פון גאָניאָנדז, זעען מיר פונדערווייטן אַ קליין איינגעבויגן אידעלע, די הענט פאַררוקט אין די אַרבל, דערנענטערט זיך צו אונדז. איך האָב אין אים גלייך דערקענט דוד־שמערלען דעם מלמד. ער האָט אונדז דערציילט אַז ער גייט אָנזאָגן די גאָניאָנדזער אידן אין יאַשינאָווקע אַז מען האָט אָפּגעטריבן דעם דייטש, און מען קען שוין קומען אַהיים. איך האָב אים פאַרזיכערט אַז די נייס איז שוין גוט באַקאַנט און ער מעג רואיק פאָרן מיט אונדז צוריק.

אַריינפאָרנדיק אין גאָניאָנדז איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַן אימה: מען האָט ניט געזען קיין לעבעדיקן נפש. טיר און טויער פאַרקלאַפּט. ווו־ניט־ווו האָבן די גויים אויפגעריסן אַ פענצטער, איינגעבראָכן אַ טיר און געראַבירט. די שטילקייט איז געווען אַ שרעקלעכע. ערשט נעבן צערל גיטל־אַבאַ׳ס הויז איז געשטאַנען אַ גרופּע פּאָליאַקן און זעענדיק אונדז, דריי אידן, האָבן זיי זיך שטאַרק צעהירזשעט. זייער געלעכטער וואָס האָט אָפּגעקלונגען אין דער טויטער שטילקייט פון גאַס האָט מיר נאָך מער איבערגעשראָקן און כ׳בין געלאָפן דורך די הינטערשטע געסלעך אַהיים. מיר האָבן דאַן געוווינט ביי יהודה דעם קירזשנער. אונדזער שטוב און קראָם האָב איך געטראָפן גאַנץ. יהודה אַליין איז געבליבן אינדערהיים און האָט אויפגעפּאַסט אויף זיין וווינונג און אויך אויף אונדזערער. איך האָב דאָרט געטראָפן זיין זון יאָסל, וועלכער האָט אים ערשט היינט אינדערפרי פאַרביטן. איך בין שוין פאַרבליבן אין גאָניאָנדז און חול־המועד סוכות איז אונדזער פאַמיליע צוריקגעקומען פון יאַשינאָווקע.

דעם ערשטן אָוונט סוכות צו מעריב אין בית־מדרש זיינען שוין געווען עטלעכע מנינים אידן, אָבער דער חזן ר׳ נחום האָט ניט געוואָלט צוגיין צום עמוד. עס איז ניט געווען קיין שטימונג דערצו. ערשט נאָך קדיש פון עלינו האָט ער געזאָגט אויפן קול „אדון עולם” מיט אַ יום־טוב׳דיקן ניגון. און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב געהערט זיין

שטימע. דריי מאָנאַטן שפּעטער איז דער חזן נפטר געוואָרן.

שמחת־תורה פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, זיינען מיר געזעסן אין בית־מדרש ביים לאַנגן טיש, ביי דער דרום־וואַנט, און אַ סאָלדאַט פון פעסטונג האָט אונדז דערציילט אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע.

אין רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, מיט צען יאָר צוריק, האָט אַ אידישער סאָלדאַט אין שלאַכט ביי דער פעסטונג פּאָרט־אַרטור פאַרלאָרן זיין לינקע האַנט. ווען ער האָט זיך געפילט בעסער האָט ער געשריבן אַ בריף צום קאָמענדאַנט פון פּאָרט־אַרטורער פעסטונג, גענעראַל סטעסל, און אים געבעטן ער זאָל אים דערלויבן ווייטער קעמפן, ער וויל ניט ווערן פאַררעכנט אַלס אינוואַליד. זיין ביטע איז אָנגענומען געוואָרן און ער האָט באַקומען אַ רעוואָלווער, ווייל קיין ביקס האָט ער מיט דער איינציקער האַנט ניט געקענט באַנוצן. דער גענעראַל האָט פּובליצירט די העלדישקייט פון אידישן סאָלדאַט צווישן דער באַלאַגערטער אַרמיי. ווען פּאָרט־אַרטור איז געפאַלן און זיי זיינען אַוועק אין געפאַנגענשאַפט אין יאַפּאַן, איז ער אין דעם געפאַנגענלאַגער אויך ניט געזעסן ליידיק. ער האָט אָרגאַניזירט קורסן אויף לייענען און שרייבן פאַר די אַנאַלפאַבעטישע סאָלדאַטן. ער איז אַזוי אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט אָנדערהאַלבן יאָר ביזן סוף פון דער מלחמה. שפּעטער האָט מען דעמדאָזיקן סאָלדאַט איינגעלאַדן אין צאַרסקאָיע סעלאָ און די קייסערינע אַליין האָט אים אָנגעטאָן אַ „געאָרגעווסקי קרעסט", וואָס איז געווען די העכסטע אויסצייכנונג אין דער רוסישער אַרמיי. ער האָט אויך באַקומען דעם ראַנג פון אַן אָפיציר. אין 1911 איז ער געקומען צו זיי אין טשערניגאָווער גובערניע צו באַזוך. זיי האָבן זיך אין דער מלחמה גוט באַפריינדעט. דער יונגערמאַן איז געווען אַ זון פון אַ קאַנטאָניסט, אין קאַווקאַז, ווייט פון די אידישע ישובים, אָבער ס'האָט זיך אין אים דערוועקט אַ נאַציאָנאַלער געפיל און ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן אין ארץ־ישראל. ער האָט געוואָלט זיך אויסלערנען ביי זיי אַקערן, היות זיי זיינען גוט־באַזיצערס און האָבן פיל באָדן. אויף היינטיקן לשון הייסט עס: דורכמאכן הכשרה. טראָצדעם וואָס ער האָט געהאַט איין האַנט האָט ער זיך דאָך אויסגעלערנט גוט אַקערן און איז עולה געווען אין ארץ־ישראל. פרעגן מיר דעם סאָלדאַט ווי הייסט דער יונגערמאַן, און ער ענטפערט: יוסף טרומפּעלדאָר.

שבועות־צייט, ווען מיר זיינען ווידער געווען פּליטים, דאָס מאָל אין קנישין, האָבן מיר געלעזן אין צייטונג אַז יוסף טרומפּעלדאָר און וו. זשאַבאָטינסקי אָרגאַניזירן אַ באַטאַליאָן פון אידישע יונגעלייט אין קאַהיר, מצרים, צו קעמפן קעגן טערקיי און באַפרייען ארץ־ישראל. אין צייטונג איז געווען באַשריבן טרומפּעלדאָרס לעבנס־געשיכטע. אָבער מיר איז שוין אַלץ געווען באַקאַנט פון פריער.

אין פּתח־תקוה, ווו איך וווין איצט, איז מיין שכן געווען אַ איד פון טשערניגאָווער גובערניע. אַז מיר האָבן זיך צוזאַמענגערעדט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער איז געווען טאַקע אין יענעם טשערניגאָווער פאָלק וואָס האָט געלאַגערט אין שטעטל. ער קען ניט פאַרגעסן עד היום די האַרציקע אויפנאַמע און די פריינטלעכע באַציאונג צו זיי מצד די גאָניאָנדזער אידן. אין קיין אַנדער אָרט אויף זייער לאַנגן וואַנדער־וועג האָבן זיי אַזוינס ניט געטראָפן.



מיירים רובין, ניו־יאָרק

# דער ערשטער באָלשעוויסטישער רעזשים אין גאָניאָנדז

בעת דעם פויליש־רוסישן קריג אין 1920 האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען אויך גאָניאָנדז. באַלד אויפן צווייטן טאָג האָבן די באָלשעוויקעס פאָרמירט אין שטעטל אַ רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, וועלכן זיי האָבן גערופן פאַרקירצט מיטן נאָמען „רעווקאָם". אין „רעווקאָם" זיינען אַריין נאָר אַרבעטער — דאָס רוב בונדיסטן. יוסף טעמע־רייזל'ס אַ זון, איז געוואָרן דער פאָרזיצער, הענאַך איטשע דעם וואַסער־פירערס — בילדונגס־קאָמיסאַר, משה־פייוול חיה־וויצעס — סאַניטאַר (מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן „מיניסטער"), עטלעכע קריסטן און זיידקע ראובן דראקס זיינען געוואָרן מיליציאָנערן. הענאַך פלעגט האַלטן רעדעס צוזאַמען מיט די באָלשעוויסטישע קאָמיסאַרן.

דער „רעווקאָם" האָט געהאַט די קאָמפעטענץ אַרויסצוגעבן גרויסע שטראָפן און אפילו אַ טויט־אורטייל. אַבער קיינער פון זיי האָט ניט געקענט לייענען און שרייבן רוסיש. זיי האָבן אָנגעשטעלט פאַר אַ סעקרעטאַר אלי דלוגאָלענסקי, וועלכער האָט אויסגעניצט די אומוויסנקייט פון רעווקאָם און פלעגט אויסשטעלן פאַפירן ווי זיין האַרץ האָט געגלוסט. און די קאָמיסאַרן האָבן געחתמעט. אַזוי פלעגט ער אָנשטעלן אַ פויער ער זאָל קומען נאָך אַ שריפטלעכער באַשטעטיקונג, אַז ער האָט פאַרקויפט זיין פערד און אינדעראמת'ן פלעגט ער אויסשטעלן אַ דערלויבעניש אַריינצופירן פון גראַיעווע עטלעכע זעקלעך צוקער און פעסלעך נאַפט... אַן אַקציע וואָס ביי די באָלשעוויקעס האָט עס געהייסן „ספעקולאַציע", פאַר וואָס עס האָט געקומט טויט־שטראָף (פאַר אזא „פאַרברעכן" האָבן זיי טאַקע דערשאָסן אַ ביאַליסטאָקער איד).

דער רעווקאָם האָט געגרינדעט אַ קאָאָפעראַטיוו וואָס פלעגט אַרויסגעבן די תבואה־סוחרים צעטלעך אויף איינצוקויפן תבואה. איז אָנשטאָט הונדערט פוד קאָרן פלעגט דער סעקרעטאַר אַרויסגעבן אַ צעטל אויף דריי הונדערט פוד. די איבעריקע צוויי הונדערט פוד האָט מען פאַרקויפט אין ביאַליסטאָק פאַר אַ דרייפאַכן פרייז ווי דער קאָאָפעראַטיוו האָט געצאָלט. די פויערים האָט מען, נאַטירלעך, געצאָלט העכערע פרייזן, אָבער עס האָט זיך געלוינט.

איינמאָל, פירנדיק צוויי פורן קאָרן פון דאָרף דאָליסטאָווע, האָט דער אָרטיקער קאָמיסאַר פאַרכאַפט אונדזערע פערד און וואָגנס צוזאַמען מיט דער סחורה. מיר זיינען געלאָפן מיט אַ געוואַלד צו אונדזער רעווקאָם, און ער האָט אונדז באַלד געגעבן הילף — זיידקע ראובן דראקס מיט זיין ביקס. דער דאָליסטאָווער רעווקאָם האָט זיך אָבער ניט דערשראָקן. זיי האָבן געטענה'ט, אַז נישט קוקנדיק אויף אונדזער דערלויבעניש האָבן זיי דאָס רעכט די תבואה צו קאָנפיסקירן פאַר די רויטע אַרמייער, וואָס זיינען בילכער ווי די ציווילע באַפעלקערונג. זיי האָבן צוגענומען ניט נאָר די פערד און וואָגנס, נאָר אויך ראובן דראקס צעבראָכענע ביקס.

אַזוי־אַרום איז דער קאָאָפעראַטיוו ליקווידירט געוואָרן. די באָלשעוויקעס האָבן דערווייל ביי קיינעם גאָרניט צוגענומען. זיי האָבן בלויז געהאַלטן רעדעס, אין וועלכע זיי האָבן געסטראַשעט דעם עולם, אַז זיי וועלן קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון די רייכע און צעטיילן צווישן די אָרימע. אָבער אַזוי ווי אין גאָניאָנדז זיינען קיין גרויסע גבירים ניט געווען, האָט מען זיך קנאַפּ וואָס געשראָקן.

יהושע דער בלעכער, וועלכער האָט געוווינט אין דאָל, אין שכנות מיט חיים קאָברינסקי (חיים פאָלאַק'ס), האָט די באָלשעוויסטישע רייד גענומען טויט ערנסט. ער איז געקומען צו חיים קאָברינסקי מיט דער פאָדערונג, אז ער זאָל זיך בייטן מיט אים — ער וועט אים אָפּגעבן זיין געמויערט הויז און ער זאָל פאַרנעמען זיין אָרעם הייזל אין דאָל... ער איז אַוועק צום רעווקאָם, אַז ער זאָל אים העלפן דורכפירן די אַקציע פון רעוואָלוציאָנערער גערעכטיקייט. דער רוסישער קאָמיסאַר, וואָס איז גראָד דעמאָלט געווען אין רעווקאָם, האָט



**אַ גרופּע גאָניאָדזער פּליטים אין מאַריאַמפּאָל אין דערצייט פון רוסיש־פּוילישן קריג**

פון רעכטס צו לינקס, שטייענדיק: אברהמ׳ל משה גרשונ׳ס, חיים שאָשקעס, אברהמ׳ל, זרח, מאָטל משה גרשונ׳ס, יודל איטשע געליעס.

זיצנדיק: מוליע דער אָסאָווצער, מאיר איטשע געלעס, בליאַכער, מאָטל איטשע ביאַלעס, גדליה טוביה־מאָטלס, יאַנקל ליפּקעס, נחום גוזער (פלאַסקאָווסקי).

ליגנדיק: רעכטס, יאַנקל צעראַלעס; לינקס, מאיר לוריע (קאַטשקע).

אים געענטפערט, אַז דערווייל זיינען דאָ בילכערע זאַכן צו דערליידיקן, ווי צום ביישפּיל, צושטעלן ברויט און מעדיקאַמענטן פאַר דער רויטער אַרמיי אויפן פראָנט, און דערנאָך וועט מען ערשט דורכפירן דעם אויסטויש פון דירות.

נאָך דער באָלשעוויסטישער מפּלה, האָט זיך יהושע בלעכער גענומען שטאַרק צום האַרצן און איז אַראָפּ פון זינען. אַ צערודערטער איז ער אַרומגעלאָפן איבער די בערג און אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז ער געשטאָרבן.

זיין זון נחום איז אַוועק מיט די באָלשעוויקעס קיין רוסלאַנד. ער האָט באַזוכט דאָרט אַן אָפיציר־שולע, איז געוואָרן אַן אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי און שפּעטער געפאַלן אויפן פראָנט.

ביים צוריקגאַנג פון דער רויטער אַרמיי זיינען אַלע מיטגלידער פון רעווקאָם זיך צע־לאָפן. הענאַך דעם וואַסערפירערס האָבן די פּאָלאַקן געכאַפּט אין קנישין און אים שטאַרק צעשלאָגן. אַ דאַנק די קנישינער אידן, וועלכע האָבן באַצאָלט אַ גרויסן פּרייז אויסלייז־געלט, איז ער געבליבן לעבן.

ערשט דעמאָלט איז די אידישע באַפעלקע־רונג באַפאַלן אַ גרויסע פּאַניק. אַלע וועלכע האָבן קאָאָפּערירט מיט די באָלשעוויקעס און אויך די יוגנט אין מיליטער־עלטער זיינען אַנטלאָפן אין ליטע און פון דאָרטן אויס־געוואַנדערט קיין אַמעריקע און קאַנאַדע.

ווען די פּוילישע אַרמיי איז צוריק אַריין אין גאָניאָנדז איז דער כומר אַרויס אַנטקעגן מיט צלמים. ער האָט געבעטן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן ניט טאָן קיין שלעכטס צו די אידן, ווייל זיי האָבן אים בשעת דער באָלשעוויס־

טישער אָקופּאַציע גוט באַהאַנדלט. די אידן האָבן אַרויסגעהאַנגען אַפּישן, אַז זיי טיילן ברויט אומזיסט פאַרן פּוילישן מיליטער. דער אַלטער פּוילישער בירגערמייסטער האָט געגרינדעט אַ נייע שטאָט־פּאַרוואַלטונג און האָט צווישן די מיליציאָנערן אַריינגענומען אויך אידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן באַקומען לעגיטימאַציעס פון מאַגיסטראַט און זיינען באַוואָפנט געוואָרן מיט שטעקנס צו באַוואַכן, פיר פּערזאָן אין יעדער גאַס, עס זאָלן ניט פּאָרקומען קיין רויבערייען און אָנפאַלן.

אין דער צייט וואָס אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן די פּאָלאַקן דערשאָסן פיל אידן (אין סוכאָוואָליע — צוויי) איז די קריטישע איבערגאַנגס־צייט אין גאָניאָנדז דורכגעגאַנגען אָן קרבנות. די אידישע באַפעלקערונג אין אונדזער שטעטל איז אָפּגעקומען מיט אַ צאָל רויבערייען און איבערפאַלן.

דוד באַכראַך

# גאַניאַנדזער יוגנט ריכט־אַפּ גלות...

**(זכרונות)**

זינט עס איז אַנטשטאַנען די פּוילישע מדינה אין נאָוועמבער 1918 איז דער לעבן פאַר אידן אין פּוילן געוואָרן זייער ניט היימלעך. די שנאה צו אידן וואָס איז ביז איצט געווען פאַרדעקט, פריער ביי די רוסן און לעצטנס אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז איצט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. די רעגירונג אין וואַרשע האָט געגעבן דעם טאָן און די כמרים אין די טיפלעס האָבן פאַרשפּרייט אידן־האַס. די האַלערטשיקעס *) און פּאָזנאַנטשיקעס **) האָבן געוואָרפן אידן פון די גייענדיקע צוגן, געשניטן אידישע בערד, געראַבירט אידיש פאַרמעגן און עס איז ניט געווען צו וועמען זיך צו ווענדן נאָך הילף.

אַמעריקע האָט געשענקט אַלס מתנה דער אויפשטייענדיקער פּוילן אירע גרויסע לאַגערן פון אַמוניציע, וועלכע זי האָט געבראַכט פאַר איר אַרמיי אין פראַנקרייך, איצט נאָך דער מלחמה האָט זי עס מער ניט נויטיק געהאַט. דער ווערט דערפון האָט באַטראָפן פיל צענדליקע מיליאָנען דאָלאַרן. פּוילן האָט געזאָלט דינען אַלס באַריער קעגן קאָמוניזם און די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט האָט איר געשטיצט, און אירע „שיינע” מעשים קעגן די אידן בכוונה פאַרקוקט. פּוילן האָט געפייערט איר באַפרייאונג. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ פרייוויליקע פּוילישע אַרמיי און מען האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערשפּרייטן.

מיר, אין גאָניאָנדז, האָבן פאַרגעסן די אַלגעמיינע צרות, ווייל אין דעם ווינטער איז אויסגעבראָכן ביי אונדז אַ טיפוס־עפּידעמיע. דער ערשטער חולה איז געווען חייקל יעווריייסקי. שפּעטער בין איך קראַנק געוואָרן. אין שטעטל האָט מען געזאָגט אַז איך האָב זיך אָנגענומען פון חייקלען ביי די לינות. יאַנקל דער רופא האָט פעסטגעשטעלט ביי מיר אַ בויךטיפוס. ער דערציילט מיר אַז שמעון האַלפּערן האָט אויך טיפוס. ערשט צוויי מאָנאַטן שפּעטער, ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָב איך זיך דערוווּסט אַז שמעון איז שוין לאַנג ניטאָ. יאָסל גאָפּשטיין, יהודה דעם קירזשנערס אייידעם, איז קראַנק געוואָרן. ער איז געווען מיינער אַ גוטער פריינט, האָב איך ביי אים געטאָגט און גענעכטיקט. ווען ער איז אַרויס פון דער קראַנקהייט איז מיין שוועסטער קיילע קראַנק געוואָרן. אין דער צייט איז געווען אין גאָניאָנדז אַ מין לאַזאַרעט אויפן אַלטן מאַרק, ווו

---

*) די אַרמיי פון גענעראַל האַלער, אַ פּאָליאַק וואָס האָט געלעבט אין אַמעריקע. ער איז געקומען מיט פיל יונגע פּאָליאַקן פון דאָרט צו העלפן באַפרייען פּוילן.

**) די פּאָזנאַנטשיקעס זיינען געווען פּאָליאַקן פון פּאָזן (דייטש־פּוילן) און איצט זיך באַפרייט פון דער דייטשישער מאַכט.

עס איז אַמאָל געווען וויינטרויבס הויז. איך האָב אויפגעפּאַסט אויף מיין שוועסטער און נאָך קראַנקע. אין דערבייאיקן צימער איז געלעגן זלמן, דער אַלטן רב׳ס זון. איך האָב אויך אויף אים אויפגעפּאַסט. ער איז געשטאָרבן. זייער פיל מענטשן זיינען אַוועק פון דער וועלט אין אַ קורצער צייט.

ווען ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט די טיפוס־עפּידעמיע האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע צרה: די פּוילישע רעגירונג האָט גענומען מאָביליזירן די יוגנט. זי דאַרף אַ סך סאָלדאַטן אָפּצורייסן וואָס מער לאַנד פון רוסלאַנד. פון אונדזער פאַמיליע האָט געדאַרפט זיך רעקרוטירן מיין ברודער משה׳קע. דער איינציקער אויסוועג פאַר אים איז געווען צו אַנטלויפן אין דייטשלאַנד. משה׳קע שמואל־בער׳ס האָט זיך געהאלטן מיט אים צוזאַמען. אין קאָלניע האָבןביידע משה׳קעס ניט מצליח געווען צו שוואַרצן דעם גרענעץ, האָבן מיר געפּרווט ראַצק, אַ שטעטל נעבן יאַגוסטאָוו, און דאָ איז עס דורכגעגאַנגען. עס האָט ניט גענומען קיין לאַנגע צייט און מען רופט שוין מיין ברודער קלמן. ער איז אַלט אינגאַנצן זעכצן יאָר, אָבער ער איז הויך געוואַקסן און איז גרויס טוביה־מאָטלען אין די אויגן. טוביה־מאָטל איז דער שרייבער אין מאַגיסטראַט און איז אַ גאַנצער מאַכער. אפשר ווען דער טאַטע לעבט וואָלט ער זיך געשעמט עס צו טאָן, זיי זיינען דאָך געווען ידידים. איצט אַז די מאַמע איז אַן אַלמנה, און קיין שטאַרקע „פּלייצע” וואָס זאָל אונדז שיצן האָבן מיר ניט — מוז קלמן אויך אַנטלויפן. דער וועג צו ראַצק איז אויסגעטראָטן. אין יאַגוסטאָוו טרעפן מיר משה־חיים בוראַק און יונתן ניימאַן, זיי זיינען אַרויס פון זייער באַהעלטעניש און ציען זיך צו דייטשלאַנד. פאָרן מיר אַלע פיר קיין ראצק. זיי זיינען אַדורך דעם גרענעץ בשלום. אַ שטיקל צייט זיינען מיר שוין רואיק. אָבער אָט קריג איך אַ מעלדונג, מען רופט מיר צו מיליטער. וואָס אַן אמת האָב איך שוין לאַנג געוואָלט פאַרלאָזן גלות־פּוילן, איבערהויפּט נאָכדעם ווי די צעיושעטע פּאָליאַקן האָבן דערמאָרדעט אַ גרויסן טייל פון די „צעירי־ציון” אין פּינסק, מאַכנדיק אויף זיי אַ בלבול אַז זיי זיינען „באָלשעוויקעס”, נאָר די מאַמע האָט ניט געלאָזן. אַן אייזן־געשעפט איז אַ שווערער מסחר, עס פאָדערט פיזישע אַרבעט. אָן מיר, האָט די מאַמע געזאָגט, וועט מען ניט קענען אָנהאַלטן דעם געשעפט. בין איך געבליבן אינדערהיים. ס׳האָט אונדז געקאָסט 100 דאָלאַר, אַ געוואַלדיקע סומע געלט פאַר אונדז. דערפאַר האָב איך געקריגן אַ „שוויאַדעטסטוואָ” (צייגניש) אַז איך בין פיל עלטער, פון די וואָס מען רופט צו מיליטער. רואיק בין איך ניט געווען, ווייל מען האָט דאָך געקענט מיך מסר׳ן. מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק איז לייבל ריינעס זון אַרומגעגאַנגען מיט דער פּאָליציי לויט אַ רשימה פון הויז צו הויז זוכן באַהאַלטענע. „וואָס הייסט”, האָט ער געזאָגט, „איך וועל גיין דינען דעם פּאָליאַק און זיי ניט?” עס איז געוואָרן אַ בהלה אין שטעטל און ווער עס האָט געקענט איז אַנטלאָפן; אַנדערע האָבן זיך געמאָלדן.

די פּאָליאַקן האָבן איינגענומען ווילנע, כאָטש די שטאָט האָט מען צוגעזאָגט ליטע. זיי האָבן אויך פאַרנומען ווייסרוסלאַנד און דערנאָך אָפּגעריסן אַ שטיק אוקראַינע און באַזעצט קיעוו. פּילסודסקי, דער פעלדמאַרשאַל פון דער פּוילישער אַרמיי, האָט אַריינגעשטעקט זיין שווערד אין דער ערד, אין צענטער פון שטאָט קיעוו און פייערלעך געשוואָרן אַז פון דאָרט וועלן זיי זיך ניט רירן. „עס איז געווען אונדזערס און אונדזערס וועט עס זיין” — האָט ער געזאָגט (פאַר כמיעלניצקי׳ס אויפשטאַנד האָט עס געהערט צו פּוילן).

רוסלאַנד איז געווען שוואַך. פיר ווייסע רוסישע אַרמייען האָבן מיט דער הילף פון דער אַנטאַנטע געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס. אָבער ווען טראָצקי האָט זיי אַלעמען מנצח געווען האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו די פּאָליאַקן. פון קיעוו זיינען די פּאָליאַקן געלאָפן צוריק מיט פּילסודסקי׳ן בראש. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און ווילנע איז געווען ביי די באָלשעוויקעס. דער ציל איז געווען וואַרשע. ביי גראָדנע האָבן די פּאָליאַקן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, אָבער די רוסן האָבן זיי גובר געווען. די פּוילישע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן, דער שאָסיי וואָס גייט פאַרביי גאָניאָנדז האָט ניט גערוט טאָג און נאַכט. סאָלדאַטן

און אָבאָזן זיינען געגאַנגען פון גראָדנע צו דער פעסטונג און ווייטער צו לאָמזשע. ווען די פּאָליציי האָט פאַרלאָזן גאָניאָנדז האָבן מיר געוווּסט אַז די רוסן זיינען שוין גאַנץ נאָענט. די נאַכט זיינען מיר ניט געשלאָפן. די גאַנצע יוגנט אַרום 50—60 יונגעלייט איז געווען וואַך און געהיט די שטאָט. מיר האָבן געטראָגן ווייסע לענטעס מיט אַ שטעמפּל פון מאַגיסטראַט, וואָס האָט געהייסן אַז מיר זיינען מיליציאָנערן. אינמיטן נאַכט זיינען אָנגעלאָפן פון דאָליסטאָווער גאַס דריי פּוילישע רייטער. זיי האָבן געזאָגט אַז די באָלשעוויקעס זיינען נאָענט און אַז מען קען זיי דערוואַרטן אין אַ פּאָר שעה אַרום.

די נאַכט איז אַריבער רויִק. ווען עס איז געוואָרן ליכטיק בין איך געגאַנגען זיך אָפּרוען צו לייבל צלאל׳ס אויפן ראָסט. לייבל צלאל׳ס האָט געוווינט אויף טיפלע־גאַס ניט ווייט פון אונדז. זיין הויז איז געווען אויפן הויף אָפּגערוקט פון גאַס. ער האָט געהאַט אַ גרויסן שטאַל און אויפן ראָסט אַ סך היי. איך האָב זיך נאָר אַוועקגעלייגט, איך הער מען לויפט און מען שרייט: „די באָלשעוויקעס זיינען דאָ“. ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון שלאָף עטלעכע שעה שפּעטער איז שוין געווען פיל מיליטער אין שטאָט. איך האָב זיך דערוווּסט אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט אַ וויכטיקע רעדע. הענאַך דער שניידער, איטשע דעם שטומאַק׳ס זון, האָט אויף חיה־רחל לוריעס בריקל געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע. „מיר האָבן זיך באַפרייט פון דער אַנטיסעמיטישער פּוילן“ — האָט ער געזאָגט. „אין רוסלאַנד זיינען אַלע גלייך, ניטאָ קיין רוסן, ניט־רוסן, נאָר מענטשן“. ער האָט געשילדערט די גליקלעכע צוקונפט וואָס אונדז דערוואַרט אונטער דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט און געענדיקט, אַז ביי אונדז איז היינט אַ ליכטיקער טאָג. הענאַך איז פון דעמאָלט אָן געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען „דער ליכטיקער טאָג“.

די רוסישע אַרמיי איז געווען געקליידט זייער שלעכט, פּשוט אין שמאַטעס. זעקס מלחמה־יאָרן האָבן רוסלאַנד זייער פאַראָרימט. אייניקע האָבן געטראָגן קליידער פון געפאַנגענע אָדער געהרג׳עטע פּוילישע סאָלדאַטן.

צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס האָט אַריינגעשפּרייזט דער הונגער. מיט זיך האָבן זיי קיין שפּייז ניט געפירט. וויפל שפּייז עס איז געווען אין שטעטל איז גלייך פאַרברויכט געוואָרן. די פּרוכט אין די סעדער וואָס איז געווען האַלבצייטיק (עס איז געווען 15 טעג אין חודש אב) האָט מען געריסן פון דיביימער און געגעסן. זיי האָבן געזוכט צו קויפן זייגערלעך, אָבער עס איז ניט געווען, טאַשנמעסערלעך האָט מען אַלע אויספאַרקויפט. זיי האָבן געצאָלט מיט רובלען, אַ רובל פאַר אַ מאַרק. מיר האָבן געוווּסט אַז זייער געלט האָט קיין ווערט ניט, אָבער מען האָט עס, פאַרשטייט זיך, געמוזט נעמען. איין גליק וואָס זיי האָבן זיך גלייך גערוקט ווייטער און אַוועק אין דער ריכטונג צו לאָמזשע.

אין שטעטל האָט זיך געבילדעט אַ רעווקאָם (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט), אַ מין מאַגיסטראַט צו האַלטן אָרדענונג און פירן די אַדמיניסטראַציע פון שטעטל. דער רעווקאָם איז געווען איינגעקוואַרטירט ביי חיה־רחל לוריע׳ס אויפן צווייטן שטאָק. דער קאָמיסאַר איז געווען יוסף ווײַנער, משה דעם סאָטניק׳ס אַ זון. משה איז געווען אַ שוסטער און געוווינט אַראָפּ אין דאָל ווי מען גייט צו דער באָד. זיין ווייב, טעמע רייזל, יוסף׳ס מאַמע, האָט פאַרקויפט פּרוכט אין מאַרק. יוסף אַליין איז געווען אַ שניידער. הייסט עס, אַז ער איז געווען אַ מיוחס, אַ פּראָלעטאַריער בן פּראָלעטאַריער. נאָכמער, ער האָט אויך געהאַט אַ צייגניש אַז ער איז געווען אַ חבר אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי נאָך אונטער דער פּוילישער הערשאַפט. ווערט ער טאַקע באַשטימט אַלס קאָמיסאַר. זיינע געהילפן זיינען געווען: הענאַך איטשע דעם שטומאַק׳ס זון, ער רעדט זייער שיין, שוין אויך פאַרן טאַטן, וועלכער איז געווען זייער שווער אויפן לשון; לייזער דער בעקער, אַליין אַ שטשוטשינער, אַן איידעם פון יצחק טשיינקוס; זעליג משה־מענדל׳ס פון אַלטן מאַרק, אַ שניידער; לייזער רבקה־דבורה׳ס פון אַלטן מאַרק, אַ געוועזענער רוסישער סאָלדאַט, דורכגעמאַכט די וועלט־מלחמה. לייזער האָט געקריגן ביי די באָלשעוויקעס אַ שווערד. ער האָט געריטן אויף אַ פערד אַזוי ווי אַ קאָזאַק, מיט דער שאַשקע

ביי דער זייט און גאַלאָפּירט איבער די גאַסן ווי פייל אויס'ן בויגן. ווּהין און צוואָס האָט קיינער ניט געוווּסט. יוסף האָט געטראָגן אַ רעוואָלווער. ער איז דאָך עפּעס אַ קאָמיסאַר. עס זיינען אויך געווען צוויי פּוילישע חברים אין רעוווקאָם. איינער באָכענקאָ דער האָלץ־העקער און דער צווייטער אַ שוסטער, אַ הויכער גוי מיט בלאָנדע האָר.

פּאָליציאַנטן זיינען געווען צוויי: זיידקע ראובן דראַק'ס און משה־פייוול דער שוסטער. זיידקע האַלט דעם ביקס נאַטירלעך, ער איז אַ געוועזענער סאָלדאַט, אָבער ביי משה־פייוו־לען איז עס אַזוי ווי אַ צאַצקע. משה־פייוול'ס אינגל, אַרום צען יאָר אַלט, טאַנצט אין גאַס און זינגט: „טאַטע אַ זשאַנדאַר! טאַטע אַ זשאַנדאַר!" אין דער צייט פון דער דייטשי־שער אָקופּאַציע האָט מען געציטערט פאַר די זשאַנדאַרן ווי פאַר פייער. איצט איז זיין טאַטע אַ זשאַנדאַר. עפּעס אַ קלייניקייט?...

קיין פּרנסה איז ניט געווען, די פּויערים זיינען ניט געקומען אין שטאָט. ברויט קריגט מען זייער שווער. אין דאָרף נעמט מען ניט קיין רוסישע רובלס. גיב זיי דאָלאַרן, אָבער ווו נעמט מען דאָס? בלית־ברירה נעמען זיי פּוילישע מאַרקן, כאָטש די פּוילישע רעגירונג איז אַנטלאָפן און ווער ווייס וואָס עס וועט זיין. זאַלץ איז זייער חשוב. פאַר זאַלץ באַ־קומט מען אין דאָרף אַלץ. נאָר פונוואַנען זאָל מען נעמען אַזוי פיל זאַלץ? מיידלעך קומען צופוס פון טרעסטינע קויפן אַ פּאָר קילאָ זאַלץ און זיי זיינען גליקלעך אַז זיי קריגן עס. משה־פייוול דער פּאָליציאַנט לויערט ביים בית־עולם און כאַפּט פינף מיידלעך מיט טרייפע סחורה. זיי וויינען און בעטן זיך אַז זיי זיינען אָרים און פאַר די זאַלץ וועלן זיי קריגן אַ שטיקל ברויט, אָבער ער הערט ניט און פירט זיי אַריין אין רעוווקאָם. דאָרט נעמט מען צו ביי זיי די זאַלץ.

עס איז אַראָפּגעקומען אַ סאַפּיאָרן־אָפּטיי־לונג. זייער אָבאָז שטייט אויפן אַלטן מאַרק ביז זיי וועלן אויפבויען דעם בריק איבערן טייך. קיין האָלץ האָבן זיי ניט, גייען זיי איבער די הויפן און זוכן. ביי אונדז אויפן הויף האָב איך אָנגעפירט עטלעכע פורן האָלץ פון בוידע־נער וואַלד, האָב איך מורא אַז מען וועט עס צו־נעמען. איך האָב געבראַכט באָכענקען דעם האָלץ־העקער ער זאָל עס צעשניידן. איך בעט אים ער זאָל נאָר שניידן; שפּאַלטן קען ער שפּעטער. דעם בריק האָבן זיי געענדיקט אָן אונדזער האָלץ. די באָלשעוויקעס האָבן געמאַכט דעם בריק אויפן זעלבן פּלאַץ, ניט ווייט פון כאַצקל משה'קעס מיל, ווו די רוסישע אַרמיי האָט עס געמאַכט אין 1914.

באָכענקאָ איז שוין ניט מער קיין חבר אין רעוווקאָם מחמת אַ מעשה שהיה. מען האָט צו־גויפגעטריבן פורן פון די אַרומיקע דערפער פאַרן מיליטער. די באָלשעוויקעס האָבן קיין מיליטערישן אָבאָז ניט געהאַט. די ציווילע באַ־פעלקערונג האָט עס געמוזט צושטעלן. האָט ער, באָכענקאָ, פאָרגעשלאָגן אַ פּויער אַז פאַר אַ סומע געלט וועט ער אים באַפרייען. די זאַך איז דערטראָגן געוואָרן צום רעוווקאָם. פּונקט איז אָנגעפאָרן אַ מיליטערישע אָפּטיילונג. לוי קאָפּלמאַן האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיטן אָפיציר, ער קען אים נאָך פון רוסלאַנד. ווען דער אָפיציר האָט געהערט די געשיכטע מיטן שוחד האָט ער גלייך געפּסקנ'ט אויפן פּלאַץ: „דוואַד־צאַט ליעט". ניט מער און ניט ווייניקער ווי צוואַנציק יאָר טורמע. מען האָט באָכענקען אַריינגעזעצט אין „רעשאָטקע" און ווי נאָר די סאָלדאַטן זיינען אַוועקגעפאָרן האָט מען אים אַרויסגעלאָזן. איצט זעגט ער אונדזערע האָלץ מיט גרויס חשק.

עס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פאַר־וווּנדעטע פון לאָמזשער פראָנט. זיי דערציילן אַז דאָרט שלאָגט מען זיך גאַנץ שטאַרק. זייער אָנקום איז געווען גאַנץ אומדערוואַרטעט. ביי חיה יאָסל'ס אויבן איז געווען די העברעאישע שולע, האָט מען אַרויסגעוואָרפן די פּאַרטעס (סקאַמייקעס), געבראַכט שטרוי פון גוזע, אויס־געשפּרייט עס אויף דער פּאָדלאָגע און אַוועק־געלייגט דאָרט די פאַרווונדעטע. מיידלעך זיי־נען אַוועק צו די גויים, אויפגעקליבן אַביסל מילך און מען האָט זיי געגעבן. קיין כלים צו באַדינען די קראַנקע זיינען ניט געווען און מיט וואָס איבערצובינדן די לייכטערע פאַר־וווּנדעטע אויך ניט. אַזוי ווי די לופט דאָרט איז געווען זייער ניט פריש האָבן די סאָלדאַטן,

וועלכע האָבן עס נאָר געקענט, זיך דערשלעפּט צו די אַרומיקע שכנים, געעפנט אַ טיר און אַרײַנגעקראָכן אין שטוב און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. צו אונדז זײַנען דערקראָכן צוויי. איך האָב זיי באַדינט, געקריגן אַ ביסל מילך און געטאָן פאַר זיי וואָס נאָר מעגלעך. אויפצומאָרגנס אינדערפרי האָט מען געבראַכט פורן און זיי אָפּגעפירט אין גראָדנע. עס זײַנען אָנגעקומען נאָך טראַנספּאָרטן פאַרוווּנדעטע, אָבער מען האָט זיי ניט אַרונטערגענומען פון די פורן. מען האָט זיי געטיילט מילך, איבערגעבונדן די לייכטערע פאַרוווּנדעטע מיט „סוואָיסקע״ לייוונט, וואָס מען האָט געזאַמלט בײַ די גויים. די פערד האָבן זיך אָפּגערוט און מען איז געפאָרן ווײַטער צו גראָדנע. איינמאָל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ טראַנספּאָרט פאַרוווּנדעטע אַקעגן אונדזער קראָם. איך בין אַרויף אויפן וואָגן און מיט מאַטערניש אײַנגעגעבן אַ שווער קראַנקן סאָלדאַט אַ האַלבע גלאָז טיי מיט מילך. די דריי לענטשעווסקי׳ס פון אַפּטייק, די מוטער מיטביידע טעכטער, וועלכע האָבן געוווינט אין שכנות מיט אונדז, זײַנען געשטאַנען אין פראָגנט פון אַפּטייק און געקוקט ווי מיר זײַנען זיך מטפל מיט די קראַנקע. זייערע אויגן האָבן געברענט מיט שנאה.

די באָלשעוויקעס זײַנען שוין דרײַ וואָכן בײַ אונדז. לאָמזשע האָבן זיי שוין אײַנגענומען און זיי גייען אויף וואַרשע. קיין צײַטונג איז ניטאָ און קיין גענויע ידיעות האָבן מיר ניט. אויף דער פּערטער וואָך איז אָנגעפאָרן אַ וויכטיקער מאַן אין דער רויטער רעגירונג. ער קומט פון מאָסקווע דורך ווילנע, גראָדנע און פאָרט אין וואַרשע. זעענדיק אַז די קראָמען זײַנען אָפן איז ער געוואָרן מלא רציחה. ער איז אַרויף אין רעווקאָם און געמאַכט אַ סקאַנדאַל. וואָס הייסט, זאָגט ער, דערלויבן פירן געשעפטן! ווייסט איר דען ניט אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז פרײַער האַנדל פאַרבאָטן? מען זאָל גלײַך אַרויסגיין און רעקווירירן די סחורות אין אַלע געשעפטן. ער איז אַוועקגעפאָרן און די חברים פון רעווקאָם האָבן זיך גענומען אָפּצושרײַבן די סחורות. אין אַ ביאַליסטאָקער בלעטל לייענען מיר אַז מען דאַרף גלײַך נעמען פאָרמירן אַ רויטע פּוילישע אַרמיי צו קעמפן קעגן די פּאַנעס, די בלוט־זויגערס א. אַ. וו. לויטן באַוווּסטן נוסח. מיר האָבן געזען אַז מיר שטייען פאַר אַ מאָביליזאַציע.

שבת׳צונאַכט, ווען מיר זײַנען געווען אין בית־מדרש צו מעריב, קומט אַרײַן לייזער דעם רב׳ס פון גאַס מיט נײַס. צו חיה־רחל לוריעס איז פאַרפאָרן אַן אָפיציר פון זייער א הויכן ראַנג. ער איז אײַנגעשטאַנען בײַ איר דעם ערשטן טאָג ווען די רויטע אַרמיי איז אַרײַן. איצט קומט ער פון הינטער וואַרשע. פון זײַנע רייד פאַרשטייט מען אַז עפּעס איז ניט גלאַטיק, נאָר פרעגן טאָר מען אים ניט. עס זײַנען גלײַך געשאַפן געוואָרן כל מיני השערות. אויפצומאָרגנס, זונטיק, אינדערפרי, איז דער שאָסיי אין דאָלקאָ שוין געווען פול מיט אָבאָזן. זיי ציען זיך אין דער ריכטונג פון גראָדנע. הייסט עס אַז די פּאָליאַקן קומען צוריק... אויף אונדז האָט אָנגעהויבן ציטערן די הויט. די היימישע פּאָליאַקן וועלן מסרן אויף אונדז און אין דער הייסער מינוט וועלן מיר טייער באַצאָלן. בייטאָג לויפן־אָן עטלעכע אויטאָמאָבילן מיט אָפיצירן און זוכן קוואַרטירן. אייניקע ציען זיך אַרײַן צו אונדז. מען זעצט זיך בײַם טיש אָפּרוען און דער שאָפער גרייט זיי צו עסן. די מאַמע זאָרגט זיך וואָס ער מאַכט טרייף אונדזערע כלים. עס ווײַזט זיך ארויס אז דאָס איז דער שטאַב פון דער פערטער אַרמיי. פון רעווקאָם קומט מען מעלדן אַז זיי האָבן געפונען אַ גוטע הויז פאַרן שטאַב, בײַם כומר. זײַנען זיי אַוועק דאָרטן, אַרײַנגעצויגן טעלעפאָנען און זיך גענומען צו דער אַרבעט. בײַ אונדז וועלן זיי נאָר קומען שלאָפן. איין אויטאָמאָביל שטייט פאַר דער הויז און דער שאָפער טרעט ניט אָפּ. מיר דערקענען אַז ער איז אַ איד, אָבער ער גיט זיך ניט אויס. ער רעדט און אַ סך מענטשן שטייען אַרום אים און הערן זיך צו. ער זאָגט אַז די אידן זײַנען שולדיק אין דעם וואָס זיי גייען צוריק... די קאַפּיטאַליסטן שטיצן די פּאָליאַקן מיט געלט און געווער. ווער זײַנען די קאַפּיטאַליסטן אויב ניט די אַמעריקאַנער אידן וואָס בײַ זיי איז דער גאַנצער קאַפּיטאַל, דאַרף מען זיך דעריבער נוקם זײַן אָן די אידן. געוואַלד, ווו נעמט מען הענאַך „דעם ליכטיקן טאָג״ ער זאָל עס הערן!...

יעדער איינער איז שטאַרק פאַרזאָרגט און

דערשראָקן און איך באַשליס צו אַנטלויפן. איך פּאַק איין אין זעקל עטלעכע שטיקלעך וועש, מיינע תפילין, נעם אַ שטיקל ברויט און גיי אין דאָלקאָ צום שאָסיי. דאָרט האָף איך וועל איך מיטן אָבאָז קומען ביז סוכאָוואָליע און פון דאָרט צו יאַגוסטאָוו סוואַלק און ליטע. דורך ראַצק איז אַ סכנה צו גיין, די פּאָליאַקן קענען נאָך אָניאָגן. איידער איך האָב אָנגעהויבן אַראָפּגיין פון באַרג צום שאָסיי אין דאָלקאָ האָב איך שוין געהערט קולות און געוואַלדן ביזן הימל. אַז איך בין צוגעקומען צום שאָסיי האָב איך דערזען וואָס דאָרט טוט זיך. ווען עס וואָלטן אפילו געגאַנגען דריי פורן אין דער ברייט וואָלטן זיי זיך דאָך גערוקט פאָרווערטס, אָבער דאָ פאַרנעמען די פורן די גאַנצע ברייט פון שאָסיי, פאַרטשעפּען זיך איינע אין דער אַנדערער און מען בלייבט שטיין. אַ פאָר און אַ שטיי. דער שרייט, יענער געוואַלדעוועט, אַלע שרייען און שילטן און מען פאָרט ניט, נאָר מען קריכט. און אַזוי לענגאויס דעם גאַנצן שאָסיי, אויף וויפל דער אויג כאַפּט, אַן אָבאָז וואָס ציט זיך אָן אַ סוף און... מען קריכט. פּלוצלינג דערהערט זיך אַ קנאַק, אַ וואָגן איז צעבראָכן געוואָרן. מען לייגט איבער דעם באַגאַזש אויף אַנדערע וואָגנס, די רעדער מיט די צעבראָכענע אַקסן וואַרפט מען ארויס ביי זייט שאָסיי און מען רירט זיך ווייטער. ביי זייט שאָסיי שטייען גויים און כאַפּן ווער אַ ראָד, ווער אַן אַקס, ווער אַ ברעט. זיי שטייען אזוי פון גאַנץ פרי און וואַרטן מען זאָל עפּעס אַרונטערוואַרפן. איך באַשליס גיין צוריק אַהיים. פון אַזאַ טומל קען קיין גוטס ניט ארויסקומען. אָבער אָט זע איך ווי אַרטילעריע לויפט פון מאָנקער וועג, זעקס פערד געשפּאַנט צו יעדן האַרמאַט. זיי קומען צום שאָסיי און בלייבן שטיין. דער אָפיציר פון דער אַרטילעריע שרייט: „האַלט אָפּ די אָבאָזן, די אַרטילעריע איז וויכטיקער, צום געריכט וועל איך אייך איבערגעבן!“ אָבער קיינער הערט אים ניט. די געדיכטע מאַסע רוקט זיך לאַנגזאַם פאָרווערטס מיט די קולות און געוואַלדן ווי פריער. איך נעם מיין זעקל און גיי צוריק אהיים.

די מאַמע איז זייער צופרידן מיט מיין צוריקקומען. עס איז זונטיק ביינאַכט. אין שטוב איז טונקל, מען האָט אָנגעצונדן אַ קליין לעמפּל. איך גיי אין גאַס זוכן ברויט. די סאָלדאַטן פון שאָסיי האָבן אויסגעליידיקט אַלע בעקערייען. מאָטקע גרשונ׳ס פאַרטרויט מיר אַ סוד אַז זיין שוועסטער מערקע האָט איצט ארויסגענומען פון אויוון אַ געבעק ברויט. איך לויף גלייך אַהין און זי וועגט מיר אָפּ אַ גאַנץ גרויסע שטיק. מערקע וווינט אויפן אַלטן מאַרק אין דער געסעלע וואָס פירט צו כאַצקל משה׳קעס מיל. עס איז אַ זייטיקער פּלאַץ און דאָרטן קומען ניט קיין סאָלדאַטן. אין שטוב איז קיין וואַסער ניטאָ. די וואַסערפירערס האָבן מורא געהאַט זיך צו ווייזן מיט די פערד אין גאַס. נעם איך אַן עמער און גיי צום זדראָי. ביילקע מאָטקעס און איר קליין שוועסטערל גרוניע גייען אויך מיט אַן עמער. אויפן וועג טרעפן מיר פיל אידן מיט כלים. די זדראָי־וואַסער איז קאַלט און פריש, גלייך פון קוואַל. זומער, אין די הייסע שבתים, פלעגן מיר גיין אַהין טרינקען קאַלטע וואַסער.

גלייך מיט טאָג בין איך אויפגעשטאַנען און געגאַנגען אין בית־מדרש דאַווענען. דאָרט הער איך אַז די גאַנצע יוגנט פאַרלאָזט די שטעטל. איך קום אַהיים און זאָג דער מאַמען אַז איך האָב באַשלאָסן אַוועקצוגיין. אַלע גייען, וויל איך אויך גיין.

איך בין געגאַנגען צום שאָסיי דורך דאָליסטאָווער גאַס. די מאַמע האָט מיר באַגלייט ביז סוף „אוליצאַ קרוטקאַ“. אויפן שאָסיי זיינען די אָבאָזן שוין ניט געווען, נאָר פוסגייער, מיט זיי ביי פינף און צוואַנציק פערזאָן גאָניאָנדזער. עס זיינען געגאַנגען בחורים און מיידלעך פון אָסטראָווע, אָסטראָליינקע און נאָך שטעטלעך. אויך רוסישע סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען איינציקע אזוי ווי מיר, מיט אַ ביקס, אָן אַ ביקס — מען גייט. ס׳דערנענטערט זיך צו מיר אַ סאָלדאַט, טאַפּט מיר אין זעקל און פרעגט מיר אויף רוסיש: וואָס האָסטו דאָרט, ברויט? קיין סך קלערן האָב איך ניט געדאַרפט. באַלד וועל איך האָבן ארום מיר אַ צענדליק הונגעריקע סאָלדאַטן. איך האָב אים געזאָגט ער זאָל זיין שטיל. אַרונטער מיט אים צווישן די ביימלעך, געעפנט דעם זעקל, געוויזן וויפל ברויט איך האָב, זיך געטיילט מיט אים און פאַרטיק. איך

בין צוריק אויפן שאָסיי און ער גייט מיר נאָך. איך וואָלט זייער וועלן זיין וואָס ווייטער פון אים אָבער ער האַלט מיט. נאָר אָט הערן מיר פון צווישן די בוימלעך שרייט מען: „גאָוויאַ־דינו! גאָוויאַדינו״! (פלייש). אַ פּאָר סאָלדאַטן האָבן געכאַפּט אַ קו, זי געהרג׳עט און מען טיילט פלייש. אַלע סאָלדאַטן פון שאָסיי לויפן כאַפּן אַ שטיקל פלייש און איך ווער פּטור פון מיין באַגלייטער.

אַרום אַ האַלבן וועג צו סוכאָוואָליע טרעפן מיר אַ איד וואָס זיצט ביי דער זייט פון שאָסיי און וויינט. מיר שטעלן זיך אָפּ נעבן אים. ער דערציילט אַז ער איז פון וויזנע. די באָלשע־וויקעס האָבן אים געשלעפּט ביז גראָדנע און אָפּגעלאָזט, אָבער די שטיוול האָבן זיי ביי אים צוגענומען, גייט ער אַהיים באָרוועס. די פיס האָבן זיך אים אונטערגעקלאַפּט, און ער קען ווייטער ניט גיין, זיצט ער און וויינט. דערהערנ־דיק דעם נאָמען וויזנע האָט עס מיר אינטערע־סירט. דעם ערשטן יאָר פון ישיבה־לערנען, אין 1909, האָב איך דאָרט פאַרבראַכט. איך קוק זיך גוט צו און דערקען אים: דאָס איז דוד דער פישער, ביי אים האָב איך געגעסן שבת. זיך לאָזן דערקענען פון אים האָב איך ניט געוואָלט, דאָס וואָלט פאַרנומען צופיל צייט. איך האָב אים געראַטן ער זאָל מיט אַלע כוחות צוגיין צו אַ נאָנטן דאָרף, אָפּרוען דאָרט אַ פּאָר טעג און דערנאָך גיין ווייטער. אויפן שאָסיי זאָל ער ניט בלייבן, ווייל די פוילישע אַרמיי איז גאַנץ נאָנט און זיין לעבן איז אין געפאַר.

אין אַלע דערפער לענגאויס דעם שאָסיי שטייען אָבאָזן. רייטער לויפן הין און צוריק, פירן ארויף איין אָבאָז אויפן שאָסיי, דערנאָך אַ צווייטן.

מיר זיינען אָנגעקומען אין סוכאָוואָליע אַ־רום איינס אַזייגער בייטאָג, אַריין צו אַ איד און געקריגן דאָרט אַ גלאָז טיי. אין סוכאָוואָליע הערן מיר ניט קיין פריילעכע נייס. פאַר די פּאָר וואָכן וואָס די באָלשעוויקעס זיינען דאָרט געווען האָט דער רעווקאָם, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ אידישער מערהייט, פאַרמשפּט אַ גוי צום טויט און אים געשאָסן. איצט זאָגן די גויים גאַנץ אָפן: „זאָלן נאָר אַריינקומען אונדזערע ברידער וועלן מיר נעמען נקמה״. מיר באַשלי־סן גלייך גיין ווייטער צו שטאַבין. מיכאל, צירל פייגה־רחל׳ס חתן גייט אויך מיט. מיר זיינען שוין ווידער אויפן שאָסיי. די אָבאָזן גייען אַן אויפהער, אָבער בלויז איינציקע פורן. אַ יונגער אָפיצערל, אין מיין עלטער, לאַדט מיר איין צו גיין מיט אים אין גראָדנע, אָבער איך בין אים מוחל די טובה. מיר זיינען אַראָפּ פון שאָסיי לינקס און גייען צו שטאַבין. פאַרנאַכט־צו זיי־נען מיר דאָרטן אָנגעקומען, אָבער די שטעטל שטאַבין איז חרוב, די הייזער זיינען פאַרברענט געוואָרן נאָך מיט פינף יאָר צוריק אין דער מלח־מה און שוין מער ניט אָפּגעבויט געוואָרן. אַן עלטערער גוי שטייט ביי זייט וועג, זעט ווי מיר זיינען אָנגעקומען און שרייט: זשידקעס, קאָמו־ניסטן, זאָלן נאָר אָנקומען אונדזערע פּאָליאַקן וועלן מיר אייך אַלע אויסשעכטן! און שילט און זידלט אונדז. מיר האָבן אים ניט געענטפערט. מיר זיינען אַריין צום איינציקן אידן, וואָס האָט דאָרט געוווינט. ביי אים האָבן מיר געקריגן גענוג מילכיקס און אַ שטיקל ברויט. אָפּגעגעסן, זיינען מיר ארויף אויפן ראָסט זיך אָפּרוען.

אָפּגעשלאָפן בערך אַ שעה, רוף איך זיך אָפּ צו מיין שכן מיכאל: כ׳מיין אַז ס׳איז גע־פערלעך דאָ צו ווילן, טאָמער לויפן אָן די פּאָ־ליאַקן וועלן זיי אונדז פאַרברענען צוזאַמען מיטן שייער. מיר מוזן גיין ווייטער צו יאַגוסטאָוו. מיר זיינען באַלד אַלע אַראָפּ פון ראָסט. דער איד האָט אונדז געוויזן דעם וועג און מיר גייען. מיר האָבן זיך באַמיט צו גיין וואָס שטילער, איבער־הויפּט ווען מען איז דורכגעגאַנגען אַ דאָרף. מיר האָבן מורא געהאַט אַז די פּאָליאַקן זיינען שוין אַריין אין יאַגוסטאָוו, פון רייגראָדער זייט, און דעמאָלט זיינען מיר פאַרלאָרן. עס איז שוין ליכטיק, מיר זעען ווי עס לויפן צו אונדז פיר רייטער. די האַרץ קלאַפּט, אפשר פּאָליאַקן? ניין, עס זיינען רוסן און זיי פרעגן ביי אונדז ווו די פּאָליאַקן זיינען. מיר האָבן זיי געזאָגט אַז נעכטן פאַרנאַכט זיינען די רוסן נאָך געווען אין סוכאָוואָליע. זיי האָבן אַוועקגעריטן ווייטער. מיר גייען איצט מיט אַ לייכטער האַרץ. אָנקומענדיק אין שטאָט האָבן מיר זיך צעשיידט. איך מיט מיכאל׳ן זיינען אַוועק צו מאיר גראַ־בעווער.

דערדאָזיקער מאיר איז מיט יאָרן צוריק

געווען אַ מלמד אין גאָניאָנדז. דערנאָך האָט ער אָפּגעדונגען דעם פּאַכט אין קלעוויאַנקע און פאַרקויפט מילכיקס. איצט האַלט ער אַ פּאַכט אין דאָרף גראַבעווע, הייסט ער גראַבעוווער. ער איז פייגע־רחל׳ס, פון טיפּלע גאַס, אַ קרוב און איז צופרידן צו קענען איר צוקינפטיקן איידעם.

דער צוריקטריט פון דער רוסישער אַרמיי ציט זיך דורך גראָדנער גאַס. מאיר׳ס הויז איז אויף סוואַלקער גאַס, איז דאָ רואיק. מאיר קומט פון גאַס און דערציילט אַז אַ קאָזאַק האָט איינגעבראָכן אַ טיר אין אַ קראָם, געהרג׳עט דעם קרעמער און גענומען וואָס ער האָט געוואָלט. זיצט מען אין שטוב און מען ציטערט. אינדערפרי איז מאיר אַריינגעקומען פון גאַס און דערציילט אַז אַ ראָטע ליטווישע סאָלדאַטן האָט אַריינגעמאַרשירט פון סוואַלק און פאַרנומען יאַגוסטאָוו. הייסט עס: ליטע איז געקומען צו אונדז...

יאַגוסטאָווער אידן זיינען ארויס אין די גאַסן. די באָלשעוויקעס זיינען אַוועק, די פּאָליאַקן ניטאָ, זאָלן נאָר די ליטווינער בלייבן. מיר גאָניאָנדזער ווילן פאָרן טיפער אין ליטע, שיקן מיר אַריין זיידקע סידראַנסקי (חיה וויכנעס זון) צום ליטווישן קאָמענדאַנט ער זאָל קריגן פאַר־דערלויבענישן. דער קאָמענדאַנט, אַ געוועזענער אָפיציר אין דער רוסישער אַרמיי, רעדט רוסיש. זיידקע קומט צוריק מיט ליידיקן, ער גיט ניט קיין דערלויבענישן, און אָן דעם ווילן די חברה ניט פאָרן ווייטער. ערשט אויפן דריטן טאָג, פרייטיק, האָב איך מיט גרויסע שוועריקייטן געפונען אַ בעל־עגלה, וואָס איז מסכים צו פאָרן אָן אַ דערלויבעניש. אָבער קיינער פון די גאָניאָנדזער וויל ניט מיטפאָרן. באין ברירה בין איך אַליין געפאָרן. דער וועג צו סוואַלק ציט זיך דורך אַ וואַלד און מען זעט ניט אָן קיין מענטשן. עס האָט שטאַרק גערעגנט. פון מיין היטל האָט גערונען ווי פון אַ דאַך און איך בין אינגאַנצן דורכגעווייקט. אין האָטעל אין סוואַלק האָב איך געמוזט איבערטאָן מיינע וועש און קליידער.

שבת אינדערפרי בין איך געגאַנגען דאַווענען אין שול. איך האָב געוווּסט אַז דער חזן איז ראובן ראָש׳ער (ראָש איז אַ שטעטל ביי גראָדנע), וועלכער האָט זיך געלערנט שחיטה אין גאָניאָנדז ביים חזן ר׳ נחום און האָט אָנגעפירט מיטן כאָר. נאָכן דאַווענען בין איך צוגעגאַנגען צו אים, אָבער ער דערקענט מיר ניט. איך דערצייל אים אַז אין 1908, מיט צוועלף יאָר צוריק, בין איך געווען אַ משורר ביים חזן ר׳ נחום, און ער מיט ר׳ נחום׳ען האָבן מיט אונדז, משוררים, איינגעזונגען פון פּורים ביז פּסח. ערשט דעם ערשטן טאָג יום־טוב, אין בית־מדרש, האָב איך זיך געשעמט צוגיין זינגען אין כאָר. אַלע גאָניאָנדזער יינגלעך זיינען מיר נאָכגעלאָפן און געלאַכט פון מיר. דעם צווייטן טאָג יום־טוב, אין שול, בין איך שוין געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון ארון־קודש און געזונגען. יע, דעם אינצידענט געדענקט ער, נאָר מיך דערקענט ער ניט.

זונטיק האָב איך געדונגען אַ וואָגן און געפאָרן אין קאַלוואַריע, ליטע. אויך דער וועג האָט זיך געצויגן דורך אַ געדיכטן וואַלד. האַלב וועג צו קאַלוואַריע איז געווען אַ קרעטשמע. מיר שטעלן זיך אָפּ אָפּרוען דעם פערד און אַליין עפּעס צובייסן. דאָרט טרעפן מיר מענטשן וועלכע קומען פון ליטע און גייען צוריק אין פוילן. זיי דערציילן אַז אין ליטע איז זייער שלעכט, ניטאָ ווו צו פאַרדינען, די פּאָליציי מעלדעט ניט איין און אַז אימיצער קומט מיט אַ פערד און וואָגן פון פוילן רעקווירירט מען עס. מיין בעל־עגלה דערשרעקט זיך און פאָרט צוריק אין סוואַלק איבערלאָזנדיק מיך אין קרעטשמע. עס איז געווען פאַרנאַכט האָב איך ניט געוואָלט אַליין גיין אין וואַלד. ערשט איך זע אַ פור מיט פּאַסאַזשירן רירט זיך אין וועג, זיי פאָרן אין קאַלוואַריע. דער בעל־עגלה וויל באין אופן מיך ניט מיטנעמען, כאַפּ איך זיך ארויף הינטן אויף די דראַבינעס און פאָר־מיט. דער בעל־עגלה ווייס ניט דערפון. די פּאַסאַזשירן זעען און שמייכלען. עס איז מיר געווען זייער שווער צו שטיין אויף די דראַבינעס, נאָר אַראָפּגיין אין וואַלד און בלייבן אַליין איז געווען וועניקער אָנגענעם... די פור איז געפאָרן גאַנץ שנעל און אָט זיינען מיר ארויפגעפאָרן אויף אַ הילצערנעם בריק און מיר זעען שוין קאַלוואַריע. איך בין אַראָפּ פון וואָגן. די לאָמפּן לייכטן היימיש אין די פענצטערס און עס איז מיר געוואָרן פריילעך

זעענדיג עס. אויפן בריק טרעף איך בחורים שפּאַצירן. זיי זיינען פון סוואַלק און איך ברענג זיי אַ פרישן גרוס פון דאָרט. זיי פירן מיר אַוועק אין אַ האָטעל איבערצונעכטיקן די נאַכט. איינמעלדן וועט מען מיר ערשט מאָרגן אינדערפרי. איך שלאָף אויף דער ערד און מיין שכן איז חנן הירשפעלד, אַ ברודער פון שלום הירשפעלד. איך געדענק אים פון דערהיים ווען ער האָט זיך געלערנט זייגערמייסטעריי ביי זיין שוואָגער חיים ליישקעס. חנן האָט געעפנט אַ געשעפט פון זייגערלעך אין יאַגוסטאָוו און וווינט דאָרט. ער בעט מיר אַ טובה, ער האָט מיט זיך זייער פיל געלט, טאָ זאָל איך ביי אים נעמען אַ פאָר פעקלעך פוילישע מאַרקן ביז אינדערפרי, וועט ער שלאָפן רואיקער. אינדערפרי האָט מיר די באַלעבאָסטע איינגעמאָלדן אין דער פאָליציי. איצט גיי איך ארויס רואיק אין גאַס. דאָרט דערוויס איך זיך אַז די פאָליאַקן האָבן נעכטן פאַרנומען סוואַלק.

איך האָב געטראָפן אַ באַקאַנטן בחור פון גראַיעווע. ער איז שוין דאָ דריי מאָנאַטן. ער זאָגט אַז איך דאַרף ניט צאָלן קיין געלט פאַר נאַכט־לעגער. ער שלאָפט אויף היי, קאָסט אים ניט קיין געלט. מיטן עסן אַראַנזשירט ער זיך אויך. די נאַכט בין איך געשלאָפן אויף היי און געווען צופרידן. עס איז דינסטיק אינדערפרי. איך שטיי פאַרן שטוב און קוק ווי מען פאָרט צום מאַרק. היינט איז דאָ אַ מאַרק־טאָג. אין גאָניאָנדז איז שוין לאַנג קיין מאַרק ניט געווען און דאָ פירט זיך דאָס לעבן ווי אַ מאָל אין די רואיקע יאָרן. איך האָב די ליטווישע אידן באמת מקנא געווען. איך זע עס פאָרט אַ פור מיט יונגע בחורים און נאָכן וואָגן גייט נאָך אַ בחור׳ל און האַלט די האַנט אויפן פנים. דוכט זיך עס איז חיים־אריה פעקאַרסקי, אָבער איך דערקען אים ניט, ווייל ער איז זייער פאַרשטויבט און זיינע רויטע האָר האָבן איצט אַ זאַמד־קאָליר. איך גיב אַ געשריי: חיים־אריה! דרייט ער זיך אויס צו מיר. יע, דאָס איז ער! ער קומט פון יאַנאָווע, ליטע. אויפן וועג צו קאַלוואַריע האָט אים אָנגעהויבן בלוטיקן פון נאָז. איצט אין קאַלוואַריע אויפן ברוק קען ער ניט זיצן אין טרייסלענדיקן וואָגן, גייט ער צופוס. ער דערציילט אַז דעם גרענעץ דורכגיין איז אים מיט דער גאַנצער גרופּע אָנגעקומען זייער שווער. איך לאַד אים איין צו מיר, אָבער ער זאָגט מיר אַז ער האָט אַ פעטער אין קאַלוואַריע מיטן נאָמען באַש. זיינען מיר אהין געגאַנגען. זיין קרוב האָט אים אויפגענומען זייער וואַרעם און איך האָב אים דאָרט איבערגעלאָזן.

איך בין געפאָרן ווייטער צום דייטשישן גרענעץ און זיך אָפּגעהאַלטן אין ווערזשבלאָווע. דער גרענעץ איז פינף קילאָמעטער פון דאָרט. איך בין צוגעגאַנגען צום גרענעץ, געגעבן דעם סאָלדאַט, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, פופציק דייטשישע מאַרק, און ער האָט מיר געלאָזן דורכגיין. איך בין שוין אין אייטקונען, דייטשלאנד, אָבער ווען איך וויל פאָרן ווייטער פאַרהאַלט מיר אַ זשאַנדאַר, ווייל איך האָב ניט קיין ציי גניש.

אין דער זשאַנדאַרמעריע האָט מען מיר באַזוכט זייער גרינדלעך. אַ נס וואָס איך האָב איבערגעלאָזן מיינע 20 דאָלער און 250 פראַנק ביי אַן אָרנטלעכן איד אין אייטקונען. איך בין אַרעסטירט אין דער קרייזשטאָט סטאַלופּענען, דער עסן איז זייער ווייניק, נאָר דער טורמע־אויפזעער קויפט מיר אַ שטיקל ברויט פאַר מיינע דייטשע מאַרקן וואָס איך האָב מיט זיך. ער זאָגט מיר, אויב איך קען געבן קויציע וועט מען מיר באַפרייען ביזן געריכט. איך האָב אים געבעטן ער זאָל טעלעגראַפירן צו מיינעם אַ קרוב אין ליק, אַן אַנטלאָפענער פון גראַיעווע און איך ווייס זיין אַדרעס.

עס איז דער ערשטער טאָג ראש־השנה, ליג איך אויף דער נאַרע און פרווו דאוונען אויף אויסנווייניק. קיין סידור האָב איך ניט און קיין מחזור געוויס ניט. איך דאַוון און טראַכט: איצט איז מוסף־צייט; אין דערהיים שטייט דער פעטער לאָזער פאַרן עמוד און זינגט די תפילות מיט זיין שטאַרקער שטים. די האַרץ ווערט פאַרקלעמט פון בענקשאַפט, און אָט עפנט זיך די טיר און דער טורמע־אויפזעער רופט אויס: „באַכראַך, קאַוציאָן איינגעטראָפן!”

צוואַנציק מינוט שפּעטער בין איך שוין געווען אויף דער פרייהייט.

מיירים רובין, ניו־יאָרק

# ווי עס געדענקט זיך...

## I
## די גרויסע מחלוקת

(איבערגעגעבן פון מיין פאָטער ר׳ הערשל רובין — „וורוצעניער" — ע״ה)

אין גאַניאָנדז איז מיט אַ סך יאָרן צוריק פאָרגעקומען אַ גרויסע מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים. די אַלטע לייט אין גאַניאָנדז פלעגן באַרעכענען די צייט לויט די אויסער־געוויינלעכע געשעענישן וואָס פלעגן פאַרלויפן אין שטעטל, ווי, למשל, די כאָלערע, אָדער די שרפה, אַזוי פלעגן זיי אויך אַריינרעכענען אין זייער צייט־חשבון „די גרויסע מחלוקת".

אין גאַניאָנדז איז דעמאָלט געווען רב ר׳ בערעלע, פון וועלכן די אָרעמע לייט און דער פּראָסטער עולם האָט שטאַרק געהאַלטן. די פאַרמעגלעכע חסידישע בעלי־בתים זיינען מיט אים ניט געווען צופרידן און האָבן גע־בראַכט ר׳ גדליה׳ן. עס איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע קריגעריי צווישן ביידע צדדים. די חסידים האָבן גערודפט ר׳ בערעלען, פלעגן אויסשלאָגן ביי אים די שויבן און אים ניט געגעבן קיין שכירות, ווייל די קאָראָבקע איז געווען אין זייערע הענט. אָבער דער מתנגדי־שער צד האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. זיי זיינען איינמאָל אַוועק צו דער חסידים־שטיבל, וואָס איז דעמאָלט געווען אין כאַצקל וואָפּ־ניאַק׳ס הויז, אַרויסגענומען די ספר־תורה׳ס און די אַנדערע ספרים און צעבראָכן די בענק און די טישן. פון צייט צו צייט פלעגן אויס־ברעכן געשלעגן אין בית־מדרש. איינמאָל אַ שבת נאָכן דאַוונען זיינען די חסידים באַפאַלן יהודה דעם קצב, האָבן זיך די קצבים דער־וווּסט, אַז מען שלאָגט יהודה׳ן, זיינען זיי אַלע געקומען צולויפן אין בית־מדרש אים פאַר־טיידיקן.

אויסגעפירט האָבן צום סוף די חסידים און ר׳ בערעלע האָט געמוזט אָפּטרעטן. ווען ער איז אָפּגעפאָרן פון שטאָט איז זיין צד געגאַנ־גען אים באַגלייטן. דער חסיד זעליג־אייזיק איז אַרויס אין גאַס און האָט אויסגערופן „צדקה תציל ממות", ווי צו אַ לוויה. ר׳ בערעלע האָט זיך אָפּגערופן: „אינגיכן זאָל מען ביי דיר דאָס זאָגן". אין צוויי וואָכן אַרום איז געשטאָרבן זעליג־אייזיקס איינציקע טאָכטער...

## II
## דער „דיבוק"

דאָס איז געשען אין יאָר 1926.

דעם וואַסערפירערס פרוי איז מיטאַמאָל געוואָרן מעלאַנכאָליש און גענומען ריידן ניט צו דער זאַך. געקומען איז עס איר נאָך אַ קימפעט. דער דאָקטאָר פון שטעטל האָט פאַר איר קיין רפואה ניט געפונען, איז דער מאַן געפאָרן מיט זיין פרוי קיין ביאַליסטאָק צו אַ ספּעציאַליסט אַ נערוון־דאָקטאָר, אָבער אַלע דאָקטוירים האָבן ניט געהאָלפן.

אין יענער צייט איז דורכגעפאָרן אין גאַנ־יאָנדז אַ חסידישער רבי און פיל ווייבער זיינען געגאַנגען צו אים נאָך ברכות. אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט פון דעם פאַל מיט דער פרוי זיינען זיי געקומען צום וואַסערפירער מיט דער גוטער עצה, אַז מען זאָל גיין צום רבי׳ן און בעטן ביי אים אַ סגולה. דער וואַסערפירער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם און איז תיכף ומיד אַוועק מיט זיין קראַנקער פרוי צום רבי׳ן.

— רבי טייערער! ראַטעוועט מיין ווייב פון דער מרה שחורה! האָט ער מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן.

דער רבי האָט די פרוי באַטראַכט, גערעדט מיט איר אַ פּאָר ווערטער און דערנאָך זיך אָפּגערופן:

— אין דער אשה איז אַריין אַ דיבוק.

ער האָט געהייסן דעם מאַן אויסגעפינען אַ מנין פון עלטערע אידן וועלכע זיינען אמת׳ע יראי־שמים, זיי זאָלן אַלע גיין זיך טובלען אין דער מקווה און פאַסטן און דערנאָך קומען צוועלף אַ זייגער בייטאָג מיט זייערע טליתים און תפילין.

און מען האָט געטאָן ווי דער רבי האָט געהייסן. דער רבי האָט באַפוילן, אַז קיינער, אַחוץ דער פרוי און דעם מנין, זאָלן אין שטוב ניט זיין. מיין פאָטער ע״ה איז געווען צווישן די צען כשרע אידן. אַרום צוועלף אַ זייגער בייטאָג האָט זיך פאַרזאַמלט נעבן הויז אַ נייגעריקער עולם, וואָס האָט זיך דערוווסט, אַז מען גייט אַרויסטרייבן אַ דיבוק. אָבער דער רבי האָט געהייסן פאַרמאַכן די לאָדנס און פאַרהענגען די פענסטער, אַז קיינער פון דרויסן זאָל ניט זען וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין שטוב. וויפל איך האָב ניט געפרעגט און געבעטן מיין פאָטער, ער זאָל מיר דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען, האָט ער ניט אויסגעזאָגט, ווייל דער רבי האָט זיי באַשוואָרן אין טלית און תפילין צו האַלטן דעם גאַנצן ענין בסוד־סודות.

דעם וואַסערפירערס פרוי איז נאָכדעם אַ געווויסע צייט געבליבן אין דעמזעלבן צושטאַנד. נאָר אין אַ צוויי חדשים אַרום איז די מרה־שחורה אויסגערונען ווי פון זיך אַליין און די פרוי איז געוואָרן נאָרמאַל.

איך האַלט, אַז ס׳איז ווערט צו פאַרציי־כענען דעם פאַקט, אַז אין יאָר 1926 האָט אַזאַ פאַל געקאָנט פאַסירן אין אונדזער גאָניאָנדז — וואָס איז אין יעדער הינזיכט געווען פראָגרעסיוו.

משה באכראך

# דער „בעל־תשובה"

בין מנחה למעריב, אין אַ ווינטערדיקן פאַרנאַכט, אין יאָר 1913, שפּאַצירט אַריין אין בית־מדרש אַ קאַצאַפּ אָנגעטאָן אין אַ שינעל־מעסיקן מאַנטל, מיט אַ „פּאַפּאַכע" אויפן קאָפּ, כאַפּט זיך אַרום מיט מרדכי דעם שמש, צעוויינט זיך ווי אַ קינד, און פרעגט זיך נאָך אין אַ צעבראָכענעם אידיש אויף אַסך גאָניאָנדזער פון אַ יאָר צוואַנציק צוריק. אין בית־מדרש איז געוואָרן אַ גערודער: די לערנער האָבן זיך אויפגעהויבן פון די לאַנגע טישן, קונדסים האָבן אויפגעהערט שטיפן, און רעדלעך שמועסער האָבן זיך אויפגעלייזט. אַלע האָבן זיך גלייך פאָרמירט אין איין גרויסן ראָד אַרום דעם אויסטערלישן קאַצאַפּ.

ווייזט זיך אַרויס אַז דער „קאַצאַפּ" איז גאָר אַ גאָניאָנדזער מלידה ומבטן, איינער פון דער „באַרימטער" באַנדע וואָס האָט „אָפּערירט" אין גאָניאָנדז מיט אַרום צוואַנציק יאָר צוריק און האָט טעראָריזירט די גאַנצע אומגעגנט, אידן ווי גוים. די באַנדע, וואָס איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון אידישע בחורים, איז פאַר אונדז קינדער געווען אַ לעגענדע און פאַר די דערוואַקסענע אַ שלעכטע דעראינערונג. נאָכדעם ווי מען האָט זיי פאַרשיקט קיין סיביר פאַר זייערע מעשים טובים, זיינען זיי פאַרלאָרן געגאַנגען אפילו פאַר זייערע אייגענע משפחות.

ווען דער קאַצאַפּ האָט זיך „פאָרגעשטעלט" האָבן אים עטלעכע עלטערע מענטשן דערקענט און זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט ווי מיט אַן אייגענעם ברודער, וואָס איז פאַרלאָרן געגאַנגען און האָט זיך ענדלעך אָפּגעזוכט. אַלע האָבן מיר געהאַט דעם געפיל אַז פאַר אונדז שטייט אַ בעל־תשובה וואָס איז שוין גענוג אָפּגעקומען פאַר זיינע יוגנט־חטאים, און מען האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס צערטלעכקייט. ביי די קינדער איז ער געווען ממש אַ העלד פון אַ מעשה־ביכל, וואָס אונדזער שטעטל האָט זוכה געווען אויסצוהאָדעווען.

חברה עולם־הזה׳ניקעס האָבן דעם העלד גלייך נאָך מעריב פאַרבעטן אויף אַ מאָלצייט ביי כינע׳ן און דאָרט האָט ער זיי דערציילט אַז ער לעבט ווי אַן אמת׳ער רוס ערגעץ אין סיביר, ווו ער האָט אויך אַ פאַמיליע. אָבער אויף די עלטערע יאָרן האָט עס אים שטאַרק געצויגן צו זען זיין שטעטל און די שטאַמברידער וואָס ער געדענקט נאָך פון אַמאָל — און אָט איז ער! פאַרשטייט זיך, מאַנכע האָבן

דערבײַ פאַרגאָסן אַ טרער: פאָרט אַן אייגענער גאָניאָנדזער שנשבה בין הגויים, בפרט אַז איצט איז ער אַ בעל־תשובה. מען האָט געמאַכט איין „לחיים" נאָכן צווייטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן און מען האָט זיך געווונטשן אַלדאָס גוטס.

ערשט אַז דער „בעל תשובה" איז אַוועקגעפאָרן האָבן יודעי סוד דערציילט, אַז ער פאָרט אייגנטלעך אַרום איבערן לאַנד צו פאַרקויפן פאַלשע הונדערט־רובלדיקע אַסיגנאַציעס און אַז בײַ דער געלעגנהייט האָט ער אין זײַן מאַרשרוט אַרײַנגענומען אויך גאָניאָנדז...

דוד באכראך

# א גאניאנדזער פארבלייבט א גאניאנדזער

תשרי תרפ"ז, 1926, בין איך אַריבער פון קאַנאַדע צו די פאַראייניקטע שטאַטן און געקריגן דאָרט באַשעפטיקונג אַלס העברעאישער לערער אין בירמינגהאַם אַלאַבאַמאַ, אַ שטאָט אין טיפן דרום. דער איבערגאַנג פון קאַלטן ווייטן מערב אין קאַנאַדע צום הייסן דרום, איז פאַר מיר געווען זייער שווער פיזיש און נאָך שווערער גייסטיק.

בירמינגהאַם איז אַ גרויסע שטאָט מיט פיל פאַבריקן און אייזנגיסערייען, ווו עס אַרבעטן אַ סך טויזנטער אַרבעטער, ווייסע און שוואַרצע. די דאָרטיקע אידן זײַנען, ווי געוויינלעך, סוחרים און דער האַנדל איז קאָנצענטרירט אין זייערע הענט. אידישע יונגעלייט דאָרטגעבאָרענע זײַנען שוין דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, דענטיסטן א. אַ. וו. דער טעמפּאָ פון לעבן איז זייער אַ שנעלער, מען לויפט און יאָגט זיך נאָכן דאָלאַר מיט די גאַנצע כוחות, טאָג־איין טאָג־אויס, ביז מען פאַלט אַנידער. דער לעבן אין קאַנאַדער שטעט ווי וויניפּעג, מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ איז פיל רואיקער און געלאַסענער.

אידישקייט איז דאָרט „בשפל המדרגה". די פאָטערס בײַ זייער בעסטן ווילן קענען זיך ניט אָפּגעבן מיט דער דערציאונג פון זייערע קינדער; דער לעבן פאָדערט א סך, מוז מען אַרײַנאַרבעטן. קיין געזעצטע שעה'ן פאַר די געשעפטן זײַנען ניטאָ; שליסט מען זיי גאַנץ שפּעט בײַנאַכט. די הויף־דערציערינס זײַנען די מוטערס. די מוטער וואָס האָט עפּעס מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים איז בײַ איר די קיך כשר, דער שבת געקענצייכנט מיט אַ ווייסן טישטעך און אָנגעצונדענע ליכט; זי זעט אויך אַז איר ייִנגל זאָל גיין אין תלמוד־תורה. אָבער גלייך ווי ער ענדיקט מיטן בר־מצוה־מפטיר זעט מען אים מער ניט. אַ מיידל ענדיקט מיט איר קאָנפירמאַציע צו 12 יאָר.

דריי טעג אין יאָר, ראש־השנה און יום־כיפור, שליסן די אידן די געשעפטן און קומען אין שול. אויב יום־טוב פאַלט אויס זונטיק איז די שול אויך פול. שבת קומען אין שול בלויז עטלעכע אידן, אָבער גלייך פן שול איילן זיי אין געשעפט אַרײַן, ווייל דאָס איז דער טאָג פון פדיון. אַ גאַנצע וואָך קלייבט מען צונויף מיט שוועריקייטן אַ מנין פון עלטערע אידן. איז מיר דעריבער געווען אַ וואונדער צו זען איינמאָל די שול אָפן אין די נאָכמיטאג־שעה'ן פון אַ געוויינלעכן טאָג.

אַרײַנגייענדיק אין שול האָב איך געזען אַ גאַנץ אַלטן אידן זיצנדיק איבער אַ ספר (זײַן זון האָט געפועלט בײַם שמש ער זאָל עפענען פאַר זײַן אַלטן טאַטן די שול, ווייל אין שטוב לאַנגווײַליקט ער זיך). איך האָב גלייך געוואָלט אַרויסגיין, האָט אָבער דער אַלטער מיר באַמערקט און גערופן צו זיך. ער האָט מיר געבעטן זיך זעצן נעבן אים און פאַרצויגן מיט מיר אַ שמועס. דער עיקר, ווויל ער, איך זאָל אים זאָגן ווי אַזוי יהושע בן־נון האָט אַריבערגעפירט די אידן דעם ירדן. מחמת זײַן טיפער עלטער האָט ער ניט געהערט גוט און איך האָב געמוזט אַרײַנשרייען אים אין אויער. איך האָב אים ציטירט דעם פסוק פון ספר יהושע „ויעמדו המים... נד אחד", ד. ה. די וואַסער פון ירדן וואָס שטראָמט צום ים־המלח איז געבליבן שטיין, און זיך אויפגעטורעמט ווי אַ זייל און ניט געגאַנגען ווייטער, אָבער די אונטערשטע וואַסער איז אַוועק אין ים המלח אַרײַן, איז ממילא געוואָרן אויף דעם אָרט יבשה און די אידן זײַנען אַדורך. דאָס איז געווען אַ נס

פונקט ווי קריעת ים סוף, אַזוי ווי מיר האָבן געלערנט אין חדר.

דער אַלטער איז ניט מסכים מיט מיין פירוש און דערקלערט מיר אַז אַלץ איז געווען בדרך הטבע. איך בין געווען זייער אומגעדולדיק, דער גאַנצער שמועס איז מיר ניט געקראָכן אין קאָפּ, און איך וואָלט גערן אים איבערגעלאָזט, נאָר עס האָט מיר ניט געפּאַסט. ער האָט זיך אייניקע מאָל אָפּגעשטעלט און געפרעגט צי איך פאַרשטיי זיין דערקלערונג. ווען ער האָט סוף כל סוף געענדיקט האָט ער מיר ווידער געפרעגט צי איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען; אויב ניט איז ער גרייט אָנצופאַנגען איבעראַנייס... איך האָב אים געדאַנקט און געוואָלט נעמען גיין, פרעגט ער מיר פונוואַנען איך בין. זאָג איך: פון ביאַליסטאָק. פרעגט ער מיר: פון ביאַליסטאָק גופא. ענטפער איך: פון אַ נעבנ־דיקער שטעטל. ער פאַרלאַנגט אָבער איך זאָל אים זאָגן ווי די שטעטל הייסט. אַזוי ווי קנישין איז נענטער צו ביאַליסטאָק ווי גאָניאָנדז, זאָג איך אים: קנישין. דערויף זאָגט ער מיר: איר זיינט ניט פון קנישין, איר זיינט פון גאָניאָנדז. איך בין געבליבן זיצן ווי געפּלעפט און פרעג אים פונוואַנען ווייסט ער. זאָגט ער מיר: איר רעדט ניט ווי אַ קנישינער, איר רעדט ווי אַ גאָניאָנדזער. פרעג איך אים פונוואַנען ער איז, זאָגט ער אַז ער קומט פון סאָפּאָצקין ביי גראָדנע, אָבער אים פלעגט אויסקומען באַזוכן גאָניאָנדז גאַנץ אָפט. אויף מיין פראַגע ווי לאַנג ער איז פון דער אַלטער היים, ענטפערט ער, אַז ער איז שוין אין אַמעריקע עטלעכע און פערציק יאָר.

כ'האָב געמאַכט אינזיך אַ חשבון, אַז ער האָט פאַרלאָזן אונדזער געגנט 15 יאָר איידער איך בין געבאָרן געוואָרן, פאַרשוואַרצט גע־וואָרן אַזוי פיל יאָרן צווישן די שוואַרצע אין דרום, און דאָך דערקענט ער לויט מיין אויס־שפּראַך, אַז איך בין דווקא פון גאָניאָנדז און ניט פון קנישין. אַ זעלטענע דערשיינונג!

איך האָב דערפון געלערנט אַ מוסר־השכל, אַז אַ מענטש קען ניט פאַרלייקענען זיין אָפּ־שטאַם און ער דאַרף בלייבן דאָס וואָס ער איז געווען.

אַ גאָניאָנדזער בלייבט אייביק אַ גאָניאָנדזער.

# א גאָניאָנדזער מאַמע

(עלעגיע)

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין מוטער רחל־לאה בת בצלאל ע"ה, געבוירן אין גאָניאָנדז, געשטאָרבן אין ברוקלין כ"ו תשרי תשי"ז.

ווי זילבער־בעכער אָנגעפילט
מיט שוימיק־זיסן קידוש־ווייַן;
ווי גאָלד־געפאַסטער בילד,
באַזונט מיט צאַרטער, ליבער שיין —
ווי דאַן, אַמאָל, אַזוי אַצונדערט,
אין טויט גלייך ווי אין לעבן,
געטאָפּלט פילמאָל הונדערט, —
טוט מיין מאַמע פאַר מיר שוועבן.

ווי האַרץ אָן גאָט,
ווי טויטע שטאָט,
אַזוי גאַנץ נאַקעט־הויל געבליבן
די ווענט פון אונדזער שטוב;
ווי אין אַ קבר, שוואַרצער גרוב
האָט טרויער זיך אין הויז פאַרקליבן...

ניטאָ קיין שבת־רו, קיין יום־טוב־פרייד,
ניטאָ קיין קדושה התלהבות־פולע
זינט מיין מאַמע איז פון מיר געשיידט — —
דעם מענטשנס שמחה, מענטשנס גדולה,
פון וועלט די אוצרות אָן אַן עק —
זיי זיינען אָפּגעשווומען פון מיין ברעג...

אַ יעדער טאָג ווי שווערער שטיין
אויף מיר דער הימל פאַלט אַראָפּ.
אָ, ווי איינזאַם בין איך און אַליין,
ווי ס'דריקן טרויער־בערג מיין מידן קאָפּ
און ס'ברענען אין מיין האַרץ די ווונדן —
זינט מיין מאַמע איז פון מיר פאַרשוווּנדן!
— — — — — — — —

מיין מאַמע רופט צו מיר,
איך הער פון דאָרט איר קול — — —
זי זאָגט: „מיט מוט פראַל־אויף די טיר,
ווער פריי! אַנטלויף פון טרערן־טאָל,
רייס־אָפּ זיך פון דער גרויער ערד!"
מיין מאַמע, איך האָב דיין שטים דערהערט.

ניו־יאָרק אַלטער ראָזען

א ש ר  ש ט ש ו ט ש י נ ס ק י

# איטשע שטומאַק געווינט אַ שטרייק

(דערציילונג)

...די אויסגעקראָכענע פעל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף עטלעכע אויסגעסטאַרטשעטע ביינער, איז אין אַ פראָסטיקן זונטיק אַנידערגעפאַלן און זיך מער ניט געקענט אויפהויבן. דער פערד האָט אויסגעצויגן די פיס דווקא ביים פּרעראָמבֿ, ווען זיין באַלעבאָס איטשע שטומאַק איז געשטאַנען און געשעפּט וואַסער אין טון אַריין כדי צו פירן פאַר זיינע קונדן, די באַלעבאַטים פון שטעטל.

ער איז געבליבן שטיין מיטן ליידיקן עמער אין האַנט און געטראַכט: אַ נאַרישע בהמה! אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און ניט פאַרזוכט פון דער ביסל שעטסקע וואָס כ׳האָב איר געגעבן. וואָלסטו אָבער געגעסן, וואָלסטו ניט געהאַט אַזאַ בייזן סוף. און אויב שוין יאָ אַנידערפאַלן, האָסטו דאָך געקענט פגר׳ן ביי דיר אין שטאַל און ניט קומען אַהער צום פּרעראָמבֿ מיטן שליטן און טון, ווער וועט זיי איצט שלעפן אין שטאָט אויפן באַרג?

איטשע האָט אויסגעטאָן דעם נאַסן פאַרפרוירענעם זאַק, וואָס ער האָט געטראָגן איבער די אָפּגעריסענע הויזן, אים אַרויפגעוואָרפן אויפן לאָך פון דער האַלבֿ פולער טון און זיך פאַרקוקט אויף דער חיה.

פאַר דיר האָב איך שוין ניט וואָס צו זאָרגן... דו ביסט שוין דיין וועלט אָפּגעקומען, וואָס וועל איך איצטער טאָן? האָסט מיר איבערגעלאָזן פינף יתומים, און איך, איטשע שטומאַק, אַ זעקסטער. אַז וווּיל איז צו מיין חיה־שרה׳ן וואָס זי האָט דאָס ניט דערלעבט...

דערזען אַז דער פערד ליגט מיטן כאָמאָנט אויפן האַלדז, איז אים איינגעפאַלן אַז אפשר שטיקט דאָס אים... ער איז צוגעגאַנגען, זיך איינגעבויגן און געפּרוּווט אויסטאָן דעם כאָמאָנט.

ליג און רו — האָט ער צו זיך געטראַכט. פיר יאָר האָסטו מיט מיר געשלעפּט וואַסער, נאָך אַ פּאָר יאָר ווען דו וואַרטסט אויף, וואָלט שוין הענאַכקע אָנגעהויבן פאַרדינען ביי שמואל־בער דעם שניידער. אין גאַנצן לערנט ער זיך איצט צוויי יאָר.

— אַ טייער קינד הענאַכקע — איז איטשען אַדורך אַ וואַרעמקייט איבערן גאַנצן לייב. און יששכר׳ל, אַזאַ קלוג קינד. ער קען דאָך שוין דאַווענען אויף אויסנווייניק. ווען איך וואָלט ניט געווען קיין וואַסערפירער, אָ וואָלט איך... שוין! איך בין דאָך שוין ניט קיין וואַסערפירער... אָן אַ פערד, מיטן שליטן אַליין — וואָס וועל איך פירן? וואָס וועל איך פירן? ער האָט זיך צוגערוקט צו דער פגירה און איר אַ זעץ געגעבן מיטן פוס. טראָגן וואַסער! אויפן קאַרק מיט אַפּאָר אָשעלקעס; אַרויף אויפן באַרג. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום באַרג אַרויף, זיך פאַרטראַכט, און גרויסע טרערן האָבן באַנעצט זיין פאַרפראָרענעם שטומען פנים.

מ׳דאַרף אָנזאָגן דעם ראַקאַר יאַשעק קאָזשאַל, מ׳קען דאָך ביים פּרעראָמבֿ ניט לאָזן ליגן קיין פגירה — האָט איטשע שטומאַק געטראַכט. ער האָט פאַרצויגן דעם שטריק אויף די הויזן, באַטראַכט דעם שליטן מיט דער טון און אָנגעהויבן גיין באַרג אַרויף. אויפן שפּיץ באַרג האָט זיך באַוויזן כאַצקל דעם וואַסערפירערס שליטן, דער גרויסער בלינדער פערד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט טאַפּן אין דער פינסטער.

ער קען שוין דעם באַרג־אַראָפּ גוט, ניט איינמאָל איז ער שוין דאָ געפאַלן און זיך צעהאַקט זיינע אַלטע ביינער. היינט האַלט שוין ניט כאַצקל דער וואַסער־פירער די לייטשעס, ער פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויף זיין בלינדן פערד. אַז עס קומט צום ראָוו, קירעוועט ער זיך אַליין אָפּ אויף רעכטס. קיינעם וועט ניט איינפאַלן, אַז דער פערד איז בלינד. ס׳איז גאָרניט פאַר קיין פערדישן שכל. דערפאַר האָט טאַקע כאַצקל ליב זיין פערד.

כאַצקל האָט שטאַרק פיינט, אַז מ׳זאָגט אים „דיין בלינדער פערד גייט גוט״. ס׳מעג זיין דער בעסטער קונה, דער פיינסטער בעל־הבית, ער ווערט אין כעס און ענטפערט גאַנץ בייז. וואָס אַרט אייך אַז דער פערד איז אַ בלינדער? וואָסי? ס׳פעלט אייך אויס וואַסער?

כאַצקל האָט פון שפּיץ באַרג דערזען, אַז איטשע שטומאַקס פערד און שליטן שטייען נעבן פּרעראָמבּ. אָבער דער פערד ליגט דאָך, וואָס איז דאָרט געשען? האָט ער זיך אַליין געפרעגט, און אַ קוק טוענדיק צום טייך זיך אַליין געענטפערט: אויסגעצויגן די פיס... וואָס וועט ער איצט טאָן, איטשע שטומאַק, מיט פינף יתומים? אַ רחמנות האָט אים אַרומגענומען. ער האָט אַ רוק געטאָן די צעריסענע באַראַשקענע היטל אויף אַרויף. ס׳האָט זיך אָפּגעדעקט דער צעקנייטשטער שטערן, ער האָט מיט דער האַנט אַ שאַר געטאָן איבערן באָרד: ניט געהאַט דער רבונו של עולם וועמעס פערד אַוועקצוהרג׳ענען, האָט ער אויסגעקליבן איטשע דעם שטומאַקס.

וואָס איז שולדיק איטשע שטומאַק? פון מיינעטוועגן וואָלט זיין פערד געלעבט הונדערט און צוואַנציק יאָר. שולדיק זיינען די בעלי־בתים! פיר זיי וואַסער אין גרעסטן פראָסט, אין אַ זאַווערוכע, אין רעגן, ליג אויפן אייז און עפן דעם פּרעראָמבּ, פאַר דריי גראָשן אַ פּאָר...

איטשע שטומאַק איז אָנגעקומען אַנטקעגן כאַצקלס שליטן. ער האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ ווי אויף ניט צו זען אים. אַ פאַרשעמטער — האָט אים שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן, און ער איז שטיין געבליבן אַ פאַרסאָפּעטער.

— גוט מאָרגן! — זאָגט אים כאַצקל און קוקט אויף אים. איטשע שאָקלט מיטן קאָפּ און ווייזט מיטן האַנט אויפן טייך: דעפאַלן, דעפיידערט — זאָגט ער צו כאַצקלען, אויף זיין פאַרהיקעוועטן לשון (מען האָט אים געקענט פאַרשטיין. ס׳איז ביי אים געווען צוגעוואַקסן דער צונג צום גומען, איז אים געווען שווער צום רעדן). פאַרפאַלן, כ׳וועל גיין אָנזאָגן דעם ראַקאַר — פאַרפאַלן.

כאַצקל דער וואַסערפירער האָט זיך אויפגעשטעלט פון געזעס. — ווהין וועסטו גיין צום ראַקאַר? צופוס? קום אַרויף אויפן שליטן! כ׳וועל דיר אָפּפירן.

— ניין, כאַצקל! איר דאַרפט פירן וואסער פאַר מיינע קונים אויך...

— זאָלן זיי אַליין טראָגן... פירן וואַסער פאַר דריי גראָשן אַ פּאָר... זאָלן זיי אַליין טראָגן! קום אַרויף! — האָט כאַצקל אַ געשריי געטאָן. פינף גראָשן! אַניט, פיר איך ניט!

— ר׳ כאַצקל איר זענט גערעכט! פינף גראָשן אַ פּאָר, אַז ניט דאַרפט איר ניט פירן. איצט קענט איר דאָס אויספירן — איר זענט אַליין...

— איצט און שפּעטער! ביזט אַ נאַר, דו וועסט אויך פירן וואַסער... אָבער פינף גראָשן פאַר אַ פּאָר — דו הערסט? אַז ניט, פירן מיר ניט.

— איטשע! — האָט כאַצקל אַ געשריי געטאָן — מאָרגן איז מאָנטיק, אַ מאַרק־טאָג, מאָרגן וועסטו קויפן אַ פערד. נאָר קויפן אַ גוטן! איך וועל דיר באָרגן צוואַנציק רובל, וואָס איך האָב, וועסט מיר אויסצאָלן. מיט פינף גראָשן אַ פּאָר, וועט שוין סטאַיען אויף אָפּצוגעבן אַ גמילות־חסד אויך...

איבערן שטעטל האָט זיך צעטראָגן די אומעטיקע בשורה, אַז איטשע שטומאַקס פערד איז געפאַלן. די באַלעבאָסטעס האָבן אָנגעהויבן אַריינקוקן אין די סטאַוואָניעס זען ווי האַלט דאָס מיטן וואַסער. איטשע שטומאַקס קונים זיינען געווען גאָר צעשראָקן, און אָנגעהויבן קלערן וואָס מען וועט טאָן. כאַצקל דעם וואַסערפירערס קונים זיינען געווען רואיק, זיכער ביי זיך. „ער וועט אָפּהיטן זיינע קונדן... נישקשה״ — האָבן זיי געקלערט.

חיה־צירל, די בעקערקע, האָט דערהערט פון דעם אומגליק, האָט זי פאַרבראָכן מיט די הענט און אַרויסגעלאָפן פון הינטערן טובאַנק אויפן הילצערנעם שמאָלן בריקעלע, אפשר וועט זי זען כאַצקלען און מיט אים רעדן, מ׳קען דאָך קיין בעקעריי אָן קיין וואַסער ניט לאָזן — האָט זי געטראַכט פאַר זיך — מילא, מ׳וועט שוין מוזן געבן אַ צוויי גילדן צושטייער אויף צום קויפן דעם שטומאַק אַ פערד. ס׳איז דען דער ערשטער מאָל?

כאַצקל איז אַרויס גאַנץ פרי אויפן אַלטן

מאַרק. איטשע איז שוין געשטאַנען און זיך אַרומגעקוקט אויף די צוגעבונדענע פערד צו די פאָרענטשניעס.

— גוט מאָרגן, ר׳ כאַצקל!

— איטשע, קום נאָר אַהער! אָט די חיה זעסטו? אָט דאָס איז אַ פערד פאַר אַ וואַסערפירער... זע פיס, זע אַ פיערש (אַ ברוסט) — אָט דאָס דאַרפסטו! דאַרפסט האָבן אויגן? וואָס אַרט דיר אַז ער איז אַ בלינדער? אַ פערד דאַרף ניט קיין אויגן. פיס דאַרף ער! כוח דאַרף ער! איטשע! וואָס אַרט דיר, פאָלג מיר!...

— אַז איר זאָגט, ר׳ כאַצקל, האָב איך דאָך גאָרניט וואָס צו קלערן. ווער ווייסט בעסער ווי איר וואָס אַ וואַסערפירער דאַרף?

כאַצקל האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי דער קעשענע, ווו עס זיינען געלעגן די 20 רובל.

— ווער מושווה, איטשע, און קום, לאָמיר גיין אָנזאָגן די קונים, אַז פון היינט אָן קאָסט פינף גראָשן אַ פּאָר, און זאָל זיין אין אַ מזל׳דיקער שעה! נעם אים אָן פאַרן צוים! — האָט כאַצקל אַ געשריי געטאָן. אַזאַ חיה דאַרף מען קענען פירן...

דער גניאַדער גרויסער פערד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זוכן אין דער פינסטער — געוואָלט וויסן ווער ס׳איז זיין נייער באַלעבאָס. עפּעס איז אים דער לשון געווען פרעמד. און אַז איטשע שטומאַק האָט אַ צי געטאָן דעם שטריק און פאַרהיקעוואַטע אַ געשריי געטאָן: נו, אָ דיי! איז ער אים נאָכגעגאַנגען.

— קומט, ר׳ כאַצקל! לאָמיר דיין טרינטן לחיים. אַ דילדן האָב איך, ס׳איז דאָך עפּעס היינט „סימכי־טיירי״ (שמחת־תורה) ביי אונדז.

חיה־צירל, די בעקערקע, איז אַרויס אויפן הילצערנעם בריקל, דערזען איטשע שטומאַק פירט אַ גרויסן פערד, האָט איר אויפגעשיינט דער פנים. „שוין, שוין, מירן שוין האָבן וואַסער, גאָט צו דאַנקען. אָבער אַווו האָט ער פּאָטשאַפּיעט די געלט צו קויפן אַזאַ פּערדזשיסקאָ — דער שטומאַק! אַבי ער קלאָגט, אַז די שטומאַקלעך האָבן ניט וואָס צום עסן! ער׳ט מיר שוין געבן פולע עמערס ביזן ווערך, אַניט וועט ער שוין פירן וואַסער פאַר כאַצקל משה׳קעס.

— גוט מאָרגן! — האָבן אַלע דריי זיך דערנענטערט מיט שווערע טריט צום בריקל. איטשע איז געגאַנגען דער ערשטער און געצויגן די חיה ביים שטריק וואָס איז נאָכגעהאַנגען פון דעם ציימל. ביי זייט, צווישן איטשען און דעם פערד, איז געגאַנגען כאַצקל דער וואַסערפירער.

— מיר קומען אייך זאָגן, אַז פון היינט אָן, קאָסט פינף גראָשן אַ פּאָר און איר...

— הערט נאָר אַ חתונה! פּלוצלינג, פון דער העלער הויט — פינף גראָשן אַ פּאָר! מיט דריי גראָשן האָט ער אויך געהאַט צום קויפן אַזאַ פּערדזשיסקאָ, וויל ער נאָך פינף! זי האָט אָנגעוויזן אויף איטשען. באַלד וועל איך אים אָנשטאָפּן פינף גראָשן פאַר אַ פּאָר! עס איז דאָך ניט געהערט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט! איכ׳ניט באַקן, איכ׳ניט באַקן. קאַם וואָס מען באַצאָלט פאַרן זעקל מעל, גיב זיי גאָר פינף גראָשן פאַר אַ פּאָר וואַסער. — דער אָטעם האָט זיך איר פאַרהאַקט פון די הויכע רייד און זי איז געבליבן שטיל.

איטשע האָט אַ צי געטאָן דעם ציימל. קום! האָט ער אַ זאָג געטאָן צום פערד. כאַצקל איז זיי נאָכגעגאַנגען.

— גזלנים! — שרייט זיי נאָך חיה־צירל — איר לאָזט מיך אָן וואַסער אין מיטן העלן מאָנטיק! קומט אַהער! קומט אַהער! איכל געבן פיר גראָשן... איז גוט?

איטשע מיטן פערד זיינען געבליבן שטיין, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו כאַצקלען, געקוקט אויף אים און געוואַרט וואָס וועט ער הייסן טאָן.

— פינף גראָשן, פאַר אַלע גלייך! פאַר דיאָדיע דעם בעקער, פאַר פעשע דער בעקערקע, פאַר אַלע גלייך! פאַר דער גאַנצער שטאָט! — האָט כאַצקל קלאָר גערעדט.

— טאָ ווען וועט איר שוין אָנהויבן פירן? אַ סוף זאָל דאָס נעמען! טאָ לאָזט מיך ניט אָן קיין וואַסער! — האָט חיה־צירל נאָכגיביק גערעדט...

— מיר וועלן באָדאַי פירן אַ גאַנצע נאַכט, עס וועט אייך קיין וואַסער ניט פעלן, — האָט אָפּגעענטפערט כאַצקל.

כאַצקל! האָט איטשע שטומאַק אַ פאַרהיקעטער אויסגעשריען, כאַצקל! אַ דילדן האָב איך, קומט, לאָמיר מאַכן לחיים. עס איז דאָך היינט ביי אונדז סימכי־טיירי, אַז חיה־צירל דיט פינף דראָשן פאַר אַ פּאָר — וועלן שוין אַלע דעבן...

מרים פרבר־קרן־צבי, יגור

# הרהורים

עולים בזכרוני ימי ילדותי בעיירת מולדתי גוניונדז, ימים בהם החלום והמציאות משמשים בערבוביה.

מרגישה אני צורך להציל, ולו במעט, את זכרונם מגלי הזמן הזורמים וחולפים.

חולף המבט ונישאת העין אל העמק בתח־תית הר בית־הכנסת, המשתרע עד לנהר בוֹבר השוטף לאטו. הר בית־הכנסת — מלת־קסם שזורת אגדות קדומים.

ליל תשעה באב.

אנו הדרדקים מתפזרים בעוד יום לאורך מדרוני ההר, כדי להצטייד בקוצים על מנת לקיים עוד באותו ערב את מצות מלחמת „קוצי־תשעה־באב" בין קבוצות ילדים וילדות. האח־רונות קושרות מטפחות לראשיהן לבל יסתבך קוץ בשערותיהן. לבסוף נהפכת המערכה למחנה מנצחים ומנוצחים, כבימי חורבן הבית...

בערב, אחרי אמירת הקינות ותפילת ער־בית, בשובי הביתה בדרך ההר עם אבי ז"ל, היה נוהג לספר לי אגדות על החורבן והנחמה, וכן על ימות המשיח העתידים לבוא לעם ישראל.

ברטט הייתי מקשיבה למסופר ובעיני רוחי ראיתי את הירדן ממולי בדמות נהר הבוֹבר, הזורם למטה לרגלי ההר, ושדות ארץ־ישראל — באחו רחב־הידיים אשר מעבר לנהר, הרחק הרחק באופק.

ומי יודע אם לא הודות לאותן האגדות המסופרות בליל החורבן נרקמה בלב אגדת הבנין והתקומה בארץ־האבות, ואם לא מכאן הדחף והרצון לעליה, להגשמה עצמית והתישבות קיבוצית בארץ־ישראל הבנויה.

---

גוניונדז. מימין — בנין בית־הכנסת, ובאופק — הנהר בוֹבר



מ. ש. בן־מאיר ז״ל

# צו מיין מאמען

## (חיה־ביילע ע״ה)

ביסט, מאַמע, איבער אַכציק, גרוי און אַלט,
און ווי אַן אתרוג נאָך דער צייט — דיין פנים איינגעשרומפן, טרוקן,
און פונקט ווי ער — זיין גאָלדיקייט נאָך אַלץ באַהאַלט,
אין יאָך פון אידישקייט געבויגן איז דיין רוקן.

די פאַרמעט הענט צערונצלט, געל און מאַט,
אַזוי ווי דיינע הייליקע געטרייע ספרים־ברידער:
דער תהילים און די תחינה אינעם זיסן טייטש און פשט,
דער „צאינה וראינה״ און דער „קרבן מנחה״־סידור.

— אַ מענטשנס ראיה אויף דער עלטער פאָדערט רו,
פון צופיל דאַווענען און וויינען נאָך דערצו
מען מוז זי שאַנעווען — טוט וואָרענען דער דאָקטער —
פאַרלירן קאָן מען זי, חלילה, — זאָגט ער.

— פאַרשטייסטו ניט, דו רופא, קלוגער מאַן, —
געענטפערט האָסטו מיט אַ שמייכלדיקער מינע, —
אין „קרבן־מנחה״ איז אַ ליכטיקייט פאַראַן,
און מיינע אויגן העלער מאַכט די תחינה...

דער טאָג איז קורץ און דאָס געבעט איז לאַנג,
פאַר מיר, פאַר מיינע זין וואָס טראָגן ניט דעם יאָך פון תפילה, —
און ס'טוט דאָס האַרץ פאַר כל ישראל אַזוי באַנג,
פאַר צרות אידישע — עס וויינט דער הימל דאָך אפילו.

צו אַלע גוטע עצות ניט געאַכט,
ניט צוגעהערט וואָס קינדער בעטן, טענה'ן,
דו האָסט צום קרבן מנחה דיינס אַ קרבן גאַנץ געבראַכט,
דאָס ליכט פוןביידע אויגן דיינע.

און ווען די בייזע שעה צעריסן האָט דעם באַנד,
פון דיין געאייניקטער משפחה,
מיין פנים האָט באַרירט דיין ציטעריקע האַנט,
ווי טאַטע יצחק'ס האַנט ביי יעקב'ס ברכה.

האָסט וויינענדיק געבענטשט און מיר געהייסן גיין,
היינט שיידט אונדז — ווייטע טעג און שטאַרקע שטראָמען,
דאָך הער איך אין דער נאַכט דיין שטיל געוויין
און הער דיך תמיד רופן מיך ביים נאָמען.

איך זע דיך זיצן שטום און בלינד אַליין,
געהויקערט אויפן סידור מיט אַ שטראַלנדיקן פנים.

מ. ש. בן־מאיר ז״ל

# לְאִמִּי

זָקַנְתְּ וְשַׂבְתְּ, אִמִּי!– נָּבַרְתְּ עַל שְׁנוֹת־שְׁמוֹנִים,
כְּאֶתְרוֹג שֶׁיָּבֵשׁ צָפְדוּ פָּנַיִךְ –
כָּמוֹהוּ, סְפוּג־בְּרָכוֹת, הִזְהִיבוּ הַפָּנִים;–
כַּפֵּךְ הִתְכַּרְכְּמָה כְּמוֹ דַפֵּי־סְפָרַיִךְ –
סִפְרֵי־קְדֻשָּׁה: סִדּוּר, תְּהִלִּים, תְּחִנּוֹת
וּבְמִין כְּתָב־רַשִׁ״י הַ„צְּאֶינָה וּרְאֶינָה״.
וְהָרוֹפֵא מַזְהִיר: „חִדְלִי בָּהֶם הֲגוֹת,
מִקְּרֹא הַרְבֵּה מַרְאוֹת עֵינַיִךְ פֶּן תִּכְהֶינָה״.–
עָנִית בְּחִיּוּךְ מַר: „רוֹפֵא חָכָם, אֵיכָה?–
דָּבָר פָּשׁוּט כָּזֶה – וְלֹא תָבִינָה:
הָאוֹר צָפוּן בְּסִדּוּרִי „קָרְבַּן־מִנְחָה״
וּ„תְחִנָּתִי״ עֵינַי תְּרַנֵּינָה...
הַיּוֹם קָצֵר – וְהָעֲבוֹדָה רַבָּה לָאֵל:
עָלַי וְעַל בָּנַי שֶׁעַל־תְּפִלָּה פָּרְקוּ...
וְצָרִיךְ יֵשׁ בַּקֵּשׁ רַחֲמִים עַל יִשְׂרָאֵל
שֶׁיִּסּוּרָיו עַד לֵב שְׁחָקִים יִזְעָקוּ.

לְשִׁדּוּלֵי־בָנִים אָטַמְתְּ אָזְנֵךְ
וַתְּמָאֲנִי מוּסַר־רוֹפְאִים לָקַחַת.
לְ„קָרְבַּן־מִנְחָתֵךְ״ הֵבֵאת אֶת קָרְבָּנֵךְ –
אֶת שְׁתֵּי עֵינַיִךְ אַחַת־וְאַחַת!–
וּבְיוֹם הַשֹּׁד, אֲשֶׁר גָּזַר עָלַי נְדוֹד,
נֶחְפַּזְתִּי אֶל בֵּיתֵךְ וּבֵרַכְתִּנִי;
פָּנַי מִשְּׁשָׁה יָדֵךְ, וְלֹא חָדְלָה מֵרְעֹד,
כְּמֵשׁ אֶת בְּנוֹ הַתָּם יִצְחָק אָבִינוּ.
עַתָּה רָחַקְתִּי כֹּה מִמֵּךְ, אִמִּי!–
יַמִּים בֵּינֵינוּ וְיַמִּים יַפְרִידוּ.
אָחוּשׁ, כִּי לֹא יָמוּשׁ מִפִּיךְ שְׁמִי
וְעַפְעַפַּיִךְ לְזִכְרִי דְּמָעוֹת יוֹרִידוּ.–
אֶרְאֵךְ יוֹשְׁבָה בְּצוֹם בָּדָד, בְּמַחֲשַׁכִּים,–
שְׂפָתַיִךְ לוֹחֲשׁוֹת וּבְסִדּוּר תִּדְבַּקְנָה.–
– – – – – – – – – – – – – –

תִּפֹּלְנָה דִּמְעוֹתַיִךְ עַל קָדְקֹד הָרְשָׁעִים –
וְעֵינֵיהֶם בְּחֹרֵיהֶן תִּמַּקְנָה!!–

**פישל יצחקי**

# יזכור

**לנגד עינינו עומדת כמו חיה** התמונה של עירנו לפני חורבנה. זו העיר שבה נולדנו וחיינו את מיטב שנות חיינו. אנו נזכרים בכל חנה — חן מקום על יושביו; עולה לפנינו זכר כל רחוב וכל בית, כל חצר וגינה, כל אילן ושתיל וכל הנוף הקוסם שעיירתנו התברכה בו. אנו רואים לפנינו את בית־הכנסת המתנוסס על ההר הנישא, ולמטה, לרגלי ההר — את הנהר המשתפך למרחב ולמרחק, בין שדות וכרים; לפנינו מרחפת העיר שידענוה בימי חול ובימי שבת ומועד, ועולות בזכרוננו פרשיות שונות של מערכות חיים שזורות בהווי המקום, על צלליו ואורותיו.

עיר ככל העיירות שבגלות פולין, עם חיים ציבוריים תוססים, מוסדות ומפעלים תרבותיים. כל גוני החיים הציבוריים, ששקקו ברחוב היהודי בזמנו, השתקפו ומצאו ביטוים בעיירתנו, וככל העיירות היתה אף היא אוצר בלום של תורה ודעת, מנהגים ומסורת, פשטות ואהבת ישראל.

היתה לעירנו זכות ראשונות בשטח החינוך הלאומי: בית־ספר העברי שבעירנו ראשון היה בכל הסביבה. אלה שעמדו על־יד עריסתו, הקימוהו בלהט נעוריהם, מתוך חזון ציוני ואהבת האומה. בית־הספר היה כמגדלור, שסביבו התרכז רוב הציבור, נכס עברי, ציוני וחלוצי ממדרגה ראשונה, גולת הכותרת של מפעלנו התרבותי בעיר. בו חונך דור שלם ברוח הציונות לאור התחיה בארץ ישראל, והוא עיצב את דמותה הציונית והחלוצית של כל העיירה.

עומדת לפנינו הספריה „תרבות" — מקום ומקור לא־אכזב לתרבות והשכלה לחוג הקוראים הרחב שלה.

הספריה גיבשה את ההסתדרות הציונית בעיירה, אשר פיתחה פעולות נרחבות בשטח ההסברה האידיאולוגית והפעולה המעשית: מגביות לקרן־היסוד ולקרן הקיימת, ארגון ותעמולה לבחירות לסיים הפולני, לקונגרס הציוני, לעיריה ולקהילה, ה„מנין" הציוני, הבזור לקרן הקיימת, הפצת שקלים וכדומה.

עם תנועת „החלוץ" התחילה התסיסה בקרב הנוער לקראת העליה לארץ. רבים מתוך הנוער שלנו הוכשרו במפעלי ההכשרה של „החלוץ" ועלו לארץ. והיו בתוכם אשר לא נרתעו גם מפני העליה הבלתי ליגלית. התנועה החלוצית גברה, הרחיבה שורותיה, פיתחה מפעלי תרבות והסברה, והעולים הרבים יצרו קשר אמיץ, אישי ומשפחתי, בין אנשי העיירה וארץ־ישראל.

כ„החלוץ" כן „החלוץ הצעיר" נתן תוכן חלוצי תוסס לעיירה, בעבודתו התר־בותית והחינוכית הענפה, בארגון טיולים וכינוסי נוער ובהוצאת העתון הפריודי „תל־חי" אשר היה נפוץ גם בתוך הנוער שבעיירות הסמוכות.

יש להזכיר גם את תנועת השמאל, שריכזה שכבות שונות של העיירה בסיס־מאות פרולטריות, אשר שררו אז ברחוב היהודי, וידעה לחנך את חבריה לתרבות

ולהכרה פועלית ע״י הספריה העשירה ובית-הספר האידי מיסודה של י. ש. א. (יידישע שול-אָרגאַניזאַציע).

מלחמת המפלגות היתה עזה. נלחמו על כיבוש כל נפש. לשם כך נערכו אסיפות ומיטינגים, ולא רק בזמן בחירות. מי מבני עירנו אינו זוכר כל אותם הוויכוחים הסוערים על סבך השאלות החברתיות שהיו מנסרות בחלל העולם היהודי? רבים היו המשתתפים באספות המפלגות. מהם אשר מבוכה נפשית, התלבטות כלכלית והתחבטות פנימית משכו אותם לשמוע דברים ולחשב דרך, מהם מאורגנים, שדרכם היתה נהירה להם ועז היה רצונם להגן על דעותיהם. וסוערות היו האסיפות כשם שסוערים היו החיים.

אי-אפשר שלא להזכיר את המוסדות הכלכליים בעיירה. הפרנסה של רוב הציבור היהודי היתה זעומה. המסחר התבסס על המבצר אוֹסוֹביץ ועל כפרי הסביבה, וחיי הסוחר ובעל המלאכה היהודי בעיירה היו קשים. גזירות, עול מסים כבד מאוד ולחץ משטר קשה. שני הבנקים בעיירה התנצחו ביניהם, אך בהתנצחותם הגישו עזרה לנזקקים להם. גם הקופה לגמילת חסדים החישה לנצרכים מן השכבות העמלות עזרה בזמנה.

ואיך לא נזכור את מוסדות-העזרה היהודיים המסורתיים: „לינת הצדק", „ביקור חולים" וכו', אשר בטיפולם העממי המיוחד במינו הצילו לא פעם נפשות מישראל. הם הדגימו את האחריות ההדדית ואת רגש האהבה היהודיים ובזה קיימו את אמרת חז"ל: „כל ישראל ערבים זה בזה".

***

עיר קטנה היתה גוניונדז והציבור היהודי מחולק „איש על מחנהו ואיש על דגלו". אף-על-פי-כן טבועה היתה בכולם מורשת הדורות: ערכי חופש ואהבת הבריות. היו בעירנו יהודים בעלי לב חם, יהודים רחמנים, יהודים עוסקים בצרכי ציבור באמונה, יהודים בני תורה, בעלי השכלה, תמימים וישרי דרך; יהודים פשוטים שהתפרנסו בדוחק אך בכבוד וגם יהודים קבצנים ופושטי יד.

כולם-כולם נספו בידי הרוצחים הטמאים, אחרי אשר שתו את כוס-היגונים עד תומה, אחרי שנים של פרפור בין קיום וחידלון, כשהתהום פעורה לפניהם.

אמנם עיירתנו היא רק פרט אחד בתוך האסון הנורא של כלל האומה, אבל אנו מרגישים באימה יתירה את כאב הפרט, בשרנו ודמנו, כאב המשפחה, את אבדן הורינו, אחינו ואחיותינו הנאהבים והנעימים, אשר אתם יחד גדלנו וחיינו באמונה ובתקווה לעתיד טוב יותר.

אין בכוח אדם למצוא מלים לביטוי גודל האסון! אנו נושאים בלבנו את זכרם היקר של כל מחמדינו. לא נשכח לעולם את חורבן עיירתנו, את הדם הנקי שנשפך על-ידי חיות טורפות הולכות על שתיים.

שם הרשעים ירקב לחרפת עולמים, וזכר קדושינו יהיה שמור בלבנו ובלב הבאים אחרינו לעדי עד. ויהי „ספר-יזכור" זה לציון אבל ולמצבת-זיכרון חיה לעיירתנו האהובה שנתקדשה בחורבנה לדור דור.

פישל יצחקי

# יזכור

**ווי לעבעדיק שטייט מיר פאר די אויגן** דער בילד פון אונדזער שטעטל פאַרן חורבן, דאָרט ווו מיר זיינען געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט די בעסטע יאָרן פון אונדזער לעבן. איך זע און דערמאָן זיך דעם חן פון שטעטל. עס שטייט פאַר מיר יעדע גאַס, יעדע הויז, גאָרטן, סאַד, דער וואַלד און די גאַנצע אומגעבונג. איך זע די שול אויפן שול־באַרג און דעם טייך אונטערן באַרג. איך דערמאָן זיך די ימים־טובים, פריילעכע טעג און אויך די אומעטיקע מאָמענטן וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין גאָניאָנדז.

א שטעטל ווי אַנדערע שטעטלעך אין גלות פוילן איז געווען גאָניאָנדז, מיט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן און אַנשטאַלטן, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס אַלגעמיין אידיש לעבן פון פוילן. ווי אַלע שטעטלעך איז זי געווען דורכגעזאַפּט מיט תורה און טראַדיציע, אידעאַליזם און אהבת ישראל.

אין איין פּרט איז גאָניאָנדז געווען אַ פּיאָנערן־שטעטל — מאָדערנע העברע־אישע דערציאונג. די העברעאישע פולע טאָג־שול, ווו אַלע אַלגעמיינע און אידישע לימודים זיינען געלערנט געוואָרן אין העברעאיש, איז די ערשטע פון איר מין אין פוילן. די וואָס זיינען געשטאַנען ביי איר וויגל האָבן אין איר אַריינגעלייגט זייער גאַנצן יוגנטלעכן ברען און אידעאַליזם. די גאַנצע חלוצישע און ציוניסטישע אַרבעט פון שטעטל איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם בית־ספר.

עס שטייט פאַר מיר די ביבליאָטעק „תרבות" מיט איר ברייטן קרייז לייענער. אַרום איר האָבן זיך קאָנצענטרירט די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אין שייכות מיט וואַלן צום סיים, צום ציוניסטישן קאָנגרעס א. אַ. וו.

עס דערמאָנען זיך מיר דער „החלוץ" און „החלוץ הצעיר", וועלכע האָבן צוגע־גרייט אַ גרויסע צאָל חלוצים פאַר ארץ־ישראל ; די אידישע שולע וועלכע איז גע־שטיצט געוואָרן פון די אַזויגערופענע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן ; די שטורעמדיקע פאַרזאַמלונגען און מיטינגען ווו די פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן געהערשט אויף דער אידישער גאַס, זיינען דיסקוטירט געוואָרן.

איך געדענק אויך די צוויי בענקלעך און די גמילות־חסדים וועלכע האָבן אונטערגעהאַלטן די געשעפטסלייט און בעלי־מלאכות אין שווערע צייטן, ווען די שטייערן זיינען געווען גרויס און דערדריקנדיק. איך קאָן אויך ניט פאַרגעסן די פאָלקס־אינסטי־טוציעס לינת־הצדק און ביקור־חולים, וועלכע האָבן אָפט דערהאַלטן ביים לעבן נויט־ליידנדיקע מענטשן.

עס זיינען ביי אונדז געווען אידן מיט וואַרימע הערצער, רחמנים, גוזעלשאַפט־לעכע טוער, בני תורה, פשוטע און אויך קבצנים.

אַלע אַלע אָן אויסנאַם און איבערקלייב זיינען אומגעקומען אין דעם גרויסן חורבן פון פוילישן אידנטום. ס׳איז שווער צו געפינען אַן אויסדרוק צו דעם גרויסן ווייטאָק און אומגליק. מיר קאָנען נאָר זאָגן אַז זיי וועלן לעבן ביי אונדז אין זיכרון אויף אייביק.

זאָל אָט דער „יזכור־בוך” זיין אַ לעבעדיקע מצבה און אַן אייביקער אָנדענק נאָך זיי און נאָך אונדזער ליבער און טייערער געבורט־שטעטל.



אשר שטשוטשינסקי

## זעקס ליכט

צינד איך אָן זעקס ליכט –
און איבער מיין צעוויינטאָקט געזיכט
קייקלען זיך גאַליקע טרערן:
– איר וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן!

זעקס ליכט וואָס פינסטער ברענען,
פאַרטונקלען וועלט, פאַרשעמען.
אייער חלב מיט אונדזער בלוט זיך קנעטן
און אין פייער – נקמה בעטן!



## שִׁשָּׁה נֵרוֹת

אֲנִי מַדְלִיק שִׁשָּׁה נֵרוֹת –
וְעַל פְּנֵי הַמְּצֵרוֹת
מִתְגַּלְגְּלוֹת וְנִגָּרוֹת
דְּמָעוֹת צוֹרְבוֹת, מָרוֹת:
זִכְרְכֶם לְדוֹר־דּוֹרִים!

שִׁשָּׁה נֵרוֹת בְּאֵשׁ שְׁחֹרָה
מַאֲפִילִים עוֹלָם נוֹרָא.
בְּדָם לִבֵּנוּ חֶלְבְּכֶם יָלוּשׁ
וּבְאֵשׁ – נָקָם יִדְרֹשׁ:
נִקְמַת קְדוֹשִׁים־טְהוֹרִים!

עברית: אל״ף

זיידל (נאָטע דוואָשקעס) אַלטשולד

# גאַניאַנדז אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט



צום אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע עלטערן נאָטע און דוואָשע אַלטשולד.

דעם 1־טן סעפטעמבער 1939 איז גאָניאָנדז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. גלייך מיט זייער אַריינקומען אין שטעטל האָבן די דייטשע וואַנדאַלן צעראַבירט אידישן פאַרמעגן און חרוב געמאַכט אונדזער שיינע היסטאָרישע שול, וועלכע האָט באַצירט אונדזער שטעטל מיט איר באַזונדעראַרטיקן אַרכיטעקטאָנישן סטיל, און אויך מיט איר אָפּגעזונדערטער שטעלונג — אויפן העכסטן פונקט פון דער גאַנצער אומגעגנט.

נאָך אייניקע וואָכן האָבן די דייטשן זיך צוריקגעצויגן פון גאָניאָנדז, לויט דעם אָפּמאַך פון מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ, און אין חודש סעפטעמבער 1939 איז גאָניאָנדז פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן. אין דער ערשטער צייט פון דער סאָוויעטן הערשונג איז געווען שווער דאָס לעבן פון דער גאָניאָנדזער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געציילט מער פון 1000 נפשות. זיי האָבן זיך ניט געקענט צוגעוווינען צו די נייע לעבנס־אָרדענונגען, וועלכע די באָלשעוויקעס האָבן איינגעפירט אין שטעטל.

אָבער נאָך אַ קורצער צייט איז דאָס לעבן געוואָרן אַביסל לייכטער. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלער „אַמט", וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַרזאָרגן די באַפעלקערונג מיט די נויטיקע לעבנס־פּראָדוקטן. דער „אַמט" האָט גענומען באַקן ברויט פאַר דער באַפעלקערונג. מ'האָט אויפגעעפנט אייניקע רעגירונגס געשעפטן־קאָאָפּעראַטיוון, — וועלכע זיינען אָנגעפירט געוואָרן מערסטנטיילס דורך אידישע אָנגעשטעלטע. אידן זיינען געווען באַשעפטיקט אויך אין פאַרשיידענע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן אין שטעטל. אויך אין שטאָט־ראַט האָבן די אידן גענומען אַ גרויסן טייל.

די אידישע האַנדווערקער: שניידערס, שוסטערס, קירזשנערס א. ד. ג. זיינען אָנגעגאַנגען מיט זייער אַרבעט פון וועלכער זיי האָבן זיך דערנערט מיט זייערע פאַמיליעס. די פרנסה איז טאַקע געווען בצמצום, אָבער פאַרהעלטניש־מעסיק רואיק און שטיל. אַזוי, אומגעפער, האָט זיך געצויגן דאָס לעבן פון דער גאָניאָנדזער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרלויף פון אַ יאָר און 10 חדשים — ביז דעם זונטיק פון דעם 22־טן יוני 1941.

## די איבערקערעניש

דעם זונטיק, נאָך האַלבער נאַכט, האָבן זיך

די גאָניאָנדזער איינוואוינער פלוצלינג אויפגעכאַפּט פון זייער שלאָף, דערהערנדיק שטאַרקע באָמבעס אויפרייסן. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די דייטשן זיינען אַרויסגעגאַנגען פלוצלינג אויף אַ מלחמה קעגן די רוסן. אַן אומבאַשרייבלעכע שרעק איז באַפאַלן דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין גאָניאָנדז. אויך די רוסישע זעלנער זיינען אַרומגעלאָפן ווי צעטומלטע פון דער פלוצלינגער איבערקערעניש.

זונטיק פאַרנאַכט האָט די רוסישע מיליטערישע מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע בירגער, געוועזענע מיליטער־לייט, דאַרפן זיך גלייך צושטעלן צו מיליטער דינסט. אַ גרויסער טייל פון די יוגנטלעכע האָבן דערפילט דעם באַפעל. בלויז אַ קליינער טייל האָט זיך אויסבאַהאַלטן.

## דער מצב אין גאָניאָנדז ביים אפטרעטן פון די רוסן

גאָניאָנדז, זונטיק, דעם 22־טן יוני 1941, האַלב דריי פאַרטאָג. מען קלאַפּט שטאַרק אין מיין פענסטער. דוכט זיך מיר ס׳איז אַ חלום... ניין, איך הער באמת אַ קלאַפּעריי אין מיין פענסטער אויסגעמישט מיט אַ רוסישן זידלוואָרט... „שטיי אויף דו! (איך בין אין מיליטער־דינסט). מעלד זיך גלייך אין שטאַב פון 10־טן באַטאַליאָן. אין 10 מינוטן פאַרטיק זיין און דאָרט ראַפּאָרטירן דעם דעזשורנעם. פּאָניאַל?! (פאַרשטאַנען?). ווען ניט — אַ קויל אין קאָפּ!" מיין גוטער פריינט דיאָדיע דלוגאָלענסקי (וואָס ביי אים האָב איך געוואוינט) איז שוין נעבן מיר און זאָגט צו מיר מיט אַ געדריקטער שטימע, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהערט אַ טומל און דערנאָך אויך שיסערייען און שטאַרקע באָמבעס־אויפרייסן. ער גלויבט, זאָגט ער, אַז דאָס זיינען איבונגען. אָבער זיין פּנים דריקט אויס פאַרוואונדערונג און שטאַרקע צערודערונג. אינצווישן בין איך פאַרטיק געוואָרן מיט מיין אָנטאָן־זיך און האַלט ביים פאַרלאָזן מיין צימער. מיין גוטער פריינט דיאָדיע דלוגאָלענסקי באַגלייט מיר צו דער טיר און פרעגט מיט טרערן אין די אויגן: „וואָס האָט פּאַסירט?"... אויפן גאַס איז שטיל, רואיק, מען הערט ניט קיין גערויש, דאָס שטעטל שלאָפט... אָבער פון צייט צו צייט הערן זיך ווייטע, גאַנץ ווייטע, באָמבעס־אויפרייסן... אויפן אַלטן מאַרק, אין חיים קאָברינסקי׳ס הויז, זעט מען אַ שוואַכע ליכט און זעלנער גייען אַריין און אַרויס אין גרויס איילעניש (דאָרט זיינען לעצטנס געווען איינגעקוואַרטירט מיליטער־לייט). צוקומענדיק צו דער הויז פון זלמן ביאַלאָסטאָצקי (וווּ עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פון 10־טן באַטאַליאָן פון פּלי אָבסערוואַציע און פאַרבינדונג), האָט זיך גאָרניט געפילט, אַז עס הענגט עפּעס אין דער לופט. רואיק, שטיל, ווי געוויינטלעך... אין דער גאַנצער ריי הייזער, אָנהויבנדיק פון חיה רחל לוריע ביז קליאַפּן, זיינען די לאָדנס און טירן צוגעמאַכט. זייערע איינוואוינערס שלאָפן רואיק, ניט וויסנדיק, נעבעך, וואָס דער מאָרגן וועט פאַר זיי ברענגען...

אַריינקומענדיק אין שטאַב האָב איך זיך געמאָלדן פאַר דעם דעזשורנעם קאָמאַנדיר, וועמענס געזיכט האָט אויסגעדריקט אומרואיקייט און בייזקייט. איך באַקום גלייך אַ באַפעל אַראָפּצונעמען אַן אויטאָ פון נ. ז. (ד. ה. די אויטאָס וואָס ווערן באַנוצט נאָר אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן, ווי צ. ב. קריג אָדער אַנדערע אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונגען). אין דעם באַטאַליאָן האָב איך שוין 2 מאָל דורכגעמאַכט מיליטערישע רעזערוו־איבונגען (אַזוי אַז די אַלע זאַכן זיינען מיר שוין געווען באַקאַנט פון פריער). די אויטאָס זיינען געשטאַנען אויף בערל רודסקי׳ס הויף. צוקומענדיק דאָרטן האָב איך געפּרוווט לאָזן אין גאַנג די אויטאָס, איינעם נאָך דעם אַנדערן, נאָר, ליידער, אָן דערפאָלג. אין יעדער מאַשין האָט געפעלט אַן אַנדער טייל. ווייזט אויס, אַז דאָס האָבן די פריערדיקע שאָפערן אַרויסגענומען די טיילן צו די אַנדערע אויטאָמאָבילן, און די געלאָזן אַזוי שטיין... אין דער צייט האָט זיך געעפנט די טיר אין גראָדזשענסקיס הויז, און די פרוי כינקע איז אַרויסגעקומען. זי האָט מיר אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג, וואָס איך אַרבעט דאָ אין מיטן דער נאַכט, אָבער זי האָט מיר גאָרניט געפרעגט, ווייל מיר האָט באַוואַכט אַ רויטאַרמייער מיט אַ ביקס. זעענדיק, אַז איך וועל גאָרניט קענען מאַכן, מעלד איך דעם קאָמאַנ־

דיר, אז די מאַשינען קענען פאַר קיין פאַל ניט צוגעגרייט ווערן צום אָפּפאַר, ווייל עס פעלן אין זיי באַשטימטע טיילן. דער קאָמאַנדיר ווערט שטאַרק אויפגערעגט און זידלט: „עטאָ סאַבאָטאַזש, סוואָלאָטשי, ראַזסטרעליאַט וואָס (דאָס איז סאַבאָטאַזש, צושיסן אייך דאַרף מען, אויסוווּרפן!). אָבער טראָץ די זידלערייען פון קאָמאַנדיר ווילן זיך די מאַשינען ניט רירן פון אָרט... נאָך לאַנגע מאַטערניש און זוכעניש געלינגט מיר אויסצולייען אַ טייל ביי אַן אַנדער מיליטערישער פאָרמאַציע. דער קאָמאַנדיר לויבט מיין איינפאַל און באַפעלט מיר גלייך פאָרן צו די אָבסערוואַטאָרישע פונקטן און אַראָפּנעמען פון דאָרטן די סטאַנציאָנירטע סאָלדאַטן. די פונקטן זיינען געווען אין פאַרשיידענע נאָענטע דערפער אַרום גאָניאָנדז. אַרויספאָרנדיק זע איך אויפן מאַרק שטייען אַ גרופּע אידן און דיסקוטירן. מיט פאַרוווּנדערטע בליקן באַגלייטן זיי מיר, ניט פרעגנדיק וואָס האָט פּאַסירט. אויך זיי גלויבן נאָך מסתמא, אַז דאָס זיינען איבונגען, ווי אויך פיל רויטע אַרמייער האָבן אַזוי געגלויבט. די וועגן ווערן באָמבאַרדירט און זיינען פול מיט לעכער פון עטלעכע מעטער אין דער לענג און ברייט. איך מוז פאָרן דורך די פעלדער, ווייל דורכן שאָסיי איז אוממעגלעך דורכצופאָרן. עס ליגן צעקלאַפּטע מאַשין־געווער, טויטע פערד, בהמות, און אויך רויטע אַרמייער, וועלכע בעטן הילף. אָבער קיינער קימערט זיך ניט וועגן זיי, אַלץ לויפט ווייטער... מיין מאַשין וואַרפט זיך ווי אַ שיף אויפן ברויזנדיקן ים. דורכגעריסן זיך דורך פעלדער און וועלדער, צוגעקומען צו די פאַרשיידענע פונקטן, און איבערגעגעבן זיי דעם באַפעל פון שטאַב — אָפּטרעטן! די רויטע אַרמייער פאַרלאָזן שנעל זייערע פּלעצער איבערלאָזנדיק אַלע מיליטערישע איינריכטונגען אויף הפקר.

אָוונטצייט בין איך צוריקגעקומען קיין גאָניאָנדז. אין שטעטל הערשט אַ טויטע שטילקייט, די גאַסן ווי אויסגעשטאָרבן. אין די הייזער זעט מען ניט קיין ליכט. פינסטער אַרום און אַרום. אַ אומרואיקייט באַהערשט מיך. ס'ווילט זיך זייער זיין צווישן פריינט און באַקאַנטע. איך בעט מיין קאָמאַנדיר אַ דערלויבעניש צו גיין זיך זען מיט מיינע באַקאַנטע, נאָר אויף 10 מינוט. נאָר ליידער באַקום איך אַ פאַראָרדנונג צו בלייבן זיצן אין אויטאָ, ווייל עס איז אויסנאַם־צושטאַנד און פאַר דערוווייטערונג פון פלאַץ קומט „שיסן". טראָץ דעם האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך אַריינצוכאַפּן אויף אייניקע מינוטן צו מיינע גוטע פריינט, צו דער פאַמיליע פון משה לייזער גראַדזשענסקי, ווייל מיין אויטאָ איז געשטאַנען אויף בערל רודסקי'ס הויף. אָנקלאַפּנדיק שטיל, האָט מיר משה לייזערס פרוי געעפנט די טיר. איר געזיכט האָט אויסגעדריקט שרעק און יאוש. דאָס זעלבע האָט זיך אויך געמערקט אויף די געזיכטער פון די איבעריקע שטוב־מענטשן. שטילערהייט האָט זי מיר דערציילט, אַז אויך איר זון גדאַלקע איז מאָביליזירט געוואָרן צום רוסישן מיליטער און מיט אים נאָך עטלעכע: אָשר שיראַטעס (דער לערער), זיידל חזן (העניע פעשעס זון), אהרעלע רעזניצקי (ביילקע דער בעקערקעס זון), לייבל ברומער (יהושע דעם בלעכערס זון). אומגעפער 10 מינוט האָב איך פאַרבראַכט מיט דער פאַמיליע גראַדזשענסקי און מיט אַ פאַרקלעמטער האַרץ האָב איך זיי פאַרלאָזן, פילנדיק, אַז מער וועל איך זיי ניט זען. אַרויסגייענדיק האָב איך געהערט אַ טרויעריקן, האַרצרייסנדיקן, שטילן געוויין... איך שטעל זיך אָפּ לעבן מיין אויטאָ. אין דער גאַנצער שטעטל הערשט אַ טויטע שטילקייט. פונדערווייטנס הערן זיך אָפּטע אויפרייסונגען, וועלכע ווערן שטאַרקער און שטאַרקער — קענטיק, אַז די סכנה דערנענטערט זיך... אַ גרויסער מיטלייד דערוועקט זיך אין מיין האַרץ אויף די גאָניאָנדזער עלנטע אידן, וועלכע שלאָפן איצט, ווי עס ווייזט אויס, רואיק, ניט האָבנדיק קיין באַגריף וועגן דעם גרויסן אומגליק, וואָס שטייט זיי פאַר נאָך אפשר אין מאָרגנדיקן טאָג... אַ שטאַרקער ווילן האָט זיך דערוועקט ביי מיר זיך צו זען מיט פריינט און באַקאַנטע, וועלכע זיינען אַזוי נאָענט צו מיר און דאָך ווייט... עס הויבט אָן צו טאָגן. מיין קאָמאַנדיר לאָזט מיר פריי אויף 15 מינוט. מיין ערשטער וויזיט איז ביי מיין פריינט אידאַ רודסקי אין איר וווינונג אויף קאָשצעלנע גאַס, אין הויז פון ראובן דעם שוסטער. די לאָדנס צוגעמאַכט, אַ לייכטער קלאַפּ, און אידאַ עפנט מיר אויף די טיר מיט שרעק און נידערגעשלאָגנקייט. נאָכן רעדן עט־

לעכע ווערטער פרעגט זי: „וואָס וועט זיין? און וואָס טוט מען, זיידל? — „קיין ענטפער אויף אייערע פראַגן, אידאַ, קען איך ניט געבן" — האָב איך געענטפערט — „אָבער איך וואָלט אייך ראַטן, אַז איר זאָלט פאָרן קיין סוכאָוואָליע, צו אייער פריינט כהן, ווייל דאָ, אין גאָניאָנדז, האָט איר קיינעם ניט און איר פילט זיך עלנט". אַ שטאַרקער זיפץ און אַ שטילער ביטערער געוויין איז געווען איר ענטפער אויף מיין עצה... ווענדיק איר אַביסל דערמונטערן האָב איך איר געזאָגט ביים געזעגנען זיך, אַז אויך אין אַ שלעכטער צייט דאַרף מען דעם מוט ניט פאַרלירן. און עס קען מעגלעך זיין, אַז ווען איך וועל איבגיכן אייך באַזוכן אַ צווייטן מאָל, וועלן מיר דערציילן אין פריידן וועגן די פאַרגאַנגענע ליידן. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „הלואי".

אַרויסגייענדיק אין גאַס, איז מיר אַנטקעגן געקומען דער קצב לייבל טיקאָצקי, פרעגנדיק: „וואָס וועט זיין, זיידל?" גלייך זיינען אויך צוגעקומען זיידל סידראַנסקי, חוה פורמאַן, משה פייוול ביאַלאָסוקענסקי און נאָך עטלעכע אידן און מ'האָט אָנגעהויבן רעדן „פאָליטיקע". איך האָב זיך אַרויסגערוקט און אַריין צו מיין פריינט יאַנקל מאַנקאָווסקי, וועלכער איז געווען פול מיט צער און עגמת־נפש. מיט דער ברכה „להתראות בארצנו" שיידן מיר זיך און איך גיי באַזוכן די פרוי פון מיין טייערן פריינט זעליג נעוואָדאָווסקי, וועלכער האָט געמוזט פאַרלאָזן גאָניאָנדז, אין דער צייט פון דער סאָוויעטישער הערשונג, צוליב זיין ציוניסטישער טעטיקייט. אויך זייער זון לייזער, אַ באַגאַבטער תלמיד פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין ביאַליסטאָק, איז ניט געווען אין דער היים אין דער צייט. אין דער היים זיינען געווען נאָר די פרוי פאַניע נעוואָדאָווסקי, מיט זייער קליינער טעכטערל. די פרוי נעוואָדאָווסקי האָט מיר באַגעגנט מיט אַ געוויין, פרעגנדיק וואָס זאָל זי טאָן? זי איז אַליין, זי ווייס ניט ווו זעליג געפינט זיך, און אויך פון איר זון האָט זי ניט קיין שום ידיעה... איר וויינען רייסט מיין האַרץ אויף שטיקער. איך פרוביר איר באַרואיקן, אָבער עס איז אוממעגלעך. מיט אַ צעבראָכענע האַרץ געזעגן איך זיך מיט איר און מיט איר טעכטערל און איך לויף שנעל אין שטאָב אַריין. קומענדיק אין שטאַב באַקום איך אַ באַפעל אָפּצופאָרן אין דער ריכטונג צו ביאַליסטאָק. מאָנטיק, דעם 23־טן יוני 1941, 10 אַ זייגער פרי, פאַרלאָז איך מיין שטעטעלע גאָניאָנדז.

אויפן מאַרק שטעלן מיר זיך אָפּ אַ ווײַלע. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט זייער פיל האַרציקע פריינט און באַקאַנטע, וועלכע זיינען געקומען זיך זעגענען מיט מיר. איינער אַן עלטערער איד שרייט מיר נאָך אויפן קול: „יברכך ה' וישמרך בדרכך אשר אתה הולך בה, שלום!". אין יעדער צייט פון אַ סכנה האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער קלאָר און דייטלעך די ווערטער פון דעם אַלטן אידן. מיין אויטאָ הויבט זיך אָן צו רירן לאַנגזאַם. עס הערט זיך אַ געוויין... אויך פון מיינע אויגן גיסן זיך די טרערן אָן אויפהער. אפילו דער קאָמאַנדיר איז געוואָרן גערירט פון דעם וואָס עס קומט פאָר אַרום אונדז... מיר פאָרן דורך ביים בית־עולם אין דער ריכטונג צו דער סטאַציע מאָנקי. די טויערן פון בית־עולם זיינען האַלב געעפנט. אַ שטאַרקער ווילן האָט זיך אין מיר דערוועקט, אַרויפצוגיין אויפן בית־עולם און זיך זעגענען מיט טאַטע־מאַמע. אָבער דער קאָמאַנדיר זאָגט, אַז ווען דאָס לעבן איז אין געפאַר טאָר מען צו קיין טויטע ניט גיין. נאָר אין דער טיפעניש פון האַרצן נעם איך אָפּשייד פון טאַטע־מאַמע און פון אַלע פריינד און באַקאַנטע...

אַזוי האָב איך פאַרלאָזן מיין געבורטס־שטעטעלע גאָניאָנדז, און צוזאַמען מיט איר אויך מיינע יוגנט־פריינט, מיט וועלכע איך האָב פאַרבראַכט מיינע פאַרגאַנגענע יאָרן. מיט אַ צעבראָכענער האַרץ און מיט גרויס צער און ווייטאָק שייד איך זיך מיט אייך, מיינע טייערע, ווייסנדיק, אַז גרויס, זייער גרויס, איז די סכנה, וועלכע שטייט אייך פאָר. און ווער ווייס, צי מיר וועלן זיך נאָך זען אַמאָל. אָבער אייער אָנדענק וועט זיין איינגעקריצט אין מיין האַרצן אויף אייביק...

מינכען, ח' סיון תשט"ז (18.5.56).



טוביה עברי (יעוורייסקי)

# חורבן גאניאנדז

געווידמעט:

דעם אָנדענק פון מיין אומפאַרגעסלעכן פאָטער חייקל יעוורייסקי, אַ דאַנק וועמען איך מיט מיין ברודער אין שוועסטער זיינען לעבן געבליבן פון די היטלעריסטישע גרוילן.

אין רעזולטאַט פון די שוידערלעכע איבערלעבענישן איז ער שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן כ״ב בשבט תש״ה (דעם 5־טן פעברואַר 1945) אין ביאַליסטאָקער שפיטאָל, זייענדיק שוין אויף דער פרייהייט.

דעם אָנדענק פון מיין אומפאַרגעסלעכער מוטער חנה יעוורייסקי (פון דער היים — חטיבה), וועלכע האָט דעם גאַנצן לעבן זיך מקריב געווען פאַר אירע קינדער און אין טאָג פון דער ליקווידאַציע פון גאָניאָנדזער אידנטום, דעם 2־טן נאָוועמבער 1942, איז זי אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז אויף אייביק, אַן איינזאַמע אין עלנטע.

כבוד זייער אָנדענק!



חייקל יעוורייסקי



חנה יעוורייסקי

## 1־טער קאַפּיטל

דער שרעקלעכער סיגנאַל פון היטלעריס־טישן באַרבאַרישן אָנפאַל אויף רוסלאַנד איז דערגאַנגען גלייך אין די פרימאָרגן־שעה'ן פון זונטיק דעם 22־סטן יוני 1941, צו גאָניאָנדז. אַ כאַאָס און אַ פּאַניק האָבן אַרומגענומען די שטעטל: די רויטאַרמייער לויפן אַרום ווי צע־מישטע, יוגנטלעכע גרייטן זייערע ראָווערן צו אַנטלויפן אין דער ריכטונג צו רוסלאַנד, בעלי־עגלות פאָרן אַרויס מיט זייערע משפחות און פאַרמעגן אין די דערפער. די פרויען און קינ־דער פון די סאָוויעטישע קאָמאַנדירן עוואַקו־אירט מען אויף לאַסט־אויטאָמאָבילן קיין רוס־לאַנד. די רייען ביי די קאָאָפּעראַטיוון *) ציען זיך לאַנג און ווייט. די באַפעלקערונג פון שטעטל איז צעטומעלט און נערוועז... אַנדערע פּאַקן איין זייערע האָב און גוטס און זיינען גרייט צו פאַרלאָזן די שטעטל.

דייטשישע עסקאַדרעס באָמבערס פליען אַרום אין משך פון גאַנצן טאָג און ווען־ניט־ווען הערן זיך פונדערווייטנס אויפרייסן פון די אַראָפּגעוואָרפענע באָמבעס. איבערהויפּט קאָנצענטרירן זיך די באָמבערס איבער דער פעסטונג אָסאָוויעץ, צילן איינציקווייז אין בריק פון דער באָברע, וואָס פאַרבינדט דעם צווייטן פּאַרט מיטן דריטן. דורכפליענדיק איבער גאָנ־יאָנדז לאָזן זיך עטלעכע באָמבערס אַראָפּ נידעריק און באַשיסן גרופּן מענטשן מיט זייערע מאַשין־געווער.

זונטיק פאַרנאַכט האָט דער גאָניאָנדזער שטאָטראָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וועגן אַ זאָפאָרטיקע מאָביליזאַציע פון אַלע בירגער וואָס האָבן דורכגעמאַכט מיליטער־דינסט. דער גרעסטער טייל פון די אויבנדערמאָנטע איז אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. בלויז אַ קליי־נער טייל, זעענדיק די גרויסע פּאַניק וואָס האָט באַהערשט די אַרמיי, האָט ריזיקירט און גע־בליבן אויפן אָרט.

מאָנטיק, דעם 23־סטן יוני, האָבן שוין די דייטשישע אַרטילעריע־באָמבעס זיך אויפגעריסן

*) קאָאָפּעראַטיוון — רעגירונגס־געשעפטן.

אַ מיטינג אויפן גאָניאָנדזער מאַרק אין טאָג פון פּוילנ'ס באַפרייאונג, דעם 11־טן נאָוועמבער 1935



נעבן טייך, די שיסעריי האָט זיך פאַרשטאַרקט, און די באַפעלקערונג הייבט אָן פאַרלאָזן די שטעטל: ווער אויף אַוואָגן וועלכן ער האָט נאָך באַוויזן דינגען ביי אַדאָרפישן קריסט, ווער מיט אַפּאַק אויף דער פּלייצע, ווער מיט אַקלענערן פּעקל אין האַנט און ווער ליידיק אויף אַראָווער. מען לויפט און מען פאָרט אין די אַרומיקע דערפער און קאָלאָניעס אויסבאַהאַלטן זיך פון דער שיסעריי.

גאַנץ גאָניאָנדז איז געוואָרן אַרומגערינגלט מיט רויטאַרמייער, וועלכע ליגן פאַרשטעקט אין די תבואה־פעלדער אין דער גרויסער היץ, באַקן זיך אויף דער זון און בעטן ביי די ציווילע אַנטלויפנדיקע מענטשן פון שטעטל אַטרונק וואַסער... ליידער, האָט קיינער ניט קיין וואַסער, אויב אימיצער טראָגט יאָ אַקרוג אין האַנט האָט ער דאָרט נאַפט אָדער אויל.

פאַרנאַכט האָט זיך די שיסעריי פאַרשטאַרקט אין שטעטל. ס׳קומט פאָר אַקעגנזייטיקע שיסעריי פון מאַשין־געווער. די אידן אויף די קאָלאָניעס און דערפער האָבן זיך געשעצט גליקלעך, וואָס זיי האָבן באַצייטנס פאַרלאָזן די שטעטל און געפינען זיך אויסערן פייער.

דינסטיק איז געוואָרן שטילער די שיסעריי. די רויטאַרמייער האָבן זיך אָנגעהייבן דערווייטערן פון שטעטל. די פּאָליאַקן, זעענדיק דידאָזיקע לאַגע האָבן זיך געלאָזט פון דער אומגעגנט אין שטעטל אַריין, האַלב נאַקעטע און באָרוועסע — צו רויבן. מען האָט געשלעפּט פון די קאָאָפּעראַטיוון קליידונג, ציווילע און מיליטערישע, שיך, מאַנופאַקטור, לעבנסמיטל, זעק צוקער, מעל א. ד. גל. די אַרטילעריע־באָמבעס, וואָס זיינען געפאַלן אין שטעטל און עקספּלאָדירט נעבן זיי, האָבן זיי ניט איבערגעשראָקן. זיי זיינען אָן אויפהער אַרומגעלאָפן הין־און־צוריק ווי אויסגעהונגערטע וועלף נאָך רויב. ענדלעך איז דורכגעגאַנגען אַקליינע גרופּע רויטאַרמייער די שטעטל, און זעענדיק די רויבערייען האָבן זיי געעפנט אַשיסעריי אויף אַגרופּע רויבערס. פון די קוילן זיינען עטלעכע געפאַלן טויט און דער מערהייט איז געלונגען צו אַנטלויפן מיט די גערויבטע פּעקלעך אין די הענט.

די שטעטל האָט אויסגעקוקט ווי נאָך אַפּאָגראָם. די טירן און פענצטערס צעהאַקט, מאַסן פאַרשידענע סחורות האָבן זיך געוואַלגערט נעבן די קאָאָפּעראַטיוון.

אַרום שטעטל איז צו מערקן וואָלקנס פון רויכן... די דייטשישע אַרטילעריע־שאָסן דויערן ווייטער. די פעסטונג אָסאָוויעץ ברענט.

די זעלבע לאַגע האָט אָנגעהאַלטן אויך מיטוואָכדיקן טאָג. ערשט פאַרנאַכט האָבן די רויטאַרמייער גענומען פאַרלאָזן אינגאַנצן די אומגעגנט. דאָס אָפּטרעטן האָט געדויערט די גאַנצע נאַכט און דאָנערשטיקן פרימאָרגן. דערפילנדיק אַז עס איז שטילער געוואָרן אין שטעטל און די רויטע אַרמיי איז שוין פון דאָרט אָפּגעטראָטן, האָבן שוין די אידן אָנגעהייבן ביסלעכווייז גיין צוריק אַהיים, כדי די פּאָליאַקן זאָלן ניט צעשלעפּן און אַוועקרויבן אַלץ וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין זייערע הייזער.

## 2־טער קאַפּיטל

די פּוילישע באַפעלקערונג האָט „אויפגערוימט" אַלץ וואָס עס איז איבערגעבליבן אין די געוועזענע סאָוויעטישע קאָאָפּעראַטיוון. פון אַנדערע אידישע וווינונגען, ווו די פּאָליאַקן האָבן ניט באַוויזן אין איילעניש אַרויסצושלעפּן די מעבל און אַריבערפירן אין דאָרף, האָבן זיי פאַרכאַפּט טירן און פענצטערס... מיט איין וואָרט: זיי האָבן גוט אויסגענוצט די צייט פון דער אידישער אָפּוועזנהייט. אַשמחה און אַגדולה איז אַרויף אויף זיי: „גאָט צו דאַנקען! שוין פטור געוואָרן פון די זשידאָווסקע קאָמוניסטן, די באָלשעוויקעס". אין אַזאַ שטימונג און מיט אַזעלכע דיבורים האָבן זיי באַגעגנט די אידן וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין גאָניאָנדז. אין שטעטל האָט געהערשט אָנמאַכט און פאַרלוירנקייט. אַליאַדע שעה האָט מען זיך געריכט אויף די דייטשן.

דאָנערשטיק דעם 26־סטן יוני איז אַרויס אַקלאַנג אַז ביים גלח אויפן הויף האָבן זיך שוין באַוויזן דייטשישע מאָטאָציקליסטן. די אויסגעפּוצטע שפּאַצירנדיקע פּאָליאַקן האָבן זיך פלוצלינג מאַסנווייז אַלאָז געטאָן צום גלח. די אידן זיצן אַלע פאַרשפּאַרט אין די הייזער.

נאָך ניט באַוויזן זיך אויסצופּאַקן, עפּעס אָפּ־קאָכן צום עסן, קוקן זיי אַרויס דורך די פענצטערס מיט איבערגעשראָקענע בליקן, צי מען זעט נאָך ניט די דייטשן. פּלוצלינג באַוויזט זיך אין גאַס אַ דייטשישער זעלנער אויף אַ מאָטאָציקל. אַלע פּאַליאַקן, פון קליין ביז גרויס, לויפן מיט אַלע כוחות אים אַנטקעגן. עס דויערט ניט קיין פּאָר מינוט און אַרום דייטש איז שוין שוואַרץ פון פּאַליאַקן. צוויי אויסגעפּוצטע שיקסעלעך, דעם אַלטן בריוו־טרעגערס סאָבאָטקי, טראָגן אים צו בוקעטן בלומען. אַלע אַרום־שטייענדיקע פּאַליאַקן הויבן אויף דעם דייטש אין דער הויך אין באַגלייטונג פון גרויסע אויסגעשרייען: „זאָל לעבן היטלער אונדזער באַפרייער!" „נידער מיטן קאָמוניזם!" „אַ טויט סטאַלינען!" „זאָל לעבן היטלערס מעכטיקע אַרמיי!". גלייך נאָכדעם לאָזט זיך דער גרעסטער טייל פון די יוגנטלעכע מיט העק און לאָמען אין די הענט צום מאַרק פון שטעטל, וווּ ס'איז געשטאַנען די טריבונע פון דער רויטער אַרמיי. אויף איר פלעגן ווערן אָפּגענומען אַלע יום־טוב'דיקע פּאַראַדן. די פּאַליאַקן צערייסן איר אויף שטיקער, נאָכדעם גיסן זיי אַרויף נאַפט און צינדן איר אונטער. אַ שמחה הערשט ביי זיי: „פאַרברענט שוין דעם זכר פון באָלשעוויזם". דער המון פאַרגרעסערט זיך אַלץ מער און מער און עס הערן זיך געלעכטערס, איראָנישע אויסרופן און ענדלעך געזאַנגען...

### 3־טער קאַפּיטל

די פּוילישע באַפעלקערונג האָט אָנגעהייבן גלייך זאָרגן וועגן שאַפן אַ מאַכט אין שטעטל, כדי „עס זאָל ניט הערשן קיין אַנאַרכיע און קיין רויבערייען". עס איז אַלזאָ צונויפגערופן געוואָרן אַ זיצונג אין געוועזענעם מאַגיסטראַט וואָס געפינט זיך אויף אַלטן מאַרק.

צו דער זיצונג זיינען געקומען די פּוילישע אינטעליגענץ און דעה־זאָגערס פון שטעטל. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ שטאָטראַט אָן דער שפּיץ פון וועלכן עס איז געשטאַנען יאַן באַלאַנאָווסקי אַלס בירגערמייסטער און קעמפּאַ אַלס סעקרעטאַר.

מוכא (פּאָטאָצקי אַדאַם) איז נאָמינירט געוואָרן אַלס פּאָליציי־שעף, און ער האָט גלייך געבילדעט די שטאָט־פּאָליציי פון אַ פּאָר צענדליק פרייוויליקע באַנדיטן. די האָבן גלייך אָנגעטאָן ווייסע לענטעס מיט אַ שוואַרצן האַקן־קרייץ אויפן לינקן אַרבל און זיך גענומען צו דער אַרבעט... צענדליקער פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן מיט ווייסע לענטעס אויף די אַרבל און שטעקנס אין די הענט. די פּוילישע יוגנט האָט אָנגעפילט די גאַסן און געסלעך, און די אידן זיינען געזעסן אין מורא און פּחד אין די הייזער און געציטערט דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן פון פענצטער. זעלטן ווו אַ איד האָט זיך פאַרגנב'עט אין אַ הינטער־געסל און זיך דורכגעריסן אין דאַרף אָדער אין גוזע *) צו אַ באַקאַנטן קריסט נאָך אַ שטיקל ברויט אָדער אַ טאָרבע קאַרטאָפל פאַר זיין הונגעריקער משפחה. אויפן מאַרק פון שטעטל האָט זיך קיין איד ניט באַוויזן. אויך דאָנערשטיקער טאָג איז דורכגעגאַנגען רואיק.

פּרייטיק אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן אויפן מאַרק פון שטעטל פיל דייטשישע זעלנער, וואָס האָבן דורכגעמאַרשירט אין דער ריכטונג צו גראָדנע, ד. ה. צום פראָנט. די פּאַליאַקן שטעלן זיך אַרום יעדן זעלנער באַזונדער, וואָס רוט זיך אָפּ אינמיטן גאַס פון זיין לאַנגן וועג. זיי טראָגן אים צו וואַסער, פּוצן זיין ראָווער און פּאָמפּעווען אָן די רעדער. מיט איין וואָרט: זיי פאַרזיכערן אים עס זאָל אים חס וחלילה קיין בייז ניט טרעפן, ער זאָל קענען גוט קעמפן קעגן די באָלשעוויקעס. דער דורכמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי האָט געדויערט אָן אויפהער ביז שבת נאָכמיטאָג.

אין שטעטל איז ווידער רואיק געוואָרן. ווידער איז די מאַכט געווען אין די הענט פון די פּאַליאַקן. זיי האָבן רעגירט מיט דער שטעטל.

אַזוי ווי ס'איז שוין דורכגעגאַנגען אַ היפּשע צאָל טעג ווי די פּאַליאַקן זעען ניט קיין „זשידקעס" פאַר זייערע אויגן, האָט זיי זיך היינט — לכבוד שבת — פאַרגלוסט מאַכן אַ „זעאונג" מיט עטלעכע אידן.

ס'איז אַרויס אַ באַפעל פון גאָניאָנדזער

*) גוזע — גאָניאָנדזער פאָרשטעטל.



אַריינגאַנג צום גאָניאָנדזער מאַרק דורך טיפּלע־גאַס

שטאָטראַט צו דער פּאָליציי: ברענגען אין מאַגיסטראַט אייניקע אידן וואָס זיינען ביי זיי געווען פאַררעכנט פאַר קאָמוניסטן. אין מאַגיסטראַט האָט מען זיי שטאַרק צעשלאָגן און געהייסן גיין אַהיים. גאַנץ אַנדערש האָט שוין אויסגעזען די לאַגע צומאָרגנס, זונטיק דעם 29־סטן יוני 1941. די אָרטיקע „מאַכט״ האָט אַרויסגעשיקט אַלע פּאָליציאַנטן, זיי זאָלן ברענגען אין מאַגיסטראַט אַ היפּשע צאָל אידן לויט אַ געגעבענער ליסטע.

די פּאָליציאַנטן האָבן זיך בליץ־שנעל אַ לאָז געטאָן איבער די אידישע הייזער, הויפן און געסלעך און געשלעפּט די געפּאַדערטע אידן אין מאַגיסטראַט אַריין. די האָבן געזאָלט זיין „קאָמוניסטן און סאָוויעטישע אַקטיוויסטן: יאַנקל אליהו׳ס *), לייבל בצלאל׳ס, אברהמ׳קע דער גלעזער מיט דער גרויער באָרד, העניע חזן א. אַנ.

מען האָט צוזאַמענגעקליבן קרוב דרייסיק אַזוינע „קאָמוניסטן״ אין לאָקאַל פון מאַגיסטראַט. די פּאָליציי האָט זיי דאָרט שרעקלעך געפּייניקט און מערדערלעך צעשלאָגן. נאָכדעם האָט מען אַלע געהייסן גיין אַהיים, אויסער איינצלנע וועלכע מען האָט פאַרהאַלטן. די יונגטלעכע האָבן נאָך ווי־עס־איז געקענט גיין אויף די פיס, אָבער די אַלטע אידן מיט די בערד האָבן געמוזט גיין מיט דער הילף פון זייערע נאָענטע וואָס האָבן זיי געהאַלטן אונטער די אָרעמס. ניט איינער פון זיי האָט אַ לענגערע צייט אָפּגעקרענקט פון די וווּנדן און שרעקלעכע קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען אויף זיין גאַנצן קערפּער. נאָך דער „שטיקל אַרבעט״ האָט דער שטאָטראַט געמאָלדן דער אידישער באַפעלקערונג אַט־וואָס:

„יעדער איד מוז קומען דריי מאָל אַ טאָג זיך מעלדן אין מאַגיסטראַט; אין קעגנפאַל דראָט אים אַ קויל אין קאָפּ״. אַ פאַרלייכטערונג איז געמאַכט געוואָרן פאַר די שווער־פאַרוווּנדעטע: זיי האָבן געקענט פאַרטראָטן ווערן, ביים מעלדן זיך, דורך זייערע נאָענטע פון דער משפחה. אויסער דעם איז צוו. אַנד. געמאָלדן געוואָרן, אַז יעדער איד איז פאַרפליכטעט גיין טאָג־טעגלעך אויף צוואַנגס־אַרבעט. די באַאומרואיקונג און שרעק פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט אָנגעהייבן וואַקסן אַלץ מער

*) יאַנקל אליהו׳ס — דער אַלטער גבאי פון בית־מדרש.

און מער. אייניקע אידן האָבן געפּרוווט אַנטלויפן אין אַ נאָנטע שטעטל, ווו מען קען זיי ניט, אַנדערע — אין ביאַליסטאָקער געטאָ, כאָטש זיך דערשלאָגן אַהין איז אויך געווען לעבנס־געפערלעך, און אַנדערע, מערסטנטיילס בעלי־מלאכות — אין דערפער ביי פּויערים.

טאָג־טעגלעך פלעגן גיין מחנות יוגנטלעכע צו דער אַרבעט: ביי שאָסייען־בוי, רואינעס אָפּרוימען און שטיינער האַקן, אונטער דער אויפזיכט פון פּוילישע פּאָליציאַנטן מיט נאַהייקעס אין די הענט, וועלכע פלעגן זייער אָפט „שפּאַצירן" איבער די אידישע קעפּ.

דידאָזיקע לאַגע האָט אָנגעהאַלטן אייניקע טעג, ביז דעם טרויעריקן „שוואַרצן פרייטיק" (3.7.1941).

4־טער קאַפּיטל

דאָנערשטיק האָט די פּוילישע פאַרוואַלטונג פון גאָניאָנדז אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע מעלדונג: „אַלע אידן, וואָס געפינען זיך אויף די דערפער, מוזן זיך גלייך צוריקקערן אין שטאָט. אין פאַל ווען ביי וועלכן ס׳איז פּויער וועט מען געפינען אַ איד, וועלן ווערן דערשאָסן דער איד מיטן פּויער צוזאַמען".

די מעלדונג האָט אַרויפגעוואָרפן אַ גרויסע שרעק אויף די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן אַרויסגעטריבן אַלע אידן, וואָס האָבן זיך ביי זיי געפונען, צוריק אין שטאָט אַריין. פרייטיק, דעם דריטן יולי, אינדערפרי, האָבן די באַאַמטע פון שטאָטראַט, בעת דער פרימאָרגן־קאָנטראָל פון די אידן, געמאָלדן: „צען אַזייגער פרי דאַרפן אַלע אידן אַרויסגיין אין גאַס, אויפן מאַרק פון שטעטל".

דער קלאַנג האָט זיך תיכף פאַנאַנדערגעשפרייט צווישן דער אידישער באַפעלקערונג און אַ פערטל פאַר צען האָט מען זיך שוין אָנגעהייבן זאַמלען אויפן גאַס.

וואָס עס איז געווען דער צוועק פון דעם האָט קיינער ניט געוווּסט. אַנדערע פּאָליאַקן האָבן באַרואיקט די מאַסן און געזאָגט אַז דער דייטשישער אָפיציר, וואָס איז געקומען מיט זיינע באַגלייטערס אין די צוויי טאַקסעס, וויל האַלטן פאַר די אידן אַ רעדע. אַ טייל מענטשן האָבן דערין געגלויבט און אַנדערע האָבן געזאָגט: „מ׳שטיינס געזאָגט וואָס פאַר אַן אינטערעס עס קען מיט אונדז האָבן דער דייטשישער אָפיציר אַז ער זאָל נאָך פאַר אונדז רעפעראַטן האַלטן". עס האָט ניט געדויערט קיין האַלבע שעה און אַלע אידן זיינען שוין געווען אויסגעשטעלט אויפן גאַס. ווער ס׳איז ניט געקומען מיטן אייגענעם ווילן האָט די פּאָליציי אים געשלעפּט מיט געוואַלט. ס׳האָט זיך אָנגעהייבן אַן אָבלאַווע איבער אידן אין אַלע אידישע הייזער, הויפן, שטעלער, בוידעמס א. ד. גל. מענער, פרויען, קינד און קייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָבן זיך געלאָזט אין יעדן ווינקעלע, אין יעדן קעמערל זוכן אידן. ווען קליינע שקצים׳לעך האָבן ערגעץ־ווו באַמערקט אַ אידיש קינד, האָבן זיי גלייך געלאָפן צו וויסן געבן וועגן דעם דער פּאָליציי, און מען האָט באַלד געבראַכט צו שלעפּן דעם איד שלאָגנדיק אים אויפן גאַנצן וועג, ביז צום אויסגעשטעלטן המון אויפן מאַרק־פּלאַץ.

נאָך צען אַזייגער האָבן זיך פּלוצלינג באַוויזן אַרויסגייענדיק פון זאַבלאָצקישעס רעסטאָראַן, נעבן וועלכן עס זיינען געשטאַנען די טאַקסעס, אייניקע דייטשישע אָפיצירן.

זייער ערשטער באַפעל, צום אידישן אויסגעשטעלטן המון, איז געווען: „די אידישע פרויען זאָלן זיך איזאָלירן פון די מענער און אויסשטעלן זיך אָן דער זייט".

ווען דער באַפעל איז מאָמענטאַל אויסגעפירט געוואָרן האָט דער עלטסטער פון די אָפיצירן באַפוילן: „אַלע מענער זאָלן זיך אויסשטעלן אין צוויי רייען, איינע הינטער דער צווייטער". ווען עס זיינען אַקעגן אים אַנטשטאַנען צוויי מענער שורות האָט ער געהייסן אַרויסטרעטן די פריזיערס.

ביידע גאָניאָנדזער פריזיערס האָבן זיך צו אים גלייך געמאָלדן. דער אָפיציר האָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלן, לויטן סדר פון דער שורה, אָפּשערן אַלע אַלטע אידן די בערד און די יוגנטלעכע — די לאַנגע פריזורן. די פריזיערס האָבן זיך גענומען בליץ־שנעל צו דער באַפוילענער אַרבעט.

אַ גרויסער המון פּאָליאַקן שטייט גרייט מחנות׳ווייז אַקעגן די אידישע צוויי שורות, מיט שטעקנס און נאַהייקעס אין די הענט, און

ווערט צעשמאָלצן פון שמחה צוקוקנדיק זיך צו די אידישע אויסגעשטעלטע רייען. דער געסטאַפּאָ־אָפּיציר גיט דעמאָלט די פּאָליאַקן פאָלגנדיקן באַפעל: „אויסקלייבן אַלע קאָמוניסטן און קאָמסאָמאָלצעס פון די צוויי שורות און שטעלן זיי אין אַ באַזונדערע שורה". אויף די ווערטער האָט זיך אָפּגערופן דער וויצע־בירגערמייסטער און סעקרעטאַר פון שטאָטראַט — קעמפּאַ:

„צוואָס דאַרף מען נאָך קלייבן פון זיי, אַלע אידן זיינען קאָמוניסטן, איינער איז ניט בעסער פון אַנדערן. מען דאַרף אַלע געשלאָסענערהייט אַריינטרייבן אין טייך און דערטרינקען". ער פאַרענדיקט מיט אַן אויסגעשריי: „ווייזט ניט קיין וועג פון אויסקלייבן".

די אויגן פון דער גאַנצער פּוילישער באַנדע, מיט די שטעקנס אין די הענט, זיינען געווען געווענדט צום געסטאַפּאָ־אָפּיציר און געוואַרט אויף אַן ענטפער. זעענדיק אָבער אַז ער ענדערט ניט זיין באַפעל אויף דער אינטערווענץ פון קעמפּאַ, האָבן זיי זיך גענומען צו דער „אַרבעט".

די גאַנצע מחנה פּאָליאַקן האָט זיך אַלאָז געטאָן צו די אויסגעשטעלטע אידן און אָנגעהויבן שלעפּן „קאָמסאָמאָלצעס". דאָ האָבן זיי געהאַט די בעסטע געלעגנהייט אויסצונוצן דעם פּריוואַטן און אַלגעמיינעם כעס אויף די אידן, ווייל יעדער פּאָליאַק איז געווען באַגלויבט. האָט ער געהאַט אַ פּערזענלעכע שנאה צו וועלכן ניט־איז איד, איז ער צוגעגאַנגען צו אים און געשלעפּט אים צו דער שורה פון די „קאָמסאָמאָלצעס און קאָמוניסטן". דורכגייענדיק די שטיקל וועג צו דער נייער שורה האָבן די דייטשישע געסטאַפּאָ־אָפּיצירן מערדערלעך געשלאָגן. דעם גרעסטן כעס האָבן זיי אויסגעלאָזט צו די ניי־צוגעקומענע אידן וואָס די פּאָליציי האָט אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן און געבראַכט אין דעם מאָמענט צום פּלאַץ. שטעקנס זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן איבער זייערע קעפּ און די געשרייען און קרעכצן פון די אומגליקלעכע האָבן פאַרהילכט דעם גאַנצן מאַרק־פּלאַץ. די אידן זיינען דערשיטערט געוואָרן צוזעענדיק אַזאַ שרעקלעכן בילד.

די תחנונים פון די אידן צו די פּאָליאַקן: זיי זאָלן זיי ניט אַריבערפירן אין דער שלעכטער שורה, זיינען געווען האַרצרייסנדיקע. אָט הערט מען ווי אַ אידישער בחור בעט זיך ביים קריסט: „זאָג אַליין, פאַרוואָס שלעפּסטו מיך? האָב איך דיר אַמאָל עפּעס שלעכטס געטאָן?" „קום, פּשאַ קרעוו!" *) — ענטפערט דער פּאָליאַק: „האָסט מיר איינמאָל דורך דעם טויער אין אָסאָוויעץ ניט געוואָלט דורכלאָזן". „ווו, ווען?", פרעגט דער איד מיט טרערן, „איך בין דאָך קיינמאָל ביים טויער ניט געשטאַנען, ווי קענסטו אויף מיר אַזוינס זאָגן?" „קום! פרעג ניט פאַרוואָס, פּשאַ קרעוו!" גיט אַ געשריי דער פּאָליאַק און גיט אים אַ שלעפּ אַרויס פאַר די קליאַפּעס פון דער שורה און שטויסט אים אין דער ריכטונג צו דער „שלעכטער" שורה. אויפן וועג ווערט נאָך דער אידישער בחור באַגלייט מיט קלעפּ פון אַנדערע פּאָליאַקן און פון די געסטאַפּאָ־אָפּיצירן. אַ צעשלאָגענעם, צעבלוטיקטן שטעלט מען אים ענדלעך אַריין אין דער „קאָמוניסטישער" שורה. דער אָפּשטאַנד צווישן ביידע שורות איז געוואָרן אַלץ מער און מער אויסגעווייקט פון אידיש בלוט, וואָס די מערדערס האָבן פאַרגאָסן דורכפירנדיק יעדן באַזונדער.

אין משך פון צוויי שעה איז פאַרענדיקט געוואָרן די סעלעקציע. פאַר די אויגן פון דער גאַנצער באַנדע זיינען געשטאַנען צוויי אָפּטיילונגען מיט אידן אויסגעשטעלטע אין שורות. אויף דער פראַגע פון געסטאַפּאָ־אָפּיציר צום בירגערמייסטער באַלאָנאָווסקי — וועלכע זיינען די קאָמוניסטן? האָט באַלאָנאָווסקי געענטפערט: „אַלע אידן זיינען קאָמוניסטן. נאָר די (אָנווייזנדיק אויף די איבערגעבליבענע) — זיינען ניט קיין אָפּיציעלע, און די (אָנווייזנדיק אויף די סעלעקטירטע) — זיינען אָפּיציעלע קאָמוניסטן". דעמאָלט האָט דער געסטאַפּאָ־אָפּיציר געזאָגט: „די ניט־אָפּיציעלע קאָמוניסטן שיקט אַוועק אַרבעטן און מיט די אָפּיציעלע קענט איר טאָן וואָס איר ווילט". ער האָט זיך נאָכדעם גלייך אַריינגעזעצט מיט די איבע־

*) „פּשאַ קרעוו" — הינטיש בלוט.

ריקע אָפּיצירן אין די טאַקסעס און פאַרלאָזן די שטעטל.

די פּאָליאַקן האָבן זיך אַלזאָ גענומען צו דער „אַרבעט": די „ניט־אָפּיציעלע קאָמוניסטן" האָט מען אַוועקגעטריבן אויף אַרבעט צום שאָסיי, אונטער דער אויפזיכט פון פיל יוגנטלעכע געזונטע פּאָליאַקן מיט שטעקנס און באַהייקעס אין די הענט. ווען אויפן גאַס איז געוואָרן פרייער, האָט דער המון צעבושעוועטע פּאָליאַקן באַפוילן די אידישע פרויען אויסשטעלן זיך אין אַ ריי, געגעבן זיי אין די הענט בילדער פון סאָוויעטישע גדולים: לענין, סטאַלין א.אַ.וו., געהייסן זיי האַלטן די בילדער מיט די קעפּ צו דער ערד, מאַרשירן איבער די גאַסן און זינגען סאָוויעטישע לידער. די פּאָליאַקן זיינען פאַר גרויס שמחה צעשמאָלצן געוואָרן. זעלטן ווען אין זייער לעבן האָבן זיי געהאַט אַזאַ סאַטיספאַקציע און אַזאַ גליקלעכן טאָג. צום שלוס האָבן זיי זיך גענומען צו דער שורה „קאָמוניסן און קאָמסאָמאָלצעס", וועלכע האָט געציילט קרוב צוויי הונדערט מאַן. נאָך אַ קורצן געשפּרעך צווישן די „גדולים" פון שטעטל איז אַ גרויסע באַנדע מיט שטעקנס אין די הענט אַוועק אין דער שמאָלער בית־מדרש־געסל. דאָרט האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייען פון ביידע זייטן פון געסל.

די אומגליקלעכע אידן פון דער שורה, פאַרפייניקטע, דערשלאָגענע, די אויגן פול מיט טרערן, זיינען געפירט געוואָרן צום בית־מדרש. אַריינגייענדיק אין בית־מדרש־געסל, איז לויטן באַפעל פון פּאָליציי־שעף מוכאַ (פּאָטאָצקי אַדאַם): „בי זשידא!" *) אַרויפגעפאַלן די באַנדע מערדערס אויף די אידן מיט שטעקנס און נאַהייקעס איבער די קעפּ, אַקסלען, הענט און פיס, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, און מערדערלעך געשלאָגן.

די אידן זעענדיק וואָס עס קומט פאָר האָבן אָנגעהייבן לויפן מיט די לעצטע כוחות וווהין די פיס האָבן זיי געטראָגן. אַ באַדייטנדיקן טייל איז געלונגען צו אַנטלויפן, אָבער כאַפּערס זיינען געווען פיל מער ווי לויפערס, דעריבער האָט מען דעם גרעסטן טייל פון די אַנטלאָפענע צוריקגעבראַכט שלאָגנדיק זיי אויפן וועג. די וואָס האָבן זיך געלאָזט לויפן לינקס, איבער די בערג, צום אַלטן מאַרק אָדער צום טאַרטאַק וואָס נעבן טייך, זיינען ביז איינעם צוריקגעבראַכט געוואָרן דורך די מערדערס. אַקעגנזשע איז אַ באַדייטנדיקן טייל פון די, וואָס זיינען אַנטלאָפן רעכטס פון בית־מדרש, ד. ה. צו דאָליסטאָווער גאַס און צו דער באָינע **), געלונגען צו פאַרשווינדן. די פּאָליאַקן האָבן צונויפגעזאַמלט דעם גרעסטן טייל פון דער שורה און אַריינגעטריבן אין בית־מדרש. פיל פלינקע שקצים האָבן גלייך געבראַכט סנאָפּעס שטרוי אויף אונטערצינדן דעם בית־מדרש צוזאַמען מיט די אידן, ווי דער פּלאַן איז געווען. דאָ זיינען אָבער איייניקע קריסטלעכע שכנים, נאָענטע פון בית־מדרש, גלייך צוגעלאָפן צום בירגערמייסטער און זיין פאַרטרעטער און געבעטן רחמים מען זאָל דעם בית־מדרש ניט אונטערצינדן, ווייל אויך זייערע הייזער קענען אַראָפּגיין מיטן פייער. די ביטע איז אין אַכט גענומען געוואָרן און מ'האָט דעם פּלאַן געענדערט: מען האָט צוריק אַרויסגעטריבן די אידן פון בית־מדרש, אויסגעשטעלט זיי אויפן הויף, יעדן פון זיי געבונדן מיט דראָט די הענט אויף הינטן און גלייכצייטיק דרייוווייז איינעם צום אַנדערן צוגעבונדן פאַר די אָרעמס. אַלע געבונדענע דריילינגען זיינען איינגעשטעלט געוואָרן איינער הינטערן אַנדערן אין אַ שורה. דעמאָלט האָט קאַמינסקי דער סטאָליאַר אויפגעהויבן זיין שטעקן אין דער הויך און געגעבן די קאָמאַנדע, מ'זאָל זיי פירן צוריק צום מאַרקפלאַץ. די שורה הייבט זיך אָן רירן... האַלבטויטע מענטשן, געבונדענע מיט פאַרוואָרפענע קעפּ, פאַרגלאָצטע אויגן, אָפענע ווונדן — בלוט־פליסנדיקע, צעריסענע קליידער און אונטערגעבראָכענע פיס שלעפּן זיך איבערן מאַרק פון גאָניאָנדז. אַ שטילע יאָמעריי, באַזונדערס ביי די עלטערע אידן, רייסט זיך אַרויס פון די הערצער.

די עלטערע הויבן די קעפּ צום הימל מיט פאַרוויינטע אויגן, זוכנדיק דאָרט דעם אידישן

*) שלאָגט די אידן.

**) באָינע — שעכט־הויז פאַר בהמות.

גאָט, און זאָגן שטילערהייט ווידוי. די יוגנטלעכע דרייען די קעפּ אין אַלע ריכטונגען, באַקוקן די שיינע בליענדיקע נאַטור צום לעצטן מאָל און געזעגענען זיך שוין מיט איר אויף אייביק.

הויכע געשרייען און ציניש געלעכטערס פון די בלוט־דורשטיקע כאַמעס, אַרום דער ריי, וואָס זעטיקן אין דעם מאָמענט זייער בעסטיאַלישן אינסטינקט און שטילן זייער דורשט מיט אידיש בלוט, באַגלייטן די אומגליקלעכע אידן אויף זייער וועג צו דער שחיטה — אין קעלער פון מאָטקע קליאַפּ. דאָרט שפּאַרט מען זיי איין און מען שליסט צו די טירן. פיל פון די פרייוויליקע „באַגלייטערס" מעלדן זיך צו בלייבן אויף דער וואַך אַרום דעם קעלער, כדי עס זאָל חס ושלום קיינער ניט אַנטלויפן...

5־טער קאַפּיטל

די אידישע פרויען האָט מען געהייסן גיין אין די הייזער, נאָכדעם ווי זיי האָבן דורכגעמאַכט די אָנגעוויזענע „מאַניפעסטאַציע" מיט געזאַנגען „לכבוד" דער סאָוועטישער רעגירונג.

די מענער, וועלכע מ'האָט גענומען אויף צוואַנגס־אַרבעט, האָט מען פרייטיק פאַרנאַכט געבראַכט צוריק אין שטעטל און אַריינגעטריבן אין אַ פאָרויס־צוגעגרייטן שייער אויף עק דאָליסטאָווער גאַס. די טירן פון שייער האָט מען פאַרקלאַפּט מיט נעגל און די פאָליציי־וואַך מיט פרייוויליקע שומרים, אַלע באַוואָפנט מיט שטעקנס אין די הענט, האָבן געהאַלטן וואַך אַרום דעם שייער.

די ענגשאַפט און היץ אינעווייניק איז ניט צו באַשרייבן. בלויז די וואָס זיינען אַריין די ערשטע האָבן געקענט זיך לייגן האַלב־זיצנדיק אויף דעם שטויביק־זאַמדיקן באָדן און מאַכן זיך אַ „געלעגער". דער גרעסטער טייל האָט געמוזט שטיין, אָנהאַלטנדיק זיך אין זיינעם אַ משפחה־מיטגליד אָדער אָן אַ וואַנט. די שטיקנדיקע היץ האָט דערבראַכט דערצו אַז אייניקע שוואַכע עלטערע אידן זיינען געפאַלן אין חלשות און קיין ביסל וואַסער אָפּצומינטערן זיי איז ניט געווען. אַ גרויסע שרעק איז באַפאַלן אַלעמען ווען די נאַכט איז אָנגעקומען. מען הערט ווי אין דרויסן זאַמלען זיך אַלץ מער און מער פּאָליאַקן. צייטנווייז פאַרגלוסט זיך אייניקע פון זיי איבערשרעקן די אידן דורך וואַרפן שטיינער אין די טירן פון שייער. יעדער קלאַפּ פון אַ שטיין ווערט באַגלייט מיט גרויסע געלעכטערס...

די הערצער זיינען ביי אַלע פול... מען איז מיד, צעבראָכן גייסטיק און פיזיש. זעלטן ווען מען הערט פון אימיצן אַ וואָרט.

שפּעטער אַביסל הייבט זיך אָן פאַנאַנדערוויקלען אַ שמועס צווישן די אידן וועגן זייער גורל. דער גרעסטער טייל זאָגט זיך אַרויס אַז מען וועט היינטיקע נאַכט זיכער אונטערצינדן דעם שייער מיט די אידן, ווייל דאָס פאַרקלאַפּן די טירן מיט נעגל און דער צופלוס פון פיל פּאָליאַקן ווייזן דערויף. „זיי ווילן איצט פאַרווירקלעכן זייער ווונטש", רופט זיך איינער אָפּ, „וועלכן זיי זיינען ניט געווען אימשטאַנד אויסצופירן בייטאָג אין בית־מדרש". די פאַרצווייפלטע שמועסן ציען זיך אַריין אַלץ טיפער און טיפער אין דער נאַכט ביז עס דערהערן זיך כראָפּעריייען פון עטלעכע מענטשן. דאָס ווירקט זייער שלעכט אויף די נערוון ווי אַ צושפּיל צו דער שרעקלעכער שטימונג וואָס האָט אַלעמען באַהערשט.

פּלוצלינג הערט מען פונדערווייטנס, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, דריי שאָסן פון ביקסן וועלכע איבעראַשן אַלע וואַכנדיקע. די הערצער הייבן אָן שטאַרק צו קלאַפּן און די שרעק וואַקסט פון מינוט צו מינוט. ס'הערט זיך אַ קול פון ווינקל: „ווער ווייס וועלכע דריי אידן מען האָט איצט געשאָסן?" אַ צווייטער קול רופט זיך אָפּ: „ווער ווייס צו אונדז וועט מען גאָר ווילן שיסן? וועט מען אונדז דען פאַרגינען אַזאַ לייכטן טויט?" אַ קלאַפּ פון אַ שטיין אין טיר רייסט איבער דעם שמועס און מען הערט זיך ווייטער צו מיט אויפגעשפּיצטע אויערן צו די קלאַנגען פון דרויסן.

די נאַכט איז דורך בשלום. גרויע ליכט שטראַלן גנב'ענען זיך אַריין דורך די שפּאַרונעס און זאָגן־אָן אַז דער פרימאָרגן קומט. אַלע שטעלן זיך אויף די פיס און וואַרטן עפּעס אָפּ. וואָס — ווייס קיינער ניט, די אויגן זיינען

איצט געוועגדט צו די טירן. מען הערט ווי מען רייסט אַרויס אין דרויסן די נעגל פון די טירן. די וועכטער שליסן אָפּ די שלעסער און צעעפענען די טירן גאַנץ ברייטלעך.

אַ נייע הויט גייט אַרויף אויף אַלעמען. מען הייבט שוין אָן כאַפּן אַ שמועס צווישן זיך. אויף פיל פּנים׳ער באַווייזט זיך שוין אַ פריילעכערע מינע. עס מערקט זיך פונדערווייטנס ווי פרויען, מיט כלים עסנוואַרג, דערנענטערן זיך צום שייער און בעטן די וועכטער איבערגעבן עס פאַר זייערע מענער און קינדער. די וועכטער דערפילן זייער ביטע. ביסלעכווייז הייבן זיך אָן לאָזן פרויען פון אַלע עקן שטעטל מיט קוישלעך עסן אין די הענט פאַר זייערע בני־משפחה וואָס שמאַכטן אין תפיסה.

נאָכמיטאָג האָבן זיך באַוויזן איינקע קריסטן נעבן שייער פאָדערנדיק אידן צו דער אַרבעט ביי זיי. עס הייבט זיך אָן אַ געלויף פון אידן נענטער צו די קריסטן. יעדער וויל גיין אַרבעטן אויף דער פריי כדי אַרויסצורייסן זיך פון דעם ענגן, פינצטערן שייער. אָבער די קריסטן נעמען בלויז זייערע אַלטע באַקאַנטע אידן, אָדער די מענער און קינדער וואָס זייער פאַמיליע האָט זיי שוין פאָרויס גוט באַצאָלט דערפאַר. ביסלעכוויז גייען אַרויס מער אידן צו דער אַרבעט ביז מען נעמט ענדלעך אַרויס דעם איבערגעבליבענעם רעשט צום שאָסייען־בוי. די געפאַנגענע אידן אָטעמען שוין ווידער מיט פרייער לופט, און ניט איינער פון די עלטערע צווישן זיי בענטשט גומל, אַרויסנעמענדיק אַ קליינעם סידור׳ל פון טאַש. די אַרבעט איז אין פולן ברען. ס׳טרייבט דער אימפּעט, די שרעק פאַר קריגן קלעפּ, ווייל אויב אַ איד שטעלט ניט צופרידן מיט זיין אַרבעט איינעם פון די פוילישע אויפזעערס באַקומט ער גלייך מיטן שטעקן איבער דער פּלייצע.

ביסלעכווייז דערנענטערט זיך די שעה פון מיטאָג עס הייבן זיך שוין אָן באַווייזן פרויען מיט קוישלעך עסן און מיט... געלע לאַטעס אויף די ברוסטן. אַ שוידער נעמט יעדן דורך ווען מען דערזעט אויף די אידישע הערצער די געלע לאַטע, אָט דעם שרעקלעכן שאַנדצייכן. „יאָ!“, רופט זיך אָפּ איינער פון די אידן, „די וועלט האָט רעגרעסירט אויף זעקס הונדערט יאָר צוריק“. אַ גרויסער זיפץ און באַדויערונגס־בליק פון הונדערטער אידן זיינען מקבל זייערע פרויען און טעכטער וואָס האָבן זיי עסן געבראַכט.

אַלע ווענדן זיך צו די פרויען מיט דער פראַגע: „וואָס איז געשען מיט די פאַרשפּאַרטע אין קעלער פון מאָטקע קליאַפּ?“ דער ענטפער איז: „זיי געפינען זיך נאָך דאָרט“. דריי פון זיי האָט מען נעכטן ביינאַכט אַרויסגענומען און ערגעץ אַוועקגעטריבן (דאָס זיינען: שמעון יעווריסקי, אַלטער מיכנאָווסקי און מיילאך פעלדמאַן). וואָס מיט זיי איז געשען ווייס מען ניט... פיל פרויען האָבן זיך שוין געווענדט צו אַדאַם פּאָטאָצקי (מוכע), באַלאָנאָווסקי, קעמפּאַ און צו די איבעריקע באַנדיטן, זיי אַוועקגעטראָגן פיל גאָלד און דאָלאַרן פאַר דער באַפרייאונג פון זייערע מענער און קינדער. צום גלח, וואָס פירט אָן מיטן גאַנצן



דער הינטערשטער טייל פון מאָטקע קליאַפּס מויער. פון לינקס (אונטן אין פונדאַמענט) דער פענצטער פון קעלער ווו מען האָט איינגעשפּאַרט די אידן ביז זייער דערמאָרדונג.

ד״ר שאָר בעת זיין באַזוך אין גאָניאָנדז (1956) גייט אין באַגלייטונג פון פּוילישן קאָמענדאַנט פון שטעטל.

רעדל, קען מען ניט צוקומען. עס זיינען פאַראַן אויסזיכטן אַז אַנדערע זאָל מען באַפרייען. מען דאַרף דערצו האָבן אוצרות, די באַנדיטן האָבן געקריגן גרויסע השגות... דערלאַנגען עסן פאַר די קעלערדיקע קען מען נאָר דורך דעם קלייגעם און איין איינציקן פענצטערל. זייערע געוויינען און תחנונים — מען זאָל זיי ראַטעווען — זיינען האַרצרייסנדיקע. „דער פייער איז גרויס!" — רופט זיך אָפּ אַן אַנדער פרוי, „מען לויפט אַרום ווי משוגעים, מען טראָגט האָב און גוטס צו די באַנדיטן און מען פרייט זיך אַז עס איז פאַראַן וואָס צו געבן".

אַלע בלייבן שטיין פאַרשטומטע מיט בלייכע געזיכטער און זיפצן אינזיך. אַנדערע, וואָס האָבן קינדער אין קעלער, פאַרברעכן מיט די הענט און צעוויינען זיך פון גרויס צער. אַ הו״כער געשריי „דאָ ראָבאָטי!!" *) רייסט איבער די שמועסן און אַלע מענער, פיל שוין מיט געלע לאַטעס אויף די ברוסטן, נעמען די רידלעס און קירקעס אין די הענט און זעצן פאָר ווייטער די אַרבעט. אָבער דאָסמאָל שוין ניט מיט אַזאַ אימפּעט און חשק ווי פריער.

דער פאַרנאַכט קומט־אָן און די אויפזעערס גיבן אַ געשריי: „פייראַנט!" — דער באַוווסטער אָנזאָג אַז די אַרבעט איז געענדיקט. מען לייגט אַוועק די געצייג אין איין פּלאַץ, און מידע, צעבראָכענע פיזיש און גייסטיק, מאַרשירן די אידן, געשלאָסענערהייט, אונטער די בייטשן פון זייערע פייניקערס, צוריק אין גרויסן שטאַל אַריין.

6־טער קאַפּיטל

דער שייער מיט די פאַרשפאַרטע אידן איז געשטאַנען צו דער דיספּאָזיציע פון יעדן פּאָליאַק, און אַ פּשיטא־שוין צו יעדן דייטשישן זעלנער וואָס פלעגט קומען אין שטעטל זוכן מענטשן צו דער אַרבעט. אויך זונטיק, גלייך פון פרימאָרגן, אין דער גרעסטער טייל אַוועקגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט. אַ קליינעם טייל האָבן באַשעפטיקט אויך דייטשישע זעלנער, מערסטנטיילס ביים באַדינען זיי. אין שטעטל איז געוואָרן אַ חורבן־שטימונג: ברענגענדיק דעם פרישטיק פאַר די „קעלערדיקע", האָט מען זיך דערוווסט אַז שבת, שפּעט ביינאַכט, האָט מען אַרויסגענומען עלף (11) מאַן פון קעלער. מען האָט זיי איינגעשטעלט פּאָרוויז, געשמידט די הענט איינעם צום צווייטן און אַוועקגעטריבן ערגעץ־וווהין". די פרויען פון די אַוועקגעטריבענע האָבן דערהערנדיק די „נייעס" גלייך אָנגעהייבן ספּאַזמירן און וויינען אויפן קול. די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געהיט דעם קעלער, האָבן זיי געהייסן גיין גלייך אַהיים. ווען אַנדערע פרויען האָבן עס מאָמענטאַל ניט דערפילט, האָט מען זיי אַזוי צעשלאָגן אַז זיי האָבן שוין קוים געקענט דערגיין אַהיים. פיל פרויען זיינען גלייך געלאָפן צו די באַקאַנטע פּאָליאַקן אין די הייזער כדי צו פרעגן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די עלף אידן פון קעלער. דער ענטפער איז געווען — „מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט, זיי לעבן אַלע". אַ טייל פון די פרויען האָט דער ענטפער באַרואיקט, אָבער פיל פון זיי האָבן דערין ניט געוואָלט גלויבן!

דער געלויף פון די פרויען צו די פּוילישע אַקטיוויסטן, צו באַלאַנאָווסקין און קעמפּען, איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. די פאַרמעגלעכערע פרויען האָבן זיי אָנגעבראַכט גאַנצע פאַרמעגנס פאַרן פרייז פון באַפרייען זייערע משפחה־מיטגלידער פון קעלער.

אין משך פון זונטיקדיקן טאָג זיינען באַפרייט געוואָרן אייניקע אידן פון קעלער און אַריבערגעפירט געוואָרן אין שייער. דאָרט האָט מען זיי אויפגענומען מיט הייסע קושן און באַגריסונגען, פּונקט ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעקומען פון יענער וועלט.

דערווייל איז געוואָרן אַ נייער טומל אין שטעטל. די פּאָליאַקן האָבן אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקן קלאַנג: אויף די תבואה־פעלדער אַרום גאַניאָנדז געפינען זיך באַוואָפנטע אידן, וועלכע האָבן היינט געשאָסן, זיך באַהאַלטנדיק צווישן די זאַנגען, צו אַ פּויליש מיידל בעת זי האָט געאַרבעט אין פעלד. עס איז געוואָרן אַ געיעג נאָך די „אידישע מערדערס". די אידישע פרויען האָבן שוין געציטערט זיך צו באַווייזן אפילו אויף די הינטערגעסלעך. די מענער האָט מען

*) צו דער אַרבעט.

פלוצלינג אַוועקגענומען פון דער אַרבעט און געבראַכט צוריק אין שייער. די פּאָליציאַנטן זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז און צונויפגעזאַמלט קליינע קינדער פון פערצן יאָר, וועלכע זיינען געווען ביז דעם טאָג פריי. אַלע האָט מען געשלעפּט אין שייער אַריין. די אידן האָבן שוין פאַרשטאַנען אַז עס שמעקט מיט גרויסע צרות.

פאַרנאַכט האָט זיך באַוויזן אין שייער קעמפּאַ. ער האָט געמאָלדן די אידן אָט־וואָס: „היינט האָבן די אידן געשאָסן צו אַ פּויליש מיידל, וואָס האָט געאַרבעט אין פעלד. זי איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין האַנט. ביז איצט איז אונדז ניט געלונגען צו געפינען די מערדערס. אויב איר אַליין וועט ניט אַרויסגעבן די מערדערס וועט ווערן פאַרברענט דער שייער צוזאַמען מיט אייך אַלעמען"...

נאָכ׳ן איבערגעבן דידאָזיקע מעלדונג, איז ער אַרויס פון שייער און אַלע אַרומיקע וועכטער האָבן גענומען אויף שנעל פאַרקלאַפּן די טירן מיט נעגל. אַ שוידער האָט דורכגענומען אַלע אידן. מען איז געבליבן ווי פאַרגליווערט. קיינער האָט ניט געקענט קיין וואָרט אַרויסרעדן. פיל זיינען אַנידערגעפאַלן מיט אַ ביטערן געוויין, אַנדערע קושן זיך מיט זייערע משפחה־מיטגלידער, און אָט זאָגט איינער: „מען האָט געזוכט און מען האָט געפונען אַ שיינעם בלבול אויף אונדז; היינטיקע נאַכט וועלן מיר שוין ברענען". דער געוויין פאַרשטאַרקט זיך. דער רב הייבט־אָן זאָגן תהילים און אידן זאָגן נאָך. די פאַרצווייפלונג איז גרויס און זעלטן ווער עס מאַכט־צו אַן אויג אין דער קאָשמאַרן־פולער נאַכט.

### 7־טער קאַפּיטל

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען רואיק. צומאָרגנס פרי, ווען פרויען האָבן געבראַכט דעם פרישטיק, האָבן זיי מיטגעבראַכט פאָלגנדיקע ידיעה: פינף בחורים — הערשל און יחזקאל קליאַפּ, ישראל לעווין, בצלאל זימנאָך און זלמן ניעוואָדאָווסקי האָבן זיך צוריקגעקערט צופוס פון ביאַליסטאָק — אַ היים. קומענדיק פאַרן שטעטל האָבן זיי באַגעגנט זייער גוט באַקאַנטן שייגעץ אַלפאָנס דאָלינסקי. די בחורים האָבן אים געפרעגט צי עס איז רואיק אין שטעטל און צי מען קען דאָרטן אַריינקומען. ער האָט זיי געענטפערט: „כ׳וועל צופאָרן מיטן ראָווער אין שטעטל, אויסקוקן די לאַגע און באַלד צוריקקומען אייך אינפאָרמירן. נאָר ביז איך וועל צוריקקומען וואָלט איך אייך געראַטן אַריינלייגן זיך אין די קאָרן־זאַנגען, כדי עס זאָל אייך ניט באַמערקן אַ שלעכטער מענטש". די בחורים האָבן געפאָלגט זייער „גוטן פריינט". עס איז ניט דורך קיין גאַנצע שעה ווי זעקס פאָליציאַנטן מיטן זעלבן שייגעץ האָבן זיך באַוויזן פאַר זיי אין די קאָרן־זאַנגען. זיי האָבן די בחורים פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט און געהייסן גיין מיט זיי אין שטאָט אַריין. די פּאָליציאַנטן האָבן זיי אַריינגעפירט אין לאָקאַל פון דער דייטשישער קאָמענדאַנטור. דריי פּאָליציאַנטן האָבן זיך אונטערגעשריבן אויף „עפּעס". נאָכדעם האָבן זיי אין באַגלייטונג פון צוויי דייטשישע זעלנער, אַוועקגעפירט די פינף אידן אויפן בית־הקברות. דאָרט האָט מען זיי געהייסן אַליין אויסגראָבן אַ קבר און נאָכדעם זיי דערשאָסן.

אַ שוידערלעכן איינדרוק האָט געמאַכט די ידיעה אויף די צוהערערס. פיל האָבן שוין דעם פרישטיק ניט געקענט עסן. אַנדערע האָבן זיך שטאַרק צעוויינט.

די פרישטיק־שטונדע האָט זיך געענדיקט. ביסלעכווייז האָט יעדער מיט זיין גרופּע און איר באַוואַכונג אָנגעהייבן זיך אַרויסלאָזן צו דער אַרבעט. אויך אין משך פון מאָנטיקדיקן טאָג זיינען צוגעקומען אַ היפּשע צאָל אויסגעקויפטע אידן פון קעלער צו די שייערדיקע.

מאָנטיק פאַרנאַכט האָט זיך די באַנדיטן פאַרגלוסט ווידער מאַכן אַ געיעג אויף „זשידקעס". עס האָט זיך אַריינגעריסן אַ באַנדע פּאָליאַקן, דער גרעסטער טייל פון זיי — פּאָליציאַנטן, אין שייער און מען האָט אָנגעהייבן קלייבן איבעראַנייס. זיי האָבן געזוכט פרישע קאַנדידאַטן אויפן קעלער ווייל דאָרט האָט זיך שוין די צאָל פאַרקלענערט. עס זיינען פאָרגעקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס ווען מען האָט אָפּגעריסן קינדער פון טאַטעס, ברידער איינעם פון אַנדערן. די תחנונים און געוויינען האָבן גאָרניט געהאָלפן. איין מאַך מיט דער האַנט



1־טע ריי, שטייענדיק (פון רעכטס אויף לינקס): 1. לייזער דער שמידט (טאָדאָראָוויטש), 2. — ?, 3. דער חזן צענטורע, 4. יאָסל ווערצילינסקי, 5. הילקע ביאַלי, 6. יוסף שטריקדרייער (דעם שטריקדרייערס זון), 7. יהושע צוויקליטש און פרוי.

2־טע ריי, זיצנדיק: 1. מאָטעלע לייבטשוקס (מאַלאַזאָווסקי), 2. שמואל בער מאַלאַזאָווסקי, 3. איטשע ביאַלי, 4. יאָסל שיימעלעס (טיקאָצקי), 5. — ?, 6. משה־מענדל בלום, 7. אַלטער גאַרבער.
3־טע ריי: 1. — ?, 2. ירחמיאל גוזאָווסקי, 3. — ?, 4. שטריקדרייער (די מוטער), 5. משה־מענדלס טאָכטער, 6. חיה ביאַלי (איטשע ביאַליס פרוי).

**דער בילד איז אויפגענומען געוואָרן ווען די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן אַ גרופּע אידן ביים דאַוונען. צוגעשיקט דורך ד"ר שאָר, בײַ זיין באַזוך אין גאָניאָנדז אין יאָר 1956.**

פון אַ באַנדיט צו אַ אידישן בחור, האָט דעצידירט צום לעבן אָדער צום טויט. עס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַ גרופּע יוגנטלעכע וועלכע מען האָט גלייך אַוועקגעפירט אין קעלער.

אויך מאָנטיק און דינסטיק איז נאָך געלונגען אויסצוקויפן אידן פון קעלער, ביז עס זיינען געבליבן דאָרט זיבעצן מאַן. אויך זיי זיינען אין משך פון דינסטיקדיקער נאַכט (15.7.41) שפּורלאָז פאַרשווונדן געוואָרן אויפן זעלבן אופן ווי די פאָריקע עלף מאַן.

אין שייער האָט מען געהאַלטן די אידן נאָך אַ וואָך צייט ביז ס'איז געקומען באַלאַנאָווסקי און געמאָלדן אָט־וואָס: „אַלע אידן ווערן איצט באַפרייט פון שייער. יעדער קען גיין אין זיין וווינונג, אָבער אַלע זיינען פאַרפליכטעט טאָגטעגלעך גיין צו דער אַרבעט, וווהין זיי וועלן געשיקט ווערן דורך די אידישע פאָרשטייערס. ער האָט גלייך באַשטימט דריי פון די רייכערע געוועזענע סוחרים, אלס אידישע פאָרשטייערס פאַרן פּוילישן שטאָטראַט. דאָס זיינען געווען: הירש פּינקעוויטש, אשר קאָברינסקי און שמואל ליפּשטיין.

די צוהערערס האָבן מיט גרויס שמחה און איבעראַשונג אויפגענומען די ידיעה און אַלע זיינען אַוועק געשווינד אין די היימען.

### 8־טער קאַפּיטל

גלייך נאָך דער באַפרייאונג פון שייער איז געוואָרן אַקטועל די פראַגע פון שאַפן אַ געטאָ. גאַנצע קאָמיסיעס מיט דער באַטייליקונג פון די שטאָטראַט־מיטגלידער האָבן אַרומגעשפּאַצירט איבער אַלע גאַסן, געסלעך און הויפן פון

שטעטל זוכנדיק אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר אַ געטאָ. נאָך לאַנגע וויכוחים אין שטאָטראַט, צווישן די פאַרשיידענע קאָמיסיעס, איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן דעם געטאָ אויפן אַלטן מאַרק. דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן. דער פּלאַן פון אַריינטרייבן די אידן אין אַ געטאָ איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך די דייטשישע געסטאַפּאָניקעס, וועלכע האָבן געדאַרפט אַראָפּקומען צו דעם צוועק פון ביאַליסטאָק. די אָפיציעלע מעלדונג פאַר די אידן האָט געדאַרפט אַרויסגעגעבן ווערן פּלוצלינג און דאָס איבערקלייבן זיך האָט ניט געטאָרט דויערן מער ווי אַ האַלבע שעה, כדי די אידן זאָלן ניט קענען אַרויסנעמען פון זייערע הייזער דעם פאַרמעגן, און מיטנעמען בלויז קליינע פּעקלעך אין די הענט אונטער די נאַהייקעס פון געסטאַפּאָ און די פּוילישע כוליגאַנעס. די ידיעה איז דערגאַנגען אומאָפיציעל (דורך גוט־באַקאַנטע פּאָליאַקן) צו די אידישע פאָרשטייערס וואָס האָבן געבילדעט דעם אַזויגערופענעם „יודנראַט". אויך די האָבן ניט געוואָלט מאַכן קיין ליאַרם און פּאַניק ביי דער באַפעלקערונג, וואָס וואָלט געקענט ברענגען שאָדן צו די אונטערהאַנדלונגען מיט די שטאָט־פירערס וועגן אַנולירן דעם באַשלוס, פאַרשטייט זיך פאַר געלט. דעריבער האָבן די יודנראַט־מיטגלידער פאַרטרויט דעם גאַנצן סוד נאָר זייערע ידידים. דער באַפעלקערונג האָט מען געזאָגט — „מען גרייט זיך צו מאַכן אַ געטאָ, און איינשליסן אַלע אידן אין געטאָ. מען דאַרף האָבן ריזן סומעס כדי מען זאָל דאָס קענען פאַרשמירן". דער יודנראַט האָט אַלזאָ אַרויסגעשיקט פיר פאַר פרויען איבערן שטעטל (פאַר מענער איז ניט געווען „געזונט" זיך אַרומצודרייען) צו זאַמלען געלט און גאָלד. דערהערנדיק די בשורה האָט זעלטן ווער זיך אָפּגעזאָגט פון געבן. די רייכערע האָבן געגעבן גאָלד־מטבעות און גילדערנע זייגערלעך. די אָרימערע — צירונג, פינגערלעך, קייטעלעך — וואָס זיינען איבערגעגאַנגען בירושה פון די זיידעס און עלטער־זיידעס. אָרעמע פרויען האָבן אַוועקגעגעבן זייערע קידושין־רינגלעך — אַלע האָבן געגעבן דאָס וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען. מען האָט צונויפגעזאַמלט זיבן הונדערט פּוּפּ־ציק גראַם גאָלד. ווי די יודנראַט־מיטגלידער האָבן איבערגעגעבן, איז אַ געוויסער סכום פון דעם גאָלד אַוועקגעגעבן געוואָרן. וועמען, און וויפל — דאָס איז געווען אַ סוד, ווייל פאַר אַזאַ פאַרעפנטלעכונג האָבן שטרענג געוואָרנט די שטאָט־פירערס. עס איז, אַזוי־אַרום, געווען פאַרשטענדלעך אַז דעם הויפּט חלק האָבן באַקומען דער בירגערמייסטער באַלאָנאָווסקי, זיין פאַרטרעטער — קעמפּאַ און מוכא פּאָטאָצקי — דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט.

דעם 20־סטן יולי האָבן זיך באַוויזן ווידער פּאָרלעך פרויען ביי די פאַרמעגלעכערע אידן נאָך געלט. „עס ברענט ווידער אַ פייער!" — האָבן זיי געזאָגט, און דאָס איז שוין געווען גענוג אויף צו אָריענטירן זיך אין וואָס עס גייט. די איינציקע וואַליוטע וואָס די „רעדל־דרייערס" מיט דער באַנדע פּלעגן צונעמען איז געווען אַמעריקאַנער דאָלאַרן. מען האָט אַלזאָ געריסן פון טויטע און פון לעבעדיקע. ווער עס האָט קיין דאָלאַרן ניט געהאַט נאָר אַנדערע ווערטפולע זאַכן, איז געווען געצוווּנגען זיי איינלייגן ביי אַ צווייטן אַלס אַ משכון פאַר אַ פּאָר דאָלער אויף דער באַשטייערונג. דער פאָנד האָט געדאַרפט ווערן געשאַפן אין עטלעכע שעה — אַזוי גרויס איז געווען דער פייער...

שפּעטער, אין די מיטאָג־שעה'ן, איז אַרויס אַ קלאַנג אַז די מיליטערישע קאָמענדאַנטור פאַרלאָזט די שטעטל און די באַפעלקערונג בלייבט ווידער אָן אַ מאַכט. אַ שוידער האָט אַלעמען דורכגענומען דערהערנדיק די ידיעה. ווידער וועלן זיין די פּאָליאַקן די הערשער און ריכטער! אויף יעדנס פּנים איז געווען אויסגעגאָסן צאָרן און שרעק פאַר דער הפקר־מאַכט וואָס וועט ווידער אָנהייבן הערשן אין שטעטל.

אַנדערע אידן האָבן לכתחילה ניט געגלויבט אין דער פאַרשפּרייטער ידיעה, אָבער ווען די איינוווינער פון מאַרק האָבן געזען דורך די האַלב־פאַרמאַכטע פענצטערס ווי די קאָמענדאַנטור פּאַקט זיך אויף מיליטערישע לאַסט־אויטאָמאָבילן, איז שוין מער קיין ספק ניט געווען אַז ס'איז אמת...

דער פאַרנאַכט קומט אָן. דער אומעט ביי די אידן ווערט אַלץ גרעסער מיטן אָפּפאָרן

פון דער קאָמענדאַנטור. אַקעגן־זשע ווערן די פּאָליאַקן לעבעדיקער. גאַנצע מחנות יוגנטלעכע פּאָליאַקן און פאַמיליעס מיט קינדער שפּאַצירן איבער די טראָטואַרן פון מאַרק מיט פריילעכע פנים׳ער. זייערע געלעכטערס דרינגען אַריין אין די אידישע הייזער און טרעפן ווי קוילן אין די הערצער פון די אידן וואָס זיצן דאָרט אין שרעק און פחד. צייטנווייז גיט אַ קלאַפּ אַ שטיין אָדער אַ שטעקן אין פאַרמאַכטע אידישע טירן און לאָדנס. אין מאַנכע קריסטלעכע הייזער פאַרשיכור׳ט מען די געפונענע צוויי קעסטלעך שנאַפּס, וואָס זיינען געווען פאַרגראָבן אין רודסקי׳ס קעלער. די געשרייען און זינגערייען פון די שיכורים פאַרהילכן דעם גאַנצן מאַרק פון שטעטל. עס קומט דער אָוונט. דער טומל ווערט פון צייט צו צייט אַלץ רואיקער און שפּעטלעך אין דער נאַכט ווערט ער אינגאַנצן אַנטשוויגן. די אידן ווערן דעמאָלט אַביסל באַרואיקט און מען גייט שלאָפן.

אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט הערט זיך פלוצלינג אַ געשריי פון אַ פרויען קול: „פּאָזשאַר!!!... עס ברענט!!!... ראַטעוועט!!!” ביי אונדז אין שטוב כאַפּט מען זיך אויף פון שלאָף און יעדער באַזונדער לויפט אַ קוק געבן דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס, אין דער ריכטונג צום מאַרק. די מוטער רופט זיך אָפּ: „מען זעט גאָרניט, ס׳הערט זיך נאָר אַ טומל פונדערווייטנס. איך מיטן פאָטער לויפן אַרויף אויפן בוידעם אַ קוק געבן דורך אַן עפענונג אין דאַך צו דער גאַס. און אָט זע איך פאַר מיינע אויגן אַ ליכטיקע זומער־נאַכט. באַנדעס שקצים, באַוואָפנטע מיט שטעקנס אין די הענט, דרייען זיך אַרום איבערן מאַרק פון שטעטל. אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי קאָנצענטרירט זיך נעבן דער אַקושערקע סאָניע לוריע און די רעשט גייט אַוועק אויפן אַלטן מאַרק. נעבן חיה־רחל לוריעס מויער שטייט אַ פור אויף וועלכער עס זיצן עטלעכע אידן. פון צייט צו צייט ברענגט מען נאָך אידן און מען וואַרפט זיי אַרויף אויפן וואָגן. נאָכדעם טראָגן עטלעכע פּאָליאַקן אין די הענט אַ שווער פאַרוואונדעטן אָדער טויטן קערפּער וועלכן מען גיט אַ שליידער אַרויף אויפן וואָגן — פונקט ווי אַ געשאָכטענע בהמה. פון צייט צו צייט דערגייען צו אונדז שטילע קרעכצערייען פון אויסגייענדיקע אידן. ווען עס געפינען זיך שוין אויפן פור בערך אַכט פערזאָן (אויסער די טויטע וואָס ליגן נעבן זייערע פיס), הייבט אָן די פור צו רירן פון אָרט. זי ווערט באַגלייט פון קרוב צען כוליגאַנעס, און פאָרט אין דער ריכטונג פון טיפלע־גאַס. הארצרייסנדיקע געשרייען פון מענער און פרויען הערן זיך אין דעם מאָמענט, אָבער זיי ווערן מיטאַמאָל אַנטשוויגן. די כוליגאַנעס שלאָגן זיי מערדערלעך מיט זייערע שטעקנס איבער די קעפּ, וואַרשיינלעך אַלס שטראָף פאַר די געשרייען. מען זעט אויך ווי בערך צען מעטער נאָך דער פור פירן די כוליגאַנעס עטלעכע אידישע נפשות און שלאָגן זיי פון צייט צו צייט מיט די שטעקנס. די פור פאָרט אַריין אין טיפלע־גאַס און ווערט פאַרשוואונדן פון די אויגן. באַנדעס פּאָליאַקן מיט שטעקנס אין די הענט פילן נאָך אַלץ אָן דעם מאַרק פון שטעטל. אַ טייל פון זיי גייט אַוועק אויפן אַלטן מאַרק. פלוצלינג הערט זיך אַ געשריי: „זלאַפּאַציע!!!... טשימאַציע גאָ!!!...”*) און גלייך זעט מען ווי פון אַלטן מאַרק לויפט אַרויס בליץ־שנעל אַ מאַנספּאַרשוין און נאָך אים, אויף אַן אָפּשטאַנד פון אַ פופצן מעטער, עטלעכע כוליגאַנעס. אויף זייערע קולות רופן זיך אָפּ עטלעכע פון די שפּאַצירנדיקע באַנדיטן אין צווייטן ווינקל פון מאַרק און לויפן כאַפּן דעם איד. זעענדיק זיין לאַגע, לויפט־צו דער אומגליקלעכער מיט זיינע לעצטע כוחות צו הערשל כינעס מויער און קלאַפּט אָן אין טיר פון פּאָליאַק וואָראָנעצקי, בעטנדיק אים רחמים ער זאָל אים עפענען די טיר און אַריינלאָזן אין זיין וווינונג. די טיר אָבער עפנט זיך ניט. די באַנדיטן באַווייזן אים דערווייל צו כאַפּן. ווי עס זעט אויס פונדערווייטנס, בינדן זיי אים און ער בלייבט ליגן אויף דער ערד. מען שלאָגט אים מערדערלעך אָן אויפהער. עס האָט מיר בלויז געוווּנדערט זיין שווייגן אין משך פון אַזאַ לאַנגער צייט פון פייניקונג. אַממערסטן האָט זיך „אויסגעצייכנט” איין מערדער, וועלכער איז געבליבן נעבן אים דער לעצטער, נאָכדעם ווי אַלע

*) כאַפּט אים! האַלט אים!

איבעריקע האָבן אים שוין פאַרלאָזן. ענדלעך האָט אויך ער אים פאַרלאָזן און אַוועק ווייטער אויפן אַלטן מאַרק צו זיין פריערדיקער „אַרבעט".

דער פאַרפייניקטער קערפּער ליגט אויסגעצויגן לעבן וואָראָנעצקעס בריקל און גייט אויס ווי אַ ליכט.

דער פאַרקער ווערט גאָרניט קלענער. גאַנצע מחנות יוגנטלעכע און עלטערע פּאָליאַקן טראָגן אויף די אַקסלען און אין די הענט פּעק מיט געראַבעוועטע אידישע האָב און גוטס. צולעצט זעט מען שוין טראָגן אויך קיך־געשיר און עמערס. פּלוצלינג שטעלן זיך אָפּ צוויי באַנדיטן נעבן ניסן דעם קצב'ס הויז (אונדזער רעכטער שכן) און קלאַפּן מיט כּוח אין טיר שרייענדיק אויף פּויליש: „עפנט אויף שנעלער!" עס הערט זיך אַ פרויען קול: „באַלד! מיר גייען שוין!" די קלאַפּעריי אָבער הערט ניט אויף נאָר פאַרשטאַרקט זיך. די טיר עפנט זיך און ביידע באַנדיטן גייען אַריין אין וווינונג. עס דויערט ניט קיין פינף מינוט און די באַנדיטן גייען צוריק אַרויס. זיי גייען אין דער ריכטונג פון אַלטן מאַרק ווו זיי ווערן פאַרשוווּנדן. דאָרט זאַמען זיי זיך אַ קורצע צייט און קערן זיך צוריק אין באַגלייטונג פון קרוב צוואַנציק באַנדיטן מיט שטעקנס אין די הענט. זיי מאַרשירן פון אַלטן מאַרק גלייך צו דער וווינונג פון ניסן דעם קצב.

בערך צען מאַן בלייבן שטיין פאַרבאַהאַלטן הינטער דער פּאָדערשטער וואַנט און די איבעריקע גייען אַריין אינעווייניק. עס איז צו זען דורך אונדזער עפענונג פון שטשיט, וועלכער געפינט זיך פינף מעטער ווייט פון טראַגישן פּלאַץ, ווי די באַנדיטן צינדן אָן שוועבעלעך, ליכט, און גייען אַרום מיט די הויז־אייגנטימער, זוכנדיק אין יעדן ווינקעלע און שפּאַרונע. זיי פאַרלאַנגען פון די בעלי־בתים מען זאָל זיי עפענען די אויוון־טירלעך, אויך דאָרט ווערט גרינטלעך געזוכט. צום שלוס הייסט מען אַלע אַרויסגיין. ווער עס באַוועגט זיך ניט אַזוי שנעל באַקומט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן שטעקן אַז ער לויפט פון ווייטאָק אויף אַלע פיר. ענדלעך גייט אַרויס די גאַנצע משפחה: דער אַלטער קצב ניסן מיט ביידע טעכטער, זייערע מענער און קינדערלעך וואָס ציילן צוזאַמען צען פּערזאָן. מען שטעלט זיי אַלע אויס אין געסל. איינער פון די באַנדיטן הייבט אָן גלייך שלאָגן ניסנ'ס איידעם. אַ צווייטער, אַ „בעסערער" באַנדיט, זאָגט צו אים: „שלאָג ניט אַזוי שטאַרק! לאָז אים צורו!" ווען אַלע צען זיינען שוין געווען אינדרויסן האָט מען זיי געהייסן גיין... עס האָט זיך געהערט אַ שטילער געוויין. ניסנ'ס טאָכטער האָט געהאַלטן מיט איין האַנט די הענטל פון איר דריי־יעריק טעכטערל און אויף דער אנדערער האַנט האָט זי געטראָגן איר צוויי־יעריק מיידעלע. די משפּחה איז אַרויס פון געסל און געגאַנגען לענג־אויס דעם מאַרק.

די באַנדיטן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן הינטער דער פּאָדערשטער וואַנט האָבן אָפּגעהיט דעם מאָמענט און גלייך אַריינגעלאָפן אין וווינונג, ווו זיי האָבן גערויבט פון בעטגעוואַנט, מעבל ביז קיך־געשיר. פּלוצלינג דערהערט זיך אַ שרעקלעכער יאָמערלעכער געשריי פון דער דערווייטערטער אומגליקלעכער אידישער משפּחה.

אַממערסטן איז צום הערן די פאַרצווייפלטע געשרייען פון די פרויען, אָבער די קולות ווערן מיטאַמאָל אַנטשוויגן.

אַ קוק געבנדיק אויפן מאַרק פון שטעטל, וועלכער שטייט אין גרויקייט פון פרימאָרגן, זע איך אייניקע באַנדיטן וואָס דרייען זיך נאָך אַרום אין איילעניש מיט די שטעקנס. צווישן זיי איז צו דערקענען דעם באַוווסטן באַנדיט קוץ בראַנעק, ביידע טשייקאָווסקיס (ברידער) און די ברידער קאַמינסקי. די באַנדיטן ציען זיך אויף טיפּלע־גאַס וווהין מען האָט וואַרשיינלעך אויך אַוועקגעפירט ניסן דעם קצב'ס משפּחה. אין גאַס איז שוין גוט ליכטיק, אָבער מען זעט ניט קיין לעבעדיקן נפש. ווייזט אויס אַז אַלע אָנטיילנעמער זיינען מיטגעגאַנגען מיט די אידן וואָס מ'האָט אַוועקגעפירט אונטער דער שטאָט צו פאַרענדיקן די „אַרבעט" וועלכע זיי האָבן אָנגעהייבן ביינאַכט.

די זון גייט אויף נאָרמאַל, ווי יעדן טאָג, און שיקט אירע גאָלדענע שטראַלן אויפן גאַניאָנדזער מאַרק. די פויגעלעך פליען איר אַקעגן מיט געזאַנגען... אין דער זעלבער צייט טוען די באַנדיטן זייער פינצטערע „אַרבעט"...

## 9־טער קאַפיטל

מאָנטיק פרי דעם 21־סטן יולי 1941, זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דורך עדי ראיה פאָלגנדיקע ידיעות פון דער שרעקלעכער זונטיקדיקער נאַכט.

עס זיינען געפאַלן 20 קרבנות: די אַקושערקע סאָניע לוריע, די גאַנצע משפחה פון וואָלף רייגראָדסקי — פינף פערזאָן, פון הילקע ביאַליס משפחה — דריי פערזאָן, יוסף קאָברינסקי, און די גאַנצע משפחה — צען פערזאָן — פון ניסן דעם קצב. דער ערשטער „וויזיט" פון די באַנדיטן איז געווען ביי דער אַקושערקע. דער באַנדיט אָלשעווסקי האָט איר מערדערלעך צעשלאָגן מיט אַן אייזן איבערן קאָפ ביז זי איז געפאַלן טויט. איר מאַן האָט באַוויזן צו אַנטלויפן דורכן פענצטער. די טאָכטער ניוסע איז אויך מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן דורך אָלשעווסקען. זי איז געפאַלן אויף דער ערד אין חלשות און האָט געמאַכט דעם איינדרוק אַז זי איז טויט. די באַנדיטן האָבן דעריבער געגאַנגען צו זייער ווייטערדיקער „אַרבעט". דערווייל איז ניוסע צו זיך געקומען און אַנטלאָפן דורכן הינטערשטן פענצטער אויפן הויף אין אַ באַהעלטעניש. די באַנדיטן קומענדיק צוריק אין אַ פיל גרעסערע צאָל, כדי צו פאַרנעמען די טויטע קערפערס, האָבן אָנשטאָט צוויי געפונען בלויז איינעם. אַלע זוכענישן האָבן קיין רעזולטאַט ניט געגעבן. דעריבער האָבן די באַנדיטן געמוזט זיך „נעבעך" באַנוגענען בלויז מיט איין געהרג'עטן. מען האָט דעם טויטן קערפער אַרויסגעטראָגן און אַרויפגעוואָרפן אויף דער פאָרויס צוגעגרייטער פור, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון דער וווינונג. די ווייטערדיקע רציחה איז געשען ביי דער משפחה ביאַלי. דאָרטן איז געקומען אַ גרויסע באַנדע מערדערס מיט בראָנעק קוצ'ן און די טשייקאָווסקי'ס בראש. זיי האָבן אָנגעקלאַפט אין טיר מען זאָל זיי עפענען.

ווען פרוי ביאַלי האָט דערהערט די קלעפ האָט זי גלייך געהייסן איר מאַן (הלל) און עלטערן זון באַהאַלטן זיך אין פאַרמאַסקירטן קעמערל, זייענדיק זיכער אַז פרויען און קליינע קינדער וועט מען גאָרניט טאָן. דער מאַן מיטן זון האָבן אַזוי געטאָן און די פרוי ביאַלי מיטן צען־יעריק זונעלע יוסף, זיינען געבליבן ווייטער ליגן אין די בעטן. ווען אָבער די קלעפ האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף יאָסל קאָברינסקי, וואָס האָט געוווינט אויף דער אויבערשטיבל, און זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט צו גיין עפענען די טיר. גלייך ביי דער עפענונג האָט ער באַקומען מיט אַ פלאָקן איבערן קאָפ. ער האָט זיך אָבער טראָצדעם גלייך אָריענטירט, דורכגעריסן זיך דורך דער באַנדע און אַנטלאָפן. פיר באַנדיטן האָבן זיך געלאָזט נאָך אים, און נאָך אַ לאַנגער נאָכיאָגעניש איבער הויפן און געסלעך איז קאָברינסקי צוגעלאָפן צו זיין גוט־באַקאַנטן קריסט וואָראָנעצקי און געבעטן רחמים ער זאָל אים אַריינלאָזן. דער קריסט האָט אָבער די טיר פאַר אים ניט אויפגעמאַכט און ער האָט דאָרט געפונען זיין שרעקלעכן טויט. ווי דער קריסט האָט דערציילט, האָט מען אים געבונדן די הענט אויף הינטן מיט טעלעפאָן־דראָט, די מויל פאַרשטאָפט מיט שמאַטעס און מיט שטעקנס אים דערמאָרדעט.

ביי ביאַלען איז דערווייל אַריין דער גרעסטער טייל פון דער באַנדע, אַרויסגעשלעפט דער פרוי מרים ביאַלי אין דער נאַכט־העמד פון בעט, איר שטאַרק צעשלאָגן און אַרויסגעפירט אויפן באַלקאָן פון איר אויבערשטיבל. דאָרט האָט מען איר אָנגעבונדן אַ שטעכיקן דראָט אויפן האַלדז און איר אויפגעהאַנגען אויפן באַלקאָן ביז זי איז געבליבן טויט. דעם יינגעלע האָט מען מיט אַן אייזן־שטאַנג דערהרג'עט. זיי האָבן אויך הילקע ביאַליס ברודער מאָטל געהרג'עט. די טויטע קערפערס האָט מען אַרויפגעוואָרפן נאָכדעם אויף דער פור.

די פאַמיליע רייגראָדסקי האָט מען, ווי ס'זעט אויס, אַרויפגעזעצט לעבעדיקע אויף דער פור. דעם עלטסטן זון אברהמ'ל איז געלונגען אַראָפשפרינגען פון וואָגן און פאַרשווינדן. עס האָט אָבער ניט געדויערט קיין האַלבע שעה און די קריסטין לובעצקא איז געקומען מעלדן די באַנדיטן אַז אין די קוסטעס פון איר גאָרטן ליגט פאַרבאַהאַלטן אברהמ'ל רייגראָדסקי. ער איז אַלזאָ גלייך געכאַפט געוואָרן.



**אַ טייל פון אַלטן מאַרק**

ערשטע געביידע פון רעכטס (צוויי־שטאָקיקע) — הילקע ביאַליס מויער. אויף דעם באַלקאָן האָט מען אויפגעהאַנגען מרים ביאַלי (הילקעס פרוי). צווייטע געביידע חיים פּאָליאַק׳ס (קאָברינסקי׳ס) מויער

אידישע איינוווינער פון טיפּלע־גאַס האָבן דערציילט אַז ווען מען האָט דורכגעפירט ניסן דעם קצב׳ס משפחה דורך זייער גאַס איז איינער פון זיינע איידעמס געלעגן אויפן וואָגן אין אַ קאַלוזשע בלוט און דער באַנדיט וויטעק ראָשינסקי איז נאָכגעגאַנגען מיט אַ שמאַטע אין האַנט און געווישט די בלוט פון די ברוקשטיינער „עס זאָל זיין שפּורלאָז”. מען האָט זיי אַלע אַוועקגעפירט אויף די מאַיאָווע בערג *) און דאָרט אויף אַ שרעקלעכן אופן זיי דערמאָרדעט און באַגראָבן. ערשט אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אַ באַקאַנטער פּוילישער פויער פון יענער געגנט דערציילט, אַז ניסן דעם קצב האָט מען באַגראָבן לעבעדיקערהייט. אין די פרימאָרגן שטונדן איז אים געלונגען מיט מאַטערניש אַרויסצוקריכן פון קבר. ווען אָבער אַ קליין פּאַסטוכל האָט דאָס באַמערקט איז ער גלייך אַוועקגעלאָפן אין שטאָט און געמאָלדן וועגן דעם אין מאַגיסטראַט. מאָמענטאַל זיינען צוויי פּאָליציאַנטן, מיט אייזנס אין די הענט, אַוועקגעפאָרן אַהין אויף ראָווערן און פאַרענדיקט פולשטענדיק די „אַרבעט”. ווי עס איז נאָכדעם באַשטעטיקט געוואָרן האָט ניסן דעם קצב׳ס משפחה געשטעלט פון אָנפאַנג אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד די ערשטע צוויי באַנדיטן, וואָס האָבן זיי געקומען נעמען פון ווױנונג, דעריבער זיינען עס די באַנדיטן צוריקגעגאַנגען און געבראַכט הילף.

*) די מאַיאָווע בערג געפינען זיך נאָך דעם פּוילישן בית־הקברות אויפן וועג צום דאָרף אָרנאָסטיי.

### 10־טער קאַפּיטל

אויך מאָנטיק דעם 21־טן יולי, איז נאָך קיין מיליטערישע מאַכט אין שטעטל ניט געווען, דעריבער האָט דער פחד פון דער אידישער באַפעלקערונג זיך פאַרגרעסערט, זעענדיק די נייע פאַרניכטונגס־מעטאָדע וואָס די פּוילישע באַנדיטן האָבן אָנגעווענדט. באַקלאָגן זיך אויף זיי איז ניט געווען פאַר וועמען, ווייל אין דער גאַנצער אומגעגנט איז קיין מיליטערישע מאַכט ניט געווען. די איינציקע האָפענונג האָט מען געלייגט אויף די אידישע מיידלעך וואָס

פלעגן טאָג־טעגלעך גיין צופוס אין פעסטונג אָסאָוויעץ צו דער באַדינונגס־אַרבעט ביי די דייטשישע אָפיצירן. מען האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן ניט מורא האָבן און דערציילן אַלץ וואָס עס האָט פּאַסירט אין משך פון נעכטיקער נאַכט.

מיט גרויס שפּאַנונג האָבן אַלע אָפּגעוואַרט די פּופּצן מיידלעך פון אָסאָוויעץ, וועלנדיק הערן דעם באַריכט פון דאָרט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָט דער פעסטונגס־קאָמענדאַנט גלייך אינטערווענירט טעלעפאָניש ביי דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע. דער ענטפער פון די פעלד־זשאַנדאַרמען איז געווען, אַז דינסטיק (מאָרגן) וועלן זיי קומען אין גאָניאָנדז מאַכן אָרדענונג. דער פעסטונגס־קאָמענדאַנט האָט אויך געבעטן די אידישע מיידלעך זיי זאָלן אים אויפשרייבן די נעמען פון די באַנדיטן. דער באַריכט האָט אין אַ געוויסע מאָס באַרואיקט די אידישע באַפעלקערונג אין שטעטל, אָבער דערווייל דערנענטערט זיך נאָך אַ נאַכט אין מאַכטלאָזיקייט און הפקרות, און עס איז ניט אויסגעשלאָסן אַז די באַנדיטן וועלן פאָרזעצן די „אַרבעט" פון דער פאָריקער נאַכט. עס האָט זיך געשאַפן אַ פּלאַן ביי אַ גרויסער גרופּע יוגנטלעכע, זיך צו אָרגאַניזירן און שטעלן אַ ווידערשטאַנד די מערדערס. עס איז אָבער ניט געווען אויספירבאַר, ווייל מ'האָט ניט געהאַט קיין געווער. מען האָט זיך אַלזאָ באַזעצט אין קליינע גרופּעלעך אין פיל וווינונגען באַוואָפּענדיק־זיך מיט העק און גרויסע האַמערס. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, דעם ערשטן באַנדיט, וואָס וועט זיך נאָר באַווייזן אין פענצטער, אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ, דערנאָך זיך ראַנגלען ביז די לעצטע כוחות מיט די איבעריקע באַנדיטן.

די וווינונגען ווו עס האָבן געוווינט עלטערע אידן זיינען געבליבן ליידיק, ווייל זייערע בעלי־בתים זיינען אַוועק דורכמאַכן די נאַכט אין פאַרשיידענע באַהעלטענישן און בונקערס.

די נאַכט איז אַריבערגעגאַנגען פולשטענדיק רואיק. אויף מאָרגן, דינסטיק מיטאָג־צייט, האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל פיר פעלד־זשאַנדאַרמען אויף מאָטאָציקלען באַוואָפּנטע מיט אויטאָמאַטיש געווער. זיי האָבן זיך גלייך געלאָזט צו די וווינונגען פון די אָנגעוויזענע מערדערס, דורך די אידישע מיידלעך. פון אַלע מערדערס האָבן זיי בלויז זיבן געפונען. די זשאַנדאַרמען האָבן ביי זיי דורכגעפירט גרינטלעכע רעוויזיעס וועלכע האָבן געגעבן בעסערע רעזולטאַטן ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. ווייל אויסער די גערויבטע אידישע האָב און גוטס האָט מען אויך געפונען גערויבטע סאָוועטישע מיליטער־קליידונג און קאָנסערווירטע שפּייז פון מיליטערישע מאַגאַזינען. לויטן געזעץ, האָט פאַר דעם געדראָט — שיסן. די פעלד־זשאַנדאַרמען האָבן אַלע זיבן באַנדיטן געשמידט די הענט אין קייטן און אַוועקגעפירט אין אָסאָוויעץ. עס האָט זיך דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַוויזן אַ שטראַל פון ליכט און שמחה אין די פינצטערע פאַרגליווערטע אידישע הערצער, נאָך אַזאַ לאַנגער פּאָגראָם־כוואַליע. די אידן האָבן אָנגעהייבן פרייער אָטעמען. אַקעגן־זשע איז אויף די פּאָליאַקן געפאַלן אַ מורא. זייער פאַרקער אין שטעטל איז פיל פאַרקלענערט געוואָרן און פיל באַנדיטן האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן מורא האָבנדיק פאַר די פעלד־זשאַנדאַרמען. עס זיינען דורכגעגאַנגען עטלעכע טעג און די זיבן באַנדיטן האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטן אַרעסטירט אין אָסאָוויעץ. זייער אויספאָרשונג האָט זיך נאָך געצויגן. די שטאָטראַט־מיטגלידער האָבן ניט געקענט רוען און טאָג־טעגלעך פלעגן אַהינפאָרן דער בירגערמייסטער באַלאַנאָווסקי מיט זיין פאַרטרעטער קעמפּאַ אינטערווענירן ביי דער דאָרטיקער מיליטערישער מאַכט מען זאָל זיי באַפרייען.

זיי האָבן זיך פאַררופן אויפן געזעץ אַז אידן איז דערלויבט צו מאָרדן און דעריבער איז זייער איינשפּאַרונג ניט קיין געזעצלעכע. דער פעסטונג־קאָמענדאַנט האָט זיי דערויף געענטפערט מיט די ווערטער: „די אידן וועלן מיר אַליין פאַרניכטן, אָן אייך. וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אַרעסט פון די זיבן פּאָליאַקן, איז דאָס ניט פאַר מאָרדן אידן נאָר פאַר רויבן זייער האָב און גוטס. פאַר דעם דראָט לויטן געזעץ — טויט שטראָף". די שטאָט־פירערס האָבן געמוזט „נעבעך" זיך אומקערן מיט ליידיקע הענט אין שטעטל. הערנדיק דעם באַריכט האָט זיך דער

צער ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג נאָך מער פאַרגרעסערט. מען האָט אָבער ניט גערוט און זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט ביז עס איז ענדלעך געלונגען צו באַפרייען איין באַנדיט, פּאַשקאָווסקין. גלייך צומאָרגנס, נאָך זיין באַפרייאונג, האָבן די פעלדזשאַנדאַרמען אַלע זעקס איבערגעבליבענע באַנדיטן דערשאָסן. פון יענער צייט איז די זיכערהייט אין שטעטל געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, בפרט אַז מיט דריי טעג שפּעטער איז אַריינגעפאָרן אין גאָניאָנדז אַ פרישע דייטשישע קאָמענדאַנטור.

## 11־טער קאַפּיטל

די לאַגע אין שטעטל האָט זיך „סטאַביליזירט". טאָג־טעגלעך פלעגן גיין מחנות יוגנטלעכע צו פאַרשיידענע אַרבעטן אין שטעטל און אויסער איר. די מענטשן צו דער אַרבעט פלעגט באַשטימען דער יודנראַט, וועלכער האָט צוגעקאָאָפּטירט צו זיך נאָך דריי מיטגלידער און געוואָרן די אָפיציעלע פאָרשטייערשאַפט פון דער גאָניאָנדזער אידישער באַפעלקערונג. ער האָט באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ לאָקאַל און האָט געאָרדנט לויט זיינע אייגענע איינזעאונגען. אַלס פאָרזיצער פון ראַט איז באַשטימט געוואָרן פּינקעוויטש, און סעקרעטאַר בזשעזשינסקי. טאָג־טעגלעך, פאַרנאַכט, פלעגט ווערן אָנגעזאָגט, דורך זייער שיק־ייִנגל, צו אַלע אַרבעטס־פעאיקע אידן צו וואָס פאַר אַן אַרבעט יעדער דאַרף זיך צושטעלן אויף מאָרגנדיקן טאָג. די יודנראַט־מיטגלידער זיינען ניט געווען באַפרייט פון טראָגן די געלע לאַטע, אויסער דעם פּרעזעס, וואָס האָט געטראָגן אַ בלויען באַנד אויפן לינקן אַרבל מיטן אויפשריפט „Judenrat".

טראָצדעם וואָס אין שטעטל איז שוין געווען רואיק, איז די געפאַר ווידער געוואַקסן מיט דער צייט ווען די איבערגעבליבענע הויפּטבאַנדיטן האָבן פריי אַרומגעשפּאַצירט אין די גאַסן און די דייטשישע פעלד־זשאַנדאַרמען האָבן זיי גאָרניט געטאָן. די זיכערהייט האָט זיך ביי זיי פאַרגרעסערט און זיי האָבן ביסלעכווייז צוריק אָנגעהייבן נעמען שטעקנס אין די הענט און ליגן אויסגעצויגן, אין די צענדליקער, אויף די אידישע פּראָנטאָווע בריקלעך, זיך געוואַרעמט אויף דער זון און זיך גערייצט מיט די אידן.

די שטאָטראַט־מיטגלידער זיינען געזעסן טאָג־ווי־נאַכט אָן אויפהער אויף זיצונגען. די טאָג־אָרדענונג איז געווען שטענדיק די־זעלבע און גוט־באַקאַנטע — די אידן. די געטאָ־פראַגע איז ווידער אַרויפגעשווומען. נאָכדעם ווי ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַ געטאָ, זיינען אַרויס די שטאָטראַט־מיטגלידער אויפן מאַרק פון שטעטל, אַראָפּ אין די דאָלעס (טאָלן), און געקומען צום באַשלוס אַז דער קוואַרטאַל איז צוגעפּאַסט און אויפנעם־פעאיק פאַר די ניין הונדערט אַכציק אידישע נפשות פון שטעטל. די וווין־באַדינגונגען האָבן געדאַרפט זיין: צו זעקס מאַן אין אַ קליין צימערל.

דער יודנראַט, ווערנדיק אינפאָרמירט וועגן דער ידיעה דורכן שטאָטראַט, האָט גלייך זיך אַלאָז געטאָן איבערן שטעטל נאָך אַ שפּענדונגס־אַקציע פאַר די שטאָט־פירערס כדי אָפּצושאַפן דעם פּלאַן.

ביי פיל פון דער באַפעלקערונג איז שוין פּשוט אויסגעגאַנגען די לעצטע פאַר דאָלאַר ביי די פריערדיקע געלט־זאַמלונגען. פיל האָבן שוין געהאַט פאַרזעצט די לעצטע יום־טוב'דיקע אָנציגער. מיט גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען צונויפצוזאַמלען אַ געוויסן סכום דאָלאַרן וועלכער איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די שטאָט־פירערס. מיטן גלח אַליין איז געווען אוממעגלעך צו רעדן ווייל ער האָט געגראָבן אינדערשטיל און פאַר דער עפנטלעכקייט האָט ער געמאַכט אַן אָנשטעל פון אַ גוטן. דעם גרעסטן סכום דאָלאַרן האָט באַקומען באַלאָנאָווסקי און דערצו נאָך אַ גאָלדענעם טאַשן־זייגער מיט אַ לאַנגער גאָלדענער קייט. דער „רעצעפּט" האָט אויף זיי גלייך געווירקט און צומאָרגנס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די אַרבעט פון איינגראָבן סלופּעס פאַרן געטאָ צוים.

עס זיינען דורכגעגאַנגען אייניקע רואיקע טעג, ביז די שטאָט־פירערס האָבן זיך ווידער „אויסגעהונגערט". דאָסמאָל האָבן זיי זיך דערמאָנט אַז שוין צו לאַנג זיינען קיין אידישע קרבנות ניט געפאַלן. מען האָט אַלזאָ געמאַכט

אַ ליסטע פון פופצן מאַן, און באַפוילן די פּאָליציאַנטן זיי צו ברענגען אין מאַגיסטראַט. ווען די פּאָליציאַנטן האָבן צוגעשטעלט די געפאָדערטע אידן האָט מען באַפוילן אַנדערע פיר באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן אַוועקפירן זיי אין אָסאָוויעץ און זיי צושטעלן צום פעסטונגס־קאָמענדאַנט אַלס קאָמוניסטן. דער באַפעל איז גלייך אויסגעפירט געוואָרן און מען האָט זיך גענומען טרייבן די אידן... אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער גרופּע האָבן געבילדעט עלטערע אידן. ס׳זיינען געווען צווישן זיי עטלעכע פרויען, און די איבעריקע — יוגנטלעכע. איינעם פון דער גרופּע איז געלונגען צו אַנטלויפן גלייך אין שטעטל, אויפן אַלטן מאַרק. די פּאָליציי האָט אין אים געשאָסן נאָכאַנאַנד אָבער אָן רעזולטאַטן. ער איז אריבערגעשפרונגען איבער אַ פּלויט פון אַ פרוכט־גאָרטן און פאַרשווונדן פון שטעטל. אַ גרויסער טייל פון דער גרופּע האָט גלאַט ניט געוווסט פאַרוואָס מען האָט זיך צו זיי צוגעטשעפּעט, ווייל אויף אַנדערע זיינען געווען געוויסע אויסריידן. צ. ב. דער אַלטער משה גרין זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט אין דער צייט פון דער סאָוויעטן־מאַכט צו אַ פּאָליאַק, אַז מען וועט אַראָפּנעמען דעם געמויערטן צלם (קרייץ)דענקמאָל וואָס שטייט אויפן מאַרק פון שטעטל. איינע אַ פרוי האָט אין יענער צייט געזאָגט צו אַ פּוילישער פרוי, ווען זי איז איר באַפאַלן: „שפּרינג ניט אַזוי! דיין אַנטיסעמיט׳שע מאַכט איז שוין פאַרביי!" די קריסטן האָבן דאָס פאַרגעדענקט און ווען דער שטאָטראַט האָט געמאָלדן אין שטעטל און אויף די דערפער — „ווער עס האָט אַ געוויסע טענה צו אַ וועלכן עס איז איד, זאָל קומען מעלדן אין מאַגיסטראַט וועגן דעם" — זיינען דידאָזיקע געקומען און דערציילט די געשיכטע. פאַרן שטאָטראַט איז עס געווען גענוג, און מען האָט זיי גלייך געקרוינט מיטן נאָמען „קאָמוניסטן" — כדי די דייטשישע ווערמאַכט זאָל זיי דערשיסן.

קומענדיק אין אָסאָוויעץ מיט דער גרופּע „קאָמוניסטן", איז צופעליק דער פעסטונגס־קאָמענדאַנט ניט געווען אַנוועזנדיק אין דעם מאָמענט. די פּאָליציי איז געשטאַנען מיט די אידן און געוואַרט אַ שפּאָרע שטיקל צייט נעבן בנין פון דער קאָמענדאַנטור. ביי יעדן דורכפאָרנדיקן דייטשישן אָפיציר האָבן די וואַרטנדיקע אַלטע אידן מיט די בערד און פרויען אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג און צוגעצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט די פּאָליציאַנטן, וואָס פאַר אַ פאַרברעכער זיי זיינען. ווען זיי האָבן געהערט אַז דאָס דאַרפן זיין קאָמוניסטן, האָבן זיי מיט פאַרוווּנדערונג אויסגעגלאָצט די אויגן, געהויבן מיט די אַקסלען און ווייטער געפאָרן אין זייער וועג.

ענדלעך האָבן זיך די פּאָליציאַנטן דערוואַרט אויף דער „גליקלעכער" שעה ווען עס איז אָנגעקומען אַ טאַקסי פון וועלכער עס איז אַרויס אַ גרוי־אַלטער, איינגעבויגענער אָבערשט (קאָלאָנעל). ער האָט צוגערופן צו זיך איין פּאָליציאַנט. דער פּאָליציאַנט איז צו אים שנעל צוגעלאָפן מיט אַ שמייכל אויפן פנים, זייענדיק איבערצייגט אַז אָט־אָט ווערט שוין דערגרייכט זיין ציל. דער אָבערשט פרעגט אים: ווער זיינען די מענטשן? „דאָס זיינען קאָמוניסטן! הער אָבערשט!" ענטפערט מיט שטאָלץ דער פּאָליציאַנט. דער אָבערשט, הערנדיק אַזוינע רייד, מאַכט אויף אים אַ קרומע מינע און זאָגט: „וועמען קומסט דו פאַרדרייען דאָ אַ קאָפּ? אַזוינע אַלטע מענער און פרויען זיינען קאָמוניסטן?" ער גיט אויף אים אַ געשריי: „לאָז זיי זאָפאָרט גיין אַהיים און ברענג זיי ניט מער אַהער!" דער אָבערשט גייט אַריין צוריק אין זיין טאַקסי און פאָרט גלייך אַוועק.

דער פּאָליציאַנט סולטשינסקי בלייבט שטיין פאַרשעמט מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ צו דער ערד און ווייס ניט ווי אַזוי זאָל ער אָנזאָגן אַזאַ „טרויעריקן" ענטפער די אידן. ער פאַרגינט זיי דאָס ניט, אָבער ער מוז „נעבעך". ביסלעכווייז, קאַלטבלוטיק, דערנעענטערט ער זיך צו דער גרופּע אידן, ווייל מער וואַרטן טאָר ער שוין ניט, און זאָגט זיי: „הערט אויס, איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, קומט! מיר וועלן גיין אַהיים". די אידן האָבן שוין פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט, ווייל זיי האָבן געהערט יעדן וואָרט פון אָבערשט וואָס האָט געקלונגען איבערן פּלאַץ. אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זייערע פנים׳ער, פיל האָבן זיך

אָנגעהייבן קושן צווישן זיך פון גרויס שמחה, איין פרוי האָט אַזש ספּאַזמירט, און נאָך אַ האַלבע שעה רוען אין דערבייאיקן סאָסנע־וועלדל האָבן די פּאָליציאַנטן בחרפתם צוזאַמען מיט די אידן זיך צוריקגעקערט אין גאָניאָנדז.

די שמחה ביי דער אידישער באַפעלקערונג איז געווען ניט צו באַשרייבן. פרויען, מענער, קינדער און איינקלעך זיינען אַרויסגעלאָפן אַקעגן זייערע טייערע, זיך געקושט און גע־האַלדזט מיט פולע אויגן טרערן. אַקעגן־זשע איז געווען גרויס דער אומעט און טרויער פון דער פּוילישער באַפעלקערונג בכלל און פון די שטאָט־פירערס בפרט. זיי האָבן זיך פשוט געשעמט ווייזן די פּנים׳ער פאַר די אידן. די אידן אָבער האָבן זיך לאַנג ניט געפרייט און די פּאָליאַקן האָבן לאַנג ניט געטרויערט. דער שטאָטראַט האָט אָפּגעהאַלטן נאָכאַנאַנד זיצונ־גען און אויסגעבאַקט אַ פרישן „פּלאַן”, וועלכן ער האָט אָנגעהייבן אויספירן אין דריי טעג אַרום.

## 12־טער קאַפּיטל

פונקט ווי יעדן נאָכמיטאָג אַזוי אויך זונ־טיקדיקן האָט דער אַרבעטס־לייטער פון שטאָט־ראַט געמאָלדן דעם פּרעזעס פון יודנראַט די צאָל געפאָדערטע אַרבעטער אויף מאָרגנדיקן טאָג. דער אונטערשייד איז געווען בלויז דער, וואָס דאָסמאָל האָט דער פּרעזעס פינקעוויטש באַקומען אויסער דער אַלגעמיינער טעגלעכער צאָל אַרבעטער אַ צוגאָב־ליסטע מיט אויסגע־רעכנטע 18 נעמען פון געוויסע מאַנספּאַרשוי־נען. די האָבן זיך געדאַרפט צושטעלן מאָרגן פרי אויפן שול־באַרג, צו פאַנאַנדערנעמען דאָרט די איינציקע איבערגעבליבענע וואַנט פון דער שול, וואָס עס איז פאַרבראַנט געוואָרן אין יאָר 1939 דורך די דייטשן. דער אויסרייד איז גע־ווען אַז די חרוב׳ע וואַנט קען ברענגען צו אַ קאַטאַסטראָפע. די פאַרשטייער האָבן גלייך איבערגעגעבן די ידיעה צו די אידן פון שטעטל און געמאָלדן וועגן די אַכצן פּערזאָנען פון דער ליסטע. אַ גרויסער טייל פון די געפאָדערטע פּערזאָנען זיינען געווען פון די געטריבענע אין אָסאָוויעץ מיט איניקע טעג צוריק. פאַר־שטייט זיך אַז עס איז באַלד קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען אַז עפּעס שטעקט דערין.

די פאַרמעגלעכערע אידן פון דער צוגאָב־ליסטע זיינען גלייך געלאָפן מיט געלט צו געוויסע פּוילישע דעה־זאָגערס, זיי זאָלן זיי באַפרייען פון מאָרגנדיקן טאָג אַרבעט. אַלע באַמיאונגען האָבן אָבער געגעבן שוואַכע רע־זולטאַטן. מער ווי צוויי בחורים זיינען ניט באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט. אַ טייל פון די אַכצן מאַן האָבן באַשלאָסן זיך באַהאַלטן ערגעץ־ווו אויף דעם טאָג. אָבער אויך דאָס איז ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט, ווייל באַקאַנטע קריסטן האָבן מורא געהאַט אַריינצולאָזן צו זיך אידן. דאָך איז געלונגען פינף אידן זיך ערגעץ־ווו צו פאַרשטעקן. ווען די פּאָליציאַנטן האָבן פעסטגעשטעלט בעת דער אַרבעט אויפן שול־באַרג, לויט דער ליסטע, אַז עס פעלן פינף אידן, אויסער די צוויי באַפרייטע, איז מען גלייך אַוועק דורכפירן אין זייערע הייזער רעוויזיעס, אָבער מ׳האָט זיי דאָרט ניט געפונען. די עלף אידן האָבן שווער אָפּגעאַרבעט דעם טאָג, און פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָבן די פּאָלי־ציאַנטן זיי אַריינגעטריבן אין צערעלעס נייעם בעטאָנירטן קעלער*). דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן איינגעשפּאַרט קרוב צוויי וואָכן. אויס־קויפן אימיצן פון זיי פאַר געלט איז געווען אוממעגלעך. וואָס מען האָט געפּלאַנט מיט זיי צו טאָן האָט קיינער ניט געוווּסט. נאָכן צוויי וואָכנדיקן אַרעסט פון די עלף קעלערדיקע אידן, האָבן זיך באַוויזן אויפן מאַרק פון שטעטל צוויי טאַקסעס מיט דייטשישע זשאַנדאַרמען. אין שטעטל איז באַלד געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. אַנדערע מענער האָבן געפּרוווט אַנטלויפן ער־געץ־ווו הינטער דער שטאָט, פרויען זיינען גע־לאָפן דורך די הינטערגעסלעך צום יודנראַט זיך צו דערוויסן עפּעס וועגן דעם. דערווייל איז די גרופּע זשאַנדאַרמען אַריין אין וווינונג פון שטאָט־פירער באַלאַנאָווסקי, ווו זיי האָבן זיך געזאַמט קרוב אַ האַלבע שעה. נאָכדעם זיינען זיי אַרויס אין באַגלייטונג פון באַלאָ־

*) צערעלעס צווישנשטאָקיקער מויער אויף אָנ־הייב דאָליסטאָווער גאַס, וואָס איז אויסגעבויט גע־וואָרן אין יאָר 1933.

נאָווסקין, קעמפען און אייניקע פוילישע פאָליציאַנטן באַזוכן דעם שטאָטראַט, מיליץ א.אַ.וו. ביז מען האָט פאַר זיי געעפנט די טיר פון קעלער און זיי האָבן דערזען פאַר זייערע אויגן עלף איינגעשפאַרטע פאַרפינצטערטע אידן. אויף דער פראַגע פון זשאַנדאַרמעריע קאָמענדאַנט — ווער עס זיינען די מענטשן, האָט באַלאַנאָווסקי געענטפערט: דאָס זיינען אידישע קאָמוניסטן. דעמאָלט איז איינער פון די יוגנטלעכע (שמואל הירשפעלד) *) צוגעגאַנגען צום עלטסטען פון די זשאַנדאַרמען און געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף באַלאַנאָווסקין און קעמפען: „די באַנדיטן האָבן ביי אונדז פריער די גאָלד מיט די דאָלאַרן צוגענומען און נאָכדעם אונדז איינגעשפאַרט ניט וויסנדיק פאַרוואָס. די רייכע וואָס האָבן נאָך געלט טשעפן זיי דערווייל ניט, נאָר פון אונדז, אָרימע אידן, ווילן זיי די נשמות אַרויסנעמען. די באַנדיטן האָבן שוין אויף זייער אייגענער האַנט מערדערלעך אומגעבראַכט איבער זעכציק אומשולדיקע אידן ווען עס איז קיין קאָמענדאַנטור אין שטעטל ניט געווען. ניט זייענדיק זאַט דערמיט ניצן זיי אויס די געלעגנהייט וואָס קיין דייטשישע ציוויל־מאַכט איז ניטאָ אין שטעטל און ווילן ביסלעכווייז אַלע אידן פון שטעטל אומברענגען. ראַטעוועט אונדז, הער זשאַנדאַרמעריע־קאָמענדאַנט!.. האָט אויף אונדז רחמנות און באַפרייט אונדז פון זייערע מערדערישע הענט!“... דער בחור האָט זיך צעוויינט און מיט אים אַלע איבעריקע אַלטע און יונגע אידן. באַלאַנאָווסקי און קעמפאַ זיינען געבליבן שטיין מיט אַראָפגעלאָזענע קעפ און בלייכע געזיכטער, ניט רעדנדיק קיין וואָרט. אַלע זשאַנדאַרמען האָבן זיך אומגעדרייט צו ביידע שטאָטפירערס און זיי אָפגעמאָסטן מיט זייערע בליקן פון קאָפ ביז די פיס. פלוצלינג שרייט אויס דער זשאַנדאַרמעריע־קאָמענדאַנט צו באַלאַנאָווסקין און קעמפען: „פייניקט ניט מער די אידן! באַפרייט זיי זאָפאָרט!“ ביידע שטאָטפירערס האָבן זיך אַ שטעל געטאָן אויף אַ־טונג און געענטפערט: „יאַוואָל“. צו די אידן האָט דער קאָמענדאַנט געזאָגט: „גייט אַהיים! איר זייט פריי!“ די אידן איבעראַשטע פון דער פלוצימדיקער גליקלעכער ענדערונג האָבן אויפגעהויבן די היטלען אין דער הויך, לכבוד די זשאַנדאַרמען, אָפדאַנקענדיק זיי האַרציק פאַר דער באַפרייאונג. די זשאַנדאַרמען, אַלס ענטפער דערויף, האָבן צוגעשאָקלט צו די אידן מיט די קעפ און די געפאַנגענע אידן האָבן בליץ־שנעל זיך צעלאָפן אין זייערע הייזער. די זשאַנדאַרמען זיינען אַוועק צוריק אין באַלאַנאָווסקיס וווינונג, ווו זיי האָבן דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע, זוכנדיק די אידישע גאָלד און דאָלאַרן. זעט אויס אָבער, אַז באַלאַנאָווסקי האָט שוין געזאָרגט דערפאַר אַז מען זאָל אין זיין וווינונג דעם אוצר ניט געפינען. אַזוי־אַרום האָט די רעוויזיע קיין פאָזיטיווע רעזולטאַטן ניט געגעבן. די זשאַנדאַרמען זיינען צוריק אַוועק צו זייערע טאַקסעס און פאַרלאָזן די שטעטל.

*) שלום רחל־לאה'ס זון.

## 13־טער קאַפיטל

נאָך די לעצטע צוויי מפלות האָט זיך די אַמביציע ביי די שטאָט־פירערס נאָך מער פאַרשטאַרקט. מען האָט ניט גערוט אַזוי לאַנג ביז קעמפען איז איינגעפאַלן אַוועקשיקן אַ פראָטאָקאָל צו דער צענטראַלע פון געסטאַפאָ אין ביאַליסטאָק וועגן די עלף באַפרייטע „אידישע קאָמוניסטן“, און פאַרלאַנגט אַז די געסטאַפאָ זאָל קומען אין גאָניאָנדז און זיי צונעמען. דער פראָטאָקאָל איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון באַלאַנאָווסקין און קעמפען און איז געהיים אַוועקגעשיקט געוואָרן אין ביאַליסטאָק. דערווייל זיינען אין גאָניאָנדז אָנגעקומען פינף זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אויף סטאַביל אין שטעטל און געבילדעט די שטאָטישע זשאַנדאַרמעריע־וואַך. דער קאָמענדאַנט פון די זשאַנדאַרמען האָט גלייך גערופן צו זיך דעם פאָרזיצער פון יודנראַט, אים געגעבן אַ ליסטע פון שטוב חפצים, וועלכע דער יודנראַט האָט זיי געדאַרפט צושטעלן. די ליסטע האָט זיך אָנגעהייבן פון מעבל, בעטגעוואַנט און זיך געענדיקט מיט קיך־געשיר. דער יודנראַט האָט געשאַפן אַלץ לויט דער ליסטע אין משך פון 24 שעה. ס'האָבן זיך אָנגעקניפט באַציאונגען צווישן די זשאַנ־

דאַרמען און די פאָרשטייערס פון יודנראַט און אין אַן אינטימען שמועס האָט די זשאַנדאַרמעריע זיי געזאָגט: „אויב די אידן וועלן זיין גוט צו אונדז וועלן מיר אויך זיין גוט צו זיי".

די אידן פון זייער זייט האָבן אַלץ געטאָן פאַר דער צופרידנהייט פון די זשאַנדאַרמען און „געפונען חן" ביי דעם קאָמענדאַנט פון דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכער איז געוואָרן דער פאַקטישער באַלעבאָס פון שטעטל, כאָטש באַלאָנאָווסקי האָט נאָך פיגורירט אַלס בירגערמייסטער. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן האָבן די פוילישע שטאָט־פירערס פאַרלאָרן זייער מאַכט איבערן שטעטל מיטן אָנקום פון די זשאַנדאַרמען.

די אידן האָבן זיך שוין אָנגעהייבן פילן פרייער אין שטעטל. אַנדערע פלעגן שוין גיין אויפן דאָרף אַרבעטן ביי די פויערים און דאָרט פאַרדינען זייער שטיקל ברויט. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן שוין קומען אין שטעטל צו די אידישע בעלי־מלאכות. מיט איין וואָרט, עס האָט זיך אָנגעהייבן באַנייען דער קאָנטאַקט צווישן די אידן אין שטעטל מיטן דאָרפישן פויער, פונוואַנען זיי האָבן געצויגן זייער חיונה.

צו דער צוואַנגס־אַרבעט איז מען ווייטער טאָג־טעגלעך געגאַנגען אין די באַשטימטע פלעצער. פאַרשטייט זיך, אַז פון אַראָפנעמען די געלע לאַטעס אָדער שפּאַצירן אויפן טראָטואַר איז קיין רייד ניט געווען. עס האָט אויך אָנגעהייבן אַרבעטן ווידער דער טאַרטאַק פון שטעטל. אַ דייטשישע סאַפּיאָרן־אָפּטיילונג פון אָסאָוויעץ האָט אַראָפּגעשיקט אירן אַ פעלדפעבעל אַלס אויפזעער און פאַרוואַלטער איבער אים. טאָג־טעגלעך פלעגט דער פעלדפעבל מיטן נאָמען פראַנץ באַשעפטיקן קרוב דרייסיק אידישע אַרבעטער, וואָס דער יודנראַט פלעגט אים צושטעלן. אויסער די אידן האָבן דאָרט געאַרבעט אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן, פּאַכלייט, וואָס פלעגן זיין באַשעפטיקט ביי די הויפּט־אַרבעטן, ווי טרייבן דעם מאָטאָר, שלאָסעריי, האָלץ בראַקירעריי א.אַ.וו.

פון די אידן פלעגט אַלע דריי טעג גיין אַן אַנדער גרופּע צו דער אַרבעט, וועלכע איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער, ממש קאַטאָרגע. פראַנץ איז געווען אַ שרעקלעכער צורר היהודים און סאַדיסט. ער איז געווען אַביסל גייסטיק ניט נאָרמאַל. ער פלעגט שלאָגן בעת דער אַרבעט מערדערלעך. אַרבעטן פלעגט מען מוזן איבער די כוחות, ווייל מער ווי דריי פיר מאַן האָבן ניט געטאָרט טראָגן אויף די אַקסלען איין גרויסן קלאָץ. ווען ער פלעגט רופן אַ „יודע" אויפהויבן אַ שווערן קלאָץ און דער אידישער בחור האָט אים ניט געקענט רירן פון אָרט, פלעגט פראַנץ לאָזן שפּאַצירן זיין שטעקן איבער דער פּלייצע, רוקן, פיס און קאַרק, אַז דער אימפּעט פלעגט שוין הויבן דעם קלאָץ — ניט דער כוח. פראַנץ פלעגט שטיין גאַנצע טעג, אין גרעסטן רעגן, אונטערן פרייען הימל, מיט אַ גומענע פּעלערינע איבערן קאָפּ און אַ שטעקן אין דער האַנט, הינטער די פּלייצעס פון די אַרבעטנדיקע אידן, און נאָכאַנאַנד שלאָגן זיי, כדי זיי זאָלן לויפן באַרגאַרויף קייקלענדיק דעם ריזן־קלאָץ צום גאַטאַר פון טאַרטאַק. ער פלעגט אויך אָפטמאָל אין גרויסער אויפרעגונג זאָגן: „צוליב אייך אידן פוילן מיינע קאַמעראַדן אויף די פעלדער". איבערהויפּט פלעגט ער טראָגן אַ געפערלעכן האַס אויף די רייכע אידן. ווען איינער פון די אַרבעטער פלעגט בעסער אויסזען אויפן געזיכט אָדער טראָגן אַ גאַנצע פּאָר הויזן, פלעגט ער אים רופן צו זיך, אַריינגעמען אין זיין צימערל און דאָרט אים אַכזריות'דיק פּייניקן.

עס איז געווען גענוג אַז פראַנץ האָט באַמערקט אין דער צייט פון דער מיטאָג־שטונדע ביי איינעם פון די אידן אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער. „אַך! בוטער פרעסט דו?!" פלעגט ער געבן אַ ריטש אויפן איד. דעם איד איז שוין ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. פראַנץ האָט אויך איינגעפירט אַ „מנהג", יעדן פאַרנאַכט אַרום האַלב ניין אַזייגער ביי דער ענדע פון פערצן־שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג, געבן אַ געשריי אויפן קול: „אַלע יודן הער!" ווען אַלע פלעגן זיך גלייך אויסשטעלן אין צוויי רייען אַקעגן אים, פלעגט ער געבן אַ באַפעל, דריי מאָל זאָגן אויפן קול: „גאָט שטראָף ענגלאַנד און די פערפלוכטע יודן!" ווען די „תפילה" פלעגט ווערן אָפּגעזאָגט בקול רם איז געווען

אַ צווייטער באַפעל: לויפן אַהיים. די מידע אידישע אַרבעטער פלעגן מיט זייערע לעצטע כוחות לויפן באַרג־אַרויף אין שטעטל אַריין. שטענדיק אָבער האָט זיך געפונען איינער אָדער צוויי פון דער גרופע, איבערהויפּט פון די עלטערע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין כוח צו לויפן אויפן באַרג. פראַנץ, שטייענדיק אויפן הויף פון טאַרטאַק מיטן אויסגעשטרעקטן נאַגאַן אין דער האַנט צו די לויפנדיקע אידן, האָט גלייך געעפנט זיין מויל מיט הילכיקע געשרייען צום לעצטן איד פון דער גרופע, ער זאָל גלייך צוריקקומען. ווען ער האָט עס דער־פילט איז ער שרעקלעך געפייניקט געוואָרן דורך פראַנצן הערנדיק פון אים נאָכאַנאַנד די זעלבע ווערטער: „קאַנסט דו ניכט לאַופען, פערפלוכטער יודע?!” דער איד איז שוין דער־מאָלט אויף אַלע פיר אַרויפגעלאָפן אויפן באַרג ביז ער האָט זיך קוים דערשלעפּט אין שטעטל. דער נאָמען פראַנץ האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער אידישער באַפעלקערונג. עס איז דעריבער קיין ווונדער ניט, וואָס אַנדערע אידן האָבן זיך בעסער געוווּנטשן דעם טויט איידער גיין צו אים אַרבעטן.

14־טער קאַפּיטל

עס זיינען פאַרביי עטלעכע וואָכן ווי די זשאַנדאַרמען האָבן געהערשט אין שטעטל און די אידן האָבן באַוויזן אַביסל פרייער אָפּצו־אָטעמען. פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ ידיעה אַז עס קומט קיין גאָניאָנדז אַן אַמטס־קאָמיסאַר. דער יודנראַט האָט שוין באַקומען אַ באַפעל צוגרייטן פאַר אים אַ וווינונג, מעבל און אַ גאַנצע גאַרדעראָבע. עס איז ניט דורך קיין צוויי טעג און דער אַמטס־קאָמיסאַר איז אָנ־געקומען. מען האָט אים אָפּגעגעבן חיים קאָפּעל־מאַנ׳ס מויער אַלס וווינונג. די אידן האָבן זיך שוין אָנגעהייבן שרעקן פאַרן נייעם באַלעבאָס. אויך ער האָט גלייך גערופן צו זיך דעם פאָר־זיצער פון יודנראַט און געהייסן אים צושטעלן לויט אַ ליסטע ווערטפולע אַרטיקלען. מען האָט אַלץ געשאַפן פון אונטער דער ערד און אים צופרידנגעשטעלט. דערווייל איז געשען אַ פרישער אומגליק אין שטעטל. דריי וואָכן נאָך דער באַפרייאונג פון די לעצטע עלף אידן פון קעלער איז געקומען אַן ענטפער פון ביאַ־ליסטאָקער געסטאַפּאָ צום שטאָטראַט און זשאַנ־דאַרמעריע אין גאָניאָנדז, אויפן אַוועקגעשיקטן פּראָטאָקאָל וועגן די עלף „קאָמוניסטן”, מען זאָל זיי צוגרייטן אין אַ תפיסה אויף מיטוואָך דעם צוועלפטן סעפּטעמבער 1941. אין דעם דערמאָנטן טאָג וועט קומען די געסטאַפּאָ זיי צונעמען.

די „פריילעכע” ידיעה איז געהאַלטן געוואָרן בסוד ביי די שטאָטראַט־מיטגלידער.

אין דער נאַכט פון 11.9.1941 אויפן 12.9.41 האָבן די פּוילישע פּאָליציאַנטן, אין באַגלייטונג פון די זשאַנדאַרמען, אַרויסגענומען עלף פער־זאָן פון די געלעגערס און זיי איינגעשפּאַרט אין זעלבן קעלער וואָס פריער. אויף מאָרגן, פּונקט אַכט אַזייגער פרי, האָט זיך באַוויזן אין שטעטל אַ דייטשישער לאַסט־אויטאָ מיט געסטאַפּאָ־לייט, וואָס זיינען גלייך פאַרפאָרן צו דער הויז פון די זשאַנדאַרמען. זיי האָבן באַפוילן די פּוילישע פּאָליציאַנטן און צוויי זשאַנדאַרמען, ברענגען די עלף אַרעסטירטע „קאָמוניסטן”.

בעת׳ן דורכפירן זיי דורך אַ שמאָל געסל איז געלונגען איינעם פון די אידן *) צו אַנט־לויפן פון פּאָליציאַנט׳ס הענט און פאַרשווינדן. עטלעכע פּאָליציאַנטן האָבן זיך נאָך אים גע־יאָגט און געשאָסן צו אים אָבער זיי איז ניט געלונגען אים צו כאַפּן. זיי האָבן גלייך וועגן דעם געמאָלדן דעם געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט, וועלכער האָט געוואַרט מיטן לאַסט־אויטאָ אויפן אַלטן מאַרק. דער געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט האָט גלייך באַפוילן אָפּכאַפּן אַנדערע פינף אידן אָנשטאָט דעם איינעם וואָס איז פאַר־שוווּנדן. אויף דער פראַגע פון פּאָליציאַנט, וועלכע אידן? איז געווען דער ענטפער: „נעם דעם ערשטן בעסטן אידן וועלכן דו וועסט נאָר טרעפן”. דער פּאָליציאַנט איז געגאַנגען לויטן סדר פון די הייזער אויפן מאַרק און האָט גענומען וועמען ער האָט נאָר געטראָפן אין וווינונג. קיינער האָט אפילו ניט געוווּסט וואָס עס האָט פּאַסירט, ווייל דער פּאָליציאַנט

*) אברהם־מאיר טאָדאָראָוויטש.

האָט געזאָגט אַז ער נעמט זיי בלויז אויף אַרבעט. דעריבער האָט זיך קיינער ניט אָפּגעזאָגט און געגאַנגען מיט אים. קומענדיק צום אַלטן מאַרק האָבן די אידן שוין דערזען וואָס עס קומט פאָר, אָבער דעמאָלט איז שוין געווען צו שפּעט עפּעס צו טאָן. דער געסטאַפּאָניק האָט זיי באַפוילן גלייך אַרויפקריכן אויפן איבערגעדעקטן לאַסט־אויטאָ, ווו עס האָט געוואַרטעוועט דער קנישינער פּאָליציי־קאָמענדאַנט וואָנשיקעוויטש *). דער אויטאָ מיט די געכאַפּטע אידן איז אָפּגעפאָרן. די פינף געכאַפּטע זיינען געווען: נח באַרסקי מיטן 15 יעריקן זון אברהמ׳לע, אָשר קאָברינסקי (מיטגליד פון יודנראַט), בזשיזשינסקי (סעקרעטאַר פון יודנראַט) און פעלטינאָוויטש.

די פרויען פון די אַוועקגענומענע מענער, דערוויסנדיק זיך וואָס עס איז געשען, זיינען אַרויסגעלאָפן אין גאַס. דאָרט האָבן זיי שוין אָבער קיינעם ניט געטראָפן... פאַר גרויס צער האָבן זיי זיך צעוויינט אויפן קול און ספּאַזמירט ביז מען האָט זיי קוים לעבעדיקע געבראַכט אַהיים.

דערוויסנדיק זיך אַז די געסטאַפּאָ־לייט האָבן אַוועקגעפירט די אידן אין קנישין און דאָרט זיי איינגעשפּאַרט, זיינען גלייך צומאָרגנס אַוועקגעפאָרן די פרויען פון די פינף געכאַפּטע אידן אין קנישין. דער יודנראַט האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט גרויסע געלטער אויף צו באַקומען אַ דערלויבעניש פון אַמטס־קאָמיסאַר פאַר די פרויען צו פאָרן אַהינצו און אַ באַשטעטיקונג, אַז זייערע מענער זיינען ניט קיין קאָמוניסטן און האָבן קיין שום שייכות ניט מיט די אַרעסטירטע פון קעלער. באַקומענדיק אַזאַ שיין, זיינען די פרויען געווען זיכער אַז מען וועט זייערע מענער גלייך באַפרייען. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אַנדערש. די געסטאַפּאָ האָט געפאָדערט אַ געוויסן קוואַנטום גאָלד, צוויי קאַראַקולענע דאַמען־מאַנטלען און נאָך חפצים פאַר דער באַפרייאונג פון די פינף פערזאָן. צושטעלן די געפאָדערטע זאַכן האָט מען געדאַרפט אין משך פון צוויי טעג. מען האָט אַלזאָ אָנגעהייבן טראָגן פון אַלעם. צומאָרגנס פרי, ניט אויסוואַרטנדיק דעם פולן טערמין, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט אַרויפגעזעצט אַלע אַרעסטירטע אויפן לאַסט־אויטאָ און אַוועקגעפירט אין ביאַליסטאָק. זיי האָבן בלויז באַפרייט אין קנישין באַרסקיס 15־יעריקן זון אברהמ׳עלע צוליב מינדעריעריקייט. פון דעמאָלט־אָן זיינען די פערצן אידן פאַרלאָרן געגאַנגען ניט לאָזנדיק נאָך זיך קיין שפּורן.

אין גאָניאָנדז האָט צוריק אָנגעהייבן דאָס לעבן פליסן ווי געוויינלעך. דער „שאָדן" פון די פוילישע שטאָט־פירערס האָט זיך אומגעקערט מיט פראָצענטער; באַלד אַזוי איז שוין אַראָפּ פון זייערע קעפּ די לעצטע זאָרג.

די מאַכט פון אַמטס־קאָמיסאַר מיט די זשאַנדאַרמען האָט זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג; אַקעגן־זשע איז די ממשלה פון שטאָטראַט זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן מיטן מאָמענט פון זייער אָנקום אין שטעטל.

ענדלעך, נאָך צוויי וואָכן פון אמטס־קאָמיסאַרס הערשאַפט, האָט ער אָפּגעשאַפט פולשטענדיק דעם פוילישן ציווילן שטאָטראַט, און איבערגענומען אין די אייגענע הענט די גאַנצע מאַכט פון שטעטל.

דער אַמטס־קאָמיסאַר האָט אויפגעהאַנגען איבער זיין אַמט די רויטע היטלעריסטישע פאָן מיטן שוואַרצן האַקנקרייץ און אין גאָניאָנדז האָט אָנגעהייבן הערשן די סטאַבילע היטלעריסטישע ציוויל־מאַכט, פונקט ווי אין אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. די צאָל אַרבעטס־קרעפטן פון דער אידישער באַפעלקערונג איז געשטיגן מיטן וווקס און געברויך פון דער אַרבעט. דער אַמטס־קאָמיסאַר פלעגט זייער אָפט רופן צו זיך דעם פרעזעס פון יודנראַט, איבערהויפּט ווען ער פלעגט זיך נויטיקן אין עפּעס, אָדער וועגן אַרבעטס פראַגן. ווי די יודנראַט־מיטגלידער פלעגן איבערגעבן איז דער אַמטס־קאָמיסאַר פון נאַטור ניט געווען קיין שלעכטער, אויסער איין חסרון: „ער פאַרגעסט גיך וואָס מען גיט אים". דעריבער איז דער פרעזעס פון יודנראַט געווען געצוווּנגען אָפטמאָל צו פאָרן אין אַנדערע שטעטלעך כדי צו שאַפן פאַר אים די אַרטיקלען וואָס איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען אין גאָניאָנדז.

*) וואָנשיקעוויטש — געוועזענער לאַנג־יאָריקער פוילישער פּאָליציאַנט אין גאָניאָנדז.

אויף דעם פלעגט דער אַמטס־קאָמיסאַר געבן אַ רייזע־שיין, ווייל אָן אַ שיין איז געווען שטרענג פאַרבאָטן פאַר יעדן אידן ערגעץ־ווו צו פאָרן.

קלאָר אַז די געלט־מיטלען האָט דער יודנראַט געשעפּט פון שטעטל און בפרט פון די פאַרמעגלעכערע אידן. אויסערן אַמטס־קאָמיסאַר האָט נאָך דער יודנראַט געדאַרפט ניי־באַקליידן די פינף זשאַנדאַרמען מיט זייערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דייטשלאַנד. מיט איין וואָרט: מען האָט געזויגן אָן אויפהער די בלוט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין גאָניאָנדז!

די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פון דריי קלאַסן: דער רייכערער קלאַס — דאָס זיינען געווען די פאַר־מלחמה׳דיקע סוחרים, איבערהויפּט פון דער מאַנופאַקטור בראַנזשע, לעדער בראַנזשע, שוכוואַרג א. ד. גל. זיי האָבן ניט געדאַרפט זוכן אַרבעט אויף פרנסה, ווייל דער גרעסטער טייל פון זיי האָט אין משך פון דער גאַנצער אומרואיקער צייט, אָנהייבנדיק פון סוף 1939, אויסבאַהאַלטן די סחורות אין פאַרשיידענע בונקערס אָדער ביי גוט־באַקאַנטע פויערים אויף די דערפער. פון צייט צו צייט פלעגט מען אָפּשניידן אַ שטיקל סחורה׳ וואָס איז געווען דעמאָלט געוואַלדיק טייער, און אויסטוישן זי ביי אַ פויער אויף לעבנס־מיטל. זייערע געהיימע געשעפטן האָבן אַזוי־אַרום געקענט קלעקן אויף גוטער דערנערונג אין משך פון יאָרן.

דער צווייטער קלאַס איז געווען בעלי־מלאכות. אויך זיי איז געווען ניט שלעכט. זייערע צען פינגער זיינען געווען גענוג צו פאַרדינען אויף עסן פאַר זייערע משפחות. די פויערים האָבן אין יענער צייט פאַר אַרבעט אויך זייער גוט געצאָלט, ווייל קיין סך בעלי־מלאכות זיינען דעמאָלט ניט געווען. איבערהויפּט האָבן אויסגעפעלט שניידערס. שטאָפן האָבן די פויערים געהאַט איבערגענוג פון די צוגערויבטע רוסישע מאַגאַזינען בעת׳ן פלוצלינגדיקן אָפּטריט פון דער רויטער אַרמיי. אַזוי־אַרום האָט אויך דער גרעסטער טייל פון די בעלי־מלאכות געהאַט גענוג צו עסן. עס איז נאָך צו אונטערשטרייכן אַז די בעלי־מלאכות זיינען געווען פריי פון צוואַנגס־אַרבעט, ווייל זיי פלעגן אָפּצאָלן אַ געוויסן מאָנאַטלעכן שטייער דעם יודנראַט. פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט ניט באַפרייט זייערע אַרבעטס־פעאיקע קינדער.

פיל ערגער איז געווען דעם אָרימען קלאַס. דאָס זיינען געווען: פאַר־מלחמה׳דיקע אָרימע־לייט, אָנגעשטעלטע און געוועזענע קליין־הענדלערס, בפרט שפייז־קרעמערס. די לעצטע האָבן זייערע סחורות, נאָך מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, שוין געהאַט אויפגעגעסן. אַ גרויסן טייל פון זייערע סחורות, וואָס האָבן לאַנג ניט געקענט ליגן, האָבן זיי פאַרקויפט נאָך אין די ערשטע מאָנאַטן פון דער מלחמה. זיי זיינען דעריבער געווען געצוווּנגען, גלייך מיט אַלע געדריקטע אידן, צו טוישן ביי פויערים אויף לעבנס־מיטל זייערע גוטע שבת׳דיקע בגדים, הויז־מעבל באַקומענע אין נדן, פאַרשיידענע אַרבעטס־מכשירים, וועש, און צום סוף — בעטגעוואַנט. דער סיסטעם פון געלט האָט פאַקטיש ניט עקזיסטירט ביי די פויערים. די סיבה דערפון איז געווען וואָס עס זיינען דעמאָלט ניט געווען קיין אָפענע געשעפטן. אַזוי־אַרום האָט דער פויער גאָרניט געקענט קויפן פאַר זיין געלט און דעריבער האָט ער פאַרלאַנגט מען זאָל אים צאָלן פאַר זיינע סחורות מיט אַנדערע סחורות. די אַלע טראַנזאַקציעס פלעגן פאָרקומען געהיים, ווייל עס האָט געדראָט דערפאַר אַ גרויסע שטראָף. די ערשטע צייט נאָכן באַזעצן זיך פון דער דייטשישער מאַכט האָט נאָך דעם גרעסטן טייל פון אָרימען קלאַס געקלעקט ווי־עס־איז אויף דערנערונג, ווייל ביי יעדער משפחה האָט זיך נאָך געפונען וואָס צו פאַרקויפן און מען האָט געקענט אָנגרייטן מעל און קאַרטאָפל אויפן ווינטער. אפילו אַ בעל־עגלה האָט באַקומען פאַר צוויי רעדער פון זיין וואָגן אויף אַ גאַנצן ווינטער קאַרטאָפל פאַר זיין משפחה. שלעכט איז געוואָרן די לאַגע פון אָרימען קלאַס מיטן אָנקום פן פרילינג. פיל פון זיי זיינען שוין געווען געצוווּנגען אַוועקגיין אויפן דאָרף העלפן די פויערים באַאַרבעטן די ערד, פאַר וואָס זיי האָבן באַקומען עסן פאַר זיך און פאַר די משפחות. די אידן וועלכע זיינען ניט געווען פעאיק צו

אַזעלכע אַרבעטן ווי: עלטערע מענטשן, שוחטים, דער רב א. ד. גל. פלעגן באַקומען שטיצע און לעבנסמיטל פון רייכערן קלאַס, וואָס האָט זיי גערן געהאָלפן. אַזוי־אַרום האָט הונגער קיינער ניט געליטן. די דיפערענץ איז נאָר געווען אין דער קוואַליטעט פון עסן.

און אָט מיטן אָנקום פון זומער 1942, האָט זיך געעפנט אַ פרישע קוועלע פון אַרבעט אין דער פעסטונג אָסאָוויעץ. עס זיינען דאָרט געווען באַשעפטיקט טאָג־טעגלעך ביי הונדערט פופציק אידישע אַרבעטער, מענער און פרויען, פון זעכצן יאָר ביז פופציק. פיל פון זיי פלעגן טאָג־טעגלעך ברענגען פון אָסאָוויעץ נייע טאָרבעס פון רוסישע גאַז־מאַסקעס, וועלכע די פויערים פלעגן גערן קויפן. מען פלעגט אויך אויסאַרבעטן פון זיי פאַרשיידענע קליידונגען, איבערהויפט הויזן. אַ טייל פון די אַרבעטער האָבן געאַרבעט ביים סאָרטירן רוסישע איבערגעלאָזענע אַמוניציע: האַרמאַטן־באָמבעס פון פאַרשידענע קאַליבערס, פאַרשיידנאַרטיקע גראַנאַטן א. ד. גל. געווער איז דאָרט ניט געווען. דער צווייטער און גרעסערער טייל האָט געאַרבעט ביי דער באַן־סטאַציע, ביי אויפלאָדן און אָפּלאָדן פון די וואַגאָנעס געצעלטן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון דייטשישע פאַבריקן. אָסאָוויעץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַזע פון פאַרשיידענע האָלץ־און פאַפּ־געצעלטן, וואָס פלעגן פון דאָרט ווערן אָפּגעטראַנספּאָרטירט צום פראָנט פאַר די דייטשישע זעלנער.

### 15־טער קאַפּיטל

נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען און תחנונים ביים אַמטס־קאָמיסאַר איז געלונגען דעם יודנראַט צו באַקומען אַ דערלויבעניש, ברענגען צו קבורה אויפן אידישן בית־עלמין די 20 דערמאָרדעטע אידן פון דער זונטיקדיקער פּאָגראָם־נאַכט מיט 9 מאָנאַטן צוריק. ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די באַנדיטן זיי באַגראָבן אויף די מאַיאָווע בערג. שרעקלעך און מורא׳דיק איז געווען דער בילד ווען מען האָט זיי אויסגעגראָבן. די הרוגים זיינען געווען אויס־




גאָניאָנדזער בית־הקברות, — צייכענונג פון שמעון האַלפערן ז״ל

געלייגט אויף דער ערד און די משפחה־מיטגלידער זיינען געלעגן נעבן יעדן טויטן קערפער און שרעקלעך געיאָמערט. דער מוראדיקער געוויין האָט מיטגעריסן אַלע אַרום־שטייענדיקע אידן. עס פעלן פשוט אויס ווערטער צו באַשרייבן דעם טראַגישן בילד.

ביי אַ געוויסן טייל פון די הרוגים איז נאָך געווען מעגלעך צו דערקענען די געזיכטער, אַנדערע לויט דער קליידונג, וועלכע זייערע משפחה־מיטגלידער האָבן דערקענט. די פרוי ביאַלי איז געלעגן בלויז אין דער נאַכט־העמד, ווי מען האָט איר אַרויסגעשלעפט פון בעט. דער שטעכיקער דראָט, אויף וועלכן מען האָט איר אויפגעהאַנגען איז נאָך געווען אָנגעבונדן אויף איר האַלדז. די רעכטע פוס איז געווען צעבראָכן. יאָסל קאָברינסקי איז געלעגן מיט פאַרבונדענע הענט אויף הינטן, די מויל פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס און דראָטן. אין קאָפּ איז געווען אַן עפענונג און די לינקע פוס צעבראָכן. אַלע איבעריקע האָבן געהאַט אָפענע ווונדן אויפן קערפער און בפרט אין די קעפּ. ביי וואָלפקע רייגראָדסקין איז געווען דער שאַרבן צעשפּאָלטן. די אַרום־שטייענדיקע יוגנטלעכע האָבן געפּרוווט אַרויפלייגן די הרוגים אויף די טראָג־בעטלעך אָן אַוועקטראָגן זיי אויפן בית־עלמין. די נאָנטע פון די אומגעקומענע האָבן אָבער ניט געלאָזן. עס איז געווען פשוט אוממעגלעך זיי אָפּצורייסן פון די הרוגים. ערשט אין אַ שעה אַרום האָט מען זיי גענומען אַריבערטראָגן אויפן אידישן בית־עלמין. דער געוויין, וואָס האָט זיך אין די לעצטע צענדליק מינוטן פאַרקלענערט, האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט און האָט ממש געשפּאָלטן די הימלען. איין וואָרט האָט זיך פון אַלע מיילער געהערט: „נקמה!!! — אידן! ווער עס וועט פון אייך איבערלעבן די מלחמה זאָל נעמען נקמה פאַר די אומשולדיקע בלוט וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן!...” איינער האָט אויסגערופן: „אידן! מיר באַשווערן אייך אַלע, ביים אָפענעם ברידער־קבר, איר זאָלט נעמען נקמה פון די באַנדיטן!!!...

מען האָט געבראַכט די צוואַנציק הרוגים אויפן אידישן בית־עלמין. פיל אידן האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטאָן איבער אים זוכן די קברים פון די קעלערדיקע אומגעבראַכטע אידן, די פינף געפונענע אין די תבואה פעלדער א.אַ.וו.

נאָך לאַנגע פּרוּוון פון גראָבונגען האָט מען אַנטדעקט אַ ברודער־קבר פון די זיבעצן קעלערדיקע (די לעצטע גרופּע). די טראַגעדיע האָט זיך נאָך מער פאַרגרעסערט: פרויען דערקענען מענער, עלטערן — קינדער און פאַרקערט. די יאָמערייען, געשרייען און ספּאַזמירונגען פאַרגרעסערן זיך אַלץ מער איבערן אידישן בית־עלמין. אויך די זיבעצן הרוגים זיינען געווען אויף אַ שרעקלעכן אופן דערמאָרדעט. ביי איינצלנע האָט מען געפונען אַריינגעהאַקטע טשוועקעס אין די קעפּ און אין די הערצער. אַנדערע האָבן געהאַט איינגאַנצן צעשפּאָלטענע קעפּ, ווי פון אַ האַק. ביי איינעם איז געווען אַרויסגעריסן דער צונג. ביי פיל זיינען געווען צעבראָכן די פיס און הענט. אַכט מאַן האָבן געהאַט פאַרבונדענע הענט אויף הינטן מיט שטעכיקן דראָט. אַנדערע האָבן געהאַט טיפע לעכער אין די קעפּ און אין קאַרק.

נאָך לאַנגע זוכונגען האָט מען אַנטדעקט אויך דעם קבר פון די פינף דערשאָסענע מחמת דעם בלוט־בלבול וואָס די פּאָליאַקן האָבן אויף זיי געמאַכט בעת זיי זיינען געלעגן פאַרבאַהאַלטן אויף די קאָרן־פעלדער. ביי די האָט מען ניט אַרויסגענומען פון די טאַשן די דאָקומענטן. ביי איינעם האָט מען נאָך אפילו געפונען זיין טאַשן־זייגער. די ערשטע דריי דערשאָסענע פון קעלער האָט מען געפונען ליגנדיק אין אַ באַזונדער קבר. זיי זיינען געווען דערשאָסן אין די קעפּ.

מחמת דער באַגרענעצטער צייט, אויף וועלכער עס איז געגעבן געוואָרן די דערלויבעניש, האָט מען קיין פרישע קברים ניט געקענט אויסגראָבן פאַר די געפונענע הרוגים. מען האָט זיי דעריבער אַלע צוריק אַריינגעלייגט אין די זעלבע ברידער־קברים. דעם קבר פון די עלף מאַן *) פון קעלער האָט מען ניט געפונען. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָבן די באַנדיטן זיי באַגראָבן ערגעץ־ווו אין די מאַיאָווע בערג.

*) די צווייטע פּאַרטיע פון מאָטקע קליאָפּ'ס קעלער, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען שבת־צונאַכט דעם פערטן יולי.

זעקס אַזייגער פאַרנאַכט האָט דער גאַנצער המון אידן, מחנות־ווייז פירנדיק מיט זיך די אומגליקלעכע משפחה־מיטגלידער פון די אַנטדעקטע הרוגים, קלאָגנדיק און וויינענדיק, מיט פאַרוואָרפענע קעפּ אויף די אַקסלען, זיך צוריקגעקערט אין שטעטל, אין זייערע היימען.

### 16־טער קאַפּיטל

דאָס לעבן אין שטעטל האָט זיך מיט דער צייט צוריק באַרויִקט. ווער ס'איז געגאַנגען טאָג־טעגלעך צו דער אַרבעט אין אָסאָוויעץ, ווער אויפן דאָרף זוכן פּרנסה, ווער בײַ זיך אין וואַרשטאַט און ווער עס האָט געקלאָגט און געוויינט, טאָג־ווי־נאַכט, אויפן אומגליק וואָס עס האָט אים געטראָפן. די באַציִאונגען צווישן אַמטס־קאָמיסאַר, זשאַנדאַרמען און דעם יודנראַט האָבן זיך פון צייט צו צייט פאַרבעסערט, אַזוי אַז עס איז שוין „כמעט" ניט געווען צו פילן אַז עס הערשט די היטלער־מאַכט אין שטעטל. צייטנווייז נאָך אַ נייער פּוילישער מסירה, פלעגט דער אַמטס־קאָמיסאַר ווערן בייז אויפן יודנראַט און גוט באַפאַלן זיין פּרעזעס. דער חשד פלעגט פאַלן אויפן אַמטס־קאָמיסאַרס שאָפער אָלשעווסקי, דער גוט־באַקאַנטער באַנדיט פון דער זונטיקדיקער פּאָגראָם־נאַכט. אויך וואַליניעוויטשן *) פלעגט מען חושד זיין צוליב זיינע שוואָגערס, די באַוווסטע באַנדיטן קאַמינסקי. דער יודנראַט פלעגט אָבער דעם אַמטס־קאָמיסאַר באַלד באַרויִקן מיט אַ שיינעם פּרעזענט און ער פלעגט ווערן גלייך אָפּגעקילט, ווי קיינמאָל גאָרניט געווען. די מאַסן־באַשעפטיקונג פון די אידישע אַרבעטער־קרעפטן אין אָסאָוויעץ האָט צוגעגעבן חשיבות דער אידישער באַפעלקערונג סיי ביים אַמטס־קאָמיסאַר און סיי בײַ דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור אין אָסאָוויעץ. עס איז צייטנווייז דערגאַנגען פּשוט צו אַ פאַרזיכערונג פון דעם בעצירקס־פאַרוואַלטער אין אָסאָוויעץ מיט די ווערטער: אויב ס'וועט עפּעס טרעפן מצד דער געסטאַפּאָ דער אידישער באַפעלקערונג אין די אַרומיקע שטעט

*) דעם אַמטס־קאָמיסאַרס סעקרעטאַר.

און שטעטלעך, וועט דאָס אַבסאָלוט ניט אָנרירן די גאָניאָנדזער אידן.

די אַרבעט אין אָסאָוויעץ האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט. וואָס מער אַרבעט מען פלעגט אַרויסגעבן, מער נייע פלעגט צוקומען, ווייל מיט דער דערנענטערונג פון האַרבסט און ווינטער האָט זיך דער געצעלטן־געבוריך פאַר די פראָנט־קעמפער נאָך מער פאַרגרעסערט, און דעריבער האָט די אַרבעט אָנגענומען אַ שנעלערן טעמפּאָ. דער פאַרקער פון די צוגן, אויף דער אָסאָוויעצער באַן־סטאַציע, איז געווען אַ גרויסער. עס האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. שטענדיק פלעגט מען זען דורכפאָרנדיקע צוגן, פול מיט מיליטער, פון פראָנט און צום פראָנט. פיל פון די דורכפאָרנדיקע זעלנער, ווען זיי פלעגן באַמערקן די אַרבעטנדיקע אידן, פלעגן אַרויסשרייען פון די וואַגאָנעס — „פערפלוכטע יודן!" אַנדערע פלעגן ווייזן מיט שטעקלעך שלאָגנדיק זיך אין קאָפּ א. ד. גל. פאַרשטייט זיך אַז אַזעלכע בילדלעך האָבן ניט געגעבן די אַרבעטנדיקע אידן קיין האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן. מען פלעגט זיך אָפטמאָל טרייסטן מיט פאַלשע קלאַנגען, וואָס פלעגן פאַרשפּרייט ווערן — „די רוסן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין קיעוו, מינסק, ווילנע" א.ד.גל. אָבער דער אמת איז גיך אויפגעדעקט געוואָרן, ווען מען האָט באַקומען בגנבה אַ דייטשישע צייטונג, אין וועלכער עס איז גראָד אין יענע טעג געווען אָפּגעדרוקט די לאַנד־קאַרטע פון קאַווקאַז מיט פאָלגנדיקער ידיעה: „די דייטשישע אָפּטיילונגען האָבן אַריינגעמאַרשירט אין קאַווקאַז און קעמפן דאָרט פאַרביסן אָפּהאַלטנדיק גרויסע נצחונות". דעם אידישן לעזער פלעגט ממש דורכנעמען אַ שוידער פון גרויס איבעראַשונג און אַנטוישונג. אָפטמאָל פלעגט מען אָנציִען אַ געהיימען שמועס בײַ דער אַרבעט מיט די רוסישע קריגס־געפאַנגענע פון אָסאָוויעץ. ליידער, האָט מען אויך פון זיי זיך גאָרניט געקעוט דערוויסן. די נאָכאַנאַנדיקע ידיעות וועגן נצחונות, פאַרשפּרייטע דורכן דייטשישן אינפאָרמאַציע־און פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום, זיינען געווען, פאַרשטייט זיך, גאַנץ ווייניק באַגלויבט בײַ די אידן. אָפטמאָל האָט מען פּשוט ניט געוואָלט גלויבן, ווייל מען האָט

דאָך שוין גוט געוווּסט מיט וואָס עס שמעקט... מיט איין וואָרט, מען איז געווען ווי אין אַ זאַק. מיט די רוסישע געפאַנגענע זיינען די אידישע אַרבעטער געווען גוט באַפריינדעט, אַלס אחים לצרה. טאָג־טעגלעך פלעגט דער גרעסטער טייל פון די אידישע אַרבעטער מיטנעמען אין די ברויט־זעקלעך עסן פאַר די געפאַנגענע גלייך ווי פאַר זיך. קומענדיק אין אָסאָוויעץ פלעגן צוויי בחורים צונויפנעמען אין עטלעכע גרויסע רוקזעקלעך דעם עסן פאַר די רוסישע פלעניקעס און אים אַוועקלייגן אין אַ באַשטימטן קוסט, יעדן טאָג אין אַן אַנדער באַהעלטעניש, די שונאים זאָלן ניט פאַלן אויף די שפורן. איינער פון די געפאַנגענע פלעגט בגנבה אַרויסנעמען דעם עסן פון אָנגעוויזענעם אָרט. די געפאַר איז געווען אַ טאָפּלטע, סיי פון די דייטשן און סיי פון די פוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געזוכט שטאָף פאַר מסירות. אַלע פלעגן זיך אַבער פילן גליקלעך אַז עס איז דורכגעגאַנגען בשלום.

### 17־טער קאַפּיטל

די גוטע שטיקל צייט איז צו ענדע געקומען אין אייניקע מאָנאַטן אַרום.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דער אַמטס־קאָמיסאַר געמאָלדן, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל צו מאַכן אַ געטאָ פאַר די אידן, פונקט ווי אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך. די אידישע באַפעלקערונג אין גאָניאָנדז האָט אין דעם פאָרויסגעזען אַ גרויסע געפאַר פאַר איר עקזיסטענץ. מען האָט זיך דעריבער געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט כדי אָפּצושרייען די גזירה. דער פרעזעס פון יודנראַט איז גלייך אַוועקגעפאָרן אין ביאַליסטאָק און געקויפט דאָרט אַ לעדערנעם מאַנטל פאַרן אַמטס־קאָמיסאַר און אַ קאַראַקולענעם פאַר זיין פרוי. אויסער דעם האָט מען געריסן שטיקער פלייש פון דער באַפעלקערונג און געטראָגן צו דעם אַמטס־קאָמיסאַר. קיינער האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט זיך מיטאַמאָל אַזוי געענדערט.

און אָט אין איין שבת'דיקן פרימאָרגן האָט פלוצלינג דער אַמטס־קאָמיסאַר באַפוילן אַלע אידן פון דאָליסטאָווער גאַס פאַרלאָזן זייערע וווינונגען אין משך פון דריי שעה. עס איז געוואָרן אַ טומל און בהלה אין שטעטל. יעדער איד פון דער אויבנדערמאָנטער גאַס איז געלאָפן צו זיינע באַקאַנטע פויערים נאָך אַ פור אַריבערצופירן די זאַכן. מענטשן פון אַנדערע גאַסן לויפן צו זייערע באַקאַנטע און העלפן זיי זיך איבערטראָגן צו זיך אין וווינונג. פורן פול אָנגעלאָדענע מיט בעבעכעס ציען זיך פון דאָליסטאָווער גאַס אין אַנדערע גאַסן און געסלעך פון שטעטל, צו באַזעצטע אידישע וווינונגען. דריי טעג שפעטער האָט דער אַמטס־קאָמיסאַר געמאָלדן דעם יודנראַט אַז די אידן זאָלן פאַרלאָזן טיפלע־גאַס. דאָס איז אָבער געלונגען מיט גרויסע קאָסטן אָפּצובעטן. עס זיינען דורך נאָך אייניקע טעג אָן שום ענדערונגען. ביסלעכווייז האָבן די אידן שוין אָנגעהייבן גלויבן אין אַ פאַרבעסערונג פון דער לאַגע. נאָך גרעסער איז געווען דער גלויבן, ווען דער אַמטס־קאָמיסאַר האָט באַשטימט צו פאַרטיילן די גאָניאָנדזער אידן קאַרטאָפל אויף ווינטער לויטן נידעריקן רעגירונגס פרייז. ער האָט באַפוילן די פויערים פון די דערפער צוצושטעלן אין משך פון דריי טעג אַ באַשטימטן קאָנטיגענט קאַרטאָפל פאַר די גאָניאָנדזער מאַגאַזינען. ווען די מאַגאַזינען זיינען שוין פאַרפולט געוואָרן, האָט יעדער איד געהאַט דאָס רעכט נעמען פון דאָרט זיין פּאָרציע. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און אויך דידאָזיקע שמחה איז פאַרשטערט געוואָרן. דער אַמטס־קאָמיסאַר האָט פלוצלינג גערופן צו זיך דעם פרעזעס פון יודנראַט און אים באַפוילן צושטעלן צוויי הונדערט פוטערס. ער האָט גלייך געגעבן דעם פרעזעס צו זיין דיספּאָזיציע אַ פור מיט אַ פוילישן בעל־עגלה צו דעם צוועק. דער פרעזעס פון יודנראַט האָט דאָס אים צוגעזאָגט שאַפן.

אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג איז שוין געשטאַנען דער אָנגעלאָדענער וואָגן מיט די אידישע פוטערס פאַרן הויז פון אַמטס־קאָמיסאַר. דער יודנראַט־מיטגליד, וואָס האָט זיי צונויפגעזאַמלט, איז אַריין צום אַמטס־קאָמיסאַר מעלדן וועגן דעם. דער אַמטס־קאָמיסאַר איז אַרויס פון זיין ביוראָ אין באַגלייטונג פון

יודנראַט־מיטגליד און צוגעגאַנגען צום וואָגן באַטראַכטן די געבראַכטע סחורה. דעמאָלט האָט זיך אָפּגערופן דער פּוילישער בעל־עגלה טשייקאָווסקי וואָס האָט די פּוטערס געבראַכט צופירן: „הער אַמטס־קאָמיסאַר! די גוטע פּוטערס האָבן די זשידעס פאַרבאַהאַלטן און די ערגסטע שמאַטעס האָבן זיי אַוועקגעגעבן“. דער אַמטס־קאָמיסאַר, הערנדיק אַזעלכע רייד, האָט גלייך געגעבן צוויי פּעטש אין פּנים דעם מיטגליד פון יודנראַט און געזאָגט: „אויב אין משך פון דריי שעה וועסטו מיר ניט צושטעלן צוויי הונדערט גוטע פּוטערס זאָלסטו אַרויסשיקן אַלע אידישע מענער אויפן גאַס“. עס איז געוואָרן אַ בהלה אין שטעטל. אידן זיינען געלאָפן אין די נאָענטע דערפער וווּ זיי האָבן געהאַט באַהאַלטן זייערע האָב און גוטס און געבראַכט צושלעפּן די בעסטע פּוטערס וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט. מיט איין וואָרט, מען האָט געשאַפן פון אונטער דער ערד און צוגעשטעלט צו דער צייט די פאַרלאַנגטע צאָל. דער שטורעם איז שטיל געוואָרן.

שבת דעם 30־טן אָקטאָבער 1942, בעת דער וועכנטלעכער זיצונג פון די סאָלטיסן *) פון אַלע דערפער אַרום גאָניאָנדז, האָט דער אַמטס־קאָמיסאַר געמאָלדן, אַז אויפן נאָענטסטן מאָנטיק, דעם צווייטן נאָוועמבער, זאָלן אַלע דערפער אים צושטעלן צוויי הונדערט פורן מיט הויכע דראַבינעס אויף זיבן אַזייגער פרי. די פורן דאַרפן זיין איינגעשטעלט לויט אַ רייע, וואָס זאָל זיך ציען פון זיין אַמט לענג־אויס דאָליסטאָווער גאַס. די מעלדונג האָט אַרויסגערופן אַ פאַרוווּנדערונג ביי אַלע סאָלטיסן. ווען איינער פון זיי האָט אים געשטעלט אַ פראַגע, צו וועלכן צוועק באַדאַרף מען אַזוי פיל פורן, האָט דער אַמטס־קאָמיסאַר געענטפערט: צו ברענגען יונגע ביימער־פלאַנצן פון גראַיעווער געגנט. נאָך דער זיצונג ווען די ידיעה איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג, האָט זי אַ געוויסן טייל פון איר איבעראַשט. ביי דער מערהייט אָבער, האָט זיך קיין שום בייזער געדאַנק ניט דערוועקט אין שייכות דערמיט. דער יודנראַט האָט געשיקט זיין פּרעזעס צום אַמטס־קאָמיסאַר כדי צו דערוויסן זיך עפּעס וועגן דעם. צוריקקערנדיק זיך פון אַמטס־קאָמיסאַר האָט דער פּרעזעס געזאָגט, אַז דער אַמטס־קאָמיסאַר האָט אים פאַרזיכערט, אַז די צוויי הונדערט פורן האָבן ניט קיין שום צוזאַמענהאַנג מיט די אידן. דער יודנראַט האָט זיך באַרואיקט...

*) סאָלטיס — דאָרף־פאָרשטייער.

## 18־טער קאַפּיטל

פונקט ווי יעדן טאָג אַזוי אויך מאָנטיק דעם צווייטן נאָוועמבער 1942 האָבן אַלע אַרבעטער, באַשעפטיקטע אין אָסאָוויעץ, אויפגעשטאַנען פינף אַזייגער פרי און אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איז יעדער אַוועק מיטן ברויט־זאַק קיין אָסאָוויעץ.

אַרויפגייענדיק אויפן שאָסיי, נעבן דאָרף גוזי, ווו די אַרבעטער פון פאַרשיידענע עקן שטאָט האָבן זיך געטראָפן און צוזאַמען מאַרשירט, איז געווען צו הערן ניט פון איינעם שפּאָט־רייד אויף די, וואָס האָבן זיך נעכטן געשראָקן פאַרן היינטיקן טאָג. אָפּגייענדיק אַ קילאָמעטער לענגאויס דעם שאָסיי, האָט מען באַגעגנט אַ דייטשישן מיליטערישן לאַסט־אויטאָ, וואָס איז געפאָרן אין דער ריכטונג צו גאָניאָנדז. אויף אים זיינען געזעסן באַוואָפנטע זעלנער. דער פאַקט האָט שוין אַרויסגערופן אַ באַאומרואיקונג ביי די אַרבעטער און מען האָט אָנגעהייבן אַרויסזאָגן פאַרשיידענע השערות. אָפּגייענדיק נאָך צוויי קילאָמעטער איז שוין געווען צו מערקן, אין דער גרויקייט פון פרימאָרגן, ווי עס שטייט אַ גרופּע מענטשן אויפן שאָסיי. דערנענטערנדיק זיך מער צו זיי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן מיט אַ דייטשישן זשאַנדאַרם, באַוואָפנטע מיט ביקסן, זיינען דאָרט געשטאַנען פון אַ לענגערער צייט און פאַרהאַלטן אַלע אידישע אַרבעטער. זיי האָבן געמאָלדן די אַרבעטער אַז אין דעם פּלאַץ מוזן אַלע שטיין בלייבן און ניט רירן זיך פון אָרט. דער אַרבעטער צופלוס האָט זיך פון צייט צו צייט פאַרגרעסערט ביז ער האָט זיך געענדיקט. זיבן אַזייגער איז שוין געוואָרן ליכטיק. אייניקע פון די אַרבעטער האָבן געפרעגט דעם פּוילישן

פּאָליציאַנט אַלציק, וואָס עס איז געשען. דער פּאָליציאַנט האָט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, געענטפערט: — „איך ווייס גאָרניט", און דערביי אונטערגעזוונגען אַ טאַנגאָ־ניגון און צוגעטאַנצט צום טאַקט. האַלב אַכט אַזייגער האָט מען געגעבן אַלע אַרבעטער אַ באַפעל זיך צוריקקערן געשלאָסענערהייט אין שטעטל, און ווער ס'וועט וואַגן אַנטלויפן וועט ווערן דערשאָסן.

איצט איז שוין קלאָר געוואָרן דער גאַנצער ענין פאַר אַלעמען. פיל פון די מיידלעך האָבן גלייך אָנגעהייבן וויינען. ביידע פּאָליציאַנטן האָבן באַגלייט די שורה פון ביידע זייטן און דער זשאַנדאַרם מיטן מאַשין־געווער פון הינטן. קומענדיק פאַרן דאָרף גוזי האָט מען שוין געזען ווי פיל אידן אַנטלויפן אויף טרעסטינער וועג. צוויי פוילישע פּאָליציאַנטן האָבן זיי נאָכגעיאָגט אויף ראָווערן, עפּענענדיק אויף זיי אַ שיסעריי, ביז זיי האָבן זיי געכאַפּט און אומגעקערט אין שטעטל. פון גאָניאָנדז זיינען דערגאַנגען די קנאַלן פון אַ נאָכאַנאַנדיקער שיסעריי. באַוואָפנטע געסטאַפּאָ־פּאָסטנס מיט מאַשין־געווער האָבן אַרומגערינגלט די שטעטל, באַזעצנדיק אַלע אירע אַרויסגאַנגען. בעת די געשלאָסענע שורה אַרבעטער איז אַראָפּ פון שאָסיי אין שטעטל אַריין, האָט מען שוין געזען ווי אַ געסטאַפּאָניק פאַרהאַלט אַ גרופּע אידן, וואָס האָט געפּרוווט אַנטלויפן פון שטעטל. ווען די אַרבעטער גרופּע איז דורכגעגאַנגען נעבן געסטאַפּאָניק האָט ער צוגעקאָפּטירט די גרופּע צו דער אַרעבעטער־ריי און געהייסן דעם זשאַנדאַרם זיי אַריינפירן אין שטעטל.

אויף די געזיכטער פון די צוגעקומענע אידן איז געווען אויסגעגאָסן דער חורבן פון שטעטל. זיי זיינען געווען אויפגערעגט און פון שרעק אַזש ניט געקענט רעדן. אויף אַלע פראַגעס פון די אַרבעטער וועגן די געשעענישן אין שטעטל, האָט מען געהערט איין ענטפער: „עס איז ניט גוט!" אַ שוידער האָט אַרומגענומען די אַרבעטער־גרופּע. אַ פאָטער האַלט זיך אָן זיינס אַ קינד, אַ ברודער אָן אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער. מען האַלט זיך פאַר די הענט. יעדער ווינטשט זיך צו זיין אין די לעצטע מינוטן פאַרן טויט מיט די נאָנטסטע און מיט זיי צוזאַמען אומקומען. די פּאָליאַקן שטייען אויסגעשטעלט, לענגאויס די גאַסן, און קוקן־צו מיט מען פרייד ווי מען פירט די אידן צו דער שחיטה. אָנקומענדיק פאַרן אַלטן מאַרק האָט מען געזען ווי מחנות אידן, יונג און אַלט, לויפן מיט איין אָטעם, וועלנדיק זיך אַרויסרייסן פון שטעטל. אויף די פעלדער מיט די יונג־אַרויסגעשפּראָצטע גרינע קאָרן־גרעזלעך, לויפן אַרום געסטאַפּאָניקעס און שיסן אָן אויפהער צו זיי. די אַנטלאָפענע קערן זיך אום צוריק אין שטעטל אַריין. אָנקומענדיק אויפן אַלטן מאַרק האָט מען קיין אידן אויף דער גאַס צו ליכט ניט געזען. דורכגייענדיק ווייטער נעבן די אידישע הייזער איז אַרויסגעלאָפן פון אַ וווינונג אַ אידישע פרוי און אַריינגעלאָפן האַסטיק אין דער ריי כדי אַרויסנעמען פון דאָרט איר זון. אַ דייטשישער זשאַנדאַרם האָט אָבער גלייך איר באַפוילן אַריינגיין צוריק אין וווינונג, אויסשטרעקנדיק קעגן איר ברוסט זיין רעוואָלווער. די פרוי האָט מיט גרויסע געוויינען זיך צוריקגעקערט. אַ הילכיקער, מורא'דיקער געוויין האָט אַרומגענומען דער אַרבעטער־מאַסע. פרויען, מענער, קינדער — אַלע וויינען און יאָמערן אויפן קול.

די געשלאָסענע גרופּע דערנענטערט זיך צום מאַרק פון שטעטל. אויפן גאַנעק פון געוועזענעם מאַגיסטראַט האָבן זיך אויסגעשטעלט: באַלאַנאָווסקי, קעמפּאַ מיט זייערע ידידים און געשטאַכן מיט זייער ציניש געלעכטער די דורכגייענדיקע אידן. איצט איז ענדלעך זייער טרוים פאַרווירקלעכט געוואָרן.

קומענדיק אויפן מאַרק פון שטעטל זיינען שוין דאָרט געווען אויסגעשטעלט די צוויי הונדערט באַשטעלטע פורן, וואָס זייער באַשטימונג איז שוין איצט געווען קלאָר פאַר אַלעמען. אויך אייניקע געסטאַפּאָ־אויטאָמאָבילן און טאַקסעס זיינען געשטאַנען אין צענטער פון מאַרק.

עס האָט זיך באַוויזן פאַר דער מאַסע אַ געסטאַפּאָ־אָפיציר מיט אַ בלייכן געזיכט, שוואַרצע לאַנגע וואָנסן און רוצח'ישע אויגן. אייניקע פרויען, דערזעענדיק אים בלויז פונדערווייטנס, האָבן גלייך גענומען ספּאַזמירן. מען האָט געהייסן דער גאַנצער גרופּע זיך אויסשטעלן אין

א שורה, צווייוויייז. ווען דאָס איז דערפילט געוואָרן, האָבן זיך דערנענטערט צו דער שורה אייניקע מונדירטע און געהיימע געסטאַפּאָניקעס און איינער פון זיי, האַלטנדיק אַ פּאַפּיר אין האַנט, האָט געזאָגט פּאָלגנדיקס: „איר ווערט אַלע אַוועקגעפירט אויף אַרבעט. יעדער איינער פון אייך גייט איצט צו זיך אַהיים אויף אַ האַלבע שעה און נעמט: אַן אַרבעטס־אַנצוג, אַ פּאָר אַרבעטס־שיך, צוויי פּאָר וועש, צוויי ציכאָלן און קליינע ציכלעך, אַ לעפל, אַ גאָפּל און אַ מעסער. האָבנדיק דאָס אויבנדערמאָנטע ביי זיך, דאַרף יעדער צוריק אַרויסגיין אין גאַס".

הערנדיק אַזעלכע ווערטער האָבן די פאַרטרויערטע אַרבעטער פרייער אָפּגעאָטעמט. מיט אַ באַנייטער האָפענונג זיינען אַלע געלאָפן אין זייערע הייזער, צו דערפילן דעם באַפעל פון די געסטאַפּאָניקעס. איך מיט מיין ברודער זלמן און שוועסטער קיילע האָבן געטראָפן אונדזער ווינונג פאַרשלאָסן. מיר האָבן אָפּגעריסן דעם שלאָס און אַריין אינעווייניק. נאָך אַ קורצן יישוב־הדעת האָבן מיר זיך דעצידירט ניט־אַרויסצוגיין צוריק אין גאַס, נאָר פּרווון זיך פאַרבאַהאַלטן אין אַ באַהעלטעניש, וואָס אונדזער פאָטער האָט צוגעגרייט אויפן בוידעם, ביז די לאַגע וועט קלאָר ווערן. מיר האָבן דאָרטן אַרויפגעטראָגן עסנוואַרג, וואַסער, בעטגעוואַנט און נאָך נויטיקע זאַכן. מיר האָבן פאַרמאַכט די פאַרמאַסקירטע טיר פון קעמערל און געבליבן דאָרט ליגן. ביסלעכווייז האָבן מיר אויסגעדלובעט אַ קליינע עפענונג אין דאַך, פונוואַנען מען האָט געזען אַלץ וואָס קומט פאָר אויפן גאַס.

אידן זאַמלען זיך אַלץ מער און מער. זיי שטעלן זיך אויס אין אַ לאַנגע ריי, אָנהייבנדיק פון דאַליסטאָווער גאַס, נעבן די וואַרטנדיקע פורן. זייערע פעקלעך ליגן אויף דער ערד נעבן יעדער משפחה באַזונדער. פּאָליציי און געסטאַפּאָניקעס דרייען זיך אַרום אין גאַס און שרייען אויפן קול צו יעדן אַרויסגייענדיקן אידן: „לויס! לויס! שנעלער, פערפלוכטער יודע!" ווען דער גרעסטער טייל פון דער גאָניאָנדזער אידישער באַפעלקערונג איז שוין געווען אויסגעשטעלט אויף דער גאַס האָט זיך אָנגעהייבן אַ ריי זייכענישן אין אַלע אידישע הייזער און הויפן. ווו מען האָט געטראָפן אַ איד, וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט, האָבן אים די געסטאַפּאָניקעס שטאַרק צעשלאָגן און אַרויסגעיאָגט אויף דער גאַס. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט גאַנץ ענערגיש מיטגעהאָלפן די געסטאַפּאָניקעס זוכן באַהאַלטענע אידן. ווען עטלעכע פּוילישע יונגעלייט איז געלונגען צו אַנטדעקן אין אַ קעלער אויף דאַליסטאָווער גאַס אַ אידישן יינגל, האָבן זיי גלייך געבראַכט אַהינצו דעם פּוילישן פּאָליציאַנט גאַגאַל, וועלכער האָט אים גלייך אויפן אָרט געשאָסן. פון צייט צו צייט האָט מען געבראַכט צושלעפּן צום אויסגעשטעלטן המון אויפן גאַס נאָך אידן, אַרויסגעשלעפּטע פון די באַהעלטענישן.

די שיסערייען אין שטעטל האָבן נאָך אַלץ געדויערט. ערשט צוועלף אַזייגער בייטאָג, ווען עס איז פולשטענדיק רואיק געוואָרן און קיין אידן האָט מען שוין מער ניט געפונען, האָט די געסטאַפּאָ באַפוילן אַרויפגיין אויף די קריסטלעכע פורן לויט דער ריי. אומגעפער אַ האַלבע שעה האָט געדויערט ביז אַלע האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף די פורן. די געסטאַפּאָניקעס האָבן זיך צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שורה פורן, כדי צו באַוואַכן דעם טראַנספּאָרט.

דער שטורמפירער האָט געגעבן אַ באַפעל — „אַבפאַהרען!" דער טראַנספּאָרט שוווער־אָנגעלאָדענע פורן האָט זיך אָנגעהייבן רירן...

שוידערלעך איז געווען דער בילד ווי אַזוי מען האָט אין איין מאָמענט אָפּגעווישט אַ קהילה פון קרוב טויזנט אידן פון איר געבורטס־אָרט, וואָס איז געווען באַוווינט דורך די זיידעס און עלטער־זיידעס אין משך פון הונדערטער יאָרן. פיל פון די פאַרטריבענע אידן שיקן זייער לעצטן בליק אויף זייערע היימען, דורכפאָרנדיק נעבן זיי, און זעגענען זיך מיט זיי מיט בלוטיקע טרערן... עלטערע און יונגע פרויען ליגן אויסגעצויגן פאַרחלש'טע אויף די פורן און האַלטן אָנגעשפּאַרט די קעפּ אָן זייערע משפחה־מיטגלידער, וועלכע גלעטן און קושן זיי. אנדערע אַלטע אידן הייבן די הענט צום הימל זוכנדיק דאָרט אַ ישועה, אָבער קיין נס געשעט ניט...

פּאָליאַקן שטייען אויסגעשטעלט אַקעגן די

אָפּרייזנדיקע פורן, מיט פריילעכע פּנים׳ער און שעפּן נחת. ביסלעכווייז דערנענטערן זיך צו טיפּלע־גאַס די לעצטע פורן, מיט וועלכע דער גאַנצער ישוב ווערט פאַרשוואונדן און אָפּגעווישט אויף אייביק פון דער אַלטער היים.

19־טער קאַפּיטל

נאָכן אָפּטראַנספּאָרטירן דעם אידישן ישוב ווערט גלייך אַ נייע אָבלאַווע אין שטעטל. אין איר צייכנט זיך אויס די פּוילישע באַפעלקערונג מיט אירע באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן בראש. איין לאַסט־אויטאָ און אַ טאַקסי פון דער געסטאַפּאָ זיינען נאָך געבליבן אין שטעטל. אַ פּנים די פּאָליאַקן האָבן זיי געראַטן אָפּוואַרטן אייניקע שעה׳ן, ווייל זיי ווילן נאָך „אויסשלאָגן די הוצאות”, ס׳וועט זיי נאָך געוויס געלינגען צו פאַנגען פאַרבאַהאַלטענע אידן. עס דויערט ניט קיין האַלבע שעה, און פון בית־מדרש געסל פירט אַרויס אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, אין באַ־גלייטונג פון אַ גאַנצער באַנדע פּאָליאַקן, צוויי אידישע בחורים. מען פירט זיי צו די געסטאַ־פּאָניקעס, וואָס שטייען אויפן מאַרק פון שטעטל נעבן זייערע אויטאָמאָבילן. אַ געסטאַפּאָניק הייסט די פּאָליאַקן איבערלאָזןביידע אידן נעבן לאַסט־אויטאָ און גיין פאָרזעצן די „אַרבעט”...

גאַנצע מחנות פּאָליאַקן מיט שטעקנס אין די הענט, פון זעקס יעריקע שקצים ביז פופציק־יעריקע מענער און פרויען, לאָזן זיך מיט פיל קוראַזש, ווי ווילדע חיות, נאָך רויב. זיי זוכן נישטערן־דורך יעדע גאַס און געסעלע, יעדן הויף און שטשאָנקעלע, יעדע וואוינונג און שטאַל, יעדן בוידעם און קעלער — מען זוכט ממש מיט ליכט אַ אידן. — אויך אין אונדזער וואוינונג און אויפן בוידעם הערט זיך דער גערויש פון די „געסט”. עס דוכט זיך אונדז אַז אָט־אָט אַנטדעקן זיי אונדז. מיר בלייבן ליגן אָן אָטעם און גיבן ניט קיין ריר מיט קיין גליד. יעדער איינער פון אונדז איז ווי פאַראַ־ליזירט פון שרעק, מיינענדיק אַז עס זיינען שוין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. עס איז אָבער דורך בשלום. ניט געפינענדיק קיינעם האָבן זיי אַוועקגערויבט אונדזער האָב און גוטס און אַוועק ווייטער אויף יאַכט. ביסלעכ־ווייז ווערן מיר פרייער און קומען צו זיך. איינער פון אונדז שאַרט זיך ווידער צו אויפן בויך צום „אָבסערוואַציע־פונקט”. מען זעט ווי מען פירט געכאַפּטע אידן צום לאַסט־אויטאָ פון דער געסטאַפּאָ. אַנדערע אידן איז מעגלעך צו דערקענען פונדערווייטנס, אַנדערע שווע־רער, איבערהויפּט פרויען, ווייל זיי טראָגן מערסטנס פּאַטשיילעס איבער די קעפּ וואָס פאַרשטעלן אינגאַנצן זייערע פּנים׳ער. אין משך פון צוויי שעה איז געלונגען די פּאָליאַקן אויפצוזאַמלען עלף אידן. צווישן זיי איז געווען מיין זיידע שמחה חטיבה. דער געסטאַפּאָ־אָפי־ציר האָט זיי געהייסן שנעל אַרויפגיין אויפן לאַסט־אויטאָ, און מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אין דער זעלבער ריכטונג וווהין מען האָט אַוועק־געשיקט אַלע אידן מיט עטלעכע שעה צוריק. אויך די טאַקסע פון דער געסטאַפּאָ איז מיט־געפאָרן. אין שטעטל זיינען מער קיין געסטאַ־פּאָניקעס ניט געבליבן, נאָר די אָרטיקע מאַכט. דער געיעג נאָך אידן דויערט ווייטער. זעט אויס אַז די מינדעריעריקע שקצים׳לעך ווערן גאָרניט מיד פון דער אַרבעט, עס גייט ביי זיי אַ מין קאָנקורס פון כאַפּן זשידעס, און די עלטערן שעפּן נחת פון זייערע תכשיטים.

עס דערנענטערט זיך ביסלעכווייז דער פאַר־נאַכט. אויפן מאַרק פון שטעטל ווערט רואיקער און שיטערער פון פּאָליאַקן. עס באַווייזט זיך ווידער דער פּאָליציאַנט פירלוס וואָס פירט ניי־געפונענע צוויי אידן. אויך זיי באַגלייטן אַ כאָפּטע שקצים׳לעך וואָס פרייען זיך מיט זייער דערפאָלג. מען פירט זיי אַריין צום אַמטס־קאָמיסאַר. עס דויערט ניט קיין פינף מינוטן ווי עס עפענען זיך צוריק די זעלבע טירן פון אַמטס־קאָמיסאַריאַט און דער פּאָליציאַנט פירט זיי אַרויס און גייט מיט זיי אין דער ריכטונג פון טיפּלע־גאַס ביז זיי ווערן פאַרשוואונדן פון די אויגן. פון אונטן, נעבן וואַנט פון אונדזער הויז, דערגייט צו אונדזערע אויערן אַ גע־שפּרעך פון אַ גרופּע פּאָליאַקן וועלכע האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט. עס איז זיי אוממעגלעך צו זען פון דער דאַך־עפענונג ווייל זיי שטייען האַרט ביי דער וואַנט. איינער פון זיי רופט זיך אָפּ מיט גרויס שמחה: „יאַנעק סטאַזשינסקי

איז אַ כוואַט. אים איז געלונגען צו פּאַקן ביידע ברידער פּולס באַהאַלטנדיק זיך אין באָד". אַ צווייטער רופט זיך אָפּ: „וואָס דאַרפסטו האָבן מער אַז דער בלינדער שענקאָ, מיט זיין איין אויג, האָט געפונען אין אַ פינצטערע שמאָלע שטשאָנקעלע שמואל פּענסקין מיט זיין ייִנגעלע, און דער פּאָליציאַנט פּירלוס האָט זיי נאָר־וואָס אַוועקגעפירט שיסן אויפן אידישן בית־עלמין". אַ דריטער רופט זיך אָפּ מיט באַדויערונג: „וואָס איז די פּעולה פון כאַפּן יחידים, אַז פיל איז געלונגען צו אַנטלויפן". „דאַג'ע זיך ניט, רופט זיך אָפּ צוריק דער ערשטער קול, מען וועט זיי אַלע ביז איינעם פּאַקן". מען הייבט אָן אויסצורעכענען די נעמען פון די אידן וועלכע מען האָט אויף די פורן ניט געזען. די צאָל איז דערגאַנגען ביז דרייסיק. דער פּעסימיסטישער קול רופט זיך ווידער אָפּ: „דרייסיק ווייסן מיר, און וויפל ווייסן מיר ניט?" דערויף קומט ניט קיין ענטפער. באַלד אָבער טרייסטן זיי זיך דערמיט וואָס אַ סך אידן האָט מען פאַרוואונדעט בעת'ן אַנטלויפן. זיי דערציילן אַז דעם פּרעזעס פון יודנראַט, פּינקעוויטשן, האָט מען דורכגעשאָסן אין האַנט און באַק, מען האָט אים אַ פאַרבלוטיקטן אַרויפגעלייגט אויף דער פור. אויך עטלעכע אומבאַקאַנטע פרויען האָט מען זייער שווער פאַרוואונדעט בעת'ן אַנטלויפן (זייערע נעמען האָבן זיי ניט דערמאָנט). דער שמועס ענדיקט זיך ביסלעכווייז און די גרופּקע צעגייט זיך.

עס איז שוין בין־השמשות. אַ טויטע שטילקייט באַהערשט די שטעטל. דער גאַנצער מאַרק אידישע הייזער שטייט פאַרטרויערט און קלאָגט אויף זיינע איינוואוינער וואָס זיינען היינט פון אים אַוועקגעריסן געוואָרן. ערגעץ־ווו פון אַ אידישן שטאַל, הערט זיך אַ גראַגערײ פון אַ גאַנדז וואָס וויל עסן אָדער טרינקען. פון צייט צו צייט הערט זיך אויך אַן אומעטיקע מיאַוקערײ פון אַ קאַץ. ס'דוכט זיך אַז אַלץ קלאָגט און וויינט אויפן גרויסן אומגליק, אויף חורבן גאָניאָנדז...

די פוילישע פּאָליציאַנטן גייען פון איין אידישער הויז צו דער צווייטער און פאַרקלאַפּן די טירן און פענצטערס, מען זאָל כלומר'שט ניט רויבן די אידישע האָב און גוטס. ערשט אַרום זעקס אַזייגער, ווען עס ווערט שוין גוט פינצטער, ווערן פאַנאַנדערגעטיילט גרופּן פּאָליאַקן מיט שטעקנס אין די הענט, אַלס נאַכט־וועכטער, נעבן יעדער אידיש הויז. אונדזער פּלאַן, זיך אַרויסצוקריגן ביינאַכט פון דער באַהעלטעניש און אַנטלויפן, ווערט אַלזאָ צונישט. מיר בלייבן ווייטער ליגן אין מורא און שרעק, פאַרצווייפלטע, און וואַרטן אויפן פּאַסיקן מאָמענט. די ערשטע נאַכט נאָכן חורבן איז אַ שרעקלעכע. עס הערט זיך פון צייט צו צייט ווי מען פירט אַנטדעקטע אידן, וועלכע מען דערקענט לויט זייערע געוויינען און געשרייען. צייטנווייז הערט זיך אויך אַ רירנדיקער פרויען געוויין וואָס טרייסלט אויף די נשמה. די אָפּטע שיסערייען אין משך פון דער ערשטער האַלבער נאַכט קלינגען־אָפּ אין דער פינצטערער שטילקייט און דערשיטערן אונדז, וויסנדיק אַז יעדער שאָס קאָסט אַ לעבן פון אַ איד. די פנים'ער הייבן אָן ביי אונדז צו פלאַמען, די הערצער שלאָגן האַסטיק, די קערפּערס וואַרפן זיך און קיין שטאַרקן אָטעם טאָר מען ניט געבן, ס'קענען נאָך דערהערן די וואַך־כוליגאַנעס, וואָס שטייען אונטן און שנאַפּן אַרום ווי בלוטיקע הינט.

### 20־סטער קאַפּיטל

אַ גאַנצע נאַכט האָט קיינער פון אונדז מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. דער פרימאָרגן איז אָנגעקומען. אַ גאָלדענער ליכט־שטראַל פאַרגנב'עט זיך דורך דער קליינער עפענונג פון דאַך אויך צו אונדז. איינער פון אונדז רוקט זיך צו, זיך שאַרנדיק אויפן בויך, צום „אָבסערוואַציע־פּונקט". אין שטעטל איז פּוסט און לער פון מענטשן. די גאַנצע פוילישע באַפעלקערונג שלאָפט נאָך. זי איז נאָך זייער מיד פון נעכטיקן שווערן „אַרבעטס־טאָג". אַרום ניין אַזייגער הייבט זיך אָן די באַוועגונג אויפן מאַרק פון שטעטל. עס באַווייזן זיך די פוילישע פּאָליציאַנטן, באַוואָפנטע מיט ביקסן און ביסלעכווייז קריכט אַרויס פון די הייזער די ציווילבאַפעלקערונג. מען נעמט זיך ווידער צו דער פאָרזעצונג פון דער אַרבעט וואָס די געסטאַפּאָ האָט זיי נעכטן פאַראָרדנט. עס דויערט ניט

קיין האַלב שעה און עס הערט זיך פּלוצלינג אַ געשריי: „געוואַלד!!! ראַטעוועט!!! געוואַלד!!!...” אַ שוידערלעכער בילד זעט זיך אין גאַס. דער פּוילישער פּאָליציאַנט גאָגאָל פירט מנשה קראַוויעצן (דעם שמידט) און שלאָגט אים מערדערלעך מיט דער קאָלבע פון זיין ביקס, איבערן קאָפּ, רוקן און פיס — ווו ער טרעפט נאָר. ער פירט אים אַריין צום אַמטס־קאָמיסאַר און נאָכדעם אין קעלער ווו מען האַלט שטענדיק די אַרעסטירטע. עס דויערט ניט קיין פינף מינוט און אַ צווייטער פּאָליציאַנט, פּירלוס, פירט אונטערן ביקס דעם פינף־יעריקן יינגעלע שלום'קע ראָזענטאַל. אויך אים פירט ער אַריין אין זעלבן קעלער. צוריקקערנדיק זיך פון דאָרט לויפט אים אַנטקעגן אַ גרופּקע פון קליינע פּוילישע קינדער און רופן אים גיין מיט זיי אויף „מתים־געסל”.

נאָך צען מינוטן פירט שוין דער פּאָליציאַנט פּירלוס פרישע דריי אידן, צווישן זיי צוויי פרויען. פּירלוס פירט זיי אַוועק צום וואַך־פּאָסטן פון די זשאַנדאַרמען און קערט זיך אום, אין אַ פערטל שעה אַרום, בלויז מיט ביידע פרויען וועלכע ער פירט אַריין אין זעלבן קעלער ווו ס'זיינען איינגעשפּאַרט די פריערדיקע אידן. די „פּראָדוקטיווע” אַרבעט פון די פּאָליאַקן האָט אין משך פון די ערשטע דריי טעג נאָכן חורבן געגעבן פאַר די דייטשן קרוב דרייסיק אידן.

פרייטיק, אויפן פערטן טאָג, האָט די פּאָליציי אַרויסגעפירט די אידן פון קעלער. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין אַ שורה נעבן אַמטס־קאָמיסאַריאַט. דאָרט האָבן שוין אָפּגעוואַרט די „געסט” דריי פּוילישע פורן און די קאַרעטע פון די זשאַנדאַרמען. נאָכדעם ווי די אידן זיינען אַזוי געשטאַנען אַ היפּשע שטיקל צייט, איז אַרויס דער אַמטס־קאָמיסאַר צו זיי. עטלעכע האָט ער גוט צעפּאַטשט די פּנים'ער און געהייסן אַלע אַרויפקריכן אויף די פורן.

אין באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרמען און דריי פּאָליציאַנטן זיינען זיי אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער זעלבער ריכטונג ווו אַלע גאָניאָנדזער אידן.

נאָכן אַוועקפירן די צונויפגעזאַמלטע רעשט אידן איז געלונגען די פּאָליאַקן צו כאַפּן נאָך איין אידן. אַנדערע פלעגן זיך אַליין איבערגעבן דער זשאַנדאַרמעריע באין ברירה, ווען קיינער פון זייערע באַקאַנטע פויערים האָט זיי אויף דער שוועל ניט געוואָלט אַרויפלאָזן. דער אַמטס־קאָמיסאַר האָט זיך שוין מיט זיי ניט געשפּילט און באַפוילן דער פּאָליציי אַרויספירן זיי ביינאַכט אויפן אידישן בית־הקברות און שיסן. אויף אַזאַ אופן זיינען דערמאָרדעט געוואָרן פיל אידן אין די ערשטע פּאָר וואָכן נאָכן חורבן. איצט האָט שוין די פּוילישע באַפעלקערונג זיך געקענט נעמען רואיק צו רויבן אידישע האָב און גוטס. די „אַרבעט” פלעגט געמאַכט ווערן ביינאַכט, פאַרשטייט זיך, ווען זיי אַליין זיינען געווען די וועכטער פון דעם אידישן אייגנטום. אָפיציעל איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו רויבן. לויטן געזעץ האָט געדראָט דערפאַר טויט־שטראָף.

אַממערסטן איז בולט געווען די שמחה פון די פּאָליאַקן דעם ערשטן זונטיק נאָכן אידישן חורבן. אַלע פּאָליאַקן, אויסגעפּוצטע אין יום־טוב'דיקע קליידער, אַ גרויסער טייל שוין אין אידישע פריש־גערויבטע, האָבן שפּאַצירט איבערן מאַרק פון שטעטל. די פריילעכע שמועסן און געלעכטערס האָבן זיך געלאָזט הערן פונדערווייטנס. מען האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין גרופּעס און געמאַכט געמיינזאַמע סעודות, טיילנדיק זיך צווישן זיך מיט זייער גרויסער שמחה וואָס איז פּלוצלינג און אַזוי אומגעריכט געקומען. איינע פון אַזעלכע הוליאַנקעס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי אונדזער נאָענטן שכן, איבער דער וואַנט, דעם געוועזענעם פּאָליציאַנט און באַוווסטן באַנדיט קאַמינסקי. ער האָט איינגעלאַדן צו זיך פיל געסט און צוזאַמען מיט זיי געשיכור'ט. עס האָט אָפּגעקלונגען דער קול און ווונטש פון יעדן באַזונדער ביי די אָפענע טירן. ניט איינמאָל האָבן זיך געהערט פונדערווייטנס אויסרופן: „לאָמיר טרינקען לכבוד דעם וואָס מיר האָבן דערלעבט אַ אידן־ריינע גאָניאָנדז!” די קולות און געזאַנגען פון די שיכורים וועלכע האָבן זיך פון צייט צו צייט אַלץ מער פאַרשטאַרקט, האָבן שרעקלעך אויף אונדז געווירקט און ממש געריסן אונדזערע צעשרויפטע נערוון. די וואַקכאַנאַליע האָט זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

## 21־סטער קאַפּיטל

ליגנדיק אַ לענגערע צייט פאַרשפאַרט אין הונגער, דורשט און קעלט אין דער ענגער נידעריקער באַהעלטעניש, האָבן מיר געזוכט טאָג־ווי־נאַכט אַ פּאַסיקן מאָמענט זיך אַרויסצוקריגן פון דאָרט און אַנטלויפן פון גיהינום. נאָך צוויי וואָכן צייט איז אונדז געלונגען דערכאַפּן דעם מאָמענט, ווען די נאַכט־וועכטער האָבן פאַרלאָזן אונדזער וווינונג מיט אַ האַלבע שעה פריער ווי געוויינלעך. דער זייגער איז האַלב זיבן. עס האָט שוין אָנגעהייבן גרויען אויף טאָג, אָבער די גויים, אָנגעזעטיקטע מיט אידיש בלוט און גוטס, זיינען נאָך געשמאַק געשלאָפן. אין דעם מאָמענט האָבן מיר געשטעלט אונדזער לעבן אויפן שאַרף פון מעסער און געוואַגט אינדערשטיל אַראָפּצוגיין פון בוידעם אין וווינונג. מיר האָבן געעפנט דעם הינטערשטן פענצטער, וואָס פירט צום הויף, און דורך אים זיינען מיר איינציקווייז אַרויס. מיר זיינען געלאָפן דורך פוסטע הויפן און געסלעך, ביז מיר האָבן זיך געפונען הינטער דער שטעטל און פון דאָרט האָבן מיר זיך געלאָזט ווהין די פיס האָבן אונדז געטראָגן... ווען עס איז געוואָרן גוט ליכטיק זיינען מיר שוין געווען אויף דער צווייטער זייט שאָסיי. דער ערשטער שניי וואָס איז מיט צוויי טעג צוריק געפאַלן, האָט נאָך ניט באַדעקט די גאַנצע פעלדער. ער האָט זיי נאָך מער באַפייכט, און דעריבער איז געווען שווער דער גאַנג איבער די נאַסע בייטן. די פיס פלעגן זיך איינגראָבן אַזוי טיף אַז מען האָט זיך געדאַרפט גענוג מאַטערן אַרויסצושלעפן זיי צוריק. דער נאַסער ווינט מיטן שניי האָבן אונדז געפאַטשט אין פנים, פונקט ווי אויך די נאַטור וואָלט געשטרעבט אונדז אומצוברענגען גלייך מיט אַלע אידן. ענדלעך איז אונדז געלונגען, נאָך פיר קילאָמעטער גאַנג אָן אויפהער, זיך צו דערשלעפן מיט די לעצטע כוחות צו אַ קאָלאָניע, ביי אַ באַקאַנטן פויער. ער האָט אונדז פון אָנפאַנג ניט געוואָלט אויף דער שוועל אַרויפלאָזן, זאָגנדיק אַז עס דראָט אים דערפאַר אַ קויל אין קאָפּ. ערשט נאָכדעם ווי מיר האָבן אים פאַרזיכערט אַז מיר האָבן אין אונדזערע רוקזעקלעך גוטע קליידונג און מיר וועלן אים גוט באַלוינען דערפאַר, האָט ער אונדז אַריינגעלאָזט אין וווינונג. מיר האָבן אים גלייך געגעבן אַ נייע אויבערהעמד און צוויי זילבערנע לעפל און געבעטן אים ער זאָל אונדז דערלויבן נאָר דעם טאָג איבערצוזיצן, און גלייך ווי ס׳וועט ווערן פינצטער וועלן מיר זיך פאַרקלייבן פונדאַנען. דער פויער האָט אונדז דאָס צוגעזאָגט. פון אים האָבן מיר זיך דערוווסט פאָלגנדיקס: אַלע גאָניאָנדזער אידן האָט מען אַוועקגעפירט אין לאַגער באָגושע, וועלכער געפינט זיך נעבן דער מזרח־פּרייסישער גרענעץ (דריי קילאָמעטער פון גראַיעווע). אין זעלבן טאָג און אין דער זעלבער שעה האָט מען אַרויסגעפירט צענדליקער אידישע ישובים פון ביאַליסטאָקער און גראָדנער אומגעגנט. געבליבן אויפן אָרט איז נאָר דער יאַשינאָוועקער ישוב, ביאַליסטאָקער געטאָ און גראָדנער געטאָ. פון אַכט שטעטלעך אַרום גראַיעווע האָט מען אַוועקגעפירט די אידן אין באָגושע, בתוכם אויך גאָניאָנדזער און טרעסטינער. פון די שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק האָט מען קאָנצענטרירט די אידן אין געוועזענעם מיליטערישן לאַגער אין ביאַליסטאָק גופא; פון גראָדנער געגנט — אין קעלבאַסין (נעבן גראָדנע). אונדז האָט ער געראַטן זיך איבערגעבן צו דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע, ווייל קיינער וועט אונדז אויף דער שוועל ניט אַרויפלאָזן מחמת דעם באַפעל וואָס דער אַמטס־קאָמיסאַר האָט אַרויסגעגעבן: „יעדער פּאָליאַק וואָס וועט אויסבאַהאַלטן אַ איד, וועט ווערן דערשאָסן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע און זיינע געביידעס וועלן ווערן פאַרברענט”. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז מיר וועלן פרווון זיך ראַנגלען אויף וויפל עס וועט אונדז געלינגען. נאָכן איבערזיצן אין מורא און שרעק דעם טאָג ביי דעם פויער, אין פאַרמאַכטן צימערל, האָבן מיר זיך ביינאַכט פאַרקליבן אין אונדזער ווייטערדיקן וועג...

ווו מיר זיינען נאָר געקומען איז פאַר אונדז געווען פאַרמאַכט די טיר. קיינער פון די באַקאַנטע פויערים האָט אונדז אויף זיין שוועל ניט אַרויפגעלאָזט, זיי האָבן נאָך אָנגערייצט זייערע הינט כדי אונדז ווי אַמשנעלסטן צו פאַריאָגן פון זייערע הויפן. מיר זיינען אַלזאָ געווען געצוווּנגען זיך לאָזן אויפן

ריזיקאַלישסטן וועג און געגאַנגען איבער פעל־דער און וועלדער קיין יאַשינאָווקע. דאָרט האָבן מיר באַגעגנט אונדזער פאָטער מיט נאָך זעקס און צוואַנציק גאָניאָנדזער פליטים. דער פאָטער האָט אונדז דערציילט אַז אין טאָג פון דער „אַקציע" איז אים געלונגען, אין די פרי־מאָרגן שעה׳ן, אַנטלויפן פון גאָניאָנדז דורכ־רייסנדיק זיך דורך דער באַוואָפנטער געסטאַ־פאָ־וואַך אויפן שאָסיי נעבן ראַווי. די מוטער וועלכע איז געגאַנגען נאָך אים, איז צוריק־געקערט געוואָרן דורך אַ געסטאַפּאָניק. זי איז אַן עלנטע, איינע פון דער גאַנצער פאַמיליע, מסתמא אַוועקגעפירט געוואָרן קיין באָגושע.

אין יאַשינאָווקע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט קרוב פינף הונדערט פליטים פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך. דאָרט איז מען געזעסן אויפן אָרט נאָך דריי מאָנאַטן ביז די געסטאַפּאָ האָט געמאַכט אין אַ שיינעם ווינטער־פרימאָרגן, 25.1.1943, די זעלבע „אַקציע" וואָס אין גאָניאָנדז.

אַ קליינע צאָל אידן איז געלונגען זיך אַרויס־צורייסן פון שטעטל אין די פרימאָרגן שעה׳ן, אַ טייל איז אַנטלאָפן פון די שליטנס וואָס האָבן אונדז געפירט צום קנישינער וואָקזאַל, ווו עס האָט געוואַרט אויף אונדז אַ ספּעציעלער צוג קיין טרעבלינקע, און אַ גרעסערן טייל איז גע־לונגען צו שפּרינגען דורך די פענצטערלעך פון די לאַסט־וואַגאָנעס אין וועלכע מען האָט געפירט צו דער שחיטה הונדערטער אידן, צווישן זיי צוואַנציק גאָניאָנדזער.

יעדן פון אונדז האָט דעמאָלט באַגלייט, אויף זיין ווייטן וועג פון יסורים, טויט־שרעק, ראַנגלעניש און קאַמף פאַר עקזיסטענץ, אַ מעכטיקער, האַרצרייסנדיקער יאָמערלעכער גע־שריי פון פאַרפייניקטע, האַלב־טויטע אידן צו־נויפגעפרעסטע ביז דערשטיקונג אין די שוואַר־צע וואַגאָנען. דאָס איז געווען אַ געשריי פון צוואה און פאַרלאַנג אין די לעצטע שעה׳ן פון זייער לעבן — „אידן! נעמט נקמה פאַר אונדזער אומשולדיק בלוט!!! נקמה!!! — — — נקמה!!!...

אויך פון דערדאָזיקער „אַקציע" איז געלונ־גען יעדן פון אונדזער פאַמיליע זיך צו ראַ־טעווען אויף אַ באַזונדערן אופן. מיין ברודער זלמן איז גלייך פון די פרימאָרגן שעה׳ן פון דער אַקציע אין יאַשינאָווקע אַנטלאָפן פון אַ באַוואָפנטער געסטאַפּאָ־וואַך, וואָס האָט אים פאַרהאַלטן און געהיט אָן אויפהער. דער געס־טאַפּאָניק האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים מיט אַ שיסעריי און דורך אַ נס איז אים געלונגען צו פאַרשווינדן און באַהאַלטן זיך ביז ביינאַכט אין שייער פון יאַשינאָווקער גלח. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן אין די אָוונט שעה׳ן, פון די שליטנס, אָנגעלאָדענע מיט יאַשינאָוו־קער אידן, בעת מען איז דורכגעפאָרן קנישין אין דער ריכטונג צו דער דאָרטיקער באַן־סטאַציע, ווו עס האָט שוין געוואַרט דער צוג וואָס איז געגאַנגען קיין טרעבלינקע.

מיין פאָטער חייקל יעווורייסקי איז אַרויס־געשפּרונגען פון פענצטערל פון לאַסט־וואַגאָן בעת׳ן פאָרן פון צוג. מיין שוועסטער קיילע בלייבנדיק איינע אַליין אין פינצטערן ענג־געפּאַקטן וואַגאָן, האָט ניט געקענט מער אויס־האַלטן די שרעקלעכע עינויים, און האָט באַ־שלאָסן באַגיין זעלבסטמאָרד דורך שפּרינגען פון שמאָלן פענצטערל פון לאַסט־וואַגאָן — אין מיטן לויפן פון צוג. זי איז געפאַלן אויף אַ שטיין, צעקלאַפּט דעם געזיכט און געבליבן ליגן אָן באַוווסטזיין אויפן שניי, אין דער פראָסטיקער ווינטער־נאַכט. אַ בחור וואָס איז געשפּרונגען פון וואַגאָן נאָך איר האָט איר אַוועקגעטראָגן אַ פאַרחלש׳טע צו אַן אומבאַ־קאַנטן פויער פון דאָרף סטאַראָשעלץ (פאַר ביאַ־ליסטאָק) און איר דאָרט איבערגעלאָזט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און געוואָרן דערשטוינט זע־ענדיק ווו זי געפינט זיך. די פרוי פון פויער האָט איר דערציילט די גאַנצע געשיכטע, גע־געבן איר פרישטיק עסן און... געהייסן גיין. קיילע האָט דאַן אַרומגעוויקלט איר פאַרוווּנ־דעטן געשוואָלענעם פנים מיט אַ גרויסע ווינ־טער־טיכל און זיך געלאָזן אין מיטן העלן טאָג אין וועג, אין דער ריכטונג צו גאָניאָנדז. קומענדיק שפּעט ביינאַכט צו אַ באַקאַנטער פויערטע אין דאָרף ריבאַקי האָט זי מיר באַ־געגנט. מיר האָבן זיך נאָכדעם געטראָפן מיטן פאָטער און ברודער זלמן ביי אונדזערע באַ־קאַנטע גויים אין דאָרף קרעצע. ערשט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייע צרה. עס איז געווען אוממעגלעך צו געפינען אַ פּלאַץ פאַר אונדז.

אונדזער פּאָטער האָט אַרומגעוואַנדערט גאַנצע נעכט ביז עס איז אים ענדלעך געלונגען צו געפינען אַ פּויער פון דאָרף קאָשאָרקי, וועלכער איז געווען גרייט אונדז אויסצובאַהאַלטן פאַר אונדזער האָב און גוטס (אַ טייל דערפון איז אונדז געלונגען אַריבערצופירן באַצייטנס צו אַ באַקאַנטן פּויער). מיר זיינען געווען באַהאַלטן אין קאָשאָרקי ביים פּויער אויפן בוידעם פון שטאַל (ראָסט) ניין מאָנאַטן. ניט איינמאָל איז אונדזער לעבן געהאַנגען אויף אַ האָר, איבער־הויפּט ווען די גאָניאָנדזער זשאַנדאַרמען האָבן באַזוכט דעם פּויער, אַריין אויך אין שטאַל אָנקוקן זיינע קי און מיר זיינען דעמאָלט גע־לעגן אויפן ראָסט איבער זייערע קעפּ. עס איז געווען אַ נס וואָס זיי האָבן אונדז ניט באַ־מערקט אָדער דערשפּירט. נאָכדעם ווי דער פּויער האָט שוין באַקומען פון אונדז אַ היפּשע גאַרדעראָבע פאַר אים און זיין משפחה האָט ער אונדז געהייסן גיין... ווידער האָט דער טויט געלויערט אויף אונדז פון אַלע זייטן. מיר האָבן זיך געוואַלגערט אַ היפּשע צייט אין וועלדער, פעלדער, אין קאַרטאָפל גריבער און סטאָגעס היי. ניט איינמאָל האָבן אונדז די פּויערים באַ־מערקט אויפן פעלד און געלאָפן אָנזאָגן אין דאָרף. ביז אָבער די איינוווינער פון דאָרף זיינען געקומען אונדז כאַפּן און איבערגעבן דער גאָניאָנדזער זשאַנדאַרמעריע זיינען מיר שוין פאַרשוווּנדן געוואָרן. אין אַזוינע באַדינ־

פון רעכטס אויף לינקס: טוביה, קיילע און זלמן יעוורייסקי ביים קבר פון זייער פאָטער, פאַר זייער פאַרלאָזן פוילן אין יאָר 1945 (3 מאָנאַטן נאָך זיין טויט)



גונגען האָבן מיר זיך געוואַלגערט טעג און נעכט אין הונגער און קעלט, געטאָפּטשעט ווינטער אין פייכטע וועלדער (אָלשינקעס), אין זומפּן, ווו קיין מענטשן פלעגן ניט קענען צוקומען. אונדזער פאָטער פלעגט זיך אַרומשלעפּן גאַנצע נעכט און זוכן פאַר אונדז אַ פלאַץ. שרעקלעך און העכסט ריזיקאַליש איז געווען דער ערשטער אַריינגאַנג צו אַ גוי, ניט ווייסנדיק ווי אַזוי ער וועט רעאַגירן ווען ער וועט אים דערזען. ס'איז ניט לייכט זיך פאָרצושטעלן אונדזער שפּאַנונג און האַרצקלאַפּעניש ביז מיר פלעגן דערלעבן זען אונדזער פאָטער צוריקקומענדיק פון זיין געפערלעכן וועג. קיין זאַך האָט אים אָבער ניט אָפּגעהאַלטן, און טראָץ זיין עלטער (52 יאָר) איז ער געווען פלינק און מונטער. אין אַלע געפערלעכסטע פלעצער, ווו עס האָט געדראָט אַ זיכערער טויט איז ער געגאַנגען. ווען איך מיטן ברודער פלעגן אים וועלן פאַרבייטן פלעגט ער ניט לאָזן, זאָגנדיק: „איר זענט נאָך יונג, קינדערלעך. איר דאַרפט נאָך לעבן, אויב עס דאַרף עפּעס פּאַסירן זאָל בעסער איך זיין דער קרבן פאַר אייך".

אין אַזוינע באַדינגונגען האָבן מיר זיך געפייניקט צוואַנציק מאָנאַטן. דער פאָטער האָט די לעצטע צייט זיך געפילט קראַנק און האָט אונדז געזאָגט: „קינדערלעך! ווער ווייס צי איך האָב שוין ניט באַקומען אַ ראַק" (לײדער, האָט ער קיין טעות ניט געהאַט). כאָטש דער לעבן איז אים שוין ניט געווען ליב, ליידנדיק אַזוי פיל שמערצן, דאָך האָט ער ניט פאַרקלערט זיינע העראָאישע אָנשטרענגונגען אונדז צו ראַטעווען, ביז ער האָט אונדז דערפירט מיט זיינע לעצטע כוחות צו דער גאולה.

ער איז נפטר געוואָרן, כ"ב שבט תש"ה (5.2.1945) פון אַ ראַק אין ביאַליסטאָקער שפּיטאָל, נאָך אַן אָפּעראַציע.

כבוד זיין אָנדענק!

## 22־סטער קאַפּיטל
### (דער לאַגער אין באָגושע)

באָגושע איז אַ דאָרף וואָס געפינט זיך אויפן גרענעץ פון פּוילן און מזרח־פּרייסן, דריי קילאָמעטער פון גראַיעווע. איידער מען האָט געבראַכט אַהין די אידן איז באָגושע געווען אַ לאַגער פאַר רוסישע קריגס־געפאַנגענע. דאָס איז געווען אַ גרויסער פעלד, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט. אויף דעם פעלד זיינען געווען „אויסגעבויט" באַראַקן, — אייגנטלעך, אויסגעגראָבענע גריבער באַדעקט פון אויבן מיט דעכער. אינעווייניק, אין אַזאַ באַראַק, זיינען געווען לענגאויס די ווענט פּאָליצעס פון ברעטער (נאַרעס), וואָס האָבן געדינט אַלס בעטן.

דעם 2־טן נאָוועמבער 1942 זיינען געבראַכט געוואָרן אין באָגושע די גאָניאָנדזער אידן. זיי האָבן שוין דאָרט געטראָפן די אידן פון גראַיעווע, רייגראָד, שטשוטשין, ראַדזילאָווע און פון אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך.

איינער פון די אינטערנירטע שרייבט פאָלגנדיקס וועגן באָגושע:

„די ערשטע דריי־פיר טעג האָט מען די פאַרשפּאַרטע אידן אינגאַנצן ניט געגעבן קיין עסן. יעדער האָט געגעסן וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך פון דער היים. נאָר אויפן 5־טן טאָג האָט די דייטשישע מאַכט געשאַפן פיר קיכן, וועלכע האָבן געדאַרפט באַשפּייזן מער ווי 7000 אינטערנירטע אידן. אין די קיכן האָט מען געקאָכט 5—4 מאָל אַ טאָג קאַרטאָפלזופּ. יעדער האָט באַקומען טעגלעך אַ האַלבן ליטער וואַסערדיקע זופּ און 100 גראַם ברויט. די מענטשן זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז זיי פלעגן באַלאַגערן די קיכן, כאַפּן די קאַרטאָפל־שאָלן און דאָס שלינגען ניט־געקאָכטערהייט.

אין לאַגער האָט געהערשט, מחמת דעם שרעקלעכן הונגער און אויך מחמת דער שמוציקייט, אַ גרויסע שטערבלעכקייט. יעדן פאַרנאַכט פלעגט מען די טויטע קערפּערס צונויפלייגן אין אַ גרוב און אינדערפרי אַרויספירן אויפן בית־הקברות פון לאַגער, וואָס איז געווען דער בית־הקברות פאַר די רוסישע קריגסגעפאַנגענע. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען אין לאַגער „סעלעקציעס" — עס זיינען אָפּגעזונדערט געוואָרן אַ באַשטימטע צאָל אידן וועלכע מען האָט צו וויסן געגעבן אַז מאָרגן וועלן זיי געשיקט ווערן אויף אַרבעט. אויפצומאָרגנס זיינען די אידן אַוועקגעשיקט געוואָרן, אָבער

צוריק איז קיין איינער פון זיי ניט געקומען. מערקווירדיק איז, אַז שוין דעמאָלט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג צווישן די אידן אין באָגושע, אַז מען שיקט אידן אין טרעבלינקע און מיידאַנעק און דאָרט פאַרברענט מען זיי אין קרעמאַטאָריעס״.

דעם 22־סטן דעצעמבער 1942, פינף אַזייגער פרי, איז די געסטאַפּאָ אַריין גרופּנווייז אין לאַגער און באַפוילן אַלע אידן אַרויסגיין פון די באַראַקן אויפן לאַגער־פּלאַץ. ווען קרוב אַ העלפט פון די באָגושער אידן האָבן עס דערפילט האָט די געסטאַפּאָ געהייסן די איבעריקע בלייבן זיצן אויף זייערע פּלעצער. די צונויפגעזאַמלטע אידן האָט די געסטאַפּאָ געהייסן זיך איינשטעלן פיר־ווייז אין אַ לאַנגער ריי און מאַרשירן לויט אַ קרייזליניע נעבן די פּלויטן פון לאַגער פּלאַץ. קיין מענטשן האָט מען דעמאָלט ניט געקענט דערקענען מחמת דער געדיכטער פינצטערניש. עס האָבן זיך געהערט בלויז טריט פון מאַרשירנדיקע מענטשן און נאָכאַנאַנדיקע שיסעריין פון אויטאָמאַטיש געווער. ערשט שפּעטער, ווען די געסטאַפּאָ האָט געעפנט דעם טויער פון לאַגער און אַוועקגעפירט די אידן צו דער באַן־סטאַציע אין פּראָסטקען, איז געווען צו זען אַ שרעקלעך בילד. קרוב 70 אידן זיינען געלעגן דערשאָסענע אין בלוט קאַלוזשעס, צוגעפרוירענע צו דער ערד. אַנדערע האָבן נאָך געלעבט און געראַנגלט זיך מיטן טויט; זיי האָבן אָבער ניט געקענט בײַשטיין די שרעקלעכע יסורים און געבעטן דעריבער די געסטאַפּאָניקעס מען זאָל זיי דערשיסן צום טויט. די געסטאַפּאָניקעס האָבן זיי געטאָן דעם חסד. אין די שפּעטערדיקע פרימאָרגן שעה׳ן, ווען די פאַרבליבענע געסטאַפּאָניקעס אין לאַגער האָבן אַרויסגעשיקט אַ גרופּע פון די איבערגעבליבענע אידן צונויפזאַמלען די טויטע קערפּערס, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די געסטאַפּאָ האָט ניט נאָר געשאָסן אין די רייען אידן בעת׳ן מאַרשירן אויפן לאַגער־פּלאַץ, נאָר אויך דעם גאַנצן וועג אָן אויפהער, אויף אַ שטרעקע פון אַ קילאָמעטער ביז פּראָסטקענער באַן־סטאַציע. עס זיינען געלעגן אויף דעם וועג איבער פופציק טויטע קערפּערס, צוגעפרוירענע מיט זייער בלוט צו דער ערד. פון פּראָסטקען האָט דער צוג אַוועקגעפירט די אידן נאָך אין זעלבן טאָג קיין טרעבלינקע דורך קנישין־ביאַליסטאָק.

דער טייל וואָס איז איבערגעבליבן, איז אַוועק מיטן צווייטן טראַנספּאָרט, וואָס האָט געציילט קרוב דריי טויזנט אידן, דעם 3־טן יאנואר 1943.

דעם לעצטן וועג פון די אידן צו די קרעמאַטאָריעס אין טרעבלינקע שילדערט מיין שוועסטער קיילע אין איר באַשרייבונג „אויפן וועג קיין טרעבלינקע״. דער גורל האָט געוואָלט אַז זי זאָל דורכמאַכן די שרעקלעכע „רייזע״ אין טויטן־צוג קיין טרעבלינקע, מיט נאָך 20 גאָניאָנדזער אידן, בעת דער ליקווידאַציע פון יאַשינאָווקער אידישן ישוב, דריי וואָכן נאָכדעם ווי מען האָט געפירט מיט אַזאַ צוג און אויפן זעלבן וועג די גאָניאָנדזער אידן פון באָגושע. דערדאָזיקער דאָקומענט וואָס דערציילט וועגן די שרעקלעכע, יסורים־פולע לעצטע שעה׳ן פון אונדזערע קדושים, דערגענצט די טראַגישע געשיכטע פון חורבן־גאָניאָנדז.

# נעמען און פאמיליעס
## וואס זיינען דערמאנט אין „חורבן גאניאנדז" פון ט. עברי

| | | |
|---|---|---|
| אברהמ׳קע דער גלעזער | — | ראַוּוער |
| ביאַלי הילקע | — | חיה צירלס זון |
| בזשעזשינסקי | — | אַן אַריינגעפּאַרענע משפחה פון באַטקע (1935) |
| באַרסקי נח | — | כאַצקל מענדל בוראַקס איידעם |
| גרין משה | — | משה דער רוטקאָווסקער |
| הירשפעלד שמואל | — | שלום רחל לאה׳ס זון |
| זימנאָך בצלאל | — | אַלטער דעם שניטקרעמערס אַ זון, איטשע בערלס |
| חזן העניע | — | העניע פעשעס, די בעקערקע |
| חטיבה שמחה | — | שמחה דער פאַכטער |
| יעוורייסקי שמעון | — | שמעון דער מיליטערישער שניידער |
| לעווין ישראל | — | אַלטער יהוד׳ס, דעם קצב׳ס, זון |
| לוריע סאָניא | — | די אַקושערקע, רחל לוריע׳ס שנור |
| ליפּשטיין שמואל | — | פעשע דער סטאַזנאָווערס איידעם |
| לוריע חיה רחל | — | פון די מאַראַנצעס |
| טיקאָצקי לייבל | — | לייבל בצלאל׳ס (דער קצב) |
| מיכנאָווסקי אַלטער | — | אַ בעקער, אייזיק אביעזר׳ס איידעם |
| ניעוואָדאָווסקי זלמן | — | אלי־הערשלס זון |
| פעלדמאַן מיילאך | — | זיין מאַמע זיסל, משה׳קע פיעקאַרסקי׳ס טאָכטער |
| פינקעוויטש הירש | — | משה מענדלס איידעם |
| פרידמאַן ניסן | — | ניסל דער קצב |
| פעלטינאָוויטש | — | אַ יעדוואַבנער משפחה וואָס איז אין יאָר 1931 אַריינגעפאָרן אין גאָניאָנדז |
| צערעלע | — | גיטל אבא׳ס |
| קליאַפּ מאַטקע | — | מאַטקע גרשונס |
| קליאַפּ הערשל און יחזקאל | — | זיינע זין |
| קאָברינסקי אשר | — | בערטשוקס פאַליאַקס אַ זון |
| קאָברינסקי יוסף | — | חיים פאַליאַקס זון |
| קאָפּעלמאַן חיים | — | חיים דינקעס |
| קראַוויעץ מנשה | — | רייזל דער שמידערקעס זון |
| רובין יאַנקל | — | יאַנקל אליה׳ס (דער שמידט) |
| רייגראָדסקי וואָלף | — | חיה צירל׳ס איידעם |
| רובין, די ברידער | — | (פולס) זייער פאָטער הערשל וועלוול זאַדזשאַק |
| ראָזענטאַל שלום | — | זיין פאָטער כאַצקל־איטשע פראַנצויזל׳ס |

ק י י ל ע  י ע ו ו ר י י ס ק י ־ ק ר ע מ ע ר

# אויפן וועג קיין טרעבלינקע



## פאַרוואָרט

נאָך דער גרויסער „אַקציע" פון 2־טן נאָוועמבער 1942, וועלכע האָט אַרומגענומען צענדליקער שטעט און שטעטלעך, איינשליסנדיק גאָניאָנדז, האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט יאַשינאָווקער אידן אויפן אָרט, ווי אַ פאַסטקע פאַר די אַנטרונענע אידן פון דער אומגעגנט.

און אַזוי איז געשען: יאַשינאָווקע איז פול געוואָרן מיט אידישע פליטים פון דער גאַנצער סביבה, צווישן זיי אויך אַ קליינע צאָל גאָניאָנדזער. דער ביטערער סוף האָט זיך אָבער אויך דאָ ניט פאַרזאַמט. דעם 25־טן ינואַר 1943 איז געקומען דער שוואַרצער טאָג אויף אַלע אידן וואָס האָבן זיך געפונען אין יאַשינאָווקע. מ׳האָט זיי קאָנצענטרירט אויפן מאַרק־פלאַץ, און פון דאָרט אָפגעטראַנספאָרטירט אויף שליטנס צו דער קנישינער באַנסטאַציע.

---

קומענדיק אויפן קנישינער וואָקזאַל האָבן מיר דערזען דריי קליינע פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנעס שטייען אויף די רעלסן און וואַרטן אויף אונדז, פופצן הונדערט אידן, כדי אונדז צו פירן צו דער שחיטה. פאַרפרוירענע, מידע און צעבראָכענע גייען מיר לאַנגזאַם אַראָפ פון די שליטנס און לאָזן זיך מיטן גאַנצן המון צו די וואַגאָנעס. ביים אַריינגאַנג אין צוג איז דער טומל גרויס, אין טיר שטייט אַ היטלעריסט מיט אַ גומענעם שטעקן אין האַנט און האַקט אָן אויפהער איבער די קעפ און פנים׳ער, טרייבט און יאָגט גיך אין וואַגאָן. יעדער שטופט זיך איצט מיט די גאַנצע כוחות, ווייל ער וויל כאָטש אין די לעצטע שעה׳ן פון לעבן זיין צוזאַמען מיט דער פאַמיליע, שטאַרבן צוזאַמען מיט אייגענע. מען לאָזט אָבער ניט. די שטעקנס לויפן איבער די קעפ, קינדער ווערן פאַרלוירן פון עלטערן, פרויען פון מענער, שוועסטער פון ברידער — און די פאַניק איז גרויס. איך מיט מיין פאָטער האַלטן זיך פעסט פאַר די הענט, אַז מיר, צוויי פאַרבליבענע פון אונדזער גאַנצער פאַמיליע, זאָלן זיך איצט ניט אָנווערן. איין וואַגאָן האָט מען שוין אָנגעפאַקט מיט אידן און פאַרקלאַפט די טיר. אונדז יאָגט מען איצט אין צווייטן וואַגאָן. מיר כאַפן זיך אַריין אין אים די ערשטע, כדי אויסצומיידן די שרעקלעכע קלעפ און שטעלן זיך אַוועק אין אַ ווינקל. אין די מינוטן איז אָבער אויך דער וואַגאָן איבערפולט געוואָרן מיט אידן און מ׳האָט פאַרשפאַרט די טיר. ביסלעכווייז זיינען די מענטשן צו זיך געקומען און גענומען זיך „איינאָרדענען" אין דעם פינצטערן, ענגן, שוואַרצן קאַסטן (אַזוי־גערופענעם וואַגאָן).

מידע, נידערשלאָגענע, צעבראָכענע זעצט מען זיך אויס אויפן פוסבאָדן. אָבער ס׳איז קיין פלאַץ ניטאָ פאַר אַלעמען צו זיצן. זעצט מען זיך איינע אויף די אַנדערע און די איבעריקע בלייבן שטיין צונויפגעפרעסט ווי הערינג. איך האָב דוקא אַן אָרט אונטער דעם פענצטערל, נאָר איך טרעט אים אָפ פאַר אַן עלטערן אידן

און בלייב שטיין צוגעפרעסט צו דער וואַנט. די ענגשאַפט איז גרויס. אוממעגלעך מיט אַן אבר אַ ריר צו טאָן. הענט מיט פיס פלאָנטערן זיך צוזאַמען און יעדער קרעכצט אַז אים איז ענג. די לופט איז געשטיקט, די היץ גרויס. איך הויב זיך אויף פּאַמעלעך אויף די שפּיצן פינגער, צום קליינעם, שמאָלן פענצטערל און עפן אים, כדי אַריינאָטעמען אַביסל פרישע לופט און אַ קוק טאָן צום לעצטן מאָל אויף דער וועלט מיט וועלכער איך דאַרף זיך שוין געזעגענען אויף אייביק...

אַ העלער אויסגעשטערנטער ווינטער־אָוונט איז אויף דער וועלט, די ערד איז באַדעקט מיט אַ דיקער שיכט שניי, וועלכער גלאַנצט איצט אַקעגן שיין פון דער לבנה. אויפן ברייטן ווייסן פעלד שטייען קליינע בוימעלעך אין רייען איינגעשטעלט, שטייען אומבאַוועגלעך אין דער שטילקייט פונעם אָוונט און הערן זיך צו צום פלוצימדיקן טומל. די לופט איז ריין און דורכזיכטיק. אַ גרויסע ברייטע וועלט איז אַרום, קיין איין מענטש איז ניט צו זען אין דער גאַנצער סביבה. און דאָ אין וואַגאָן — אָך וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט! — ליגן אָנגעוואָרפן הונדערטער מענטשן, איינער אויפן אַנדערן, אָן אַ טראָפּן לופט, און ווערן געפירט צו דער שחיטה. און אָט דערזע איך דורכן פענצטערל אַ פרויען געשטאַלט ליגט אומבאַוועגלעך אויף דער ערד. שפּעטער דערוויס איך זיך אַז דאָס איז אַ 19־יעריק מיידל, וועלכע מ'האָט שטאַרק צעשלאָגן און אויפן וועג איז זי כמעט דערפרוירן געוואָרן. פון שליטן אַראָפּגיין האָט זי שוין ניט געקענט, איז דער בעל־עגלה אַוועק פרעגן די מערדערס, וואָס זאָל ער מיט איר טאָן. „וואַרף איר אַוועק אויפן פעלד און פאָר אַהיים", איז געווען זייער תשובה. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. איצט ליגט די 19־יעריק מיידל מיט האַלב־אָפענע אויגן אויפן ווייסטן פעלד און צאַנקט אויס ווי אַ ליכט. איך קוק אָבער כמעט גלייכגילטיק אויף מיין דערפרוירענער חבר'טע ווייל איך ווייס אַז דער זעלבער גורל איז אויך מיינער, אַז מאָרגן וועל איך שוין אויך ליגן אומבאַוועגלעך ווי זי, נאָר ניט קיין דערפרוירענע — אַ פאַרגאַזטע, אַ פאַרברענטע. מיר וועט שוין אפילו קיין מיטגעפיל־בליק אין מיין רו ניט באַגלייטן. ס'וועט איבער מיר הילכן אַ ציינישער געלעכטער פון אַ היטלעריסט, וועלכער וועט זעטיקן זיין מערדערלעכן אינסטינקט דורכן אומברענגען אונדזערע יונגע לעבנס. כ'טו נאָך איינמאָל אַ קוק אויף מיין אויסגייענדיקע חבר'טע, כ'געזעגן זיך מיט איר דורך אַ מיטגעפיל־בליק און פאַרמאַך דאָס פענצטערל, ווייל די קינדער אין וואַגאָן וויינען, עס איז זיי קאַלט. קאַלט, ענג און דושנע איז אין וואַגאָן. די קינדער הערן ניט אויף צו וויינען. זיי זיינען הונגעריק, פאַרפרוירן, מיד און שלעפעריק. טוליען זיי זיך איצט מיט אַ געוויין צו די מוטערס הערצער און בעטן ביי זיי הילף. ליידער, אָבער, קענען זיי איצט די מוטערס גאָרניט העלפן, זיי האָבן שוין אפילו ניט דעם מוט זיי צו באַרואיקן, און לאָזן זיי ווייטער וויינען. אַנדערע מוטערס ליגן שוין פאַרחלש'טע און ווערן אַליין פון די קינדער באַוויינט. באַלד לאָזט זיך הערן אַ שוואַכע בעטנדיקע פרויען־שטים: „ראַטעוועט אידן, האָט רחמנות, אַ ביסעלע וואַסער ווער האָט, אַביסל וואַסער, מיין מאַן איז ניט גוט". די זעלבע פרויען־שטים חזר'ט איבער איר ביטע עטלעכע מאָל, אָבער אומזיסט. קיינער האָט ניט קיין טראָפּן וואַסער צו מינטערן, און דער פרויען־קול ווערט אַנטשוויגן.

אַ שטיקל צייט האָט זיך נאָך די מענטשן־מאַסע פאַרהאַלטן רואיק, באַלד האָט זיך אָבער אָנגעהייבן אַ געוואַלדיקער טומל. מענטשן זיינען ווי ווילד געוואָרן און הייבן זיך אָן שטויסן און שטופּן איינער אויפן אנדערן. די ענגשאַפט ווערט נאָך גרעסער. עס דערהערן זיך נייע קינדערשע געוויינען. די מוטערס שרייען, בעטן זיך: „האָט רחמנות, אידן, דערשטיקט ניט מיין קינד, מיין קינד וועט איר נאָך דערשטיקן". דער טומל פאַרגרעסערט זך אַלץ מער און מער. אַ האַסטיקע קלאַפּעניש אין טיר האָט דעם טומל איבערגעריסן. די טיר עפנט זיך אויף און יעדער שפּאַרט זיך איצט אויף צוריק פאַר שרעק. באַלד דערהערט זיך אַן אויסגעשריי: „20 מאַרק אַ לעבל ברויט!" דער המון הייבט זיך איצט אָן צו שפּאַרן פאָרויס, יעדער וויל כאַפּן אַ שטיקל ברויט. מען האָט אָבער נאָר דריי לעבלעך ברויט צעטיילט און די טיר איז

ווידער געוואָרן פאַרשפאַרט. אַ נייער טומל הייבט זיך איצט אָן. מען שרייט און בעט אַ שטיקל ברויט: „גיט מיר אַ שטיקל ברויט, האָט רחמנות, איך האָב אַ קליין קינד”. „מיינע קינדער וויינען עסן”. „דריי לעבלעך ברויט דאַרפן פאַר אַלעמען ווערן צעטיילט” — שרייט אַן אַנדערער. איך האָב באַקומען אַ שטיקעלע ברויט פון אַ שכן. ביסלעכווייז האָבן זיך די מענטשן באַרואיקט. איצט הייבט זיך אָן אַן אַלגעמיינער שמועס, צווערשט „נעמט דאָס וואָרט” אַ איד אין מיטעלן עלטער וועלכער דערציילט אָט־וואָס: ער אַליין איז פון אַ ווייטער שטעטל, ווו די „אַקציע” פון „יודן־ריין” איז דורכגעפירט געוואָרן מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק. ער האָט דעמאָלט פאַרלוירן זיין גאַנצע פאַמיליע, אַ פרוי און דריי קינדערלעך. אַלע זיינען זיי שוין מיטן רויך אַוועק. אים ווידער איז געלונגען צו אַנטלויפן, און נאָך לאַנגע מי און מאַטערניש האָט ער זיך דערשלאָגן קיין יאַשינאָווקע, ווו דער אידישער ישוב האָט נאָך עקזיסטירט. ווען דער גזר האָט שוין אויך די שטעטל ניט אויסגעמיטן, איז שוין אוממעגלעך געווען צו אַנטלויפן. אמת, אויפן וועג אַהערצו האָט ער ווידער געפרוווט זיך ראַטעווען, אָבער אומזיסט. מען האָט אים באַלד באַמערקט און צוריק אַרויפגעוואָרפן אויפן שליטן. פונדעסטוועגן האָט ער דעם מוט ניט פאַרלאָרן און מונטער אויסגעשריען: „טראָץ אַלע צרות לאָמיר, אידן, דעם מוט ניט פאַרלירן, דעם טויט וועלן מיר קיינמאָל ניט פאַרשפעטיקן, לאָמיר ווייטער לויפן, בעת׳ן גאַנג פון צוג לאָמיר שפרינגען דורכן פענצטערל; איך שפרינג, און ווער מיט מיר?”

אייניקע נעמען זיך אָן מיט מוט און זיינען מסכים צו שפרינגען; אַנדערע זאָגן: „וווהין וועלן מיר לויפן, קיינער וועט דאָך אונדז אויף דער שוועל ניט אַרויפלאָזן, שפעטער וועלן מיר דעם טויט אויף זיך ניט קענען דערבעטן”. איין מיידל דערציילט אַז פון זייער שליטן זיינען עטלעכע אַנטלאָפן. פון דער מיט הערט זיך אַ מענער קול: „צוליב מיין זיבן יעריק קינד מוז איך מיין לעבן פאַרשפילן”. פון צווישן ווינקל הערט זיך אַ וויינענדיקע שטים פון אַ יונגע פרוי מיט אַ פיצל קינד אויף דער האַנט, וועלכע שרייט צו איר מוטער: „אומעטיק איז דיר געווען אַליין צו שטאַרבן, האָסט מיר מיט זיך גערדאַרפט האָבן; איך האָב זיך געקענט ראַטעווען”, און פאַרגייט זיך אין אַ ביטערן געוויין.

איך שטיי אין ווינקל נעבן מיין פאָטער און רעד אים צו ער זאָל אַנטלויפן. ער וויל אָבער ניט. ווי אַזוי, זאָגט ער, קען ער אַנטלויפן און מיך דאָ אַליין איבערלאָזן. איך דערקלער אים אָבער אַז מיר קען ער איצט גאָרניט העלפן, ווייל איך פאָר דאָך אַלצאיינס צום טויט. ראַטעווע דיך, טאַטע, כל זמן דו קענסט, ראַטעווע דיך און העלף דיין קינד טוביה וועלכער איז שוין אַנטלאָפן. „ניין, איך קען ניט”, זאָגט ער. איך וויין, איך בעט זיך ביי אים און שטיי־אָן ער זאָל אַנטלויפן. פאַרוואָס, זאָג איך אים, דאַרפסטו צוליב מיר דיין לעבן פאַרשפילן, ווען דו האָסט מיר ניט נעבן זיך וואָלסטו דאָך זיכער געלאָפן, פאַרוואָס זאָל איך שטאַרבן האָבנדיק אויפן געוויסן אַז איך שלעפ דיר מיט צום טויט? אַזוי איז שוין אונדזער גורל: די מאַמע איז געפירט געוואָרן צום טויט באַזונדער, איך דאָ — באַזונדער, צוואָס זאָל איך דיר נאָך מיטשלעפן? לויף, טאַטע, בעט איך זיך ביי אים, ראַטעווע דיך! טו עס מיר צוליב. כ׳וויין, רייס שטיקער פון זיך און לאָז אים ניט צורו ביז ער זאָגט מיר צו אַז ער וועט אַנטלויפן.

פלוצלינג טוט אַציטער דער וואַגאָן, דער צוג הייבט זיך אָן רירן. אַך, די מינוט, די שרעקלעכע מינוט! ווי שוידערלעך איז דער מאָמענט ווען באַוווסטזיניקע מענטשן פאָרן צום טויט מיט אַ ריינעם געוויסן! „שוין”, הערט זיך פון אַלעמען דער זעלבער אויסגעשריענער זיפץ, „שוין, מען פירט אונדז צו דער שחיטה”. קינדער הייבן אָן וויינען און שרייען, פרויען ספאַזמירן, מענער פאַרבאַהאַלטן זייער געוויין אין זיך און קרעכצן שטילערהייט. אפילו דער וואַגאָן וויינט איצט. דוכט זיך, אַז אויך דער דאָזיקער שווארצער קאַסטן, וועלכער פירט די הונדערטער אידן אין זייער אייביקע רו, וויינט אויך איצט. פון זיינע ווענט גיסן זיך טייכן טרערן, אויסגעמישטע מיטן קאַלטן שווייס פון די אויסגייענדיקע אידן. אַלץ וויינט און

יאָמערט אויפן חורבן פון אידישן פאָלק. „גענוג!", דערהערט זיך באַלד אַ קול וועלכער רייסט איבער דעם יאָמערלעכן געוויין, „גענוג שוין, ס'איז צייט צו לויפן, ווער שפרינגט ערשט?" „איך", טוט אַ זאָג מיין פאָטער און פאַלט אַריין אין מיינע אָרעמס. קיין פעדער איז איצט ניט אימשטאַנד צו באַשרייבן אונדזערע געפילן. כ'געדענק נאָר ווי מיר האָבן שטילערהייט געוויינט און זיך ניט געקענט אָפרייסן איינער פון אַנדערן. איך דערמאָן זיך אָבער באַלד אַז די צייט איז קורץ און גיב אַ זאָג: „גענוג שוין, טאַטע, גענוג", און רייס זיך אַרויס פון זיינע אָרעמס, „איצט אַנטלויף! זיי מצליח אין דיין וועג", שריי איך אויס פון טיפער האַרץ, „און זיי אַ טאַטע פאַר דיין איינציק פאַרבליבן קינד, און נעם נקמה, נקמה פאַר אומשולדיקע בלוט", — און דער פאָטער איז מיר פון די אויגן פאַרשוונדן געוואָרן. פונקט ווי ביי מיר, אַזוי האָט זיך איצט פון יעדער אידישער האַרץ דער זעלבער אויסגעשריי אַרויסגעריסן. הונדערטער קולות זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין שטאַרקער און מעכטיקער שטים, וועלכע האָט פון מאָל צו מאָל אַלץ שטאַרקער און מעכטיקער געקלונגען. דאָס איז געווען דער לעצטער געזעגענונגס־אויסגעשריי און גלייכצייטיק צוואה פון די האַלב־טויטע אידן, וואָס האָט באַגלייט אַלע אַנטלויפנדיקע אידן אויפן יסורים־פולן וועג צום לעבן.

מיין פאָטער איז אַרויסגעשפרונגען דער ערשטער, נאָך אים שפרינגען נאָך מענער. איינער גיט־צו מוט דעם אַנדערן און אידן אַנטלויפן פון טויט. דער דראַנג צום לעבן אין אַזאַ מאָמענט איז ניט צו באַשרייבן. איך שטיי ביים פענצטערל און העלף די אַנטלויפנדיקע זיך אונטערהייבן אין דער הויך און קוק זיך צו ווי זיי שפרינגען. איך דריי אום דעם קאָפ אַהינטער און זע ווי יעדער טוליעט זיך יעצט צו זיינע אייגענע, ווי איינער גיסט אויס דעם צער און צאָרן פאַר אַנדערן, טיילן זיך מיט די ליידן, וויינען־אויס זייערע צעווייטאָקטע הערצער און זעגענען זיך פאַרן טויט.

איך שטיי איצט אין ווינקל איינע אַליין. איינע פון אַ פאַמיליע, איינע פון אַ שטעטל. איך האָב ניט פאַר וועמען מיין שווערע האַרץ אויסצווויינען. איך דערמאָן זיך אָן מיין אומגליקלעכער מוטער, ווי שווער איר איז געווען ווען זי איז אויך אַן עלענטע געפירט געוואָרן צו דער שחיטה, ניט האָבנדיק ביי זיך קיין איין קינד, ניט קענענדיק אפילו פאַר אימיצן זיך אויסוויינען און טיילן זיך מיט די ליידן. דאָס אַלץ ברויזט מיר אויף און פאַרקלעמט מיין האַרץ. אין דעם מאָמענט הער איך ווי איין מיידל זאָגט צו אַ צווייטער: „לאָמיר אויך שפרינגען, איך צוערשט און דו נאָך מיר", און די מיידלעך שפרינגען אַרויס.

אין דעם מאָמענט בליצט אויף אין מיר אַ געדאַנק: וואָס וואַרט איך? וואָס האָב איך דאָ צו פאַרלירן? אין די לעצטע מינוטן פון מיין לעבן האָב איך ניט אפילו פאַר וועמען מיין האַרץ אויסצווויינען. דאַרף איך דען נאָך פאָרן זיך מאַטערן און אומקומען פון די טמא'דיקע היטלעריסטישע הענט? איז ניט בעסער שטאַרבן דאָ אויפן פלאַץ? און דערהערנדיק אַ קול „ווער שפרינגט איצט?" „העלפט מיר!" רוף איך זיך אָפ: „איך שפרינג!" און מאָמענטאַל בין איך שוין אין פענצטערל, איך האַלט מיר שוין אָן אין די אייזנס פון דער צווייטער זייט וואַגאָן און שפרינג — — — — — — — —

און שפרינגענדיק צום טויט בין איך צופעליק געבליבן לעבן.



שבתי פינקלשטיין *)

# ווי אַזוי איך האָב עס איבערגעלעבט...

## דער שטורעם ברעכט אויס

דעם 22־סטן יוני, 1941, זיינען די דייטשן אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד. טויזנטער אידן זיינען געלאָפן אין דער ריכטונג צו רוסלאַנד, אָבער די דייטשן זיינען אַלעמען פאַרלאָפן דעם וועג, און הונדערטער קערפּערס צעשאָסענע האָבן די וועגן באַדעקט. פון ביאַליסטאָקער געגנט איז קיינעם ניט געלונגען זיך צו ראַטעווען, ווייל די דייטשן האָבן בליץ־שנעל ארומגערינגלט די גאַנצע געגנט און איינגעשלאָסן אַ גרויסע רוסישע אַרמיי. צווישן די קערפּעס האָבן ניט געפעלט יאַשינאָווקער און גאָניאָנדזער יוגנט.

אין יאַשינאָווקע האָבן די דייטשן, צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן, אונטערגעצונדן די שטעטל. אַלע אידן זייען געטריבן געוואָרן צו דער וואַנט פון קאָשציאָל (טיפלע). אַלטע און קראַנקע, וואָס האָבן ניט געקענט פון שטוב אַרויס, זיינען דערשאָסן און פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט די הייזער. פיל צענדליקער איז אָבער געלונגען צו אַנטלויפן אין די פעלדער.

אַכט שעה זיינען די אידן פון יאַשינאָווקע געווען ביי דער וואַנט פון דער טיפלע, אַרומגערינגלט פון פּאָליאַקן און באַוואַכט פון דייטשן מיט מאַשין־געווער, ביז עס איז צופעליק

*) שבתי פינקלשטיין ז״ל, דער שרייבער פון דעם ארטיקל, איז געווען א יאַשינאָווקער, אבער זיין באַשרייבונג שליסט איין גאָניאָנדז. ער האָט מיטגעמאכט די טראגעדיע — דעם חורבן פון אונדזער היים־שטעטל און די אויסראָטונג פון אונדזערע ליבסטע — און האָט עס איבערגעלעבט.

די רעדאקציע





אָנגעפאָרן אַ הויכער דייטשישער מיליטער־מאַן און געפרעגט וואָס דאָ קומט פאָר. אַז מען האָט אים דערקלערט, אַז דאָס זיינען „קאָמוניסטן", האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ניט די אַלטע מענער און פרויען זיינען דאָס — און ער האָט זיי באַפרייט.

## איך גנב'ע זיך אריין אין גאָניאָנדז

נאָך אַכט חדשים האָב איך פאַרלאָזן יאַשינאָווקע און אַוועק אין ביאַליסטאָקער געטאָ. דאָס איז געווען פּסח אין יאָר 1942. נאָכן אָפּזיין אין ביאַליסטאָק אַ חודש האָב איך געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עס דאַרף דאָרט פאָרקומען אַן „אקציע", און אַז מיר, פּראָווינץ־מענטשן, וועלן זיכער זיין די ערשטע אויפן פייער. בין איך מיט אייזיק ראָזענטאַל (אַ קנישינער, וואָס האָט געלעבט אין יאַשינאָווקע) פאַרטאָג אַרויס פון געטאָ, צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער — און אייזיק האָט געפירט אויף גאָניאָנדז, ווייל ער האָט דאָרט געהאַט אַ באַקאַנטע פאַמיליע: פייגל סלאָמיאַנסקי (שמואל־בער מאַלאָזאָווסקי'ס טאָכטער). אַ פּאָר טעג האָבן מיר זיך פאַרזאַמט אין קנישין און פון דאָרטן זיינען מיר אַוועק אין גאָניאָנדז. ביים אַריינגיין אין גאָניאָנדז האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ איד, וואָס האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז עס איז ניט גוט: דער קאָמיסאַר זוכט ארום פרעמדע. טראָצדעם זיינען מיר אַריין. איך בין אַוועק צו כאַצקל ראָזענ־

טאַל, דעם „טאַנדעטניק״ *). זיין זון אברהמ׳ל איז געווען מיינער אַ חבר. אייזיק איז אַוועק צו די סלאָמיאַנסקיס.

מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז מיט אַ פּאָר טעג פריער איז געווען אַ געשיכטע מיט „פרעמדע״, נאָר איצט איז שטיל. אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אָנגעקומען אויף קוואַרטיר צו דער פאַמיליע סלאָמיאַנסקי, אויפן אַלטן מאַרק, אין דער הויז פון פייגל׳ס טאַטן, שמואל־בער מאַלאָזאָווסקי (פייגל׳ס מאַן, משה׳קע סלאָמיאַנסקי, איז געשטאָרבן אין דער צייט פון די סאָוועטן).

## די ערשטע קלעפּ

די ערשטע קלעפּ, וואָס גאָניאָנדז האָט געקראָגן פון דער מלחמה, איז געווען — פון די פּאָליאַקן. די דייטשן האָבן זיך אַפילו ניט אָפּגעשטעלט אין גאָניאָנדז. און די פּאָליאַקן האָבן דורכגעפירט פּלאַנמעסיקע פּאָגראָמען אונטער דער געהיימער אָנפירונג פון גלח (כומר).

אין ניין חדשים אַרום האָט מען אויפגעגראָבן אַ מאַסן־קבר אויפן בית־עולם און מען האָט אַלעמען געפונען פאַרפייניקטע אויפן שוידערלעכסטן אופן. די הענט פאַרבונדן אויף הינטן מיט דראָט, און אין די קעפּ — טשוועקעס. (דאָס האָב איך אַליין בייגעוווינט און געזען מיט מיינע אויגן). עס איז געווען טרויער אין שטאָט. מען האָט געבראַכט ליילעכער און אַלע זיינען געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל.

## גאַנץ גאָניאָנדז אַרבעט אין פעסטונג

גאָניאָנדז האָט זיך איינגעאָרדנט אין פעסטונג אָסאָוויעץ ביי דער אַרבעט. אָסאָוויעץ איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער זאַמל־פּונקט פון אַלע געווער און קליידונג וואָס די סאָוועטישע אַרמיי האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך, און אַלע אַרבעטפעאיקע פון שטעטל האָבן דאָרט געאַרבעט; אויך אַ קליינער פּראָצענט פּאָליאַקן. שפּעטער, פאַרן ליקווידירן גאָניאָנדז, האָבן שוין אַלע פּאָליאַקן געמוזט אַרבעטן.

די אַרבעט איז געווען פאַרשיידן. זיינען געווען „גוטע״ דייטשן — איז די אַרבעט געווען לייכטער. עס זיינען געווען פאַלן, ווען דייטשן האָבן נאָר אידן געפירט פון אָסאָוויעץ פון דער אַרבעט אויף פורן, און פּאָליאַקן — ניט.

## מ׳לעבט זיך איין מיט „גוטע״ דייטשן

די יוגנט פלעגט נאָך דער אַרבעט שפּאַצירן ביי קליאַפּ׳ן אין סאָד. דער סאָד איז, אַגב, געווען אַ הינטערוועג פאַר אידן (פון טיפּלע־גאַס צום אַלטן מאַרק) אויסצומיידן די גאַס. ביז די פּאָליאַקן האָבן דערטראָגן, אַז אידן מאַכן „קאָמוניסטישע פאַרזאַמלונגען״ אין סאָד. צום גליק, האָט מען זיך וועגן דעם דערוווסט באַצייטנס, איידער דער קאָמיסאַר איז אַהינצו געקומען מיט אַ ביקס...

פייגל מאַלאָזאָווסקי־סלאָמיאַנסקי האָט געהאַט דריי טעכטער און צוויי זין; יעדער איינער פון די קינדער האָט געהאַט חברים. איז עס געווען די איינציקע שטוב אין שטעטל ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען אַ גרעסערע צאָל יוגנט, צייטנווייז ביז פופציק פּערזאָן. כדאי צו באַמערקן, אַז איין טאָכטער פייגל׳ס — גאָלדע — האָט געאַרבעט ביי דער זשאַנדאַרמעריע (אין הויז פון חיים קאָברינסקי).

די דייטשן האָבן זיך אַזוי איינגעוווינט מיט די אידישע אַרבעטער, אַז מען פלעגט אָפן רעדן מיט זיי וועגן דער מפּלה, וואָס עס דערוואַרט זיי... (אין יענער צייט איז דער פראָנט געווען ביי סטאַלינגראַד). ביז עס איז געקומען אַ פאַראָרדענונג „פון אויבן״, אַז אידן טאָרן ביי די דייטשן ניט אַרבעטן. די לאַגע איז געוואָרן אָנגעשטרענגט. אין דער גאַנצער פּראָווינץ האָט מען אָנגעהייבן שפּירן, אַז עס האַלט ביי איינשפּאַרן די אידן אין אַ געטאָ.

נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען פון „יודנראַט״ — מיט גרויסע סומעס געלט און אַנטיקן, — האָט מען זיך געדאַרפט אַרויסקלייבן נאָר פון דאָליסטאָווער גאַס.

דאָס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק און פרייטיק. שבת האָט דער קאָמיסאַר געמאָלדן, אַז ער גיט פאַר דער אידישער באַפעלקערונג קאַרטאָפל אויפן ווינטער, פאַר קליינע געלט.

*) איטשע פראַנצויזל׳ס זון; האָט געהאַנדלט מיט פאַרטיקע בגדים. — די רעדאַקציע.

ווידער אַ שמחה! זונטיק פרי האָבן אַלע, פון קליין ביז גרויס, געשלעפּט קאַרטאָפל. מ'האָט פאַרגאָסן טייכן שווייס אויף דעם און פול געמאַכט די קעלערס אויפן ווינטער. וואָרים די מלחמה ענדיקט זיך נאָך ניט אַזוי גיך!

## אויף וואָס מ'דאַרף די פורן...

זונטיק אָוונט איז געקומען אַ פויער, אַ „סאָלטיס" פון אַ דאָרף, צו זיינעם אַ נאָענטן אידן און אים דערציילט, אַז מאָרגן פירט מען אַרויס אַלע גאָניאָנדזער אידן, און אַז מען האָט שוין באַשטימט פורן. די ידיעה איז גלייך פאַרשפרייט געוואָרן אין גאַנצן שטעטל. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. פאָרשטייער פון „יודנראַט" — ליפּשטיין און פינקעוויטש — זיינען אַוועק צום קאָמיסאַר. דער קאָמיסאַר האָט פאַרזיכערט, אַז מען קען זיין רואיק, ווייל די פורן וואָס ער האָט באַשטימט איז אויף ברענגען ביימלעך, צום פלאַנצן אויפן שאָסיי. איז שוין ווידער גוט!... בפרט אַז קאַרטאָפל אויף ווינטער איז שוין אָנגעגרייט אין די קעלערן.

## „קינדער, טוט זיך אָן!"

מיין חבר אייזיק, וואָס פלעגט אַ גאַנצע וואָך אַרבעטן „קושנירקע" (פעלצן אויספּאַרטיקונג) אויפן דאָרף און וואָס פלעגט קומען אין גאָניאָנדז אויף שבת־זונטיק, איז מאָנטיק אויפגעשטאַנען פינף אַזייגער פאַרטאָג און איז אַוועק אין דאָרף. די אַרבעטער (פון שטעטל) זיינען ווידער אַוועק צו דער אַרבעט אין אָסאָוויעץ. אַזייגער זיבן קומט אַריין שמואל בער — אָנגעטאָן אין דער שבת'דיקער קאַפּאָטע — און וועקט אונדז אַלעמען אויף: קינדער טוט זיך אָן!

מיר האָבן גלייך געוווּסט וואָס דאָס באַטייט. אין די סעקונדעס זיינען מיר געווען אָנגעטאָן אין די בעסערע בגדים. גאָלדע איז אַוועקגעלאָפן אין טאַרטאַק, ווו זי האָט דעמאָלט געאַרבעט — און איז געקומען צוריק.

— אידן אַרבעטן היינט ניט!

## מיר אַנטלויפן פון אַ פּאַסטקע

בערל (פייגל'ס זון) און איך זיינען אַרויסגעלאָפן צום פעלד. דער פעלד איז געווען פול מיט אַנטלויפנדיקע אידן. יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען די געפאַר.

מיר זיינען געקומען צו לויפן צום בריק אויף דאָלקאָ — און אַנטקעגן אונדז, אונטערן בריק וואַקסט אויס אַ דייטש מיט אַ ביקס. דער דער דייטש האָט גאָרניט גערעדט, און מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק, שוין ניט לויפנדיק... פונדערווייטנס האָבן מיר באַמערקט ווי צוויי מיידלעך לויפן דורך דעם שאָסיי אַנטקעגן בודניק (די הויז ביים שאָסיי, וואָס שטייט צווישן דאָלקאָ און גוזי). זיינען מיר געלאָפן אין דער זעלבער ריכטונג — און אויך אַריבער דעם שאָסיי. אין דעם מאָמענט האָט אַ דייטש אַ געשריי געטאָן: האַלט!

איך בין געווען אַ צוואַנציק מעטער פון דעם דייטש, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און אַ געשריי געטאָן צו בערלען: „בערל, שטיי!" בערל האָט אַ קוק געטאָן אויף הינטן — און ווייטער געלאָפן... איך — נאָך אים... און פאָרויס פון אונדז — די צוויי מיידלעך.

דער דייטש האָט אָנגעהויבן שיסן. דער וועג איז געווען באַרג אַרויף. ביי יעדן שאָס פלעג איך פאַלן. איך האָב געהערט ווי יעדע קויל לויפט פאַרביי מיט אַ פייפעריי. פון אַ זייט האָט געשאָסן אויף מיר אַ צווייטער דייטש. האָב איך צוערשט אַראָפּגעוואָרפן די „קורטקע" (אַ קורצער אויבער־מאַנטל); ווייטער געלאָפן — און געוואָרפן די „מאַרינאַרקע" (רעקל) און די היטל. איך בין געבליבן אין אַ בלוזע.

די שיסעריי איז געווען אין מיין ריכטונג, ווייל איך בין געווען אַמנאָענטסטן. ווען איך פלעג אַ פאַל טאָן אויף דער ערד, בעת די קוילן פלעגן פאַרביילויפן, פלעג איך אַריינשטעקן די האַנט אין בוזעם — אַ קוק טאָן, צי מען זעט נאָך ניט קיין בלוט... מיר זיינען אַזוי געלאָפן אָן אָטעם אַ פּאָר קילאָמעטער באַרג־אַרויף, ביז מיר זיינען געקומען אויף דער צווייטער זייט באַרג. דאָרט האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויף אייניקע מינוט. די מיידלעך זיינען געווען: פעיטשע און גרונע הירשפעלד (שלום רחל־לאה'ס טעכטער).

אַ פּאָר מינוט גערוט — און ווייטער געלאָפן, צום דאָונאַרער וואַלד. דאָ האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז און גאָרניט גערעדט.

יעדער פון אונדז האָט געוווסט וואָס עס קומט פאַר דאָרטן, פונוואַנען עס קומט די שיסעריי. נאָך אַ ביסל רוען האָבן מיר געהערט ווי עס פאָרן פורן. בין איך אַוועק נעענטער צום שאָסיי. איך האָב זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און געזען ווי מען פירט טרעסטינער אידן.

גראָד איז יענער טאָג געווען אַ יום־טוב ביי די פּאָליאַקן און זיי זיינען געגאַנגען אויף זייער בית־הקברות און דאָרט געזונגען תפילות פאַר זייערע טויטע. דאָס איז געווען נאָענט צום וואַלד. דעמאָלט איז מיר דורכגעגאַנגען דורכן קאָפּ אַ געדאַנק: ווער וועט וויינען אויף אונדזערע צעזייטע קברים?...

צוריק טרעפן צו מיינע חברים (בערל׳ען מיט די צוויי מיידלעך) האָב איך ניט געקענט; אַ גאַנצן טאָג, ביז נאַכט, האָב איך געבלאָנדזשעט און זיי ניט געפונען. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט מיט אַ צעבראָכענעם געמיט. ווען עס איז פינצטער געוואָרן — האָב איך אַ געשריי געטאָן: בערל! פון דער צווייטער זייט בערגל האָב איך באַקומען אַן אָפּרוף. מיר האָבן פון אָנפאַנג גאָרניט גערעדט. זיי זיינען געווען צעשראָקן — טאָמער האָט מען מיך געכאַפּט.

שפּעטער איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן פאַרוואָס עס איז אונדז געלונגען דורכלויפן דעם שאָסיי (אַרויסלויפנדיק פון גאָניאָנדז). די דייטשן, וואָס האָבן געהיט דעם שאָסיי, זיינען אַוועק נעענטער צו גוזע, ווייל מען האָט דעמאָלט געפירט די אידן פון אָסאָוויעץ (די אַלע, וואָס זיינען אינדערפרי אַוועק אַהינצו צו דער אַר־בעט), — און דאָס האָט אונדז געגעבן אַ גע־לעגנהייט דורכצולויפן. יעדע צוואַנציק־דרייסיק מעטער איז געשטאַנען אַ דייטש.

## מיר זוכן אייזיקן — און געפינען זעקס אידן אין וואַלד

אַז עס איז גוט פינצטער געוואָרן, האָט בערל אונדז געדאַרפט אַריבערפירן די באַן־ליניע, ווייל ער האָט דאָרטן געהאַט געאַרבעט ביי די רוסן, ווען זיי האָבן אויף יענעם אָרט גע־בויט אַן עראָדראָם (לופט־פעלד). פון דאָרטן האָב איך געוווסט דעם וועג צו אייזיק׳ן ((וואָס איז אַוועק אינדערפרי אַרבעטן אין דאָרף), און איך האָב אָפּגערעדט מיט אים, ווו אים צו גע־פינען.

ווען מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר קילאָ־מעטער, האָבן מיר נעבן אַ פויער׳ס שטוב גע־טראָפן אַ קריסטין. זי האָט נאָך ניט געוווסט וואָס עס איז פאָרגעקומען אין גאָניאָנדז, און פאַר אַ פּאָר גאָלדענע „קאָלטשיקעס" (אויריננ־גלעך), וואָס פעיטשע האָט איר געגעבן, האָט זי אונדז אַרויפגעלאָזן אויפן „ראָסט". נעבן שטאַל איז געווען די באַן־ליניע. צוגן זיינען גע־פאָרן איינער נאָכן אַנדערן — און מיר ליגן פאַרדעקט (מיט היי) אויפן „ראָסט". קאַלט איז געווען. איך האָב קיין זאַכן ניט געהאַט; בערל איז געווען אָן אַ קורטקע (אויבער־מאַנ־טל).

אויף מאָרגן האָט דער קריסט געזאָגט, אַז „דאָ איז ניט זיכער. ער האָט קליינע קינדער און עס קומען דייטשן צו אים. בין איך מיט בערל׳ען אַוועק זוכן אייזיק׳ן, און די מיידלעך האָבן די גויים געגעבן אַ גאָלדענעם צלמ׳ל (ציילאָמל) און זיינען דאָרטן פאַרבליבן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געזוכט ביז מיר האָבן געפונען דעם קריסט (אייזיק׳ס). ביי אים האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז זעקס פערזאָן — פיר יאַשינאָווקער און צוויי גאָניאָנדזער (מייד־לעך) זיינען אין וואַלד אין אַ „סכראָן" (אַ בונ־קער, אַזאַ שוץ־נאָרע). די נאַכט זיינען מיר געבליבן ביים קריסט, און מאָרגן ביינאַכט, ווען חברה (פון וואַלד) איז געקומען נאָך עסן, האָבן מיר זיך מיט זיי געטראָפן. ביי אַ צווייטן קריסט האָבן מיר געטראָפן חנב׳ען, דעם יינגערן זון פון חזן צענטורא. ער איז ביינאַכט געקומען פון שטאָט. מיר זיינען צוזאַמען אַוועק אין וואַלד. מיר זיינען אַרויפגעקראָכן אויפן באַרג און גע־טראָפן צום בונקער. מיר האָבן געברענט קין. צוזאַמען זיינען מיר געווען ניין פערזאָן: זיבן יינגלעך און צוויי מיידלעך.

יעדער איינער האָט דערציילט ווי ער איז אַנטלאָפן.

חנן האָט דערציילט, אַז אים האָט מען געבראַכט צוריק אין גאָניאָנדז צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער פון אָסאָוויעץ. נעבן דער פעס־טונג האָט מען זיי אַלעמען אויפגעקליבן. אַנט־

לויפן איז געווען שווער; דאָס איז געווען אַ זיכערער טויט. אין שטאָט האָט מען זיי אַלעמען אַוועקגעשטעלט אין מאַרק און אַ געסטאַפּאָניק האָט פאַר זיי געהאַלטן אַ רעדע — אַז מען פירט זיי אויף אַרבעט; אַז יעדער דאַרף מיטנעמען אַרבעט־קליידער, געוויינטלעכע בגדים און כלים. אין אַ האַלבער שעה צייט האָבן אַלע געמוזט זיין צוריק. ווער עס האָט ניט געגלויבט דעם קאָמיסאַר, האָט זיך באַהאַלטן אין שטאָט. פיל האָט מען געפונען און דערשאָסן. אַלע האָבן זיך אויפגעקליבן אויפן מאַרק. מ׳האָט זיי אַריינגעזעצט אין פורן און אַוועקגעפירט אין באָגושע, אַ לאַגער נעבן גראַיעווע.

## מיר „אַדאָפּטירן" אַ אינגל פון ראַווע

אין צוויי טעג אַרום איז אייזיק אַרויס ביינאַכט צו אַ קריסט און דאָרט געטראָפן אַ צעניאָריקן אידישן אינגל — דעם ראַוועה׳ס פון וואַסערמיל. האָט ער אים געבראַכט צו אונדז. דער בונקער (די שוץ־נאָרע) איז געוואָרן צו קליין, איז מען אַרויס אים פאַרגרעסערן און אַ קריסט האָט דאָס באַמערקט. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז ער וועט דערציילן. ביינאַכט זיינען מיר אַוועק צו אונדזער קריסט זיך דערוויסן. ער האָט אונדז געהייסן אַנטלויפן פון דאָרט, „ווייל אויף מאָרגן וועט מען צו אונדז קומען פאַרברענען צוויי דערפער מיט פּויערים".

אין דרויסן איז אַ שניי און אַ פראָסט; עס איז פינצטער — וווהין גייט מען? צען מענטשן — יעדערער וויל לעבן! מיר האָבן זיך צעשיידט. אַ טייל איז אַוועק צו באַקאַנטע קריסטן. איך האָב געראַטן גיין אין אַ צווייטן וואַלד און גראָבן אַ גרוב. דערווייל האָבן מיר זיך דערווּסט אַז עס איז נאָך דאָ יאַשינאָווקע און ביאַליסטאָק. ווייטער האָט מען פון אַלע שטעט אַרויסגעפירט די אידן. דעם 2־טן נאָוועמבער 1942 האָט מען ליקווידירט צענדליקער שטעט און שטעטלעך אין אונדזער געגנט.

## צוריק אין יאַשינאָווקע

נאָך שווערע עטלעכע טעג זיך וואַלגערן אויף ראָסטן, אָן דעם וויסן פון די קריסטן, אין גריבער פון קאַרטאָפל, אין וועלדער און וועלדלעך, זיינען מיר — איך, בערל און חנן — אָנגעקומען ביינאַכט אין יאַשינאָווקע. ביי מיין פעטער האָב איך זיך אויף מאָרגן געשטעלט צו דער אַרבעט און געמאַכט אַ בונקער אין שטאַל. די אַרבעט איז געווען שווער ווייל עס איז געווען דרייסיק גראַד פראָסט, אָבער מיר האָבן באַוויזן איינצואָרדענען אַ באַהעלטעניש אויף די נאָענטסטע טעג, טראָצדעם וואָס דער קאָמיסאַר האָט פאַרזיכערט אַז יאַשינאָווקע „פאַרבלייבט אויף אימער".

אין יאַשינאָווקע האָבן מיר געטראָפן גאַניאַנדזער אַנטלאָפענע: לייבל מאַלאָזאָווסקי (משה מאַלאָזאָווסקי׳ס אַ ברודער — די רעד.), גדליה גוזאָווסקי, חייקל יעווריייסקי מיט די קינדער און נאָך עטלעכע. אין יאַשינאָווקע זיינען זיך צונויפגעקומען אַ פאָר הונדערט אידן פון אלע שטעטלעך אַרום. דער דאָרטיקער קאָמיסאַר האָט קיין שלעכטס ניט געטאָן. אָבער אין אַ שטיקל צייט אַרום — דעם 25־סטן יאַנואַר, 1943, האָט מען אַרומגערינגלט יאַשינאָווקע און דאָס שטעטל האָט געהאַט דעמזעלבן גורל וואָס אַלע.

## אין שטאַל

אין בונקער זיינען אָנגעקומען 14 מענטשן (פון גאָניאָנדזער: לייבל מאַלאָזאָווסקי, בערל סלאָמיאַנסקי און גדליה גוזאָווסקי). פלאַץ איז געווען נאָר פאַר 8. ביינאַכט זיינען צוגעקומען ביז 22 מענטשן — מיט קינדער. די לאַגע אין בונקער איז געווען געפערלעך; עס איז ניט געווען קיין לופט. די טירל האָט מען ניט געטאָרט עפענען, ווייל עס פלעגט גיין אַ פאַרע און מ׳וואָלט אונדז מחמת דעם געקענט כאַפּן. קיין פייער, ווידער, האָט מען ניט געקענט אָנצינדן, ווייל פון מאַנגל אין לופט האָט עס ניט געברענט...

איין קינד האָט געהאַט אַ קייך־הוסט, איז ווען מען האָט געהערט אויבן טריט האָט מען זיך געוואָרפן אויף דער זיבן־יאָריקער מיידעלע — און זי איז דערשטיקט געוואָרן...

נאָך אַ פאָר טעג זיך ראַנגלען האָבן מענטשן אָנגעהייבן פאַרלאָזן דעם בונקער און זוכן:

אפשר וועט זיי געלינגען געפינען זיך אַן אָרט. עס זיינען אַוועק: לייבל מאַלאַזאָווסקי, גדליה גוזאָווסקי און אַ צאָל יאַשינאָווקער. מיר זיינען געבליבן 14. קיין עסן איז ניט געווען. איין חבר איז אַרויס ביינאַכט אין שטאָט צו קריגן ברויט ביי זיינעם אַ קריסט — און איז ניט צוריקגעקומען. (אין זעקס חדשים אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז ווען מ׳האָט אים געכאַפּט האָט ער דערלאַנגט אַ פּאָליציאַנט מיט אַן אייזן און איז אַנטלאָפן). מיר פלעגן אַריינגעמען אַן עמער שניי, און דאָס — מיט בלאָטע, און מען פלעגט עסן רויע פערל־גריץ. מיר האָבן געפילט אַז מען וועט שטאַרבן פון הונגער. און דאָ זיצן מיר שוין צוויי וואָכן, בעת אין שטאָט זיינען ניטאָ קיין אידן, און אינדרויסן איז אַ געפּערלעכער פראָסט.

## מיר ווערן אַנטדעקט — אָבער ניט געכאַפּט

אויפן פערצענטן טאָג האָט אַ פּאָליאַק געזוכט גאָלד אין אידישן שטאָל און — געפונען אונדז. ער איז גלייך אַוועקגעלאָפן מעלדן פּאָליציי. דער „שטשיט" (אויבערשטער טייל פון דאַך) איז געווען אַ טאָפּלטער, זיינען מיר אַלע פערצן דאָרטן אַריין — מיט צוויי קינדער. אין פינף מינוט אַרום איז געווען פול מיט פּאָליציי און דייטשן. מען האָט געשאָסן און געזוכט — און ניט געפונען. מיר האָבן געהערט ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך: „קיין שפּור אויפן שניי איז ניטאָ; אין בונקער איז נאָך וואַרעם — טאָ ווו זיינען זיי?" עס איז קאַלט; דער טאָג איז אַ קורצער; פינצטער איז געוואָרן — האָבן זיי בלויז איבערגעלאָזט אַ וואַך, און מאָרגן וועלן זיי ווייטער פרוּוון זוכן. מיר האָבן געהערט ווי איין פּאָליציאַנט זאָגט אַז מען דאַרף ניט מאַטערן, נאָר גלייך דערשיסן. אַז די פּאָליציאַנטן איז קאַלט געוואָרן האָבן זיי גלאָט געשאָסן, אונדז אָנצושרעקן, און זיי זיינען אַריין ביי אַ שכן זיך וואַרעמען.

דעמאָלט זיינען מיר איינציקווייז אַראָפּ, אָפּרעדנדיק זיך צו טרעפן אויפן פעלד. איך מיט מיין פרוי ליבע אַזריקן, זיינען אַראָפּ די לעצטע, אָבער קומענדיק אויפן פעלד האָבן מיר קיינעם ניט געטראָפן...

## מיר זוכן עסן — אין די נעכט

עלנט. הימל און שניי — און מיר אינמיטן, ניט וויסנדיק וווּהין זיך צו קערן און וואָס צו טאָן. ס׳איז געווען אַ נעפּל, האָבן מיר געבלאָנדזשעט און אַריין צוריק אין שטאָט. צום גליק האָט אונדז קיינער ניט באַמערקט און מיר זיינען אַנטלאָפן. נאָך אַ נאַכט בלאָנדזשען האָבן מיר זיך פאַררוקט אין אַ סטאָג היי אויפן פעלד. אַזוי זיינען מיר איבערגעלעגן אַ גאַנצן טאָג. ביינאַכט זיינען מיר אַרויס און זיך געצויגן צו אַ פייער אַנטקעגן. מיר זיינען געקומען אין אַ דאָרף, אַריין אין אַ שטוב און אַ קריסטין האָט אונדז אויפגענומען און געגעבן עסן.

מיר האָבן געוואַנדערט ווייטער ביז מיר האָבן ווידער פאַרבלאָנדזשעט, און אַ טאָג זיינען מיר אָפּגעזעסן אין אַ וואַלד. ביינאַכט זיינען מיר אַריין צו אַ קריסט וואָס האָט אונדז דערציילט אַז אין יאַשינאָווקע האָט מען געשאָסן — ביים אַרויספירן — פערציק אידן, פאַר וועלן אַנטלויפן, און אַז צוויי וואָכן האָבן זייערע קערפּערס זיך געוואַלגערט אין די גאַסן.

און אַזוי ווי מיר זיצן ביים קריסט קומט אַריין אַ אינגל פון יאַשינאָווקע און פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט ווער עס איז אַנטלאָפן. ער מיט אַ ברודער און זיינע צוויי שוועסטער זיינען געווען צווישן די אַנטלאָפענע. איין שוועסטער האָט די פיס אָפּגעפרוירן, האָט זי ניט געקענט גיין. זי האָט לעבן ניט געקענט און אויך ניט שטאַרבן. האָט זי זיך געבעטן מען זאָל איר מאַכן דעם טויט, אַז זי זאָל ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מערדער. אַליין אויפהענגען זיך האָט זי ניט געקענט, האָבן די ברידער מיט דער צווייטער שוועסטער איר געהאָלפן זיך הענגען...

## מיר גראָבן זיך אויס אַ היים אין וואַלד

מיר האָבן געקראָגן אַ קריסט און מיר האָבן אַ חודש צייט ביי אים אין פעלד אין אַ גרוב פון קאַרטאָפל געלעבט, אין קעלט און הונגער. במשך פון דעם חודש האָבן מיר די געגנט דערקענט און אין אַ קליינעם וועלדעלע אויסגעגראָבן אַ גרוב און עס קאַמאָפלאַזשירט, קיינער זאָל עס ניט באַמערקן. דאָרט זיינען מיר אָפּגעלעגן פינף חדשים. אין פאַרלויף פון דער

צייט האָבן מיר פאַרשיידנס געהאַט. עס זיינען געווען טעג וואָס מיר האָבן געהאַט צופיל עסן און טעג פון ממש הונגער.

איינמאָל זיינען מיר ביינאַכט געגאַנגען אויפן פעלד זוכן אַ בוימל וואָס זאָל פּאַסן אַלס „דעקאָראַציע" איבער דער טירל פון אונדזער גרוב. איז אַזוי ווי מיר גייען מיטן בוימל קומט אונדז אַ מענטש אַנטקעגן. אַנטלויפן האָבן מיר ניט געקענט, האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט. דער מענטש אַנטקעגן — דאָס זעלבע... ביז ער האָט אַ געשריי געטאָן: „אידן?!" — האָבן מיר געענטפערט: „אידן!" דאָס איז געווען אַ איד פון יאַשינאָווקע, אַריבער די זעכציקער. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ לויפנדיקן צוג. קיין געלט האָט ער ניט: די געלט איז געבליבן ביי דער פרוי, וואָס איז געבליבן אויפן צוג... וואַנדערט ער, ווי נאָך הונדערטער און טויזנטער, אין דער פינצטער זוכן ברויט.

אויף אַזאַ אופן האָבן מיר אַ צווייטן מאָל זיך געטראָפן מיט צוויי אידן. איינער פון זיי איז געבליבן ביי אונדז.

## אַ פאַלשער אַלאַרם

איינמאָל זיצן מיר — איך און מיין פרוי — און מיר שפּירן אַז מען גייט, ניט ווייט פון אונדז. אינדרויסן איז געווען אַ שטאַרקער רעגן — און די טריט דערנענטערן זיך צו אונדזער גרוב. האָבן מיר געטראַכט אַז אימיצער האָט געוויס געזען ווי מיר האָבן מיט אַ טאָג פריער פאַרזעצט בוימער אויפן גרוב און אַרום גרוב. מיר פילן אַז מען גראָבט און מען זעצט זיך אויפן בוימל, וואָס איז איבערן טירל. ביי אונדז איז געווען זיכער אַז איינער איז אַוועק נאָך פּאָליציי און אַז דער צווייטער זיצט איבער אונדז און לאָזט ניט אַרויס... איך פּרוּוו עפענען — מען זיצט! האָב איך אויף פויליש געבעטן, אַ הויב־געטאָן מיטן גאַנצן כוח — און איבער־געקערט אַ מענטשן. אַז איך האָב אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ האָב איך דערזען ווי אַ צוועלף יאָריקער אידישער אינגל ליגט אַ צע־טומלטער... מיר האָבן אים גלייך אַריינגענומען צו זיך אין גרוב אַריין...

די מעשה מיטן אינגל איז אַזוי: ווען אידן האָבן נאָך געמעגט לעבן און אַרבעטן, — שוין פאַרן דייטש טאַקע, —איז דער אינגל געווען אַ פּאַסטוך ביי אַ קריסט. איצט איז ער געקומען צו זיין „קריסט" אין דאָרף נאָך ברויט. דער קריסט האָט אים ניט אַריינגעלאָזט צו זיך, איז דער אינגל אַוועק אין נאָענטן וועלדל — און דאָ גיסט אַ שטאַרקער רעגן! האָט ער זיך איינ־געגראָבן אין די בוימלעך — אי מ'זאָל אים ניט זען, אי ער זאָל זיין אַביסל באַשיצט פון רעגן. און אין סאַמע רעגן איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן... אָט אויף אַזאַ אופן האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אַ אידיש קינד... פיל פאַלן אַזוינע האָבן מיר געהאַט.

## מען מסר'ט אונדז

אַ קריסט האָט אונדז גע'מסר'ט אַז „אין דער געגנט גייען אַרום יידן". אַ צווייטער קריסט האָט אונדז אָנגעזאָגט אַז מיר זאָלן אַנטלויפן. זיינען מיר אין אַ גרויסן שטורעם און רעגן זאַלבעפערט אַנטלאָפן, אַריבער אַ טייך און אַוועק צען קילאָמעטער פון אונדזער גרוב. דאָרט האָט מען דעם טאָג צוויי אידן דערשאָסן, איי־נעם אַ יאַשינאָווקער, דעם צווייטן — אַ קניי־שינער. אַלס ענטפער אויף דעם האָבן עטלעכע אידן מיט ביקסן דערשאָסן אויפן צווייטן טאָג צוויי פּאָליציאַנטן.

וואָכן פלעגן מיר זומער ליגן אין די קאָרן. ווינטער איז געווען ערגער מיט שלאָפן. איינ־מאָל אין צוויי אָדער דריי וואָכן אַרויסגיין פון גרוב נאָך עסן. עס איז געווען אומגעפער צוויי חדשים פאַר דער באַפרייאונג, ווען מיר האָבן צוגענומען צו זיך נאָך צוויי אידן. זיינען מיר שוין געוואָרן זעקס.

## די לעצטע צוויי וואָכן אין גרוב

די לעצטע צוויי וואָכן האָט די דייטשע אַרטילעריע זיך געשטעלט ממש אויף אונדז. דאָס איז געווען פינף קילאָמעטער פון יאַשי־נאָווקע. די סאָוועטישע אַרטילעריע איז געווען צוויי קילאָמעטער פון דער צווייטער זייט שטעטל, דאָרט וווּ מיר זיינען די פינף חדשים געווען. צוויי וואָכן זיינען מיר געלעגן אין הונגער און אין שרעק. איבער אונדזער גרוב רעדט מען דייטש... האָבן מיר געהאַלטן גרייט שוועבעלעך: אויב מען וועט אונדז כאַפּן וועלן

מיר זיך אונטערצינדן און ניט אַריינפאַלן אין זייערע הענט...

## מיר ווערן באַפרייט און דערגרייכן ארץ־ישראל

נאָך די צוויי וואָכן זיינען מיר געלעגן אין גרוב נאָך צוויי טעג און ניט געוווסט אַז מיר זיינען באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַר־מיי. אַ וואַרעמע אויפנאַמע האָבן מיר געהאַט ביי די סאָוועטן. מ'האָט אונדז געגעבן עסן און זאַכן (קליידונג).

אין יאַשינאָווקע האָבן זיך אויפגעקליבן ביז 60 אידן. דאָס איז איינער פון די גרעסטע פּראָצענטן לעבן־געבליבענע פון אידישע שטעט און שטעטלעך.

אין זעקס חדשים זיינען מיר צוביסלעך געקומען צו זיך — ביז עס איז פאָרגעקומען אַן אָנפאַל פון די פּוילישע באַנדיטן (אַ. ק.). מיר האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט מיט פייער צוריק, און זיי זיינען אָפּגעטראָטן מיט פאַר־לוסטן. אויף מאָרגן זיינען אַלע אידן אַריבערגע־פאָרן אין ביאַליסטאָק און מיר האָבן אָנגעהייבן אונדזער וואַנדער־וועג איבער איראָפּעאישן בית־הקברות צו אונדזער ציל — ארץ ישראל — און מיר האָבן דערגרייכט!

---

## עפּילאָג

צוויי חדשים נאָכדעם ווי מיר זיינען באַ־פרייט געוואָרן איז אין אַ אידישער שטוב אין יאַשינאָווקע אַריינגעקומען אַ „שייגעץ" מיטן נאָמען וולאַדעק. ער האָט זיך דערוווסט אַז דאָ לעבן אידן איז ער צוריקגעקומען צו זיינע גע־רודפ'טע ברידער ניט וועלנדיק זיין מער אַ „קריסט"... דאָס איז געווען לייבל ראַוווער'ס אינגל, פון גאָניאָנדז.

דער אינגל איז פון דעם וואַלד נעבן דאָוו־נאַרע אַנטלאָפן גלייך מיט אונדז אַלעמען, ווען מען האָט אונדז אויפגעדעקט. ער איז אַוועק פּיל קילאָמעטערס און ביי אַ פּויער זיך פאַרגע־שטעלט אַלס פּוילישער אינגל וואָס איז אַנט־לאָפן פון צוג ווען די דייטשן האָבן געפירט זיין פאַמיליע אין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. דער פּויער האָט אים געגלויבט, ווייל ער האָט די שפּראַך און די תפילות גוט געקענט, און דער אינגל איז געבליבן ביי אים.

ווען מען האָט געפירט יאַשינאָווקער אידן אין טרעבלינקע, האָט אים דער פּויער געשיקט גלייך מיט אַלע אַנדערע פּויערים צו פירן די אידן מיט אַ שליטן צום צוג... (אַלע פּויערים האָבן געמוזט פירן די אידן ביז קנישינער באַן־סטאַציע). דער ראַוווער „שייגעץ" האָט זיך איינ־געוויקלט אין אַ פעלץ און קיינער האָט אים ניט דערקענט.



זיידל (נאַטע דוואשקעס) אלטשולד

# גאָניאָנדזער אין ביאַליסטאָקער געטאָ

דער בוך וועגן אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ, פון ב. מאַרק (אַרויסגעגעבן דורכן „יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט", וואַרשע 1950) איז זייער איינזייטיק. לויט דעם מחבר (אַ קאָמוניסט) איז דער אויפשטאַנד אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן, אינדערצייט וואָס אַ גרויסן חלק אין דערדאָזיקער הייליקער אַרבעט האָבן אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, און דער מחבר באַגייט אַ מאָראַלישן חטא לגבי די גיבורים און קדושים וועלכע זיינען געפאַלן פאַרן כבוד פון אידישן פאָלק.

אין בוך ווערן דערמאָנט דריי גאָניאָנדזער: אברהם־לייזער רובין (דער זון פון יאַנקל דעם שמיד); דער ציין־דאָקטאָר לוי קאָפּעלמאַן, און, להבדיל באלף הבדלות, דער אויסוואורף־מסור יאַנקעלע צוויקליטש (דער זון פון יהושע צוויקליטש; דערשאָסן געוואָרן דורך אידישע נקמה־נעמער אין ביאַליסטאָקער געטאָ).

וועגן דעם גיבור אברהם־לייזער רובין — כבוד זיין אָנדענק! — איז געשריבן אויף זייט 277: „די מיטגלידער פון דער אַנטיפאַשיסטישער זעלבסטשוץ, אברהם־לייזער רובין און נאַטעק גאָלדשטיין, האָבן אויסגעפירט דעם טויט־אורטייל איבער דעם העסלעכן מנוול און מסור יודקאָווסקי (דערדאָזיקער מנוול איז געווען די שרעק פון ביאַליסטאָקער אידן אין געטאָ און אויסערן געטאָ. — ז. א.) און נקמה גענומען פון דעם פאַרברעכער".

זייט 328. „דאָס איינברעכן אין די דייטשע אַרסענאַלן און דאָס גנב'ענען געווער ווערט אַן אָפטע דערשיינונג. די געפערלעכע עקספּעדיציעס האָבן אויף זיך גענומען די קעמפער ראובן לעווין (סערגיי), נתן גאָלדשטיין (נאַטעק), הערשל ראָזענטאַל (יאַשינאָווקער) (אַ העלדישער בחור, איך געדענק אים נאָך פון יאַשינאָווקע — ז. א.), אברהם־לייזער רובין (אויף דער שטעלע ווערט זיין אָפּשטאַמונג ניט דערמאָנט. — ז. א.)". „די סאַמע דרייסטע גנבה איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַרסענאַל פון געסטאַפּאָ אויף שענקעוויטש־גאַס 15. דער וואַרשעווער פליט אברהם־לייזער רובין (פאַרוואָס עפּעס וואַרשעווער?! ז. א.) און דער לאָדזשער פליט נתן גאָלדשטיין, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אויף דער אַרישער זייט, האָבן אַרויסגענומען פון דאָרטן 44 פאַרשיידענע מינים געווער. דערדאָזיקער אויפטו האָט געמאַכט אַן אומגעוויינלעכן איינדרוק אין די אונטערערדישע קרייזן און שטאַרק דערמוטיקט די מיטגלידער פון זעלבסטשוץ".

זייט 458. „דער צוזאַמענשטעל פון די יידישע פאַרטיזאַנער אַ־פאַרשיידנאַרטיקער. נעבן דעם שלאָסער־אַרבעטער מוליע וויינער און דעם מעכאַניקער בנימין שלייפער — דער שמיד פון גאָניאָנדז (ענדלעך ריכטיק באַצייכנט. — ז. א.) לייזער רובין. ווייטער לייענט מען: „נעבן אויסגעפּרוווטע קעמפער און העלדן־פאַרטיזאַנער, נעבן אַזעלכע וואָס האָבן געשפּרונגען פון צוגן (קאַווע, מיעטעק יאַקובאָוויטש), אַזוינע וואָס האָבן שוין באַזוכט און פאַרזוכט דעם „טעם" פון טרעבלינקע (אברהם־לייזער רובין)". דאָ דאַרף איך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער לאַגער טרעבלינקע האָט פאַרניכטעט הונדערטער טויזנטער



אברהם־לייזער רובין

אידן (האָט זיך געפונען ניט ווייט פון מאַלקין), אַרויסגעקומען פון דאָרטן זיינען בלויז איינ־צעלנע און צווישן זיי — אונדזער גאָניאָנדזער אברהם־לייזער רובין. דאָס איז אַן אומבאַ־שרייבלעכע גבורה, און אויב ס'זיינען דאָ ניסים — איז דאָס דער גרעסטער נס!

זייט 466 און 467. „די זעלביקע העלדישע מיידלעך האָבן בכלל געראַטעוועט אַ סך אידן, אַנטלאָפענע פון די וואַגאָנען, אָדער שוין פון די טויט־לאַגערן. צווישן אַנדערע האָבן זיך געראַטעוועט דער גאָניאָנדזער שמיד לייזער רובין, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין אויפ־שטאַנד אין טרעבלינקע דעם צווייטן אויגוסט 1943 (דערדאָזיקער אויפשטאַנד איז לעגענדאַ־ריש ביי אַלע אידן, ווייל אַ צענדליק גיבורים האָבן געקעמפט מיט אַ באַנדע פון הונדערטער פאַרברעכער, באַוואָפנט מיט אַלע מינים גע־ווער, דאַגעגן, די קליינע גרופּע — כמעט מיט די הוילע הענט. זיי, די גיבורים, האָבן צענ־דליקער געסטאַפּאָ־לייט אומגעבראַכט. און אַ פּאָר פון די העלדן איז געלונגען צו אַנטלויפן, צווישן זיי אונדזער אברהם־לייזער. — ז. א.) און איז פונדאַנען אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. דאָ האָט ער זיך (לייזער רובין) די ערשטע צייט באַהאַלטן אין דער קירך פון הייליקן ראָך (קאָשציאָל שווענטעגאָ ראָכאַ), ביז אַ פּוילישער שוסטער האָט אים פאַרבונדן מיט די מיידלעך, וועלכע האָבן דעם העלדישן שמיד געבראַכט אין וואַלד. לייזער רובין איז געפאַלן אין קאַמף מיט אַ העלדן־טויט אין חודש יוני,ביים ראַטעווען אַ פּאַרטיזאַן, אַ סערב".

אַזוי האָט פאַרענדיקט זיין לעבן אונדזער גאָניאָנדזער העלד אברהם־לייזער רובין... און מיר אַלע, און איבערהויפּט די גאָניאָנדזער אין ישראל, דאַרפן פאַראייביקן אויף אַ געהעריקן אופן זיינע רומפולע טאַטן און אויסערגעוויינ־לעכע גבורה.

איצט אַ פּאָר אויסצוגן וועגן ד"ר לעאָן קאָ־פּעלמאַן ז"ל.

זייט 126. „עטלעכע מיטאַרבעטער פון „יודנ־ראַט", וועמענס נעמען עס וואַרפן זיך אַדורך אויף די ערשטע זיצונגען און וועלכע טרעטן אַרויס אָפּאָזיציאָנעל לגבי דער באַראַש־סובאָט־ניק אָנפירונג (דאָס זיינען געווען די הויפּט־„פירער" פון „יודנראַט" אין ביאַליסטאָק. — ז. א.) ווערן דערנאָך נעלם פון שטיבל אויף קופּיעצקע (דאָרט האָט זיך געפונען דער „שטאַב" פון „יודנראַט". — ז. א.)". „אַזוי האָבן דעם 18־טן סעפּטעמבער 1941 אויף דער יודנראַט־זיצונג, פּרוי ד"ר סעגאַל און ד"ר קאָפּעלמאַן, פּראָטעסטירט קעגן דער אָנפירונג אין ענין עוואַקואַציע. אויף דערזעלבער זיצונג האָט ד"ר קאָפּעלמאַן געפאָדערט מער האַרץ פאַר דער אינטעליגענץ. זייערע נעמען ווערן מער אין די פּראָטאָקאָלן פון „יודנראַט" ניט דערמאָנט. דאָס זיינען געווען בלויז צוויי מענטשן, וועלכע האָבן יאָ געמאַכט ריכטיקע אויספירונגען פון דער לאַגע פון דער באַראַש־סובאָטניק־פּאָליטיק".

דער אַרויסטריט פון ד"ר ל. קאָפּעלמאַן ז"ל פון „יודנראַט", וואַרפט אַ שיין אויף זיין מאָ־ראַלישן ווערט און כבוד־פולע האַנדלונג, ניט וועלנדיק מיטאַרבעטן מיט דעם „יודנראַט", וועלכער איז געווען (דירעקט אָדער אומדי־רעקט) אַן עקספּאָזיטור פון דער געסטאַפּאָ, מיטהעלפנדיק צו פאַרניכטן די אייגענע ברידער און שוועסטער. אַ קליינע צאָל פון אידן האָבן געהאַט מוט און געוויסן אַזוי צו האַנדלען. ערע זיין אָנדענק! (ז. א.).

זייט 104. „עס האָבן זיך געפונען אויך דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון פאָלק וועלכע האָבן זיך געווידמעט דעם לעבן־ענין פון באַ־קעמפן דעם הונגער. דער הונגעריקער אינטע־ליגענט האָט באַקומען אַ בחינמ'דיקן, אָדער וואָלוול עסן, אין דער „אינטעליגענטן־קיך", וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך ד"ר סעגאַל און ציין־דאָקטאָר קאָפּעלמאַן".

אונדזער פריינט און בן־עיר, ד"ר קאָפּעלמאַן ז"ל, האָט זייער פיל געהאָלפן יעדן איינעם, וואָס האָט זיך געווענדט צו אים נאָך הילף, בפרט אונדזערע שטעטלדיקע. אומגעקומען מיט די אַנדערע מיליאָנען אידן, דורך מערדערישע הענט, אין קרעמאַטאָריום. די פרוי פון ד"ר קאָפּעלמאַן, האָט באַקומען אַ שיגעון־אַטאַק פון די אָפּטע אויפטרייסלונגען אין געטאָ, און איז אויך מיט דער טאָכטער פאַרגאַזט געוואָרן... (ז. א.).

אגב, אין בוך געפינט מען העלדישע גע־

חיים קראַוויעץ*, תל־אביב

# אַ באַזוך אין שטעטל נאָכן חורבן

אָנגעהויבן האָט זיך עס גלייך ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939. די דייטשן זיינען (דעם ערשטן מאָל) אַריין אין גאָניאָנדז ראש־השנה, און זיי זיינען דאָרטן געווען ניט מער ווי צען טעג. אָבער שוין אין די צען טעג האָבן זיי באַוויזן זייער אכזריות לגבי די אידן.

די ערשטע זאַך האָבן זיי פאַרברענט אונדזער שיינע שול. בעת זיי האָבן דאָס אַדורכגעפירט האָבן די אידן ניט געטאָרט פאַרלאָזן זייערע הייזער. טירן און פענסטער האָבן געמוזט זיין צוגעמאַכט, פינסטער האָט געמוזט זיין אין יעדן הויז. נאָר דורך די שפּאַרונעס פון די לאָדנס האָט זיך יעדער איינער געריסן אַ בליק צו טאָן און זען ווי די דייטשן מאַטערן זיך פשוט צו פאַרברענען די שול. פון אויסנווייניק האָט זיי עס בשום אופן ניט געלונגען, ווייל נאָך פיל פּרוּוון האָט די שול ניט געוואָלט ברענען... ערשט ווען זיי האָבן אַריינגעוואָרפן צינד־גראַנאַטן אינעווייניק אין שול האָט זי זיך אָנגעצונדן און איז אויפגעאַנגען צום הימל מיט אַ ווייסן פלאַם־פייער...

אַלץ איז אַוועק מיטן רויך, ווייל מ'האָט גאָרניט געקענט ראַטעווען, בלויז צוויי ווענט זיינען געבליבן שטיין — איז איין וואַנט צוגערויבט געוואָרן דורך די שטאָטישע קריסטן, אויף ציגל... עס איז געוואָרן טרויעריק אין שטעטל, אַזוי ווי נאָך אַ חורבן.

גלייך נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג — כאַפּן יונגע אידן אויף אַרבעט. עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ גערודער; מ'האָט אָנגעפאַנגען לויפן זיך באַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער, ניט וויסנדיק וואָס פאַר אַן אָרט עס איז מער פּאַסיק — אַז דער שונא זאָל ניט געפינען. אַזוי האָט דאָס געדויערט עטלעכע טעג. עס איז די נאַציס ניט געלונגען: מ'האָט דעמאָלט קיינעם ניט צוגענומען און ניט אַרויסגעפירט פון אונדזער שטעטל.

אין די לעצטע טעג פון זייער קורצן געוועלטיקן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן אָנקום פון דער רויטער אַרמיי. דאָס האָט אונדז אַביסל דערמונטערט און אַ פונק פון האָפענונג האָט ווידער אויפגעבליצט אין די אידישע הערצער. און אַזוי איז טאַקי געווען: יום־כפור נאָך האלבן טאָג האָבן די דייטשן זיך אָנגעהויבן אַרויסציען פון גאָניאָנדז. פאַרנאַכט איז די שטעטל געוואָרן ליידיק פון דייטשן, און אויפן שאָסיי וואָס פירט צו אָסאָוויעץ האָבן זיך באַוויזן די ערשטע געפאַנצערטע מאַשינען פון דער רויטער אַרמיי.

אַ נייע תקופה אין דעם לעבן פון אונדזער שטעטל: דער גאַנצער לעבנסשטייגער האָט זיך איבערגעאַנדערשט. די געשעפטן האָט מען צוגעמאַכט און מען האָט געשאַפן איין אַלגעמיינעם קאָאָפּעראַטיוו (ווו אַ חוץ שוועבעלעך מיט עטלעכע גראַם זאַלץ איז ניט געווען מער וואָס צו באַקומען). די בעקערייען זיינען אַריבער אין די הענט פון דער מלוכה. פאַכמענער האָט מען ניט געלאָזט אַרבעטן פּריוואַט, נאָר מ'האָט געשאַפן אַלגעמיינע צעכן פון אַרבעט. מ'האָט געאַרבעט און פאַרדינט צוביסלעך, אַבי

* גדליה מאָגדרעס אַן אייניקל.

שטאַלטן פון דעם קיבוץ „תל־חי”. אין דער רשימה פון די 32 מיטגלידער, ווערן דערמאָנט די נעמען פון: ראובן ראָזענבערג פון סוכאָוואָליע, הערשל ראָזענטאַל פון יאַשינאָווקע (דער איז אומצאָליקע מאָל דערמאָנט מיט זיינע העלדן־טאַטן, זייענדיק איינער פון די אָנפירער פון אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ, — ז. א.), מנוחה פלאַסקאָווסקאַ פון יאַשינאָווקע, יוכבד ווינשטיין, גדליה פּיטליוק, פייטשע דאָראָגאָי און יפה — אַלע פון קנישין. ווי מען זעט האָבן די קנישינער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, און דאָס רוב פון זיי האָבן געקעמפט אין די וועלדער ביי קנישין. אין דעם בוך ווערן אומצייליקע מאָל דערמאָנט די ערטער ביי קנישין.


אַ מצבה אויפן „גוטן אָרט" אין גאָניאָנדז, אין יאָר 1956

דעם טאָג דורכצושטופּן. אין סעפּטעמבער 1940 (אַ יאָר נאָך דעם אויסברוך פון דער מלחמה) האָט מען מיר, צוזאמען מיט נאָך עטלעכע פון דער גאָניאָנדזער יוגנט, גענומען צום דינסט פון דער רויטער אַרמיי.

פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין זיין אין רוסלאַנד האָב איך זיך געטראָפן נאָר מיט צוויי גאָניאָנדזער סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי.

---

איך האָב דורכגעמאַכט שווערע צייטן אויפן פראָנט. אויסגעוועזן אין פאַרשיידענע שרעקלעכע ערטער. אפילו היינט, זייענדיק אין ישראל, פיל איך עס אין מיינע ביינער. שווער פון דעם זיך צו באַפרייען. געפּרוווט ניט איינמאָל אַנטלויפן פון זיי, נאָר באַצאָלט האָב איך דערפאַר מיט שווערע יסורים, הונגער און שרעק.

אין 1943 האָט מען מיך אַריבערגעפירט פון דער רויטער אַרמיי אין דער פוילישער. מיט דער פוילישער אַרמיי בין איך דערגאַנגען ביז וואַרשע, און דאָרט בין איך שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער רעכטער האַנט. אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל זעקס מאָנאַטן, האָב איך באַקומען אָפּרוּ אויף עטלעכע וואָכן.

דאָס איז געווען אין פעברואַר, 1945. איך האָב דאַן באַשלאָסן צופאָרן אַ קוק טאָן אויף מיין היים־שטעטעלע, אין וועלכער איך בין אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן און נאָך וועלכער איך האָב פינף יאָר געבענקט און געחלומ׳ט.

עס האָט מיך געצויגן, כאָטש דאָס האַרץ האָט פאָרויסגעזאָגט שלעכטס. איך האָב דאָך געוואָלט אַ קוק טאָן, אפשר איז פאָרט עפּעס פאַרבליבן — — — — — —

אַ צעבראָכענע מצבה אויפן „גוטן אָרט" אין גאָניאָנדז, אין יאָר 1956



דאָס האַרץ ווערט צעבראָכן, כאָטש ס'איז פאַרשטיינערט. דעם גוף כאַפּט אַרום אַ קאַלטער ציטער, אַ שוידער. דו ווערסט פאַרגליווערט ווי אַ שטיק אייז — זיך ניט אַ ריר צו טאָן. די הענט טרייסלען זיך און עס הויבט דיר אָן קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן. דו פילסט אויף דיינע באַקן הייסע טרערן — דערזעענדיק דעם חורבן, די טויטקייט אַרום דיר.

דאָס האַרץ פלאַצט ווען דו זעסט אַז די איבערגעבליבענע אידישע הייזער זיינען באַזעצט דורך מערדער, — פּאָליאַקן וואָס האָבן געמאָרדעט אונדזערע ברידער. עס איז נאָך פריש אויפן בית הקברות די צוויי ברידער־קברים.

אין גאָניאָנדז גופא האָב איך ניט געפונען קיין איין אידן. די פּאָר איבערגעבליבענע האָבן זיך באַזעצט אין ביאַליסטאָק. ווען־ניט־ווען פאָרט מען צו — מיט שרעק — אַ קוק טאָן ווי עס זעט אויס די שטעטל.

אָנקוקנדיק דעם חורבן, און דערוויסנדיק זיך וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזערע טייערסטע, הויבט זיך אָן אַלץ צו וואַקלען אין דיר: בלייבן דאָ? — אויף דער פּוילישער ערד, וווּ יעדער שפּאַן איז אָנגעפילט און דורכגעזאַפּט מיט בלוט און טרערן פון אידישע פאָטערס, מוטערס און קינדער, וווּ יעדער שטיין פון ברוק איז אַ שטומער עדות פון אידן וואָס זיינען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה?

ניין! ניט דאָ איז דער אָרט און ניט דאָ וועלן די איבערגעבליבענע געפינען זייער רו. מען מוז אויסזוכן אַ מער זיכערן ווינקל. רייסן מיר זיך אַלע אַרויס אויף פאַרשיידענע וועגן און אַנטלויפן פון דער פאַרשאָלטענער ערד. און דאָס — ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס מיר האָבן אָנטיילגענומען אין דער באַפרייאונג פון דער „דעמאָקראַטישער" פּוילן.

איך אַליין האָב זיך אַרויסגעריסן פון די ערשטע און נאָך זיבן מאָנאַטן וואַנדערן אין פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּע איז מיר געלונגען אָנצוקומען אין אונדזער הייליקער לאַנד — אין ארץ־ישראל.

---

אלטער ראָזען, ניו־יאָרק

## אָ, קהילה קדושה גאניאנדז...

אָ, קהילה קדושה גאָניאָנדז, עליך השלום,
דו שוועבסט מיר תמיד פאַר די אויגן
אַזוי אויף וואָר ווי אויך אין חלום,
זינט דיין נשמה ריינע איז אַוועקגעפלויגן
אין הימלען הויכע, ווייטע.
עס זיינען דיינע קינדער ווייט פאַרטריבן,
אין אַלע עקן וועלט צעשפּרייטע,
צעזייטע איבער ימים זיבן.
א לעצטער גאָניאָנדזער איז יעדערער פון זיי געוואָרן.
דו ביסט פאַר זיי אויף אייביק שוין פאַרלאָרן.



שמואל פאַרבער*

# אחלום פון מיין שטעטל

...כ׳גיי אַרום אין ליבן שטעטל
בלאָנדזשע אום ווי אין פאַרבלענד:
פרעמד די הייזער, פרעמד די גאַסן —
נישט דערקענט, ניט דערקענט.

כ׳וויל געפינען די חדרים,
ווו געלערנט דאָרט אַמאָל
חומש, „סוואַרבע" און גמרא
אויפן קול, אויפן קול...

שטייט פאַריתומ׳ט דער בית־מדרש,
פוסט און וויסט און שטיל אַרום,
ליגן צוגעמאַכט גמרות —
אַלע שטום, אַלע שטום...

זע! דער שול־באַרג — אַ בית־עולם,
פלאַמט אין שקיעה גרוילעך־רויט...
ליבע יידן! אַווו זייט איר?
אַלע טויט, אַלע טויט.

## חֲלוֹם חָלַמְתִּי — — —

מִתְהַלֵּךְ אֲנִי בָּעֲיָרָה,
מְגַשֵּׁשׁ בָּהּ כְּאָחוּז עִוֶּרֶת;
מַה זָּרִים לִי הַבָּתִּים וְהָרְחוֹבוֹת –
עִיר אַחֶרֶת, עִיר אַחֶרֶת!

מְיֻתָּם עוֹמֵד בֵּית־הַמִּדְרָשׁ,
מִסָּבִיב רֵיקוּת שׁוֹמֵמֶת;
מִתְאַבְּלִים סְפָרִים בְּדוּמִיָּה –
כֹּה אִלֶּמֶת, כֹּה אִלֶּמֶת...

מְחַפֵּשׂ אֲנִי הַ„חֲדָרִים",
שֶׁזִּמַּרְתִּי בָּם אֵי־פַּעַם
לִמּוּדֵי חֻמָּשׁ, נַ"ךְ וּגְמָרָא –
זֶמֶר נַעַם, זֶמֶר נַעַם.

שׁוּר! הָהָר שֶׁל בֵּית־הַכְּנֶסֶת – תֵּל־שְׁמָמָה,
בְּשַׁלְהֶבֶת הַשְּׁקִיעָה יִלְהַט הוּא;
אֵין כָּל זֵכֶר לִיהוּדֵי הַחֲבִיבִים –
הֵם הוּמָתוּ, הֵם הוּמָתוּ...

עברית: אל"ף

* שמולקע גרשון־לייבס.

דוד טרעשטשאנסקי

# אויף גאַניאַנדזער וועגן

„אַלע, אַלע זענט איר נאָענט מיר
ברידער פון מיין אומעט״
שלמה שנהוד

אייביק גייסטו מיר נאָך ווי אַ קאָשמאַר, טאָג און נאַכט, מיין טייערע שטעטעלע גאָניאָנדז!

היים פון מיינע קינדער־יאָרן, פון מיין יוגנט. אין דיר האָב איך זיך אויסגעוויגט אין אַ שטרויענער וויגל, אין חדר געלערנט, און — אויסגעוואַקסן אַ „מענטש״. אין דיר האָב איך מיינע יונגע יאָרן געבראַכט אַ קרבן אין קאַמף פאַר אַ בעסערע וועלט.

ס׳לויפן פאַרביי אין זיכרון בילדער אָן אַ שיעור!

פרייטיק — אַ חתונה אין שטעטל. מ׳פירט חתן־כלה אויפן שול־באַרג מיט מוזיק. דאָס גאַנצע שטעטל איז לעבעדיק — אַ חתונה אין שטעטל. להבדיל — אַ לויה אין שטעטל. אַלץ ציט צום מתים־געסל, אַלץ איז איינגעהילט אין טרויער.

געמיינזאַמע פרייד און געמיינזאַמער טרויער.

אָט שטייט זי אונדזער ווייסע שול אויפן באַרג ווי אַ לייכט־טורעם. אויפן שול־באַרג, אין הייסע טעג, פלעגן אידן לויפן כאַפּן אַ ווינטעלע פון טייך.

שטייט די אַלטע באָד אונטן. קינדער לויפן מיט די טאַטעס אין באָד אַריין... ווי לעבעדיק־היימלעך — ערב פסח, ערב ראש־השנה.

אָט איז דער אַלטער בית־המדרש. מרדכי דער שמש הייצט דעם אויוון און מיר, חברה, ברענגען קאַרטאָפל צו באַקן. אין ווייבער־שטיבל שפּילן חברה אין קאָרטן אויפן גרויסן לאַנגן טיש. מרדכי דער שמש טרייבט און יאָגט זיי אַרויס...

ס׳קלינגט דער גמרא ניגון פון ירוחם חנה־דינה׳ס ביים חלבנעם ליכטל, ווינטער ביינאַכט..

און די בעלי־תפילה׳ס — דער שטענדיק





פריילעכער ר׳ אלעזר רבקה רחל משה׳ס און יאַנקל עליע דעם שמיד׳ס. כ׳זע זיי פאַרן עמוד אָנגעטאָן אין קיטלען, אין טליתים, בעטן וויינענדיק אַ גוט יאָר.

און די שטורמישע אסיפות אין בית־המדרש וועגן אַלע קהל׳שע ענינים. וואָס איז ניט געווען אין גאָניאָנדז? פאַרטייען, שולעס, חברות, ספּאָרט־גרופּעס, לייען־קרייזן, ביבליאָטעקן א. אַ. וו.

טייערע י. ל. פרץ ביבליאָטעק! וויפל ליבשאַפט און ענערגיע האָב איך אָפּגעגעבן צווישן דיינע ווענט! נאָך אַ בוך, נאָך אַ בוך — און דאָס האַרץ האָט געקוואָלן. איך קען ניט פאַרגעסן דעם פאַרשטאָרבענעם לייבל מאַנקאָווסקי, דער גרינדער און שאַפער פון דער ביבליאָטעק, וואָס איז געווען באַליבט אין אַלע קרייזן פון דער גאָניאָנדזער געזעלשאַפט.

איך געדענק די אויפשריפט אויף זיין מצבה: „דאָ ליגט אַ פשוט׳ער מיטגליד פון דער אידישער אַרבעטער משפחה״.

ביי זיין קבר האָט מען צונויפגעטריבן אַ טייל פון דער גאָניאָנדזער יוגנט, דערשאָסן און באַגראָבן.

איך זע אייך אַלע, טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער, ווי מ׳טרייבט אייך אויף די וועגענער נאָך באָגושע... דעם לעצטן לעבנסוועג אייערן.

שטיל איז אין שטעטל. טויט איז אַלץ אַרום.

ס׳איז פרייטיק אָוונט. ניטאָ קיין שבת־ליכט. די פענסטער שוואַרצע, פינסטערע לעכער...

— — — און די באָברע שווימט ווייטער איר וועג... טייערער טייך באָברע! אונדזערע מאַמעס פלעגן אויספּראַטשען אונדזערע קינדערשע העמדלעך אין דיינע קלאָרע וואַסערן. וויפל טרוימען האָבן אויסגעטרוימט יונגע הערצער, זיך שיפלענדיק אויף דיינע רואיקע וואַסערן אין די זומער אָוונטן. וויפל האַרציקע לידער האָבן מיר געזונגען אויף לאָדקעס, געדונגען ביי מיכאל דעם שיפער.

צו דיינע וואַסערן זיינען געקומען אידן תשליך זאָגן. אידישע קינדער וועלן שוין קיינמאָל ניט שווימען אויף דיינע שטילע וואַסערן, און פרומע אידן וועלן שוין קיינמאָל ניט קומען צו דיר אָפּטרייסלען זייערע „זינדיקע” פּאָלעס... פאַרשניטן אויף אייביק.

און אויף דאָלקאָ, גוזע און ראַווע קוואַקען זומער די זשאַבעס ווי געווען.

ווּ זענט איר, טייערע טעכטער, פון ראַווע! געשמאַק זיינען געווען אייערע שבת׳דיקע פּלעצלאַך! אַ הויז פאַר כל דכפין... שטענדיק געזאַנג און פריילעכקייט און אַזויפיל היימישקייט.

פאַר די לעבנגעבליבענע גאָניאָנדזער — אַן אייביקער טיפער ווונד וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט פאַרהיילן!

אָבער פון דעם גרויסן חורבן גייט אויף די העלדישע געשטאַלט פון גאָניאָנדזער בחור, אברהם־לייזער רובין, יענקל דעם שמיד׳ס, דער העלד פון דעם אויפשטאַנד אין טרעבלינקע און פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג אַרום ביאַליסטאָק, און שרייט צו אונדז און מאָנט: קיינמאָל ניט פאַרגעסן!

דער „זדרוי”



מ. ש. בן־מאיר, ז״ל

# לֵיל זְוָעָה

לֵיל סַגְרִיר הָיָה. אַחַר חֲצוֹת.
סְתָו עִוֵּר עַל פְּנֵי הַחַלּוֹנוֹת גִּשֵּׁשׁ,
נִקֵּשׁ בְּאֶצְבָּעוֹת דְּמָעוֹת.
בְּחֵיק כָּרְסָה נִכְנַסְתִּי
כְּרַךְ יָתוֹם, בְּלַיְלָה קַר,
מִתְרַפֵּק עַל אֵם חוֹרֶגֶת.

מֵאֲחוֹרַי, עַמּוּד הָעֲשָׁשִׁית,
רֹאשׁוֹ נָטוּי כְּלַפֵּי הַקִּיר מוּלִי,
זָרַע אוֹרוֹ עַל תְּמוּנָה.
וּבַתְּמוּנָה – דְּמוּת יְהוּדִי
(יְצוּר יָדוּעַ מֵאֵת שָׁגָל)
עָטוּף טַלִּית, עָטוּר תְּפִלִּין.

נְיָר מָעוּךְ פָּרַשְׂתִּי לְפָנַי,
כְּתָב־יָד מֻצָּל מִן הַשּׁוֹאָה,
עֵד רְאִיָּה כְּתָבוֹ לְדֵרָאוֹן –
זֵכֶר לְחָרְבַּן עֲיָרָתִי.
מִיָּד לְיָד, מִמַּחֲנֶה לְמַחֲנֶה
הוּא נִתְגַּלְגֵּל עַד שֶׁהִגִּיעַ לְיָדִי.

פְּרָטֵי־פְּרָטִים שֶׁל סִיּוּטִים.
שְׁמוֹת קְדוֹשִׁים,
אֲנָשִׁים, נָשִׁים וָטָף.
וּבְפָסוּק אֶחָד כָּתוּב לֵאמֹר:

„הַזָּקֵן ר׳ יִשְׂרָאֵל חָסָה בְּבֵית־הַמִּדְרָשׁ
וְנִמְצָא חָלָל עַל סַף אֲרוֹן הַקֹּדֶשׁ
בְּטַלִּיתוֹ הַקְּרוּעָה מְרֻבֶּבֶת דָּם
וְעֵינוֹ מְנֻקֶּרֶה דְּבֵקָה בַּ„שֶׁל־רֹאשׁ״ – – –

נִתְעַרְפְּלָה רְאִיָּתִי.
גְּרוֹנִי נִלְחַץ בִּצְבָת.
הֶאֱזַנְתִּי דְּפִיקַת לֵב,
לֹא יָדַעְתִּי לֵב מִי –
הֲשֶׁלִּי אִם שֶׁל אוֹתוֹ זָקֵן?

נָשָׂאתִי עֵינַי אֶל הַתְּמוּנָה.
אֲרֻכּוֹת הִתְבּוֹנַנְתִּי בִּדְמוּת הַיְּהוּדִי
– אֲחָזַתְנִי צְמַרְמֹרֶת.
עֲוִית לָפְתָה שְׂפָתַי –
וַתִּפָּתַחְנָה בְּשֶׁצֶף דְּבָרִים:

– אִי לְךָ, יְהוּדִי שָׂב מְעֻטָּף וּמְטֻטָּף!
הַאֵין אַתָּה אוֹתוֹ ר׳ יִשְׂרָאֵל
מִן הָעֲיָרָה שֶׁלִּי,
אֲשֶׁר דָּמוֹ עַל טַלִּיתוֹ קָרַשׁ?
לָמָּה זֶה נַחְבֵּאתָ לִבְרֹחַ אֶל בֵּית־הַמִּדְרָשׁ?
לָמָּה נַחְבֵּאתָ? –

הִנֵּה עֵינֶיךָ שְׁקַעֲרוּרוֹת־קָמוֹת
וּמֶבָּטָן הַקָּפוּא, מֶבָּט שֶׁל גּוֹסֵס,
מֻפְנֶה לְמֶרְחַקֵּי עוֹלָם אַחֵר.
פָּנֶיךָ, כִּבְקָעִים וּמְצֹרָרִים,
נִקְשִׁים יַרְעִימוּ סוֹד.
וּפִיךָ הַשָּׂעִיר פָּתוּחַ לְמֶחְצָה,
כִּמְסַפְּרִים מִלָּה אַחֲרוֹנָה.
יָדֶיךָ, אֲסוּרוֹת בִּרְצוּעוֹתֶיךָ,
תְּלוּיוֹת כִּמְשֻׁתָּקוֹת נְטוּלוֹת יֶשַׁע.
וְטוֹטַפְתְּךָ בֵּין עֵינֶיךָ, קוֹדֶרֶת וְזוֹעֶמֶת,
נִשְׁמְטָה וַתְּכַס אֶת מִצְחֲךָ הֶחָרוּשׁ.

לַשָּׁוְא! לַשָּׁוְא נַחְבֵּאתָ בְּבֵית־הַמִּדְרָשׁ!
דּוֹרֵשׁ דָּמִים דָּמֶיךָ לֹא דָרַשׁ — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

וַדַּאי זָכַרְתָּ פָּסוּק מְפֹרָשׁ:
„כַּאֲשֶׁר יְיַסֵּר אִישׁ אֶת בְּנוֹ...״
הֶרֶג בָּנִים, חֶנֶק טַף —
הֲזֶה מוּסַר אָב?
הֲזֶה מוּסַר אָב?
רֹאשִׁי צָנַח עַל זְרוֹעִי.
נִים־לֹא־נִים דָּמַמְתִּי מְשׁוֹמֵם
וְעֵינַי גְּלוּיוֹת לַחֲצָאִין.
נִבְלַע הַמֶּלֶל בִּתְנוּמַת עִוְעִים. —
— — — — — — — — — — — — — —
וְהִנֵּה — בְּמִסְגַּרְתּוֹ הוּא זָע וָנָע,
הַיְּהוּדִי שֶׁבַּתְּמוּנָה.
הֵסֵב פָּנָיו נִכְחִי וְיָד שָׁלַח,
וּבַת קוֹלוֹ, כְּנַהֲמַת רִנָּה,
יוֹצֵאת מִמֶּרְחַקִּים:
— — — מִי כָּאן מַאֲפִיל חָכְמָה
בּוֹעֵר בְּאֵשׁ זָרָה
בְּדַעַת נִבְעָרָה,

זוֹרֶה אִמְרֵי תֹהוּ,
מוֹדֵד מְסִלּוֹת נֵצַח
בְּאַמַּת בָּשָׂר־וָדָם,
שׁוֹקֵל חַיֵּי עוֹלָם
עַל כַּפּוֹת עָפָר וָאֵפֶר?

צָפוּן סוֹד הֲוָיָתְךָ —
וְגוֹרַל נְשָׁמוֹת תִּבְחַן?!
הֵן אָרְחוֹת חֹמֶר מִמְּךָ נִסְתָּרוּ,
אַף כִּי תַּעֲלוּמוֹת רוּחַ.
כּוֹשְׁלָה מִשְׁעֶנֶת בִּינָתְךָ
וּפֶלֶס הֶגְיוֹנְךָ רְמִיָּה.
דִּמְיוֹן אָדָם מְתַעְתֵּעַ,
לֵב חָלָל, לֹא אֵמוּן בּוֹ.

יִשְׂרָאֵל הַזָּקֵן אָנִי.
לֹא בִּקַּשְׁתִּי מִפְלָט בְּיוֹם הֶרֶג
וּמִפְּנֵי רוֹדְפַי לֹא נֶחְבֵּאתִי.
הִפְקַדְתִּי רוּחִי בְּמָקוֹם קָדוֹשׁ
עֵת קֵץ בְּשָׂרִי בָּא לְפָנָי.
יִתְקַבֵּל בְּרָצוֹן דִּין עֶלְיוֹן,
יִתְקַדֵּשׁ שְׁמוֹ בְּאַהֲבָה.



אברהם יפה, תל־אביב

# שריפת בית־הכנסת

בעיירתנו, עמד על הר נשפה בית־כנסת עתיק. לא ידוע זמן היווסדו, אך זקני העיירה היו מספרים, כי לפנים, כאשר משלו בסביבה הזאת הפרוסים, עמד כאן במקומו בית־סוהר גדול. וכמה מעלות היו לו להר בית־כנסת זה. מלבד קדושת בית־הכנסת, המגרש הנרחב מסביב לו ובידודו מן העיירה — הצטיין עוד בזה, שהיה נשקף לנוף נהדר ומרהיב עין במרחבי הסביבה. לרגליו זרם הנהר בּוֹבּר, שאפיקו מת־פתל בין שדות מרעה, כרי דשא וירק אחו עד למרחקים, ובאופק — יערות עבותים ורצופים, שהקיפו את הסביבה כמו בזר ירקרק־כחלחל. לא לחינם התגאו בני העיירה בהר בית־הכנסת.

בשבתות החורף היה מתאסף מנין של מת־פללים מנאמני בית־הכנסת, שבוססו בבוץ או דרכו בשלג עד הברכים, בדרכם אליו. אולם בהתקרב חג הפסח, כשהתחילה שמש אביב לחמם את פני האדמה, נהרו תושבי העיירה להר בית־הכנסת, לראות אם כבר הקיץ הנהר מתרדמתו, תרדמת החורף, תחת מכסה הקרח העבה, העטוף סדין שלג לבן. ובאחת השבתות, בצאת מתפללי בית־הכנסת קפואים מקור, להת־חמם מעט באור שמש מזהיר ולהשקיף על הנהר, היה נשמע פתאום קול קורא: הקרח זז!... באוויר נישאים הדים עמומים מהתבקעות הקרח ומי הנהר מתחתיו משמיעים קול תרועה ורעש אדיר, ההולך הלוך וחזק. יום שבת זה נהפך לחג האביב והר בית־הכנסת היה חוגג את נצחונו... בזמן תפילת מנחה של שבת, רבו באי בית־הכנסת, והיו עומדים ומסתכלים בגילה וברעדה במרוצת הקרח... זה עתה גמרו לומר „ברכי נפשי" והנה הם רואים בעין „מה רבו מעשיך ה'"... חורג הנהר מסוגר הקרח ועולה על גדותיו לאורך ולרוחב בשירת־חופש אדירה, שירת האביב, חג האור והדרור. ומחג הפסח עד חג הסוכות ויום שמחת־תורה, היה בית־הכנסת מרכז התפילה בעיירה, והר בית־הכנסת מקום לטיולים, שיחות וכינוסים לבני העיירה.

לא פעם היכה הברק בגג בית־הכנסת, ומתחת לגג היו שמורות קורות עץ מפוצצות ממכת ברק, לזכר נס הצלת בית־הכנסת משריפה. דליקות רבות נפלו בעיירה, ובימי מלחמת־העולם הראשונה נהרס ונשרף חלק של העיירה בהפגזות הגרמנים והרוסים. ובית־הכנסת הגבוה, עם קירותיו העבים, נשאר על כנו, כסלע איתן בלב ים סוער, „כהר ציון לא ימוט"... עד שפלשו לעיירה הנאצים המנואצים, חיות־טרף הולכות על שתיים, ימח שמם וזכרם, במלחמת־העולם השניה, בסוף שנת תרצ"ט. אז הקיץ הקץ על מבצר עז זה לקהילת גוניונדז.

הגיע ראש השנה של שנת ת"ש. דורשי נוטריקון דרשו אז: תש כוחם של שונאי ישראל. אבל אירע ההפך... גבר כוחו של צורר היהו־דים, ועם נצחונו על פולין, עברה העיירה לשלטון הנאצים הזדים הטמאים. עם „הימים הנוראים" התחילו ימים נוראים באמת...

בערב יום כיפור נפלה אימה גדולה על היהודים. מישהו הודיע לבני העיירה, כי הנא־צים חורשים מזימה איומה על היהודים: לפוצץ את בית־הכנסת בשעת תפילת „כל נדרי". הרב והגבאים פרסמו כרוז, שלא להתפלל בביה"כ בליל יום כיפור. בקושי נאסף „מנין" בבית הרב ושם התפללו בחשאי תפילת „כל־נדרי".

חלשה דעתם של בני העיירה, כאשר שמעו, כי עליהם להימנע מהתפלל בבית־הכנסת ביום כיפור, כי ביום הצום הקדוש היו מרבים לבוא להתפלל בבית־הכנסת, שכן האוויר הצח של הסביבה היה מקל עליהם את הצום...

למחרת, ביום הכיפורים, נשמע פתאום קול רעם ונפץ איום. אש ותימרות עשן — גושי קירות בית־הכנסת מתעופפים למעלה, גגו ותק־רתו מתמוטטים ונופלים למטה וכל הר בית־הכנסת נהפך להר־געש. הנאצים ביצעו את מזימתם ופוצצו את בית־הכנסת ביום הכיפורים.

יום בלהה וזוועה היה אותו יום כיפור. היהודים התפללו בלב נשבר מיגון ודאבה: „לא נביא ולא חזון בנו, כעורים נגשש ונלך. יום יום נאמר מה בסופנו, חיינו תלויים מנגד"...

וב„סדר העבודה", בבכיה על „עשרה הרוגי מלכות", זלגו עיניהם דמעות רותחות על החורבן החדש — חורבן בית־הכנסת העתיק, הודה והדרה של העיירה.



אידל טרעשטשאַנסקי, ז"ל
(מ. ש. בן־מאיר)

# די שול

אויף גרינעם באַרג, פון שטעטל אָפּגעזונדערט,
פון ששת־ימי־בראשית אויסדערווײלט,
האָט יעדער איד דיין הערלעכקייט באַוואונדערט
און יעדער האָט דיין יחוס־רום דערציילט:

„אַן אַלטער שלאָס פון יאַן סאָביעצקי׳ס צייטן —
ביי מלכות פוילן, נאָך פאַרן פרייס און רוס —
האָט הייליק אים געמאַכט, פאַר גאָט און לייטן,
דער עלטער־עלטער־זיידע מיט זיין זכות"...

פון קינדוווייז־אָן דערשיינסטו מיר אין חלום
אַ קליינער בית המקדש ווייס און ריין,
ווו תמיד שוועבט ארום דער גייסט פון שלום,
ווו רוען טוט די געטלעכקייט אַליין.

ווען צייט׳ס געווירבלען מיין געמיט באַטריבן,
ווען מרה־שחורה׳ס פליגלען פאָכן שווער, —
מיך ברענגט מכשף־טרוים צום באַרג דעם ליבן,
דאָס אויג און אויער צו — איך זע און הער...

איך זע די בליץ־לאָמפּן אין קדושה פלאַמען, —
עס פינקלען ליכטלעך אויף געוועלבן צווײ...
איך הער ווי תפילות גיסן זיך צוזאַמען
מיט צוויטש פון פייגעלעך, — אָט פליען זיי! —

איך זע — טליתים שאָקלען זיך, אָן אויפהער,
רב גדליה שטרעקט צום דוכענען די הענט — — —
אַ קול פון קאָפּל דעם מלמד'ס שופר — — —
און מאיר בודנער'ס ניגון שפּאַלט די ווענט...

אַ ראש־השנה־זיפץ — — א יום־טוב'דיקער „אָמן" — — —
אַ גראַגער־קלאַפּ — — — אַ זופּ פון קידוש־וויין — — —
און שמחת־תורה רופט מען דיך ביים נאָמען.
און מתים דאַוונען ביים לבנה־שיין — — —

זע — יאָרצייט־ליכט וואָס גוסטן צו נעילה,
פון ווייבער־שול ברעכט אויס אַ לעצט געוויין — — —
און נאָכ'ן רעש פון די קדישים שטילע
קומט מילער מיט זיין לעש־מאַשין צוגיין...

★

אַ חורבה איז מיין שול — מיין שענסטער חלום !
דער רשע האָט צעשטערט מיין קינדער־וועלט !
די שכינה וויינט — — — און די מלאכי־שלום —
זיי האָבן זיך די פּנימ'ער פאַרשטעלט

און וויינען מיט...
נאָר איך — איך קאָן ניט וויינען, —
אַז וועלטן זיינען חרוב אומעטום !
אָ, שול מיינע, מיט דיינע טויזנט חנ'ען,
אין האַרצן וועל איך דיך באַהאַלטן שטום.



אידל טרשצ׳אנסקי, ז״ל
(מ. ש. בן־מאיר)

# בֵּית־הַכְּנֶסֶת

עַל הַר יָרֹק, מְבֻדָּל מֵעַל הַקֶּרֶת,
נִבְחָר מִשֵּׁשֶׁת־יְמֵי־בְרֵאשִׁית,
תִּנָּה כָּל יְהוּדִי הוֹדְךָ־תִּפְאַרְתְּ,
כָּל יְהוּדִי רוּם יַחְשְׂךָ הִגִּיד:

„אַרְמוֹן מִימֵי סוֹבְּיֶסְקִי, מֶלֶךְ בְּפּוֹלַנְיָה —
בְּטֶרֶם פְּרוּסִים, רוּסִים לַמְּדִינָה פָּלְשׁוּ —
קִדֵּשׁ אוֹתוֹ, שָׂמָהוּ לְמִשְׁכַּן־יָהּ
אֲבִי־אֲבִי־הַסָּב; מֵאָז קֹדֶשׁ הוּא״...

מִשַּׁחַר יַלְדוּתִי אַתָּה בַּחֲלוֹמִי מוֹפִיעַ
בֵּית־מִקְדָּשׁ־מְעַט צָחֹר, טָהוֹר,
כֻּלּוֹ אוֹמֵר שָׁלוֹם, שַׁלְוָה מַבִּיעַ,
בּוֹ לַשְּׁכִינָה נָוֶה, בּוֹ לַקְּדֻשָּׁה מָדוֹר.

מִמְּעַרְבּוּלוֹת זְמַנִּים רוּחִי עֵת יַעֲבֹר,
מָרָה־שְׁחֹרָה עָלַי כְּנָפֶיהָ כִּי תָּנִיף,–
אִתִּי אַשַּׁף־הַחֲלוֹמוֹת לָהָר אָז יֵאָבֵר,–
אַטֶּה עֵינַי, אָזְנַי – אֶרְאֶה אַקְשִׁיב...

אֶרְאֶה מְנוֹרוֹת־בָּרָק שָׁם יִזְרְחוּ,–
מְהַבְהֲבִים נֵרוֹת בִּשְׁנֵי הַקְּמְרוֹנִים...
אֲנִי מַקְשִׁיב: תְּפִלּוֹת שָׁם יִשְׁתַּפְּכוּ
עִם צִוּוּץ הַצִּפֳּרִים, יַמְרִיאוּ לַמְּרוֹמִים.

אֶרְאֶה הַטַּלִּיתוֹת מִתְנוֹעֲעוֹת בְּרֶתֶת,
רַבִּי גְּדַלְיָה עַל הַדּוּכָן כַּפָּיו מַגְבִּיהַּ– – –
אֶשְׁמַע קוֹל שׁוֹפָרוֹ שֶׁל קוֹפֶּל הַמְּלַמֵּד – – –
וְלַחֲנוֹ שֶׁל מֵאִיר בּוּדְנֶר הַכְּתָלִים מַבְקִיעַ...

אַנְחַת רֹאשׁ־הַשָּׁנָה, „אָמֵן" שֶׁל מוֹעֲדִים– – –
קִשְׁקוּשׁ הָרַעֲשָׁן – –לְגִמָּה מִיֵּין־קִדּוּשׁ טָעַם– – –
בְּיוֹם שִׂמְחַת־תּוֹרָה אוֹתְךָ בַּשֵּׁם פּוֹקְדִים.
לְאוֹר יָרֵחַ בִּתְפִלָּה מֵתִים מִתְנוֹעֲעִים– – –

אֶרְאֶה „נֵרוֹת־הַנְּשָׁמוֹת" עִם נְעִילָה תַּמִּים,
מִתּוֹךְ עֶזְרַת־נָשִׁים קוֹל־בְּכִי אַחֲרוֹן מַגִּיעַ– – –
כְּשֶׁקּוֹלוֹת הַקַּדִּישִׁים כְּבָר נְדַמִּים
אָז מִילֶר, וּבְיָדוֹ צִנּוֹר־כִּבּוּי, מוֹפִיעַ...

*

הָהּ, לְחָרְבָּה הָיָה זֶה בֵּית־הַכְּנֶסֶת!
הָרַם רֶשַׁע עוֹלָם שֶׁל יַלְדוּתִי עַד־תֹּם!
מַר הַשְּׁכִינָה בּוֹכָה, לַמִּסְתָּרִים נִכְנֶסֶת,
וּמַלְאֲכֵי־שָׁלוֹם פְּנֵיהֶם כִּסּוּ וְדֹם

יִבְכּוּ עִמָּהּ...
אֲבָל אֲנִי בְּכוֹת לֹא אוּכָלָה,–
הֵן עוֹלָמוֹת חָרְבוּ בִּמְלוֹא תֵבֵל!
הָהּ, בֵּית־כְּנֶסְתִּי, תִּפְאֶרֶת כֹּה הֲלָלָה,
אַסְתִּיר אוֹתְךָ תּוֹךְ לְבָבִי אֻלַּם־אֵבֶל.

עברית: אל"ף

# יִזְכֹּר

זָכוֹר אֵת אֲשֶׁר עָשָׂה לְךָ עֲמָלֵק... לֹא תִּשְׁכָּח!
(דברים כה, יז–יט)

**אֵיכָה** הָיְתָה לְחָרְבָּה וּלְשַׁמָּה קְהִלַּת גוֹנְיוֹנְדז רַבַּת־הַשָּׁרָשִׁים וַעֲתִיקַת־הַמָּסֹרֶת! בָּנֶיהָ וּבְנוֹתֶיהָ, קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים, יְשָׁרִים וּתְמִימִים, אַנְשֵׁי מַעֲשֶׂה וַעֲבוֹדָה עֻנּוּ וְהוּמְתוּ בְּמִיתוֹת מְשֻׁנּוֹת עַל יַהֲדוּתָם בִּידֵי מְרַצְּחִים צְמֵאֵי־דָם, יִמַּח שְׁמָם וְזִכְרָם, וְעַצְמוֹתֵיהֶם פֻּזְּרוּ עַל פְּנֵי אַדְמַת פּוֹלִין הָעֲקֻבָּה מִדָּמֵנוּ וְלֹא הוּבְאוּ לִקְבוּרָה. נַעֲמֹד אֲבֵלִים וּמַחֲרִישִׁים בִּיגוֹנֵנוּ הַגָּדוֹל לִפְנֵי שְׁמוֹת קְדוֹשֵׁינוּ. נַחֲרֹת עָמֹק בְּלִבֵּנוּ אֶת זִכְרָם הַיָּקָר וּדְמֻיּוֹתֵיהֶם הָאֲהוּבוֹת תְּרַחֵפְנָה נֶגְדֵּנוּ תָּמִיד!

אַל תָּסוּף שַׁוְעָתָם הַנּוֹאֶשֶׁת מֵאָזְנֵינוּ וְאַל יָפוּג אֶבְלֵנוּ עַד תִּמָּחֶינָה כָּלִיל חֶרְפַּת הַגָּלוּת וְקִלְלָתָהּ, וְעַמֵּנוּ יִבָּנֶה וְיִכּוֹן בְּאַרְצוֹ יִשְׂרָאֵל!

---

**אֵיכָה** ווי איז חרוב און וויסט געוואָרן די טיפוואָרצלדיקע, טראַדיציע־אַלטע קהילה פון גאָניאָנדז! אירע זין און טעכטער, הייליקע און ריינע, רעכטפאַרטיקע און ערלעכע, מענטשן פון טאַט און אַרבעט זיינען פאַרפייניקט געוואָרן פאַר זייער אידישקייט און געטויט געוואָרן מיט מיתות משונות דורך בלוטדורשטיקע מערדערס, ימח שמם וזכרם, און זייערע ביינער זיינען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער בלוט־אָנגעזאַפּטער פּוילישער ערד און ניט געבראַכט געוואָרן צו קבורה.

לאָמיר שטיין טרויערנדיק און שטילשווייגנדיק אין אונדזער גרויסן צער פאַר די נעמען פון אונדזערע הייליקע. לאָמיר איינקריצן אין דער טיפעניש פון אונדזערע הערצער זייער טייערן אָנדענק, און זייערע ליבע געשטאַלטן זאָלן תמיד שוועבן פאַר אונדזערע אויגן!

זאָל זייער פאַרצווייפלטער ווייגעשריי זיך ניט אָפּטאָן פון אונדזערע אויערן און אונדזער טרויער זאָל ניט אויפהערן ביז אָפּגעמעקט וועלן ווערן די שאַנדע און קללה פון גלות, און אונדזער פאָלק וועט אויפגעבויט און אויפגעריכט ווערן אין זיין לאַנד ישראל!

אין אַלע תּפילות לאָמיר זיי דערמאָנען,
אין אַלע יזכּור׳ס וועלן מיר זיי באַוויינען,
אין אַלע יתגדל׳ס זאָל מען זיי דערקאָנען,
אונדזערע אַלע התקוה׳ס זאָלן זיי באַשיינען.

יעקב גלאַטשטיין



# רשימת המשפחות שנספו

## רשימה פון די אומגעקומענע פאַמיליעס

### א

פאַמיליע אַטלאַס הערשל
" אַטלאַס נחמיה
" אַטלאַס דבורה
" אַטלאַס זעלדע
" אָלשאַניצקי כינקע
" איזראַלסקי משה
" איזראַלסקי עזריאל
" איזראַלסקי אברהמ׳ל
" אָלשאַניצקי כאַצקל

### ב

פאַמיליע ביאַלאָסטאָצקי לייבל
" בלום משה־מענדל
" ביאַלי הלל (הילקע)
" ביאַלי מאָטל
" ברומער יהושע
" ברומער חיים הערשל
" באַידאַן זלמן
"ביינשטיין שרה
" ברוסטין יוסף
(אברהם־משה מחבר׳ס איידעם)
" באַרסקי נח

פאַמיליע באָיאַרסקי יודל
" ביילאַך אַהר׳קע
" באַרעלקאָווסקי חיים
(חיים דער גלעזער)
" באַרעלקאָווסקי ישראל
" בלאַכאַרזש מענדל
" ביאַלאָסוקענסקי משה פייוול
" ביאַלאָסוקענסקי בנימ׳קע
" ביאַלאָסוקענסקי אברהם־מאיר
" ביאַלאָסוקענסקי שלמה׳קע
" בערים חיים
" בערניקער איטשע
(חנה דינה׳ס)

### ג

פאַמיליע גאָלדינער פאַיע
" גאָלדינער חיים
" גאָלדינער יענטע
" גערזאָן נאָטקע
" גערזאָן יאַנקל
" גערזאָן אברהמ׳ל
" גאַרבאַר אַלטער
" געלבאָרד אברהם (טשודאַק)

פאַמיליע געלבאָרד פייגל (טשודאַק)
" געלבאָרד אברהם(גנענדל׳ס)
" געלבאָרד שיינע (פעניקל)
" געלבאָרד העניע
" געלבאָרד אַהר׳קע
" געלבאָרד מתתיהו (מאַטעס)
" געלבאָרד יודל
" געלבאָרד גרשון
" געלבאָרד העניאַך
(איטשע דעם וואַסערפירערס)
" גאָניאָנדסקי אברהמ׳ל
" גאָניאָנדסקי לייבל
" גאָניאָנדסקי הירש
" גוזאָווסקי אברהם־הערש
" גוזאָווסקי ירחמיאל
" גוזאָווסקי אַלטער
" גאָפשטיין שפרינצע
" גרין משה
" גרין יאַנקל
" גראָדזינסקי משה־לייזער
" גאָרנאָסטייסקיביילקע

## ד

פאַמיליע דלוגאָלענסקי דיאַדיע
" דאָוונאַרסקי לייבל
" דאָוונאַרסקי שיינע־מלכה

## ה

פאַמיליע האַוסמאַן אלעזר (לאָזער)
" הירשפעלד שלום
" האַלפערן מערי
" האַלפערן הינדע (שאַפירא)
" האַלפערן יהושע
(ניסל דעם קצב׳ס איידעם)
" האַלפערן יאַנקל
" האַלפערן לאה (חטיבה)
" האַלפערן אברהמ׳ל
" האַלפערן איטקע
" האַלפערן ירחמיאל

## ו

פאַמיליע וויגאָדסקי —
(יאַנקל רייזל מאיר׳קעס)
" ווערצעלינסקי יאָסל
" וואַסער הערשל
(חיים פאַלאַקס איידעם)
" ווענלאָוועלעוויטש —
(גלאַז־קרעמער)
" וויינער שמולקע
(שמולקע פלאַמטשוקס)
" וויינער אברהם
(שמולקע פלאַמטשוקס)
" וויינער אברהמ׳ל
(אַלטער פלאַמטשוקס)
" וויינער זיידקע
(אַלטער פלאַמטשוקס)

פאַמיליע ווײנער אברהמ'ל
(משה־גרשונ'ס)
" ווײנער שרה'קע
(אַלטער פלאַמטשוקס)
" וויל לײבל

ז

פאַמיליע זאַכאַריאַש שמואל
" זאַכאַריאַש אליהו
" זאַלישאַנסקי אסתר (לוריע)
" זילבערשטײן משה
" זימנאָך אַלטער
" זאַרענטשאַנסקי לײבל

ח

פאַמיליע חטיבה שמחה
" חזן העניע
" חזן זײדל

ט

פאַמיליע טאָדאָראָוויטש לײזער
" טאָדאָראָוויטש משה מרדכי
" טאָדאָראָוויטש יאַנקל
(דער שנײדער)
" טאָדאָראָוויטש אהרן מאיר

פאַמיליע טאָדאָראָוויטש פעשע רבקה
(שעפסל'ס ווײב)
" טרעשטשאַנסקי רבקה
(איטשע געלעס)
" טרעשטשאַנסקי יודל
" טרעשטשאַנסקי יאַנקל
(געלעס)
" טרעשטשאַנסקי לײזער
" טרעשטשאַנסקי סענדער
" טרעשטשאַנסקי פײוול
" טרעשטשאַנסקי העניאַך
(דער מלמד)
" טרעשטשאַנסקי איטשע
(העניאַכ'ס)
" טרעשטשאַנסקי לאה
(אַלטער ישראל'ס טאָכטער)
" טרעשטשאַנסקי יהושע
(שיע־לײב)
" טרעשטשאַנסקי סענדער
(יאַשווילער)
" טיקאָצקי יאָסל (שײמעלעס)
" טיקאָצקי יאַנקל (שמערקעס)
" טיקאָצקי לײבל (צלאל'ס)
" טיקאָצקי אײזיק
" טיקאָצקי בערל
" טיקאָצקי מענדל
(הערשל־לײב'ס)
" טיקאָצקי בערל
(פעשקעלעס אײדעס)

פאַמיליע טראַכימאָווסקי חנה
״ טראַכימאָווסקי איטשע
״ טראַכימאָווסקי נעשקע
״ טיוקל לאה

י

פאַמיליע יאַנאָווסקי עטל
״ יאַנאָווסקי שיינקע
״ יאַנאָווסקי יאַנקל
״ יאַנאָווסקי משה׳ל (יאַנקל׳ס זון)
״ יעווריייסקי חייקל
״ יעווריייסקי שמעון
״ יעווריייסקי ראובן
״ יעווריייסקי ריווע
״ יעווריייסקי רייכל (שיע־יאַנקל׳ס טאָכטער)

כ

פאַמיליע כאַנאָווסקי עטקע
״ כהן יואל־מאיר
״ כהן גדליה (טוביה־מאָטל׳ס)
״ כהן (טוביה־מאָטלס טעכטער)
״ כ״ץ (מדרש׳ס איידעם)

ל

פאַמיליע לינטשעווסקי יודל (ניסל דעם קצב׳ס איידעם)
״ לעווין משה (שטריקדרייער)
״ לעווין רחל (נאָסקעס)
״ לעווין מיילאַך
״ לעווין אַלטער (יהודה׳ס)
״ לעווין אברהמ׳ל
״ לעווין יאַנקל (שמואל דעם שמיד׳ס)
״ לעווין העניע־דבורה
״ לאַנדענבערג שמעון (דער שמאַטניק)
״ לאַפּטשינסקיביילקע (קליאַפּ)
״ לוריע נתן
״ לעוואַר פסח (מאַריאַשעס)
״ לעוואַר יאַנקל (מאַריאַשעס)
״ לעוויט אברהם־יעקב
״ ליפשטיין שמואל (פּעשע דעם סטאַזאַנאָווערס איידעם)
״ ליאַך רייזל (פייגע־רחל׳ס)

מ

פאַמיליע מאַלאַזאָווסקי שמואל־בער
״ מאַלאַזאָווסקי מאָטל
״ מאַלאַזאָווסקי שלמה

פאַמיליע מאַלאַזאָווסקי משה'קה
(איטשע אַנשל'ס)
" מאַריינע ישראל
" מיכנאָווסקי אַלטער
" מילטשאַן זרח
" מילטשאַן פריידקע
(ווילענסקי)
" מילטשאַן גאָלדע
" מענקעס עטל
(יצחק'ס אלמנה)
" מאַלי לייזער
" מאַנקאָווסקי רייזע
" מחבר סימקע
" מחבר שלמה
" מחבר יודל
" מאַרקוס ירמיה
" מילווער אַלטער
" מילווער הערשל
" מילווער־קאַמינסקי שיינע

## נ

פאַמיליע ניעוואָדאָווסקי זעליג
" ניעוואָדאָווסקי חיים
" ניעוואָדאָווסקי שמואל
" ניעוואָדאָווסקי פייטשע
(שיינע־מלכה'ס טאָכטער)
" ניעמאַי זרח
" נאָזשיק (דער שוסטער)

## ס

פאַמיליע סלאָמיאַנסקי פייגל
" סטאָלניצקי מיכאל
(פייגע־רחל'ס איידעם)
" סידראַנסקי זיידל (וויכנעס)
" סידראַנסקי יאַנקל (וויכנעס)
" סוראַסקי חנה

## פ

פאַמיליע פלאַסקאָווסקי מאיר
" פישביין משה (מאַזור)
" פישביין מענדל
" פעלדמאַן הערשל
" פרעדמעסקי רבקה־דבורה
" פרעדמעסקי משה'ל
" פרעדמעסקי לייבל
" פינקעוויטש הערשל
(משה מענדל'ס איידעם)
" פעקאַרסקי וואָלף
" פערלאָוואַ־גוראַ צדיק
" פאָסוויעטניאַנסקי גרשון
(פאַלוך)
" פאָסוויעטניאַנסקי מאיר
(פאַלוך)
" פאַליאַק זעליג
" פיעכאָטע משה
" פישער פסח

פאַמיליע פּענסקי שפרה
″ פּענסקי שמואל
″ פּיעקאַרזש ליבע
(שטאַמט פון יעדוואַבנע)
″ פּעלטינאָוויטש —
″ פאַרבאַר אברהם
″ פאַרבאַר בלומקע
(ישראל־יצחק׳ס אלמנה)
″ פאַרבאַר חיים
″ פרידמאַן פייגל
″ פרידמאַן לאה׳קע
(ראַטהויז)
″ פרידמאַן פּעשע
(סטאָזנאָווער)
″ פרידמאַן משה
(דער בלעכער)
″ פרידמאַן יאַנקל (דאַלקער)
″ פרידמאַן ניסל
″ פרידמאַן מנשה
″ פורמאַן דיאָדקע
(דער מלמד)
″ פורמאַן יצחק (יאָסקעס)
″ פורמאַן חיה

## צ

פאַמיליע צענטוראַ (דער חזן)
″ צוויקליק יהושע

## ק

פאַמיליע קאָברינסקי יאַנקל
″ קאָברינסקי מאָטל
″ קאָברינסקי יאָסל
″ קאָברינסקי אָשר
″ קאָברינסקי בתיה
(בערטשוק׳ס)
″ קראַוויעץ רייזל
(די שמידערקע)
″ קראַוויעץ יאָסל
″ קראַוויעץ בערל
″ קראַוויעץ אפרים
″ קראַוויעץ גדליהו
(רבקה׳ס, מאַנדרעס)
″ קראַוויעץ אברהם־אהרן
″ קראַוויעץ אַלטער
(טשאַטשוק׳ס)
″ קראַוויעץ יצחק
(טשאַטשוק׳ס)
″ קראַוויעץ ישראל
(מרדכי דעם שמש׳ס איידעם)
″ קליאַפּ מאַטקע
″ קאַטינקע משה
″ קאַטינקע חיה־נעכע
(שיינבערג)
″ קאַפּעלמאַן גאָלקע
″ קירזשנער חנה־גיטל
″ קירזשנער יאָסל

פאַמיליע קירזשנער וועלוול

" קאַסאַי אברהמ'ל

" קרעפּכן בן־ציון

## ר

פאַמיליע רייגראַדסקי וואָלף

" ריבאַק יאַנקל

" ריבאַק לאה'קע

" ריבאַק מאָטקע

" ריבאַק אַהר'טשיק

" ריבאַק מרדכי (דער בעקער)

" רודסקי איטקע

" ראָזענטאַל יאַנקל (בערל רודסקי'ס איידעם)

" ראָזענטאַל כאַצקל

" ראַוועד אייזיק

" ראַוועד ירחמיאל

" ראַוועד לייבל

" ראַוועד בער

" ראַוועד אַהר'קע

" ראַוועד אברהמ'קע

" רובין יאַנקל (עליעס)

" רובין ציפּע

פאַמיליע רובין יאַנקל (שמואל יאַסקעס)

" רובין משה־אהרן

" רובין מנשה'קה

" רובין יאַנקל (ליבקעס)

" רובין הערשל (פּולס)

" רובין כינע

" רובין (נחמיה'ס פאַמיליע)

" רובין הערשל (וווראָצעניער)

" רעזניצקיביילקע

" רעזניצקי אהרן

" רעזניצקי פייוול

" רעזניצקי איצל

## ש

פאַמיליע הרב שלומאָוויטש

" שיראַטעס אָשר

" שטשוטשינסקי משה (דינקעס)

" שטריקדרייער יצחק

" שוסטער לייבל

" שעפּין משה

" שאַכנבוים צערל

---

באַמערקונג: אַנגעמענדיק אַז געוויסע פאַמיליעס זיינען, צו אונדזער טיפן באַדויערן, אויסגעבליבן, מחמת מאַנגל אין ידיעות וועגן זיי, און פיגורירן ניט אין דער ליסטע פון די אומגעקומענע, — בעטן מיר אַנטשולדיקונג ביי זייערע קרובים און באַקאַנטע.

דער רעדאַקציע־קאָמיטעט




מצבה לזכר הקדושים,
בניו־יורק




אַ מצבה צום אָנדענק פון
די קדושים, אין ניו־יאָרק


מרדכי איטשע גראַדזוענסקי


לייבל ברומער און זיין פרוי רחל (גראַדזוענסקי)


שפרה פענסקי
און די טעכטער מערי און שרה


זאב (וואָלף) רייגראַדסקי,
זיין פרוי שרה
און די קינדער
מינע און זלמן



יונה שמואל לייזערס (יאַנאָווסקי) און די טעכטער
חיה סימקע, די אייניקל אסתר און די שנור
עטל יאַנאָווסקי



עטל יאַנאָווסקי
און איר טאָכטער שיינדל



שרה ביינשטיין



קריינע ביינשטיין



יעקב רובין, זיין פרוי מיט זייערע קינדער



די פאַמיליע פון שמחה חטיבה, מיט זייער קרובה לאה שאָשקעס און אירע צוויי טעכטער



גדליה טרעשטשאַנסקי



טויבע טרעשטשאַנסקי



אשר שיראָטעס און זיין פרוי
שפרה (ריבאַק) מיטן קינד



אהרן ריבאַק



יאַנקל פרידמאַן (דאָלקער) און זיין פאַמיליע
פון רעכטס אויף לינקס.
שטייען: נחום, דאָבקע, משה.
זיצן: יאַנקל און זיין פרוי רחל.



שיינע פלאַסקאָווסקי (ביילאַך)



חיה פלאַסקאָווסקי



רחל׳קע און דבורה חזן
פנינה, ביילקע — די טעכטער פון שיינע
און אהרן ביילאַך



לוסיע גריצמאַן
(ביילקע ראַוועס טאָכטער)



גרשון אריה פאַרבער
(גרשון לייב)



מלכה פאַרבער (פון הויז גריצאַן)
גרשון לייבס פרוי



חנה גריצאַן — חנה ברוכ׳ס



חיה גריצאַן — חנה ברוכ׳ס טאָכטער



שיינדל (פון הויז געלבארד) און איר מאַן
חנן פעניכל



גנענדל געלבארד



אברהם געלבארד



יואל טרעשטשאַנסקי (געלעס), דער זון יצחק און זיין פרוי רבקה



יודל



גיטל



אייזיק



ראובן

קינדער פון יצחק און רבקה טרעשטשאַנסקי



צום אנדענק

פון אונדזער ליבן מאן און פאטער

# גדליה סייד

ע״ה

זיין פרוי שרה,

זון דוד,

טעכטער סילווע און פערל



צום אנדענק
פון מיינע ליבע עלטערן

מיין **פאטער** (ייסקע מאריאנסקי)
און **מוטער**

ע״ה

זייער זון **יאנקל** (דזשעק) **מארן**

צום אנדענק

פון אונזערע ליבע עלטערן

דער פאטער

## משה מיכאל'ס אטלאס ע"ה

די מוטער

## גיטל שלמה־משה'ס ע"ה





**זייער טאכטער ציפע.**

KATE ATLAS,

SON MICHAEL,

DAUGHTERS HETTY & LUCIE, N.Y.

צום אנדענק

פון אונדזערע ליבע עלטערן

פאטער **מענדל (MAX) שווארץ**

און מוטער **יעטע**

ע״ה

זייערע זין

IRVING, JACK



צום אנדענק פון אונדזער
ליבן מאן און פאטער

## יוסף באבראווסקי
**(מענדעלעס)**

**ע"ה**

זיין פרוי
**אסתר און קינדער**

Norwolk Conn.

---

צום אנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן

פאטער **הערשל טאדאראוויטש**
מוטער **שרה־גנענדל**

**ע"ה**

זייער זון
**אברהמ׳ל (אבי) טאדאר**
און טאכטער
**חיה־לאה פינטשוק**

New York



צום אנדענק פון מיינע ליבע עלטערן

**הערשל און רחל רובין ע״ה**

**מיירים רובין**

In memory of my beloved
deceased parents

# JOE and FANNY GOLDBERG

**their son LEWIS GOLDBERG**

צום אנדענק פון מיינע ליבע עלטערן

## מאטל און חיה־שרה מאלאזאווסקי

וועלכע זיינען אומגעקומען אין גאניאנדז
פון די נאצי־מערדער

זייער טאכטער **טייבל**, דעטראיט

---

צום אנדענק פון מיין ליבן מאן

## פיליפ שקאלניק

וועלכער איז געשטארבן אין דעטראיט
דעם 22־טן מאי 1956

יין פרוי **טייבל**

---

צום אנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן

## האגע און יעקב האלפערן

און אונדזער ליבן ברודער

## הערשל

ע״ה

**בערל** און **שוירלי האלפערן**
און קינדער, אטלאנטא

# צום אייביקן אנדענק
# פון אונדזערע עלטערן, שוועסטער,
# ברידער און קרובים

לייזער־יצחק מענקים
Mr. & Mrs. Leo Mankes

שלום מנדל הערשל לייב׳ס
Mr. & Mrs. Sam Tecotzky

כאָמטשע טאוואלינסקי
Mr. & Mrs. Fouard Monarch

משה׳קה דאלקער
Mr. Maurice Gelbort

אידל אברהם לעווינ׳ס טאכטער
Mrs. Ida Solomon

איידל סאלאמאנ׳ס טאכטער
Mr. & Mrs. Isidor Rappaport
Pearl Corresponding Secretary

משה׳קה יאנקל שמערקעס
Mr. Maurice Tucker

חוה מאשע׳ס
Mr. & Mrs. Samuel Maches

רבקה בראַווערמאן — טרעסטינע
Mrs. Rebeka Halpern

טרעסטינער
Mr. & Mrs. Zolty

פעניע בערל דעם מילנער׳ס
Mr. & Mrs. Dave Bagel

פערל שאקע דעם בעדנאר׳ס
Mr. & Mrs. Mayer Francis

Mr. & Mrs. Rochman

מאטל מענדל הערשל לייב׳ס
Mr. & Mrs. Max Tecotzky

איטשע דעם געלנ׳ס טאכטער
Mr. & Mrs. Max Walnock

חיה רובין
Mrs. Anna Green

גאלדע רובין
Mr. & Mrs. Leonard Herst

Mrs. Ida Solomon in memory of her
beloved sister Annie Levin

Chicago שיקאגא

## צום אנדענק פון אונדזערע עלטערן,
## שוועסטער און ברודער

מוטער **מאשע**, געשטארבן כ״ט שבט, February 17, 1912
פאטער **בנימין־יוסף**, געשטארבן י״ט כסלו תשי״ד, November 26, 1953
**רחל**, א שוועסטער, י״ד אדר תרע״ט March 16, 1919 (געשטארבן אין דער טיפוס עפידעמיע, וואס האט יענעם ווינטער געבושעוועט אין גאניאנדז).
**בת־שבע**, א שוועסטער, געשטארבן כ״ו אלול תש״ה September 4, 1945
**שמואל**, א ברודער, געשטארבן October 1947
בנימינ׳ס איידעם (שרה׳ס מאן), **לייבל**, געשטארבן י״ד כסלו תשי״ד November 21, 1953
לאה׳ס מאן, **יודל ריבאק**, געשטארבן January 1956

**די קינדער פון**
**מאשע׳ן און בנימין־יוסף באיער**



חיה לאה מאַרקאָוויטש, קיילע איטעס שנור

צום אנדענק פון אונדזער ליבן מאן און פאטער
**חיים־הערשל לעווין** ע״ה
(שכר דעם מאליער׳ס א זון)

מרס. **ביילקע לעווין** און טאכטער **הילדא**

צום אנדענק פון אונדזער ליבן מאן און פאטער
**קלמן רודער רודסקי** ע״ה
פון בודנע

מרס. **מיני רודער** און טאכטער **סילוועא**

# רשימת בני גוניונדז שניצלו

## רשימה פון גאָניאָנדזער וואָס האָבן זיך געראַטעוועט

**זיידקע אַלטשולד**, נאָטקע דעם חוכר׳ס אַ זון, געווען אין אָשוויענטשים. געפינט זיך אין מינכען.

**בערל סלאָמיאַנסקי**, שמואל־בער דעם שניידערס אַן אייניקל. געווען אין אָשוויענטשים, געפינט זיך אין אַמעריקע.

**צדוק שוועכער**, איטשע דעם געלנ׳ס אַן אייניקל. געפינט זיך אין אַמעריקע.

**לייזער שוועכער**, צדוק׳ס ברודער, געווען אין אָשוויענטשים. געפינט זיך אין ישראל.

**יואל פלוסקאַלאָווסקי**, איטשע דעם וואַסערפירערס אַן אייניקל. זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק.

**יעקב קרעפּכן**, דער זון פון בן־ציון און כינקע. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין אַמעריקע.

**ד״ר אפרים שאָר**, געוועזענער דאָקטאָר אין גאָניאָנדז. געפינט זיך אין פוילן.

**חיה־איטקע**, שמואל דעם שמיד׳ס מיט איר מאַן און צוויי טעכטער. געווען אין רוסלאַנד. איצט געפינען זיי זיך אין ישראל.

**רבקה**, די טאָכטער פון זלמן־גרשון דאָוורנאַרסקי מיט איר טאָכטער ביילקע. געווען אין אָשוויענטשים. געפינען זיך אין אַמעריקע.

**ליזע רובין**, כאַצקל אליה דעם שמיד׳ס טאָכטער. געווען אין אָשוויענטשים. איצט אין אַמעריקע.

**ביילקע גריצמאַן**, לייבל דעם ראָוער׳ס אַ טאָכטער. געווען אין רוסלאַנד. איצט אין קאָלאָמביע, דרום־אַמעריקע.

**גרונטשע שטשוטשינסקי**, משה דינקעס טאָכטער. געווען אין אָשוויענטשים, איצט אין ישראל.

**טוביה, זלמן און זייער שוועסטער קיילע**, די קינדער פון חייקל יעווריסקי. זיך אויסבאַהאַלטן ביי פּאָליאַקן אין דער סביבה פון גאָניאָנדז. איצט אין ישראל.

**חיים קראַוויעץ**, אַ זון פון אברהם־אהרן גדליה מאָנדרעס. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין ישראל.

**יששכר קראַוויעץ**, אַ זון פון גדליה מאָנדרעס. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין קאַנאַדע.

**פסח טיקאָצקי**, אַ זון פון לייבל צלאל׳ס. זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק. איצט אין ישראל.

**אליהו־הערשל ניעוואָדאָווסקי**, חיים לייזשקעס אַ זון. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין ישראל.

**לייזער ניעוואָדאָווסקי**, חיים לייזשקעס אַ זון. געווען אין אָשוויענטשים. איצט אין אויסטראַליע.

**זיידקע מילטשאַן**, זרח שיקאָרער׳ס אַ זון. געווען אין רוסלאַנד. איצט אין ישראל.

לייבל גאָלדבערג און טאָכטער סאָניע. לייבלס מוטער האָט געהייסן חנה'טשע, געבאָרן מאַראַנץ. לייבל האָט זיך געהאַדעוועט ביי זיין מומע חיה־רחל לוריע. זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ וואַלד אַרום ווילנע. איצט אין ישראל. סאָניע האָט דאָ חתונה געהאַט.

מיילאך טרעשטשאַנסקי, זיידקע ראובן דראַקס אַ זון. געוועזן אין רוסלאַנד. איצט אין ישראל.

גאָלדע בורשטיין, איטשע־בערל'ס אַ טאָכטער. געווען אין אָשוויענטשים. געשטאָרבן אין ישראל.

מושקע גענשאָר, איטשע־בערלס אַ טאָכטער, געווען אין אָשוויענטשים. איצט אין ישראל.

אברהמ'ל רעזניצקי, ביילקע פעשעס זון. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין ישראל.

מרדכי גראָדזענסקי, אַ זון פון משה־לייזער דעם זייגערמאַכער (גראָדזיניאַק). געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. געשטאָרבן אין ישראל.

חיים זימנאָך, אַלטער דעם שניט־קרעמערס זון. איטשע־בערל'ס איינ יקל. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין ישראל.

לייבל גאָפשטיין, אַ זון פון שפרינצע יהודה דעם קירזשנערס. געווען אין דער רוסיש־פוילישער אַרמיי. איצט אין ישראל.

ברידער שלאָמאָוויטש, און די שוועסטער חוה, קינדער פון לעצטן גאָניאָנדזער רב. זיך געראַטעוועט מיט מירער ישיבה דורך רוסלאַנד, כינע און יאַפּאַן. איצט אין אַמעריקע.

ח. בעקער (פעקאַרזש), געוווינט אין גאָנ־יאָנדז 9 יאָר. זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק. איצט אין אַמעריקע.

יוסף חזן, העניע פעשעס אַ זון, געווען אַ פּאַרטיזאַן. איצט אין רוסלאַנד.

לייזער־זעליג טרעשטשאַנסקי, מאיר דעם זייגערמאַכערס אַ זון. אַנטלאָפן פון בעלגיע אין פּאָרטוגאַל. געשטאָרבן אין בעלגיע.

חוה טרעשטשאַנסקי, לייזער־זעליגס אַ שוועסטער. איבערגעלעבט היטלערן אין בעל־גיע. געפינט זיך איצט דאָרט.

יוסף לב (לעוו), יאָסקע רוטקאָווסקי'ס אַן איי־יקל. איצט אין ישראל.



**פישל יצחקי**

# נאָכוואָרט

אין דעמדאָזיקן בוך זיינען אינוועסטירט געוואָרן גרויסע באַמיאונגען. די קאָנ־צענטראַציע פון מאַטעריאַל, זאַמלונג פון דאָקומענטן, בילדער, די פאַרבינדונג מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין דער גאָרער וועלט, כדי זיי באַוועגן צום שרייבן — דאָס אַלץ האָט פאַרלאַנגט אַ סך צייט, און ווירקלעך האָט עס זייער לאַנג געדויערט.

באַזונדערע זאָרג און אויפמערקזאַמשאַפט זיינען געווידמעט געוואָרן דעם אינ־האַלט און פאָרם פונעם בוך. מ׳האָט געשטרעבט אַז עס זאָל געגעבן ווערן, ווי ווייט מעגלעך, אַן אַלזייטיקער, אומפּאַסנדיקער אויסדרוק דעם לעבן פון אונדזער ליבער שטעטל אויף זיינע אַלע געביטן.

ס׳איז קלאָר, אַז ניט אַלץ האָט דאָ באַקומען אַן אויסשעפּנדיקן אויסדרוק. אָבער נעמענדיק אין אַכט די גרויסע שוועריקייטן מיט וועלכע אַזאַ ווערק איז פאַרבונדן, קען מען זאָגן, אַז דער בוך גיט אַ גענוג־קלאָרן בילד פון אונדזער שטעטל מיט איר באַפעלקערונג, בולט׳ע פּערזענלעכקייטן, ווערק, אַנשטאַלטן, לעבנס־שטייגער און חורבן.

***

די אַרויסגעבונג פונעם בוך איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק אונדזערע לאַנדס־לייט אין אַמעריקע. באַזונדערס דאַרף באַצייכנט ווערן אונדזער פריינט **מיירים רובין**, פון די איניציאַטאָרן פון דאָזיקן געדאַנק אין אַמעריקע, און די עיקר־קראַפט פון צונויפ־זאַמלען די געלד־מיטלען און פון די צוגרייטונג־אַרבעטן, צו וועלכע ער האָט זיך איבערגעגעבן מיטן גאַנצן הארצן.

די רעדאַקציע איז געמאַכט געוואָרן אין אַמעריקע און אין ישראל. דער רע־דאַקטאָר אין אַמעריקע, דער דיכטער **מ. ש. בן־מאיר** ז״ל, האָט ניט געשוינט קיין מי און אָנשטרענגונג — טראָץ די טרויעריקע פאַמיליע־באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען — אַז זיין אַרבעט זאָל זיין פולקאָם. די איבעריקע מיט־גלידער פון דער רעדאַקציע אין אַמעריקע, די ברידער **משה און קלמן באַכראַך**, האָבן זייער פיל ביייגעשטייערט מיט זייערע אַרטיקלען צום אינהאַלט פון בוך, און צוזאַמען מיטן רעדאַקציע־מיטגליד **משה מאַלאָזאָווסקי**, האָבן זיי טיכטיק זיך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער רעדאַקציע־אַרבעט.

דאָ, אין ישראל, קומט אַ דאַנק קודם־כל דעם רעדאַקטאָר ה׳ **א. ל. פּאַיאַנס**, וואָס האָט רעדאַגירט אַ גרויסן טייל פונעם בוך און האָט אויך ניי־באַאַרבעט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וועלכער איז רעדאַגירט געוואָרן אין אַמעריקע, און די ח״ח **משה לעווין און משה גאָעלמאַן**, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער זאַמלונג און אויסוואַל פון מאַטעריאַל.

אַ באַזונדער „יישר־כוח״ די ח״ח **דוד באַכראַך, יחזקאל פּרץ טשערניאַק**, און **שרה ברקאית**, וואָס האָב זיך פיל געמיט, יעדערער לויט זיין שטייגער און מעגלעכ־קייט, ביי דער רעאַליזירונג פון דאָזיקן ווערק.

זאָל דאָ אויסגעדריקט ווערן אַ טיפער דאַנק צו אַלע וועלכע האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונדזער רוף און האָבן אַן אָנטייל גענומען אין יזכור־בוך. באַזונדערס זאָל דער־מאָנט ווערן טוביה עברי (יעוורייסקי), דער לעבעדיקער עדות פון גאַניאָנדזער חורבן, וואָס האָט אונדז געגעבן אַ שטאַרקע, דערשיטערנדיקע באַשרייבונג פונעם חורבן.

זאָל־זשע זיין דער גאָניאָנדזער יזכור־בוך אַ לעבעדיקע אָנדענק־מצבה צו דער פאַרשניטענער־פאַלוירענער פּראַכט פון דער פאַרגאַנגנהייט — פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קינדער, אויף אייביק.

פישל יצחקי

# עם הסיום

בספר זה הושקעו מאמצים רבים. ריכוז החומר, ליקוט התעודות, התצלומים, קשירת קשרים עם בני עיירתנו ברחבי העולם כדי לדובבם ולהניעם לכתיבה, הטיפול הטכני בהוצאת הספר וכו׳ — כל אלה דרשו זמן רב, ואמנם ארכו ההכנות כאשר ארכו.

דאגה מיוחדת והקפדה מרובה הוקדשו לתוכן הדברים ולצורתם הנאותה. המגמה היתה, שהספר יתן ביטוי כל־צדדי ומקיף, ככל האפשר, לחיי עיירתנו לכל שטחיהם.

ברור שלא הכול בא כאן על ביטויו הממצה. אולם בשים לב לקשיים המרובים הכרוכים במפעל כגון זה, אפשר לומר, שהספר נותן תמונה ברורה למדי של עיירתנו על אוכלוסייתה, אישיה הבולטים, מפעליה, מוסדותיה, הווי־חייה וחורבנה.

***

הוצאת הספר נתאפשרה תודות לבני עיירתנו בארצות־הברית. במיוחד יש לציין את ידידנו **מיירים רובין,** מיוזמי הרעיון בארה״ב והרוח החיה בגיוס האמצעים ובעבודות ההכנה, שהתמסר להן בכל לבו ושקד על כל הכרוך בביצוע משימה קשה זו.

העריכה נעשתה בארה״ב ובישראל. העורך בארה״ב המשורר **מ. ש. בן־מאיר** ז״ל, לא חסך יגיעה וטורח — למרות התנאים המשפחתיים הקודרים, שבהם כבר היה נתון אז — שעריכתו תהיה שלמה ומתוקנה כל צרכה. יתר חברי המערכת בארה״ב, האחים **משה וקלמן בכרך,** תרמו רבות ברשימותיהם ומאמריהם לתוכן הספר, ויחד עם חבר המערכת **משה מלוזובסקי** שקדו על העריכה הכללית של הספר.

כאן, בישראל, יש להודות קודם־כל לעורך מר **א. ל. פאיאנס,** שערך חלק גדול של הספר, ואף עיבד שנית את כל החומר שנערך בארה״ב, ולח״ח **משה לוין ומשה גואלמן,** שטיפלו באיסוף החומר, בבחירתו ובהגהתו.

ויעמדו על הברכה הח״ח **דוד בכרך, יחזקאל פרץ צ׳רניאק ושרה ברקאית,** שעמלו וטרחו, כל אחד לפי דרכו ויכלתו, בביצועו של מפעל זה.

כן אנו מביעים תודה עמוקה לכל אלה שנענו לקריאתנו ומשתתפים בספר־זיכרון זה. בייחוד יצוין טוביה עברי, „הגבר ראה עני בשבט עברתו״, שנתן לנו תיאור עז ומזעזע של חורבן העיירה.

יהי „ספר־יזכור גוניונדז״ מצבת־זיכרון חיה לתפארת השדודה והאבודה של העבר — לנו ולבנינו עד עולם.

# התוכן - אינהאלט



## חלק ראשון — ערשטער טייל

## היסטורי־ציבורי — היסטאָריש־געזעלשאַפטלעכער

### היסטוריה — געשיכטע:



### חברה — געזעלשאַפט:



### חינוך — דערציאונג:

## בני גוניונדז בעולם — גאָניאָנדזער אין דער וועלט:



## פעולות־עזרה — הילפס־אַרבעט:



## חלק שני — צווייטער טייל

## דמויות — געשטאַלטן

## חלק שלישי — דריטער טייל

## זכרונות ותיאורים — זכרונות און בילדער

## חלק רביעי — פערטער טייל

## חורבן וחידלון — חורבן און אומקום

# רשימת התמונות - רשימה פון די בילדער

# המשתתפים ב„ספר־יזכור״
# די אנטיילנעמער אין „יזכור־בוך״

| | | |
|---|---|---|
| אַלטשולד זיידל | — | נאָטקע דעם חוכר׳ס (כייקערס) אַ זון |
| אָרד אריה (אַקסלרוד) | — | דירעקטאָר פון דער העברעאישער שולע, פאַרן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. |
| באַכראַך דוד, משה, קלמן | — | שיינע־ביילקע רחל־משה׳ס זין. |
| ברקאית שרה | — | אַ טאָכטער פון דבורה און מאיר רייגראָדסקי. מאיר׳ס פאָטער — אברהם־אהרן דאַליסטאָווער. |
| בן־מאיר מ. ש. | — | אידל טרעשטשאַנסקי, מאיר דעם זייגערמאַכערס אַ זון. |
| גואלמן משה | — | לערער אין דער העברעאישער שולע אין די צוואַנ־ציקער יאָרן. קיילע בכרך איז זיין פרוי. |
| געלבאָרד גרשון | — | אַ זון פון גנענדל און אברהם געלבאָרד, גרשון קליאָפּ׳ס אַן אייניקל. |
| געלבאָרד מאָריס | — | משה׳קה בערל דאַלקער׳ס. |
| גראַבאַרד שלום | — | אַ טרעסטינער, געוווינט אין גאָניאָנדז אַ קורצע צייט. |
| האַלפערן אפרים | — | אפרים דער שרייבער, אפרים אליהו־נחמיה׳ס. |
| האַלפערן יוסף | — | אפרים אליהו־נחמיה׳ס אַ זון. |
| הערציג יוסף | — | יאָסל יהודה׳ס. |
| לוינשל־מאַלי יונה | — | משה באַנדקעס טאָכטער. |
| חטיבה אריה | — | שמחה דעם פאַכטערס אַ זון. |
| טרעשטשאַנסקי דוד | — | גדליה גרשון דעם סטאָליאַרס אַ זון. |
| טשערניאַק יחזקאל־פּרץ | — | כאַצקל־פרץ חיה־איטקעס. |
| יצחקי פישל (טרעשטשאַנסקי) | — | פישל איטשע געלעס. |
| ירדני י. ד. | — | ישראל־דוד יאָרושעווסקי, משה־מיכל דעם פאַרבערס אַ זון. |
| יפה אברהם | — | אברהם דער דיינ׳טעס. פאַרלאָזן גאָניאָנדז אין 1907. |
| לעווין ירוחם | — | אַ ביאַליסטאָקער, לערער און זשורנאַליסט. |
| לעווין משה | — | משה׳קה קלעוויאַנקער דער העברעאישער לערער. |
| כרמין יוסף ד״ר | — | אַ זון פון יהושע כרמי (סטאַראָזום). |

**מאַלאָזאָווסקי משה** — משה׳קה שמואל־בער׳ס.

**מילטשאַן אלכסנדר** — סענדער משה־יאָסל זרח׳ס.

**מרדכי ל. אבשלום פראָפ׳** — מאָטיע לייב פרידמאַן (פעשע דער סטאָזנאָווער׳ס אַ זון).

**ניעלאָוויצקי מרדכי** — אַ לערער אין דער העברעאישער שולע אין די צוואַנציקער יאָרן. זיין פרוי ביילקע — איז סענדער דעם שרייבערס אַ טאָכטער.

**ניימאן חנה** — חנה־רייזל, ר׳ גדליה דעם רב׳ס אַן איניקל.

**ניימאַן יונתן** — חנה ניימאַנ׳ס אַ ברודער.

**עברי טוביה** — טעוול יעווריסקי, חייקל דעם היטלמאַכערס אַ זון.

**עברי קיילע** — טעוול׳ס שוועסטער.

**עללען אייזיק** — חיה־וויכנעס אַ קרוב. פאַרלאָזן גאָניאָנדז אין די 90־קער יאָרן.

**פאַרבער מרים** — מרים גרשון־לייב׳ס, שמולקעס אַ שוועסטער.

**פאַרבער שמואל** — שמולקע גרשון־לייבס, געוווינט אין ביאַליסטאָק זינט 1912.

**פאָרמאַן דוד** — ניסן דעם שניידער׳ס אַ זון.

**פייגל בת בנימין** — ר׳ בנימין דעם סופר׳ס אַ טאָכטער.

**פינקעלשטיין שבתי** — פון יאַשינאָווקע.

**פרידמאַן אהרן** — ניסל דעם קצב׳ס אַ ברודער.

**קאַמעניעצקי (פרוי)** — די פרוי פון משה־מאיר ר׳ גדליה, דעם רב׳ס אַ זון.

**קאַמעניעצקי זאב** — וועלוול דעם רב׳ס. ר׳ גדליה דעם רב׳ס אַ זון.

**קראַוויעץ חיים** — אַ זון פון אברהם־אהרן גדליה מאָנדרעס.

**ראָזען אַלטער** — אַ זון פון רחל לאה בת בצלאל (טיקאָצקי).

**רובין מיירים** — מיירים, הערשל וואָצעניער׳ס.

**שוואַרץ אברהם** — אברהמ׳ל סענדער דעם שרייבער׳ס, געוווינט אין טרעסטינע זינט 1912.

**שטשוטשינסקי אשר** — אַ זון פון איטשע און לאה אָשר׳ס.

**שיינענזאָן אלימלך** — זיין מוטער האָט געהייסן מאַטל, זיין פאָטער — לייבל, אַ ברודער פון חיים און יהושע שיינענזאָן, וועלכע האָבן געוווינט אין וואַרשע.

## THE GONIONDZER'S HYMN

*A little town, so far and far away,*
*Is well remembered even today.*
*A group of people who once did live there,*
*Many years later still really care.*
*So many others were left behind,*
*And suffered much in body and mind.*
*We in America heard the pleas,*
*Of our own "Landsleit" across the seas..*
*We joined together to give some aid,*
*To those from Goniondz sick and afraid.*
*We try to help them find a new life,*
*Away from poverty, hate and strife.*
*In a land of sun where brothers dwell,*
*In our old, new land — in Israel.*

*IDELL ARENSON*

*Daughter of a friend*
*Eva Arenson of Chicago*

מאַשע שמעון יאַנקל'ס אַן אייניקל

